# יואל ענטין

## געזאַמלטע שריפטן

ערשטער באַנד

# אידישע דערציאונג

גענזאַמלט און רעדאַגירט
פון
ש. שאַפּיראָ

אַרויסגעגעבן פון
פּנחס גינגאָלד פאַרלאַג
ביים
נאַציאָנאַלן קאָמיטעט פון די אידישע פאָלקשולן

תשכ״ד ניו יאָרק 1960

# JOEL ENTEEN

***(Selected Works)***

**Volume One**

# JEWISH EDUCATION

*Compiled and Edited by*

S. SHAPIRO

*Published by the*

NATIONAL COMMITTEE OF THE JEWISH FOLK SCHOOLS, INC.

575 Sixth Avenue New York 11, N. Y.



*Printed in the U.S.A. by*

SHULSINGER BROS. LINOTYPING & PUBLISHING CO.

21 East Fourth Street, New York 3, N. Y.



# אינהאַלט פאַרצייכעניש

# פאָרוואָרט

יואל ענטין האָט דעם 26טן פעברואַר 1959 פאַרענדיקט אַ לאַנג לעבן פון גייסטרייכער טעטיקייט אויף אַלע געביטן פון אידישן קולטורעלן און געזעלשאַפטלעכן לעבן.

געבאָרן אין 1874 האָט ער שוין צו זעכצן יאָר אָנגעהויבן זיין טעטיקייט ווי אַ לערער און פון דאַן אָן ביז דעם לעצטן טאָג פון זיין לעבן האָט ער ניט אויפגעהערט ווירקן אויף אַלע געביטן פון אידישן גייסטיקן און סאָציאַלן לעבן.

די עטלעכע און זעכציק יאָר פון סוף ניינצנטן ביזן ניין־און־פופציקסטן יאָר פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט שטעלן מיט זיך פאָר אַ תקופה פון גרויסע ענדערונגען און אַנטוויקלונגען אין דער אידישער געשיכטע. דאָס איז די תקופה פון אַ סך טראַגישע געשעענישן אין אידישן לעבן, אָבער גלייכצייטיק איז דאָס אויך די תקופה פון וואוקס און אַנטוויקלונג פון דעם אידישן ישוב אין אַמעריקע וועלכער איז געוואָרן אַ געוואַלטיקער כוח אין דעם אויפשטייג פון אַ אידישער פרעסע, פון אַ אידישן טעאַטער, פון אַ אידישער ליטעראַטור און פון דעם אויפבוי פון ארץ ישראל.

אויף די אַלע געביטן האָט יואל ענטין געמאַכט גרויסע, פונדאַמענטאַלע בייטראָגן.

אָנהויבנדיק באַלד נאָך זיין קומען קיין אַמעריקע אין יאָר 1891 ווי אַ זשורנאַליסט, אַ מיטאַרבעטער און באַווירקער פון דער אידישער פרעסע, איז ער אַריינגעדרונגען אין אַלע פאַזן פון אידישן לעבן. אַלס ליטעראַטור־קריטיקער האָט ער באַווירקט און סטימולירט יונגע שעפערישע כוחות; אַלס טעאַטער־קריטיקער איז ער געווען אַ ווירקנדיקער כוח אין אויס־פורעמען דאָס אידישע טעאַטער און סטימולירן די אַנטוויקלונג פון טאַלענטירטע שוישפּילער און דראַמאַטורגן; אַלס לערער־דערציער האָט ער מחנך געווען צענדליקער טויזנטער אַרבעטער און פאַלקסמענטשן מיט זיינע לעקציעס און סיסטעמאַטישע קורסן אין ליטעראַטור, טעאַטער און סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען.

ווי איינע פון די וויכטיקסטע נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען האָט ענטין באַטראַכט דאָס פּראָבלעם פון אידישער דערציאונג פאַר קינדער, יוגנט און דערוואַקסענע. זיינע רעדעס אויף פאַרזאַמלונגען און זיינע אַרטיקלען אין דער פּרעסע וועגן אָט דעם פּראָבלעם האָבן אָן ספק בייגעטראָגן אַ גרויסן חלק צום באַשלוס פון „אידיש נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד" און פון דער פּאַרטיי „פּועלי ציון" צו ווערן אַקטיוו אויף דעם געביט דורך גרינדן „נאַציאָנאַל ראַדיקאַלע שולן". און טאַקע דערפאַר האָט מען אַ פּאָר וואָכן נאָך דער דערעפענונג פון דער „ערשטער נאַציאָנאַל ראַדיקאַלער שול", אין דעצעמבער 1910, איינגעלאַדן ענטינען צו ווערן איר פּרינציפּאַל, כאָטש ער איז נאָך דאַן קיין מיטגליד אין „פאַרבאַנד" אָדער אין דער פּאַרטיי „פּועלי ציון" ניט געווען.

ביז דער אַנטשטייאונג פון די שולן האָט זיך די געזעלשאַפטלעכע אַרבעט פון יואל ענטין אָרגאַניזאַציאָנעל אויסגעדריקט אין דער „אַרבעטער בילדונג שול", דער „עדיוקעישאָנאַל ליג", די „פרייע אידישע פאָלקסבינע" און דעם „פּראָגרעסיוו דראַמאַטיק קלוב".

זיין פאַרבינדונג מיט די שולן האָט אים דערנענטערט צו דער ציוניסטישער אַרבעטער־באַוועגונג אין וועלכער ער האָט פון 1914 אָן געשפּילט אַ גאָר וויכטיקע ראָלע. אַלס לעקטאָר האָט ער געמאַכט אָפטע לעקציע־טורס אונטער דער אויפזיכט פון „פאַרבאַנד"; אַלס שריפטשטעלער האָט ער זיך באַטייליקט אין די אָרגאַנען פון דער באַוועגונג און איז אַ געוויסע צייט געווען מיטרעדאַקטאָר פון „אידישער קעמפער" און שפּעטער אין דער טעגלעכער צייטונג „די צייט"; אַלס טוער איז ער געווען אַ מיטגליד אין צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי און אין דער גענעראַל־עקזעקוטיווע פון „פאַרבאַנד", פאַרנעמענדיק אַ לענגערע צייט דעם אַמט פון איר וויצע־פּרעזיצער. אַלס טוער האָט ער זיך אויך ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן אָפּגעגעבן מיט שאַפן פאָנדן פאַר פאַרשידענע באַוועגונגס־צוועקן, מיט אַגיטירן פאַר אָנשליסן זיך אין דער באַוועגונג און מיט העלפן אין דער אָרגאַניזירונג פון דער יוגנט־באַוועגונג פון וועלכער עס איז שפּעטער אַנטשטאַנען די „הבונים"־אָרגאַניזאַציע.

סימבאָליזירט מיט זיך האָט אָבער ענטין פון 1910 אָן דאָס דערציאונגסוועזן פון דער באַוועגונג דינענדיק איר ווי לערער און פּרינציפּאַל פון דער

„ערשטער נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלער שולע“, אַלס פּרינציפּאַל פון דער ערשטער מיטלשול, גרינדער, לערער און פירער פון אידישן לערער־סעמינאַר, אַלס דירעקטאָר פון נאַציאָנאַלן קאָמיטעט פון די „אידישע פאָלקשולן“, אַלס רע־דאַקטאָר פון דעם זשורנאַל „אידישע דערציאונג“ אַרויסגעגעבן פון שולן־קאָמיטעט, און אַלס מחבר פון די טעקסט־ביכער „פון אידישן קוואַל“, „פון פאָלקסמויל“ און „אידישע פּאָעטן“.

פון זיין פּאַרצווייגטער ליטעראַרישער אַרבעט אויף די געביטן פון אידישער דערציאונג, אידישער ליטעראַטור, טעאַטער און צייט־פּראַגן איז לײדער ביז איצט אַ חוץ אַ קליין ביכל מיט עטלעכע עסייען גאָר ניט אויפ־געזאַמלט און אַרויסגעגעבן געוואָרן אין בוך־פאָרעם. מיט עטלעכע יאָר צוריק איז געבאָרן געוואָרן אַ פּלאַן אַרויסצוגעבן אַ זאַמלונג פון ענטינ׳ס שריפטן, ווי אַן אויסדרוק פון אָנערקענונג פון זיינע גרויסע לייסטונגען פאַר דער ציוניסטישער אַרבעטער־באַוועגונג אין משך פון צענדליקער יאָרן און ווי אַ וויכטיקע קולטורעלע אַקציע. לײדער האָט זיך דאָס רעאַליזירן דעם פּלאַן פאַרצויגן און חבר ענטין האָט ניט זוכה געווען צו זען זיינע שריפטן אין בוך־פאָרעם.

מיט דעם בוך טרעטן מיר צו דורכצופירן דעם באַשלוס פון עטלעכע יאָר צוריק. מיר הויבן אָן מיט דער זאַמלונג פון זיינע עסייען וועגן דער־ציאונג און מיר האָפן, אַז ס׳וועט זיך אונז איינגעבן פאָרצוזעצן די אַרבעט מיט אַ בוך עסייען איבער ליטעראַטור, אַ בוך עסייען איבער טעאַטער און אַ בוך עסייען וועגן געזעלשאַפטליכע פּראַגן און פּראָבלעמען. אָט די גע־זאַמלטע שריפטן וועלן דינען ווי אַ מאָנומענט פאַר דעם געטרייען טוער פון דער באַוועגונג, דעם שעפערישן מענטשן און פיל־יאָריקן דינער פון דער אידישער קולטור אין אַמעריקע — יואל ענטין.

**דער נאַציאָנאַלער קאָמיטעט פון די אידישע פאָלקשולן**

ל. רובינשטיין

דירעקטאָר

# ווי זאָלן מיר דערציען אונזערע קינדער דאָ אין לאַנד?

אונזערע קינדער באַקומען דאָ אין לאַנד, אַרום און אַרום, אַ נישקשהדיקע דערציאונג. אויב אונזערע קינדער לערנען זיך אין די שולן נישט אויס קיין צופיל גייסטיקייט, לערנען זיי זיך דערפאַר אויס צו זיין גייסטיק פלינק, לעבעדיק. די שולן גיבן זיי אַ צימלעך ברייטן, הגם אויבערפלעכלעכן, וויסן, די לוסט צו געניסן פון דער וועלט און אַ זאַפּאַס פון טעטיקער ענערגיע.

אָט די דערציאונג באַקומען אָבער אונזערע קינדער אַלס סתם קינדער, אַלס קינדער פון „וועלט־בירגער", אָבער וואָס איז מכוח אַ אידישער דערציאונג? טראָגן אונזערע קינדער אויך אַרויס פון די שולן וואָס זאָל אין זיי לעבעדיק האַלטן דאָס וואָס טיילט זייערע עלטערן אָפּ פון אַנדערע מענטשן, דאָס וואָס מאַכט זיי פאַר אידן?

זיכער נישט.

וואָס מאַכט די אידן פאַר אידן? ביי דער גרויסער, אפשר דער גרעסטער צאָל אידן, איז זייער רעליגיע די הויפּט־אידישקייט. ביי פילע אַנדערע איז דער רעליגיעזער געפיל אַ שוואַכער, דערפאַר איז ביי זיי שטאַרק דער נאַציאָנאַלער געפיל, זייער האָפענונג אויף אַ אידישער דערלייזונג, אויף אידישער זעלבסטשטענדיקייט, אויף אַ פּאָליטישער, אָדער נאַציאָנאַלער ווידערגעבורט. עס זיינען אָבער דאָ צענדליקער טויזנטער אידן, וועלכע, נישט זייענדיק רעליגיעז און אויך נישט זייענדיק נאַציאָנאַליסטיש, גלויבן זיי דאָך אָבער און זיי וואָלטן געוואונטשן, אַז עס זאָל זיין אַ קולטורעלע אידישע ווידערגעבורט. דאַן זיינען דאָ נאָך אַ סך, וועלכע פאַרטיפן זיך נישט אין די פראַגן פון אידישער קולטור, אָבער עס לעבט אין זיי אַ באַשטימטער עפּעס, וועלכער האַלט זיי צוגעבונדן צו דער אידישער פאַרגאַנגענהייט, וועלכער צווינגט זיי זיך צו אינטערעסירן מיט דער אידישער קעגנוואַרט און זאָגאַר זיך לייכט צוהערן צו אידישע צוקונפט־טרוימען.

אָבער אין אין זאַך זיינען די אַלע פיר סאָרטן אידן איניק: זיי ווילן נישט ווערן אַנדערש ווי זיי זיינען און באַר זייער, זייער ווייניקע פון זיי וואָלטן ווען, אַז זייערע קינדער זאָלן זיין אַנדערש פון זיי. זעלטן ווערלכער איד איז היינט אַן אַסימילאַטאָר אינעם זינען, אַז ער וואָלט וועלן דאָס זיינע קינדער זאָלן אין גאַנצן פאַרגעסן אַלץ וואָס איז אידיש, אַלץ מיט וואָס זיי אַליין, די עלטערן, האָבן זיך אינטערעסירט.

די עלטערן ווילן דאָס נישט, ערשטנס, צוליב זיך אַליין. זיי וואָלטן וועלן, אַז זייערע קינדער זאָלן זיי פאַרשטיין, זיי נישט אָנקוקן מיט פאַרוואונדערטע, אָדער זאָגאַר מיט אָפּשפּאָטנדיקע אויגן. זיי וואָלטן וועלן, אַז צווישן זיי און זייערע קינדער זאָל זיך ציען אַ גייסטיקע בריק, וועלכע זאָל דאָס לעבן פון די יונגע פאַרבינדן מיטן לעבן פון די אַלטע. צווייטנס, ווילן דאָס נישט די עלטערן, ווייל זיי וואָלטן וועלן, אַז זייערע קינדער זאָלן צום טייל כאָטש פאָרזעצן זייער אייגענעם גייסטיקן לעבן, אַז די אידישע ראַסע זאָל נישט אָפּשטאַרבן.

אָבער אין די שולן לערנען די אידישע קינדער גאָרנישט, וואָס זאָל אין זיי לעבעדיק האַלטן די אינטערעסן פון זייערע עלטערן. עס איז דעריבער קלאָר, אַז די אידן אין אַמעריקע מוזן זייערע קינדער געבן אַ צווייטע דערציאונג אַלס צוגאָב צו דער וואָס זיי קריגן אין די שולן — אַ אידישע דערציאונג.

וואָס פאַר אַ דערציאונג זאָל דאָס זיין?

מעגלעך, אַז טאַקע צוליב דעם וואָס די גרויסע אידישע מאַסן זיינען נישט איניק וועגן דעם באַגריף פון אַ אידישער דערציאונג, און אויך צוליב דעם וואָס דער באַגריף איז נישט קלאָר, איז אַזאַ דערציאונג אַלס ברייטע, פרייע אינסטיטוציע נאָך נישט פאַרווירקלעכט געוואָרן.

די רעליגיעזע אַמעריקאַנער אידן האָבן זייערע חדרים, תלמוד־תורות און ישיבות, אין וועלכע זייערע קינדער לערנען זיך אידישקייט נאָכן אַלטן שניט, די אידישקייט פון תורה און פרומקייט. די נישט־גלויביקע נאַציאָנאַליסטן אין אַמעריקע שטייען פיל אָרעמער אין דער הינזיכט. די פרומע דערציאונג פון די תלמוד־תורות איז פאַר זייערע קינדער נישט צוגעפּאַסט. און דאָך נישט האָבנדיק קיין אייגענע אידישע שולן מוזן זיי זייערע קינדער אַהין שיקן. עס זיינען אויך דאָ אין ניו־יאָרק און אַנדערע גרויסע שטעט אייניקע פּריוואַטע נאַציאָנאַלע שולן, אָדער „חדרים מתוקנים“. אָט די שולן

קענען אפשר די נאַציאָנאַליסטישע עלטערן צופרידנשטעלן, זיי זיינען אָבער זייער ווייניק אין צאָל.

אָבער אַ סך ערגער שטייט עס מיט די עלטערן, וואָס זיינען נישט רעליגיעז און נישט קיין ציוניסטן פון וועלכן ניט איז קאָליר, אָבער זיי אינ־טערעסירן זיך מיט אידישקייט צוליב דער אידישער געשיכטע, צוליב דער אידישער קולטור, אָדער סתם אַזוי, נישט אָפּגעבנדיק זיך קיין חשבון וואָס עס האַלט זיי ביי אידישקייט און מאַכט זיי פאַר אידן. וואָס זאָלן אַזעלכע עלטערן טאָן כדי אויפצואוועקן אָדער אויפצוהאַלטן אין זייערע קינדער אַ גייסטיקן אידישן אינטערעס ?

אין די רעליגיעזע אידישע אינסטיטוציעס קענען זיי זייערע קינדער נישט שיקן. זיי איז איבערדריסיק דאָס ביסל רעליגיע וואָס מען לערנט די קינדער אין די אַלגעמיינע שולן, און זיי ווילן אין זיי אויך קיין אידישע רעליגיע נישט איינפלאַנצן. אויך די נאַציאָנאַליסטישע שולן זיינען זיי נישט צום האַרצן, ווייל זיי זיינען אַליין נישט קיין ציוניסטן.

אָט די עלטערן לעבן איבער אַ מין טראַגעדיע, זיי שטויסן זיך אָפּט אָן אויף אַ פּראָבלעם, וועלכן זיי ווייסן אייגנטלעך נישט ווי צו לייזן. זיי וואָלטן וועלן, אַז זייערע קינדער זאָלן בלייבן אידן מיט אַלגעמיינע, הגם לויזע, אידישע אינטערעסן און באַגריפן, אָבער זיי ווייסן נישט ווי אַזוי דאָס אויס־צופירן. אָפטמאָל פאָדערן זייערע קינדער אַליין פון זיי אויפקלערונג וועגן די פאַרשידענע אידישע באַגריפן און גלויבונגען, וועלכע זיי כאַפּן אויף אין גאַס. אַזעלכע עלטערן פילן, אַז אויסלאָזן אין גאַנצן די אידישקייט פון דער דערציאונג פון זייערע קינדער טאָרן זיי נישט און קענען נישט.

אָבער וואָס זאָלן זיי טאָן ? נישט יעדער איז דאָך אימשטאַנד צו נעמען פאַר זיינע קינדער אַ פּריוואַטן לערער, און זעלטן וועלכער לערער קען געבן די קינדער פון אַזעלכע עלטערן די אידישע דערציאונג, וועלכע זיי ווילן.

אָט די פראַגע איז אַ העכסט־וויכטיקע און זי ווערט וואָס ווייטער אַלץ וויכטיקער אינעם לעבן פון די איינגעוואַנדערטע אידן. די יונגע אידישע באַפעלקערונג ווערט אַלץ גרעסער. די צאָל פון די, וועלכע האָבן זייער ערשטע דערציאונג געקראָגן אין דער אַלטער היים, אין חדרים, ישיבות און ענלעכע אַנשטאַלטן, ווערט אַלץ קלענער. בשעת די צאָל פון די היגע געבוי־רענע, אָדער קליינערהייט געקומענע, ווערט אַלץ גרעסער און זיי ווילן זייערע קינדער זאָלן פון אידישקייט נישט אָפּגעשניטן ווערן.

די פרייגעזאָנענע איינגעוואָנדערטע אידישע עלטערן קענען דאָס פּראָבלעם לייזן דורך פאַראייניקונג. זיי קענען זיך פאַראייניקן און גרינדן נייע אידישע שולן. אין די שולן דאַרף מען נישט לערנען קיין רעליגיע. מען דאַרף אין זיי אויך נישט איינפלאַנצן אין די קינדער קיין נאַציאָנאַלע אידייען קעגן דעם ווילן פון די עלטערן, אָבער מען דאַרף אין זיי געבן די קינדער אַ גוטן אונטערריכט אין דער אידישער געשיכטע, אין דער העברעאישער שפּראַך, אירע אור־קוואַלן און אַלטע און נייע קלאַסיקער, און אין אונזער מאַמע־לשון און אין איר ליטעראַטור.

אַזעלכע שולן, פריער אָדער שפּעטער, מוזן געעפנט ווערן. די פראַגע פון אידישער דערציאונג אין אַמעריקע וועט מוזן געלייזט ווערן, און זי וועט מוזן געלייזט ווערן גאַנץ ברייט און פריי, אָן וועלכן עס איז רעליגיעזן גייסט, זאָגאַר אָן דעם ציוניזמוס. די עלטערן פילן אַ באַדערפעניש אין אַ אידישער דערציאונג פאַר זייערע קינדער. זיי ווילן נישט, אַז מיט זיי זאָל דער אידישער דור פאַרשניטן ווערן, אַז זייערע קינדער זאָלן שוין נישט געהערן צום אידישן פאָלק.

„די וואַרהייט“, אַפּריל 1909.

# די דערציאונג פון יונגען אידישן דור

זייער טרויעריק האַלט עס ביי אונז מיט דער דערציאונג פון די אידישע קינדער אין אַמעריקע, ספּעציעל מיט דער דערציאונג פון די קינדער פון די ראַדיקאַלע עלטערן. זיי ווערן דערצויגן אַזוי, אַז זיי מוזן זיך אַוועקגליטשן פון זייער פאָלק, אַריינפאַלן צווישן פרעמדע און מיט דער צייט אפשר גאָר אין גאַנצן פאַרגעסן אַז זיי געהערן צום אידישן פאָלק. אין זייער דערציאונג פעלט דער גייסטיקער באַנד, וואָס זאָל זיי צושמידן צו דער אידישער פאַרגאַנגענהייט. אונזערע קינדער, וועלכע האָדעווען זיך אויף אין מער אָדער ווייניקער אידישע הייזער, וועלן נאָך מן הסתם געהערן צו אונז. ווער קען דאָס אָבער גלויבן מיט אַן אמתן בטחון, אַז אויך זייערע קינדער, אונזערע אייניקלעך, וועלן זיך אינטערעסירן מיט אידן און אידישע פראַגן, וועלן נאָך געהערן צו אונז?

אין דער אַלטער היים האָדעווען זיך די קינדער אין פולשטענדיק אידישע הייזער. רעליגיעז אָדער נישט, אָבער די עלטערן דאָרט זיינען אידן. די עלטערן וואוינען אויסשליסלעך צווישן אידן און דעריבער באַקענען זיך די קינדער מיט זייערע ברידער, זעען אידישע מנהגים, זויגן אין זיך אַריין אידישע טראַדיציעס און דעם אידישן געפיל — רחמנות און ליבע צו זייערע ברידער, אַ געוויסן ערפורכט צו דער אידישער פאַרגאַנגענהייט און אַ געוויסן שטאָלץ מיט די אידישע מאַרטירער און „ריטער פון גייסט". דאָס אידישע קינד גייט דאָרט אין חדר אָדער אידישער שול. צום אידיש וואָס ער קען פון גאַס און פון דער היים לערנט ער זיך נאָך אויס העברעאיש און דורך דעם לעבט אין אים דער אינטערעס פאַר די אידישע ליטעראַטורן, דער אידישער היסטאָריע און אידישע אידעאַלן.

גאַנץ אַנדערש איז עס אָבער אין אַמעריקע. זייער הויפּט־דערציאונג באַקומען די אידישע קינדער אין די שטאַטישע שולן, וועמעס הויפּט־ציל איז אויסצוקנעטן די קינדער אין כשרע אַמעריקאַנער. פון אידישקייט, די אידישע שפּראַכן און ליטעראַטורן און פון אידישער געשיכטע איז אין די

שולן קיין זכר נישטאָ. אויב אונזערע קינדער לערנען זיך אין די שטאַטישע שולן יאָ אויס צו אינטערעסירן זיך מיט וועלכער עס איז רעליגיע און פאַרצו־ציען געוויסע פעלקער צו אַנדערע, איז דאָס די קריסטלעכע רעליגיע, זיינען עס די קריסטלעכע פעלקער. אין גאַס און אין די שולן ריידן זיי און הערן נאָר די שפּראַך פון לאַנד. אָפטמאָל אָדער אַפילו מייסטנס אויך אין דער היים. אידיש פאַרגעסן זיי ביסלעכווייז אָדער זיי קענען עס גאָר לכתחלה נישט. פון העברעאיש האָבן זיי גאָר קיין אַנונג נישט. די אידישע היסטאָריע און די אידישע פאַרגאַנגענהייט זיינען פאַר זיי אַ טונקעלער, קוים זיכטבאַרער וואָלקנדל אין וויטן האָריזאָנט. פילע, פילע טויזנטער האָדעווען זיך אויף צווישן ניט־אידן און די אַנדערע וואַקסן אָפּט אויס צווישן אַזעלכע אידן, וועלכע גיבן זיך פיל מי, אַז זייער אידישקייט זאָל זיך, למען השם, קיינעם נישט וואַרפן אין די אויגן.

דאָך, מיט די קינדער פון די אָרטאָדאָקסישע אידן איז נאָך די צרה אַ האַלבע. די הייזער אין וועלכע זיי האָדעווען זיך אויף זיינען מער אידישלעך. זיי זעען ווי זייערע עלטערן היטן אָפּ די אידישע ימים־טובים און מנהגים, און נישט ווילנדיק וואַקסן די אַלע שמחות און צערעמאָניעס אויך אַריין אין זייערע נשמות. אָט די מנהגים און שמחות דערמאָנען זיי אָן אידישער פאַר־גאַנגענהייט. זיי ווערן דירעקט דערצויגן אין דער אידישער רעליגיע. זיי ווערן אויך מייסטנס געשיקט אין אַ תלמוד־תורה אָדער זיי באַקומען פּריוואַט אונטערריכט אין העברעאיש און אידישקייט.

אָבער די האַלבע צרה בלייבט נאָך אַפילו ביי אָט די, אין דער הינזיכט מער גליקלעכע, אידישע קינדער. בשעת די אידישע דערציאונג אין רוסלאַנד, עסטרייך. א. אַ. וו. האָט די לעצטע יאָרן געמאַכט ריזן־שריט, איז זי אין אַמעריקע געבליבן הינטערשטעליק. בשעת אין רוסלאַנד און גאַליציע איז אויפן אָרט פון דעם פאַרשמאָלצענעם, פאַרצייטיקן חדר אויסגעוואַקסן דער „חדר מתוקן״, איז דער חדר אין אַמעריקע כמעט אין גאַנצן נאָך פאַרבליבן די זעלבע אַלטע, באַרבאַריש־אַזיאַטישע איינריכטונג ווי מיט אַ פערטל יאָר־הונדערט צוריק. און בעת אין דער היים פלעגט אַ אינגל פאַרברענגען אין חדר אַ יאָר אַכט־ניין און גאַנצע טעג, באַנוגענען זיך דאָ די עלטערן מיט שיקן אים אין חדר העכסטנס אַ פּאָר יאָר, אי דאָס נאָר נאָכן לערנען אין דער „פּאָבליק סקול״ ווען דאָס אינגל איז מיד און דאַרשט נאָך רו. אויב אַלזאָ אין דער היים איז דער חדר נישט געווען גענוגנד צו באַקענען די קינדער מיט די

אידישע שפראַכן און די אידישע ליטעראַטורן — אויב אין דער היים האָט דער חדר אינעם קינד נישט איינגעפלאַנצט קיין באַזונדערע ליבע צו אידישע דעראינערונגען, נישט פאַראינטערעסירט אים מיט אידישער געשיכטע, טאָ וויפיל־זשע פון דעם אַלעמען קען אים שוין געבן דער פאַרשטיקטער, פון קיינעם נישט אָנערקענטער, בלויז געדולדעטער און צו די היגע אומשטענדן אַבסאָלוט נישט צוגעפּאַסטער, היגער חדר?

נישט פיל בעסער שטייט עס מיט דער היגער תלמוד־תורה. אין דער היים האָבן זיך די בעסטע אידישע מוחות אינטערעסירט מיט דער תלמוד־תורה און אין איר דורכגעפירט גאָר וויכטיקע רעפאָרמען. אַ דאַנק אָט די ענדערונגען זיינען אין איר אָנשטאָט די טרוקענע לימודים, וועלכע פלעגן געגעבן ווערן לויט אַן אַזיאַטישער פּעדאַגאָגיע, איינגעפירט געוואָרן נייע לערעס און נייע מעטאָדן, וועלכע, ציִ זיי האָבן די שילער געמאַכט פאַר גרויסע לומדים אָדער קליינע, אָבער אַן אינטערעס צו העברעאיש, העברעאישער ליטע־ראַטור און אידישער געשיכטע האָבן זיי דאָך אין זיי אַריינגעגעבן און ממילא איז אין זיי אויך איינגעפלאַנצט געוואָרן דער אידישער געפיל. אין אַמעריקע האָבן זיך אָבער די בעסטע אידישע מוחות און די איידלסטע כלל־טוער פאַרנומען מיט אַנדערע ענינים. די פירונג פון די תלמוד־תורות איז דעריבער געבליבן אין די הענט פון פאַרגליווערטע רבנים און פּראָסטע חי־וקימ׳דיקע שול־גבאים און מתעסקים. און די דערציאונג איז אין זיי דעריבער געבליבן מער אַלט־פרענקיש. זי איז געבליבן אַ דערציאונג וואָס געדענקט זיך ווייניק און וואַקסט זיך נישט צונויף מיט דער נשמה.

אויב מיט די אָרטאָדאָקסישע קינדער האַלט עס אַזוי שלעכט, טאָ וויפיל ערגער און טרויעריקער איז עס אין דער הינזיכט פון אידישקייט מיט די קינדער פון ראַדיקאַלע עלטערן. קיין רעליגיעזע צערעמאָניעס זעען זיי אין זייערע עלטערנס הייזער נישט. קיינע ימים־טובים, קיינע אַפילו גאָר געשיכטלעכע אָדער נאַציאָנאַלע אָנדענקונגען. קיין אידישע שול באַזוכן זיי נישט, קיין העברעאיש לערנען זיי נישט, אויך נישט קיין אידישע געשיכטע. און מיט דער אידישער ליטעראַטור און אַפילו מיט דער אידישער שפּראַך אינטערעסירן זיי זיך אויך נישט.

איז דען שווער צו זען וואָס דער סוף וועט זיין? איז עס דען נישט אַ זיכערער שלוס, אַז אויב קיין ענדערונג וועט נישט געמאַכט ווערן, וועלן די שפּעטערדיקע דורות גאָר אין גאַנצן אָפּגעריסן ווערן פון זייער פאָלק?

ביז איצט האָט דאָס אידישע טעאַטער דעם יונגן דור פון די ראַדיקאַלע עלטערן געהאַלטן צוגעבונדן צום אידישן פאָלק. יעקב גאָרדינס פּיעסן, אויב זיי זיינען נישט אַלע געווען עכט אידיש, זיינען זיי דאָך כמעט אַלע געשריבן אין אַ ריינער אידישער שפּראַך. די מייסטע און די בעסטע פון זיי האָבן גע־שילדערט דאָס לעבן פון דער היים, פון די לענדער אין וועלכע דאָס אידישע לעבן האָט זיך אויסגעפלאָכטן זייט יאָרהונדערטער. אָפטמאָל זיינען אין זיי באַהאַנדלט געוואָרן אידישע פּראָגן. וואו ניט וואו איז אין זיי געצייכנט געוואָרן דער איד פון דער אַלטער וועלט, דער איד וואָס איז אַן „עמוד התורה״, וואָס טראָגט אין זיך דעם אַלטן גלות, די אַלטע אידישע טראַדיציעס, דער איד וואָס איז מיט זיין פּערזאָן אַליין, מיט זיין אינערלעכן געבוי ווי מיט זיין אויסערלעכער שאָלעכץ, געווען אַ שטיק אידישע געשיכטע. זיצנדיק אין טעאַטער און זעענדיק מאַנכע פון גאָרדינס בעסערע פּיעסן, האָט דער יונגער אימיגראַנט, וואָס איז נאָך אַהער געקומען אַלס קינד, געפילט ווי עס דערוואַכן אין אים אַלטע דעראינערונגען, ווי עס שאַלן פאַר אים אויף לאַנג־פאַרשאַלענע קלאַנגען, ווי פאַר זיינע אויגן ווערן אויפגעצויבערט לאַנג־פאַר־לאָשענע היימישע בילדער און געשטאַלטן. און גאָרדינס טעאַטער איז אין אַלגעמיין געווען אַזוי הויך לגבי דעם אַמעריקאַנישן און ער האָט אין זיך געהאַט אַזוי פיל אינדיווידועלעס, איז געווען אַזוי ווייניק באַאיינפלוסט פון דער אַמעריקאַנער בינע, ווער רעדט אַ נאָכמאַכונג פון איר, דאָס עס האָט געהאַט אַן עקזיסטענץ־באַרעכטיקונג אַפילו פאַר דער אַמעריקאַניש־דערצוי־גענער יונגוואַרג, דאָס עס האָט צו זיי אַפּעלירט אַלס עפּעס זעלבסטשטענ־דיקעס, העכערס און אידישעס.

דאָס קען אָבער ווייט נישט געזאָגט ווערן אויף די אַנדערע פּיעסן וואָס ווערן געשפּילט אין די אידישע טעאַטערס. אַמאָל אין אַ שמיטה טרעפט אַן אויסנאַם, אָבער מייסטנס זיינען דאָס ענטוועדער פּיעסן פון וועלכע דעם יונגן דור, וואָס קען ענגליש און האָט אַ באַגריף פון דער ענגלישער ליטע־ראַטור און דער ענגלישער בינע, מוז אָפּעקלען, אָדער דאָס זיינען פּיעסן, וועלכע זיינען שטאַרקע נאָכמאַכונגען נאָך שטיקער, וועלכע דער יונגער דור קען זען אין זייער אָריגינעלער, נישט פאַרדרייטער געשטאַלט. אָט די פּיעסן וועלן דעם אידישן אינטערעס אין דעם יונגן דור נישט וועקן און גאָרדין איז טויט.

וואָס וועט אַלזאָ די אידישע אַמעריקאַנער קינדער, ספּעציעל די קינדער

פון ראַדיקאַלע עלטערן, צובינדן צו די אידישע שפּראַכן, די אידישע ליטע־ראַטורן, דער אידישער געשיכטע און אידישע דעראינערונגען?

עס איז געווען אַ צייט, ווען די היגע ראַדיקאַלע אידישע עלטערן האָבן זיך וועגן אַזעלכע דאגות ווייניק געקימערט, הגם איך גלויב, אַז דער גע־דאַנק דאָס זייערע קינדער און אַפילו זייערע אייניקלעך זאָלן אין גאַנצן אַוועק פון אידישן פאָלק, איז זיי קיינמאָל נישט געווען אין גאַנצן צום האַרצן. אָבער די לעצטע יאָרן האָט דער זעלבסט־פאַרלייקנדיקער קאָסמאָפּאָליטיזמוס פון די היגע אידישע ראַדיקאַלן באַקומען אַ שטאַרקן קלאַפּ. די עלטערן, ווי ראַדיקאַל זיי זאָלן נישט זיין, אינטערעסירן זיך שוין נישט מיט דער אידישער שפּראַך בלויז אַלס מיטל אום צו באַקענען זיך מיט סאָציאַלע טעאָריעס און ראַדיקאַלע געדאַנקען. זיי אינטערעסירן זיך שוין איצט מיט דער אידישער שפּראַך טאַקע אַן און פאַר זיך, זיי אינטערעסירן זיך מיט דער אידישער ליטעראַטור און דער אידישער בינע, אַפילו דאַן ווען זיי פּראָ־פּאַגאַנדירן נישט קיין ספּעציעלע אידייען, נאָר זיי מאָלן פּראָסט און פּשוט דאָס אידישע לעבן. עס איז העכסט נאַטירלעך אַז אָט די עלטערן זאָלן האָבן אַ באַגער, דאָס אויך זייערע קינדער זאָלן זיך אינטערעסירן מיט די זאַכן וואָס זיינען זיי אַליין ליב. אַזעלכע אידישע פאָטערס, וואָס ווען רואיק שלום מאַכן מיט דעם געדאַנק דאָס אין זיי זאָל פאַרשניטן ווערן דער אידי־שער דור, דאָס זייערע קינדער זאָלן גאָרנישט וויסן פון דעם אַלעמען וואָס זיי אַליין איז געווען ליב און טייער, אַזעלכע זיינען צווישן אונז גליקלעכער־וויז דאָ זייער, זייער ווייניק.

וואָס־זשע זאָלן די עלטערן טאָן, כדי זייערע קינדער זאָלן נישט אָפּגע־פרעמדט ווערן פון אידישער קולטור, פון גייסטיקע אידישע אינטערעסן? וואָס איז די רפואה?

דעם ענטפער אויף דער פראַגע וועל איך מיך באַמיען צו געבן אין אַ צווייטן אַרטיקל.

„די וואַרהייט״, 9טן יאַנואַר, 1910

# די בילדונג פון אידישע זין און טעכטער

אין אַ פריערדיקן אַרטיקל האָט דער שרייבער פון די שורות אָנגעוויזן, ווי אַזוי די אידישע דערציאונג פון דעם יונגן אידישן דור ווערט אין אַמעריקע שטאַרק פאַרנאַכלעסיקט. אַפילו ביי די קינדער פון אָרטאָ־דאָקסישע עלטערן איז די אידישע דערציאונג צו טרוקן און צו אַלטמאָדיש, כדי גייסטיק צוצובינדן זיי צו זייער פאָלק. ביי די ראַדיקאַלע עלטערן באַ־קומען די קינדער לחלוטין גאָר קיין אידישע דערציאונג נישט און זיי אָדער זייערע קינדער זיינען דעריבער פאַרמשפט אָוועקצוגליטשן זיך פון דעם אידישן כלל.

אַזוי איז עס מיט אונזערע זין. נאָך ערגער איז עס מיט אונזערע טעכ־טער. לויט דעם אַלטן אידישן אַבערגלויבן, אַז „אַ פרויס חכמה איז נאָר אין שפינדל", באַקומען דאָ די מיידלעך, אַפילו אין אָרטאָדאָקסישע הייזער, כמעט גאָר קיין אידישן אונטערריכט נישט. אויך אין דער אַלטער וועלט באַקומען די אידישע טעכטער אַן אומבאַדייטנדיקן אונטערריכט אין אידישע ענינים, אָבער די היימישע אַטמאָספערע פלאַנצט דאָך אין זיי איין אַ אידישן געפיל. אין דעם אַמעריקאַנעם הו־האַ, אין אַ הויז וואָס איז נאָר האַלב־רעליגיעז, וואו די פאַרטרעטער פון אידישקייט זיינען די „גרינע" גע׳פסל׳טע, ווייניק רעספעקטירטע עלטערן — וועלכן אידישן געפיל קענען זיי דאָ האָבן? און דאָך, ווען זייער רייע וועט קומען, וועלן זיי דאָך ווערן די דערציערינס פון זייערע זין און טעכטער און מען קען זיך שוין פאָרשטעלן וויפיל אידישן געפיל און אידישע אינטערעסן אָט די צוקונפטיקע אידישע מוטערס וועלן קענען אָדער אַפילו וועלן איינפלאַנצן אין ז י י ע ר ע קינדער?

אַן ענטפער אויף אָט די פראַגן דאַרף געגעבן ווערן פון די צענדליקער אָדער אַפילו הונדערטער טויזנטער אידישע ראַדיקאַלן אין אַמעריקע. זיי וואָלטן געווען פטור פון אַן ענטפער, ווען זיי וואָלטן געווען צופרידן זיך צו אַסימילירן מיט דער קריסטלעכער באַפעלקערונג, ווען עס וואָלט זיי נישט געאַרט, אַז זייערע קינדער אָדער אייניקלעך זאָלן אַן זייער אידישקייט פאַר־

געסן. דאָס איז אָבער נישט ריכטיק. די אידישע ראַדיקאַלן פון אַמעריקע זיינען נישט גלייכגילטיק צו דעם ענין. ז י י  ו ו י ל ן  ז י ך  נ י ש ט אַסימילירן, זיי ווילן נ י ש ט אַז זייערע קינדער זאָלן אין גאַנצן אָפּגע־פרעמדט ווערן פון אידישקייט. זיי זיינען קעגן דער אידישער רעליגיע, אַזוי ווי זיי זיינען קעגן רעליגיע איבערהויפּט. אָבער די רעליגיע איז נאָר איין צווייג פון דער אַלגעמיינער אידישער קולטור. מיט דער אויסנאַם פון ווייניקע, וועלכע מען קען „איבערציילן אויף די פינגער פון איין האַנט", וועט קיין איין אידישער ראַדיקאַל, ווען ער וועט נאָר זיין טריי זיינע אייגענע געפילן און אינסטינקטן, נישט זאָגן, אַז ער אַרט אים נישט, אַז מיט אים זאָל פאַרשניטן ווערן דער אידישער דור. לעזן זיי דאָך, למשל, אידישע צייטונגען, כאָטש פילע, פילע פון זיי קענען שוין אויסקומען אָן אידיש; לעזן זיי דאָך אידישע ליטעראַטור, כאָטש אויסער אַ שילדערונג פון דעם באַזונדערן אידישן לעבן דערוואַרטן זיי אין איר נישט צו געפינען.

ניין, די אידישע ראַדיקאַלן טיילן זיך פון אידישן כלל נישט אָפּ און ממילא, אַזוי ווי יעדער פאָטער וויל אַז זיינע קינדער זאָלן גיין מער אָדער ווייניקער אין זיינע וועגן, ווילן זיי אויך, אַז זייערע קינדער זאָלן בלייבן צוגעבונדן צו אידן.

וואָס־זשע זאָלן זיי טאָן, כדי אָט דעם צובינד אויפצוהאַלטן?

דערויף קען זיין נאָר איין ענטפער: זאָלן זיי געבן זייערע קינדער אַ אידיש־קולטורעלע דערציאונג.

און אַזוי ווי אין דער היים איז אַזאַ דערציאונג אוממעגלעך צו געבן, בפרט נאָך פאַר אָרעמערע מענטשן, דעריבער מוזן די ניט־רעליגיעזע אידן גרינדן קולטור־שולן.

אין די תלמוד־תורות, חדרים און מאַנכע פילאַנטראָפּישע, אָדער פּרי־וואַטע אידישע שולן, קענען אָט די עלטערן זייערע קינדער נישט שיקן. שוין נישט רייַדנדיק וואָס אין אָט די אַנשטאַלטן איז די דערציאונגס־מעטאָדע מייסטנס נאָך אַ גאַנץ פאַרצייטיקע, איז די לערע אין זיי, אַלס צוגאָב, אַ רעליגיעזע. און עלטערן וואָס זיינען אַליין נישט גלויביק זיינען פולשטענדיק גערעכט, ווען זיי ווילן נישט, אַז זייערע קינדער זאָלן ווערן רעליגיעז. אויך די נאַציאָנאַליסטישע קלאַבס אָדער שולן קענען ווייט נישט אַלע עלטערן פון דעם סאָרט צופרידנשטעלן. גאָר פילע פון זיי אינטערעסירן זיך נישט מיט

קיין ציוניסטישער פּאַרטיי און זייער אינטערעס אין אידישקייט איז אַ ריין קלוטורעלער.

אָבער אידישע קולטור־שולן קענען אָפּעלירן צו אַלעמען. אַפילו רע־ליגיעזע עלטערן וועלן גערן שיקן אַהין זייערע קינדער צוליב די פאַרשידענע קולטור־לימודים וואָס וועלן אין זיי געגעבן ווערן.

עס וועט זייער לייכט מעגלעך זיין אויסצואַרבעטן אַ פּראָגראַם פון לימודים אויף וועלכער אַלע וועלן זיך קענען אייניקן, אַ פּראָגראַם וואָס וועט פאַר מאַנכע אפשר נישט זיין פאָלקאָמען, אָבער קיינער וועט זי נישט באַטראַכטן אַלס איבעריק אָדער שעדלעך. סיי ראַדיקאַלן און סיי רעליגיעזע קענען דאַכט זיך גאָר נישט האָבן קעגן דעם, אַז זייערע קינדער זאָלן באַקומען אונטעררי‏כט אין די פאָלגנדיקע געגנשטאַנדן:

אידיש, אַלס די שפּראַך פון דער גרעסטער צאָל אידן אין אונזער צייט און זייט הונדערטער יאָרן.

העברעאיש, אַלס די שפּראַך פון די עלטסטע אידישע שריפטן און פון אידישער קולטור, איבערהויפּט, און אויך אַלס די שפּראַך, אָן וועלכער עס איז נישט מעגלעך צו פאַרשטיין אידיש גוט.

אידישע געשיכטע.

אידישע ליטעראַטור.

העברעאישע ליטעראַטור.

תנ״ך, אַלס דער אור־קוואַל פון אידישער קולטור.

אַ באַגריף פון די תלמודישע און רבנישע ליטעראַטורן.

אידישע מיטאָלאָגיע.

געשיכטע פון אידישער רעליגיע, דורך וועלכער די שילער זאָלן זיך באַקענען מיט דער אידישער רעליגיע נישט אַלס גלויביקע, נאָר כדי זי צו פאַרשטיין.

אַזעלכע שולן צו גרינדן איז די גרינגסטע זאַך אין דער וועלט. עמעצער דאַרף עס נאָר אָנפאַנגען און צולייגן דערצו אַביסעלע ענערגיע. עס דאַרף נאָר אויסגעבילדעט ווערן דער ספּעציעלער מוסטער און דאַן וועלן אים פילע קענען נאָכקאָפּירן אין די נאָענטסטע און ווייטסטע שטעט.

צו אַזעלכע שולן פאָדערן זיך זייער ווייניק, אָדער כמעט גאָרנישט, קיין געלט־מיטל. ערטער וואו אָנצופירן אַזעלכע קלאַסן קען מען קריגן גענוג אין די פאַרשידענע לאָקאַלן פון די נאַציאָנאַליסטישע, פּראָגרעסיווע און

אַנדערע אָרגאַניזאַציעס. אויך אין לערער וועט קיין מניעה נישט זיין. צווישן דער אידישער יוגנט זיינען דאָ פילע, וואָס זיינען מיט די אַלע, אָדער כמעט אַלע אויסגערעכנטע געגנשטאַנדן צימלעך גוט באַקאַנט. מיט אַ לייכטער פאַרבאַרייטונג קען די צאָל פון אַזעלכע לערער זיין גאַנץ גענוגנד. און צווישן דער נאַציאָנאַליסטישער אידישער יוגנט זיינען דאָ פילע באַגייסטערטע יונגע מענטשן, וועלכע וועלן זיך גערן נעמען פאַר אַזאַ עכטער „קולטור־אַרבעט אין גלות".

דאָס בעסטע וואָלט נאַטירלעך געווען, אַז פאַר אַט דער אַרבעט וואָלט זיך גענומען דער ראַדיקאַלער פליגל פון אונזערע נאַציאָנאַליסטן. זיי, מיט זייער באַקאַנטשאַפט מיט העברעאיש און העברעאישער ליטעראַטור, זיינען, ערשטנס, אַממערסטן קאָמפּעטענט די אַרבעט דורכצופירן און, צווייטנס, זיינען זיי דערצו מער פאַרפליכטעט איידער אירגענד וועלכער אַנדערער עלעמענט. אַזעלכע שולן אַנטשפּרעכן אַממייסטן זייערע סימפּאַטיעס.

עס הערט זיך, אַז די ראַדיקאַלע ציוניסטן האָבן טאַקע בדעה עפּעס צו טאָן אין דער ריכטונג. אַ שאָד איז נאָר וואָס ביי אונז גייט אימערצו אַוועק אַזאַ גרויסע צווישן־צייט פון דעם „עס הערט זיך" ביזן „עס טוט זיך".

נאָך די ראַדיקאַלע ציוניסטן האָבן וועגן אַזעלכע שולן געמעגט אַ טראַכט טאָן אונזערע פאָלקסבילדונגס־פאַראיינען און די „אַרבעטער רינגס". די לעצטע צוויי באַשטייען פון סאָציאַליסטן, אַנאַרכיסטן און סתם אידן. עס געהערן צו זיי אויך אַזעלכע, וואָס פאַלן נאָך אום ימים־נוראים אַריין אין אַ שול. אידן יעדנפאַלס זיינען זיי אַלע. מער אָדער ווייניקער אינטערעסירן זיי זיך אַלע מיט אידישער קולטור. און עס גלויבט זיך נישט, אַז עס זיינען דאָ פילע צווישן זיי וואָס וואָלטן געווען קעגן דעם, אַז זייערע קינדער זאָלן וויסן עפּעס פון אידישקייט, נישט אין אַ רעליגיעזן, נאָר אין אַ קולטורעלן זין.

פילע ברענטשעס פון „אַרבעטער רינג" אין פאַרשידענע שטעט האָבן מיט אַ פּאָר יאָר צוריק אָנגעהויבן גרינדן „סאָנדעי סקולס" פאַר די קינדער פון זייערע מיטגלידער. איצט איז די צאָל פון אַזעלכע סקולס שוין אַ גאַנץ היפּשע. אָט די סקולס, אין וועלכע מען זוכט די קינדער לאַנגזאַם צו באַקענען מיט פרייע געדאַנקען, זיינען גאַנץ נוצלעך אַלס קעגן־קראַפט קעגן די אָפּט פאַרדומענדע פּאָבליק סקולס. דאָך פיל ניצלעכער וואָלט געווען ווען אין די סקולס וואָלט מען די קינדער פון די אידישע עלטערן, וועלכע אינטערעסירן זיך מיט אידישער געשיכטע, אידישער ליטעראַטור , א. אַ. וו. און וועלכע

קענען זייערע קינדער אין קיין תלמוד־תורה אָדער רעליגיעזער סקול נישט שיקן — עס וואָלט געווען העכסט נוצלעך ווען מען וואָלט אין אָט די „סאָנדעי סקולס" די קינדער אויך געזוכט צו באַקענען מיט אידישער קולטור. מיט פרייע געדאַנקען וועלן זיך די קינדער וואָס האָדעוווען זיך אויף ביי ראַדיקאַלע עלטערן שוין ווי עס איז באַקענען, מיט פרייע געדאַנקען קענען זיך גרעסערע קינדער באַקענען אויך מיט דער הילף פון אַ ביכל. באַקענען זיך אָבער מיט די אידישע שפּראַכן און מיט אידישער קולטור איבערהויפּט אָן אַ ספּעציעלן אונטערריכט איז אוממעגלעך.

דער פאָרגעשריטענער אידישער עלעמענט, דאַרף, אויב ער וויל זיין געטריי זיינע אייגענע געפילן און וואונטשן, אויב ער וויל זיך אַליין נישט אָפּנאַרן, נישט פאַרשרייען מיט די אָפּגעשמאַקטע, קאָסמאָפּאָליטישע פראַזן, זיך פאַרטראַכטן וועגן דעם פאַרגעלייגטן פלאַן און טאַקע עפּעס טאָן פאַר דער אידישער דערציאונג פון זיינע קינדער.

„די וואַרהייט", 13טן יאַנואַר, 1910

# אידישע שולן פאַר אידישע קינדער

דאָס איז געווען זייער אַ גליקלעכער מאָמענט ווען די קאָנווענשאָן פון די פועלי ציון אין מאָנטרעאָל האָט אָנגענומען דעם באַשלוס, אַז די פּאַרטיי זאָל איצט נעמען אָנווענדן איר ענערגיע, כדי צו גרינדן אידיש־ראַדיקאַלע שולן פאַרן יונגן דור. דאָס איז געווען אַ שריט, וועלכער קען נאָך זיך ברענגען — אויב ער וועט נאָר נישט בלייבן אַ באַשלוס אויפן פּאַפּיר ווי פילע אַנדערע גוטע און ליבנסווערטע באַשלוסן — אומגעהויער וויכטיקע פאָלגן. ער קען מאַכן אַן אָנפאַנג פון דער לייזונג פון דער אַנגעווייטיקטער פראַגע פון אידישער דערציאונג. ער קען געבן לעבן און קראַפט צו דער פּאַרטיי פון די פועלי ציון, וועלכע האָט ביז איצט אַרומגעבלאָנדזשעט אַזוי ווי איבערן עולם התועה און ניט געהאַט פאַר זיך קייןווירקלעכע פּראַקטישע אַרבעט.

די דערציאונג פון דעם יונגן אידישן דור אין אַמעריקע איז אַ יאָמערנדיקע טראַגעדיע, אַן אָפענע נאַציאָנאַלע וואונד, וואָס קוקנדיק אויף איר ווערט מען אָנגעפילט מיט אומעט, מיט אַ שווערן יאוש.

אָט שטייען זיי אונזערע קינדער פאַר אונז, הונדערטער טויזנטער, פריש, קרעפטיק און מונטער זיינען זיי, בויגזאַם און ווייך אַזוי ווי יונגע פלאַנצן. מען קען זיי בויגן אין וועלכער ריכטונג מען וויל. מען קען זיי איינגעוואוינען צו זיין געטרייע קינדער צו אונזער פאָלק, אַז זיי זאָלן פילן זיין שמערץ, קעמפן פאַר זיינע רעכט, שטאָלץ זיין אויף זיין פאַרגאַנגענהייט און פאַרזעצן זיינע שיינע, אַלטע טרוימען. און עס וואָלט פון זיי אַרויסגעוואַקסן אַ פרישער, געזונטער דור אידן, מענטשן נישט פאַראומערטע, נישט געבראָכענע פון יאָך און פאַרפאָלגונגען, מענטשן פון טאַט. וואָרעם זיי זיינען גליקלעכער פון די עלטערן; זיי האָבן זיך אויפגעהאָדעוועט אין אַ לאַנד פון פרייהייט און טאַט; זיי האָבן זיך אויפגעהאָדעוועט אין דער ליכטיקייט. זיי האָבן נישט געדאַרפט אַזוי ווי פילע פון זייערע עלטערן באַהאַלטענערהייט און אַמאָל דורך שרעקלעכע פייניקונגען און יסורים דערווערבן זיך דעם אָנפאַנג פון מענטש־

לעבער בילדונג, און אין דער יאָגד נאָך אָט דער אָרעמער בילדונג געבראָכן און פאַרקריפּלט ווערן.

און ווער קען דען זאָגן, וואָס דער דאָזיקער יונגער אַמעריקאַנער דור, זייענדיק אידן און אַמעריקאַנער, אידן און קרעפּטיקע, מונטערע וועלט־מענטשן, קענען דעם אידנטום געבן! ווער ווייסט, וועלכע רייכע כוחות ליגן פאַרבאָרגן אין אַזאַ מין מענטשן־ און אידן־מאַטעריאַל! אַזעלכע אידן וואָלטן דאָך אייגנטלעך געוועזן אַ נייעס אין דער אידישער געשיכטע. וואָרעם די אידן, וואָס מיר האָבן די לעצטע יאָרהונדערטער געהאַט, זיינען דאָך געווען אָדער דערשלאָגענע, פאַרמוטשעטע, אין פאַנאַטיזם און פאַרפאָלגונג דערצויגענע אידן, אָדער — אין די לענדער וואו מען האָט אין פאַרלויף פון לעצטן יאָר־הונדערט געגעבן אידן „פרייהייט" — זיינען זיי נישט געווען דערשלאָגן, אָבער דערפאַר גייסטיקע שקלאַפן, בלינדע נאָכמאַכער פון די פרעמדע.

אַמעריקע איז דאָס איינציקע לאַנד, וואו אידן זיינען פריי און צו דער זעלבער צייט זיינען אויך צענדליקער טויזנטער פון זיי פאַרבליבן אומ־באַפלעקט, אומבאַרירט פון דעם אַסימילאַציע־גייסט, און די קינדער פון אָט די פרייע אידן, ווען זיי זאָלן זיין אידיש דערצויגן, קענען מיט זיך בילדן עפּעס נייעס, פרישעס, געזונטעס. זיי קענען אַריינגעבן ניי בלוט דעם אידנטום.

צו אונזער גרויסן אומגליק און נאָך גרעסערער שאַנדע זעען מיר אָבער, ווי די צענדליקער טויזנטער אידישע אַמעריקאַנער קינדער שטייען אויף משקולת און האַלטן דערביי, אַז זיי זאָלן זיך אָוועקגליטשן פון אונז. די דערציאונג וואָס זיי קריגן, לערנט זיי אויס צו פאַרגעסן אין אידישקייט, לערנט זיי אויס זיך מיט איר צו שעמען, אָדער אין בעסטן פאַל פילן קעגן איר אַן אינסטינקטיוון ווידערווילן.

אַמעריקע איז דער גרויסער „שמעלץ־טאָפּ" פון דער וועלט און דער איד, זייענדיק דורכן לאַנגן גלות ספּעציעל צוגעפּאַסט צו אַקלימאַטיזירן זיך צו נייע לענדער, ווערט ער צעשמאָלצן נאָך פריער פון מאַנכע אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן. די גאַס אַרום, די שול, די פּרעסע, די פּאָליטיק, די היגע ליטעראַטור, דער אַלגעמיינער געזעלשאַפטלעכער לעבן — די אַלע פאַקטאָרן ווירקן אָפּצושוואַכן דעם נאַציאָנאַלן קאָליר פון דעם אימיגראַנט און באַפאַרבן אים מיט דעם אַלגעמיינעם „רויט, ווייס און בלוי".

עס העלפן נישט אויף לאַנג די באַזונדערע אימיגראַנטן־קוואַרטאַלן, אויך נישט די באַזונדערע אימיגראַנטן־צייטונגען. קוואַרטאַלן ווערן געבויט

און צעפאַלן און די אימיגראַנטן־פּרעסע איז פאַר די עלטערן, אָבער נישט פאַר די קינדער. און דער יונגער דור מוז פריער־שפּעטער אויפגעקאָכט ווערן אין „שמעלץ־טאָפּ".

דאָס פילן אַלע, אין דעם זיינען אַלע איבערצייגט. אויף דערויף לייגן די נאַטיוויסטישע אַמעריקאַנער זייער גאַנצע האָפענונג. ערשט נישט לאַנג האָט זיך דער אַריסטאָקראַטישער וועכנטלעכער זשורנאַל „אַוטלוק" דערמיט געטרייסט, ריידנדיק ספּעציעל וועגן דער איסט סייד. זיין „ספּעקטייטער" האָט געמאַכט אַ שפּאַציר איבערן אידישן קוואַרטאַל. איבעראַל האָט ער געזען אידן, ווייטע מזרח־מענטשן, איבעראַל האָט ער געהערט נאָר אידיש ריידן און אַפילו די קליינע קינדערלעך, וואָס שפּילן זיך אין די הויפן פון די סקולס, האָבן בלויז אידיש פאַרשטאַנען און דאָס אַמעריקאַנישע האַרץ פון שרייבער איז שווער געוואָרן פון זאָרג. אָבער באַלד איז ער צוגעקומען צו אַ גרופּע גרעסערע מיידלעך, וועלכע האָבן שוין פאַרבראַכט אַ פּאָר יאָר אין פּאַבליק־סקול און ער האָט זיך דערפרייט. זיי זיינען שוין אַמעריקאַניש געווען, זיי האָבן געהאָט דעם אַמעריקאַנעם גייסט. און דער „ספּעקטייטער" ענדיקט מיט אַ שבח צו דער אַמעריקאַנער פּאַבליק־סקול, וועלכע מאַכט פון פרעמדס אייגנס.

אָבער אויב דאָס איז דערפרייענדיק פאַר די אַמעריקאַנער, איז דאָך עס העכסט־טרויעריק, העכסט־טראַגיש פאַר אונז. וואָרעם מיר ווילן דאָך, אַז אונזערע קינדער זאָלן נישט זיין בלויז אַמעריקאַנער, נאָר אַמעריקאַנער און אידן, אָדער אַמעריקאַנישע אידן. מיר ווילן דאָך נישט, אַז זיי זאָלן פאַרגעסן זייער און אונזער אָפּשטאַמונג, זייער און אונזער געשיכטע. מיר ווילן נישט, אַז נאָך אונז זאָל פאַרשניטן ווערן דער אידישער דור, אַז ביי אונזערע קינדער זאָל די „גאָלדענע קייט" אָפּגעהאַקט ווערן.

מאַנכע אידן טרייסטן זיך מיט די תלמוד־תורות, מיט די אַנדערע רעליגיעזע שולן, מיט די העברעאישע לעקסיקאָנען וואָס זייערע קינדער קריגן. דאָס איז אָבער אַ טרייסט נאָר פאַר דעם רעליגיעזן אידן, אָדער פאַר דעם פאַנאַטישן העברעאיסט. דער אינגערער אידישער עלעמענט פון אַמעריקע האָט זיך אויסגעלערנט צו פאַרשטיין, אַז רעליגיע אַליין קען דעם יונגן דור נישט אויסלערנען זיין פאָלק ליב האָבן און צו אים זיין צוגעבונדן. דער יונגער אידישער עלעמענט איז נישט רעליגיעז און ער וויל אויך זיין קינד נישט דערציען רעליגיעז. דער יונגער אידישער עלעמענט ווייסט אויך, אַז אויב מען וויל צובינדן דעם יונגן דור צום אידישן פאָלק, דאַרף מען אים

פאַרקניפּן מיט דעם לעבעדיקן פאָלק, דעם פאָלק פון היינט, מיט דער גאַנצער לענג און ברייט פון פאָלק. און אָט דאָס פאָלק רעדט אידיש, לייענט אידיש, האָט זיך אויף אידיש דערצויגן און אידיש איז זיין נאָענטסטע, אינטימסטע האַרצנס־שפּראַך.

עס איז דעריבער געדרונגען, אַז נישט־רעליגיעזע, נאָר אַלגעמיין־קולטור־רעלע, שולן אין וועלכע די הויפּט־שפּראַך זאָל זיין מאַמע־לשון זיינען פאַר אונז אַ לעבנס־נויטוועגדיקייט, אַז אָן זיי קענען מיר זיך נישט צופרידנשטעלן פאַר אונזער אייגענעם געוויסן, אַז אָן זיי טוען מיר, דער יונגער אידישער עלעמענט, גאָרנישט, וואָס מיר אַליין זאָלן קענען באַטראַכטן אַלס מיטל אָפּצוראַטעווען אונזערע קינדער פון דעם שטראָם פון אַמעריקאַניזם, וואָס פליישט איבער זיי און טראָגט זיי פון אונז אַוועק. און דעריבער איז עס אַזוי וויכטיק, וואָס די פּועלי ציון־קאָנוועגשאָן האָט באַשלאָסן זיך ערנסט צו נעמען אויפבויען אַזעלכע שולן.

און זאָל די פראַגע וועגן אידיש און העברעאיש אונז ניט צעטיילן און זאָלן די העברעאיסטן איבער דעם נישט אַוועקשטעלן זיך אַלס קעגנער צו די דאָזיקע שולן. אַזעלכע שולן וועלן האָבן דעם צוועק צו דערציען אידן, צו דערציען מענטשן מיט אַ שטאַרקן צובונד צו די אידישע טראַדיציעס. און ווער וועט דאָס דען לייקענען, אַז צווישן אָט די טראַדיציעס פאַרנעמען די העברעאישע שפּראַך און איר ליטעראַטור אַ העכסט־וויכטיקן אָרט! אין אַזעלכע שולן וועט מען קודם כל זוכן די קינדער גרינטלעך צו באַקענען מיט אידיש — און ווער וועט דאָס דען וואַגן צו זאָגן, אַז אַ גרינטלעכע באַקאַנטשאַפט מיט אידיש איז מעגלעך אָן העברעאיש!

און דעריבער קענען אַלע, יעדנפאַלס אַלע נישט־רעליגיעזע אידן, גיין האַנט אין האַנט אין דער אויפבויאונג און אויפהאַלטונג פון אַזוינע שולן.

די פּועלי ציון זיינען אַממייסטן צוגעפּאַסט די דאָזיקע אַרבעט אָנצו־פאַנגען און דורכפירן. זיי זיינען אידן מיט זייער האַרץ און מוח. זיי זיינען אויך ראַדיקאַל געזאָנען און וועלן פאַרהיטן דעם ריינעם, פרייען כאַראַקטער פון די דאָזיקע שולן. זיי זיינען יונג און ענערגיש. אָבער יידער שימלען זייערע קרעפטן, נישט האָבנדיק פאַר זיך קיין פּראַקטישע אַרבעט, קיין אַרבעט אין וועמעס קיום זיי זאָלן קענען גלויבן מיטן גאַנצן האַרץ. און אַ פּאַרטיי אָן אַ גרויסער פּראַקטישער אַרבעט איז פאַרמשפּט צום אונטערגאַנג.

אָבער די אַרבעט פון אידישער קולטור — און דאָס זיינען מער פון אַלץ אידישע שולן פאַרן יונגן דור — איז אַן אַרבעט אַ פרישע, אַ מונטערע, אַ זיכטבאַרע. דאָס איז אַ פעלד גרויס גענוג פאַר יעדן און פאַר אַלעמען. דאָס קען געטאָן ווערן אין דער גרעסטער ווי אין דער קלענסטער אידישער קהלה. אַזאַ אַרבעט וועט ברענגען לעבן און האָפענונג.

„די וואַרהייט“, אָקטאָבער 1910

# דער אידיש־נאַציאָנאַלער אַרבעטער־פאַרבאַנד און די נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע דערציאונג

אזוי ווי אויף די פריערדיקע קאָנווענשאָנס פון אידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד, אַזוי וועט אויך אויף דער היי־יאָריקער קאָנווענשאָן גערעדט ווערן וועגן דער אידיש נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלער דערציאונג, קאָנקרעטער — וועגן די אידיש־נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע שולן. כ׳האָב דאָך מורא, אַז דער אינטערעס פון דער פריערדיקער קאָנווענשאָן צו דער נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלער דערציאונג איז געווען אַ האַלב־פילאַנטראָפּישער, ווי איינער זאָגט: מילא, נישט קיין שלעכטע זאַך, ס׳איז נאָענט צום האַרצן, דערצו ווערט עס געפירט פון אייגענע מענטשן, טאָ לאָמיר עס שטיצן.

אַזאַ באַציאונג איז אָבער אַביסל אַ נאַכלעסיקע, אַביסל אַ פוילע. עס וואָלט זיך וועלן, אַז דער אידיש־נאַציאָנאַלער אַרבעטער־פאַרבאַנד זאָל די נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע דערציאונג באַטראַכטן אַלס זיין אייגענע זאַך, ווי זי איז אין דער אמתן, זי גוט דורכשטודירן, גוט באַגרייפן, נישט פאַרלאָזנדיק זיך אויף קיינעם, און דאַן שטעלן זיך צו איר אין דער ערנסטער באַציאונג, פאַקטיש איר לייטונג איבערנעמען.

איך זאָג גאַנץ אָפנהערציק: די נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע דערציאונג איז אין די מייסטע פאַלן, וואָס איז שייך פאַרוואַלטונג, אָן אַ טאַטן און אָן אַ מאַמען; דער אידיש־נאַציאָנאַלער אַרבעטער־פאַרבאַנד איז פאַקטיש אָן אַ גייסטיק קינד. ער רעדט פיל פון אידיש־קולטורעלער טעטיקייט, האָט אָבער אַלס גאַנצער נאָך נישט וואָס צו טאָן. אַוודאי איז ביכער און ביכלעך אַרויסגעבן זייער אַ גוטע זאַך, אָבער דאָס קען, אָפּגעזען פון דער פינאַנציעלער שטיצע, נישט געטאָן ווערן פון קיין גאַנצן אָרדן. דאָס איז נישט קיין אַרבעט פאַר ברענטשעס, זיכער נישט פאַר די ברענטשעס אין די ווייטע שטעט און שטעטלעך. איז זאָל דער דערווייל גייסטיק קינדערלאָזער אידיש־נאַציאָנאַלער אָרדן ווערן דער טאַטע־מאַמע פון דער דערווייל נאָך פאַר׳יתום׳טער נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלער דערציאונג. די צענטראַלע לייטונג זאָל זיך אַריינ־

פליישן אין דעם נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלן שולן־פאַרבאַנד. די פאַרשידענע ברענטשעס דאַרפן ווערן די פּרנסים און פירער פון די שולן, וואו זיי זיינען שוין פאַראַן, און זייערע גרינדער דאָרט, וואו זיי זיינען נאָך נישטאָ.

דאָס אומגליק מיט די חברים פון דער פּאַרטיי פּועלי ציון און פון אידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד איז, וואָס די ריזיקע מאַיאָריטעט פון זיי זיינען נאָך זייער יונגע מענטשן און זיינען נאָך קיין טאַטע־מאַמע נישט. דאָס ביסל קינדער, וואָס געפינען זיך יאָ אין אונזער פּועלי ציון פאַרבאַנד־משפּחה, זיינען נאָך אַזוי יונג, אַז זייערע עלטערן טראַכטן נאָך ווייניק וועגן זייער שול־דערציאונג. מיר גייען אין די אָפּגעלאָזענע וועגן פון אונזערע עלטערן. דער דערשלאָגענער רוסיש־פּוילישער איד דערפילט אַ סכנה, ערשט דעמאָלט ווען דער חלף ליגט אים שוין אויפן האַלז. אַז אַ איד זעט, אַז עס איז נאָך געבליבן אַ שפּאַן צייט ביז צו דער צרה, מאַכט ער זיך גרינג אויפן האַרצן מיט דער אַלטער נחמה: „עט, ביז דעמאָלט וועט שוין משיח קומען“.

אונזערע חברים זיינען יונגע מענטשן, וואָס ווילן לעבן און עלטער ווערן. בלויז גאָר, גאָר אַ קנאַפּער פּראָצענט טראַכט וועגן אַליין פאָרן אין ארץ־ישראל, וואָס אויך דאָרטן איז נאָך די דערציאונגס־פראַגע ווייט נישט קיין געלייזטע און אויך דאָרטן, וואָס אָנבאַטרעפט מיין מיינונג און די מיינונג פון פיל אַנדערע, וואָלט מען באַדאַרפט אַזעלכע אידיש־נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע שולן ווי מיר האָבן דאָ. אַלזאָ, זיינען מיר, הייסט עס, אַמעריקאַנער און אונזערע קינדער וועלן זיין אַמעריקאַנער. אָבער צו וועמען וועלן זיי באַלאַנגען מיט זייערע הערצער, מיט זייערע נשמות, מיט זייערע סימפּאַטיען און פאַר־בינדונגען ? צו אונזער פאָלק אָדער צו פרעמדע ? דאָס ווענדט זיך אויסשליסלעך אָן דער דערציאונג, וואָס מיר וועלן זיי געבן.

מיר זיינען נאַציאָנאַליסטן־דעמאָקראַטן. מיר קוקן אויפן אידישן לעבן פון אַ נאַציאָנאַליסטיש־פאָלקסטימלעך־פּראָלעטאַרישן שטאַנדפּונקט. מיר ווילן, אַז דאָס פאָלק אונזערס זאָל לעבן, זאָל האָבן אַ צוקונפט און זאָל ווייטער וועבן דעם כשרן פאָדעם פון דער אידישער קולטור. אויך אונזער קוק אויף דער אידישער קולטור איז אַ פאָלקסטימלעך־פּראָלעטאַרישער. מיר ווייסן, אַז אין אונזער גאַנצער היסטאָריע איז ביי אונזער פאָלק אָנגעגאַנגען אַ קאַמף פון צוויי הויפּט־קלאַסן: אַריסטאָקראַטן און פאָלקס־מענטשן, וועלכע האָבן אין פאַרשידענע עפּאָכן אָנגענומען פאַרשידענע געשטאַלטן, אָבער אויף דער סצענע זיינען זיי אימער געבליבן. מיר ווייסן אויך, אַז אונטער דער גרויסער

לעגיטים־אנערקענטער אידישער קולטור האט אויך שטענדיק געפלאסן אן אונטער־שטראם פון פאלקסטימלעכער קולטור. מיר וויסן אויך, וואס דאס אייגנטלעך דארפן אלע וויסן, אז די וואסערע ניין הונדערט יאר אידיש לעבן אויף אונזער ערד אין ארץ ישראל, זיינען אין בעסטן פאל נישט מער ווי א דריטל פון אונזער היסטאריש לעבן, און אז די אידישע קולטור וואס שטאמט דירעקט פון ארץ ישראל פאלט ווייט, ווייט נישט צונויף מיט דער גאנצער אידישער קולטור.

דאס, אומגעפער, איז אונזער קוק אויפן אידישן לעבן, דאס — ווען מען זאל נאך דערצו צורעכענען אונזער האפענונג און קאמף פאר דער פאליטישער רעסטאווראירונג פון אונזער פאלק אין זיין אמאליקער היים — איז אונזער גאנצער נאציאנאליזם. און אזא קוק אויפן לעבן ווילן מיר, ווי עס ליגט אין דער נאטור פון מענטשן, איבערגעבן אונזערע קינדער. און דער דאזיקער וואונטש אונזערער האט זיך ממשותדיק אנגעהויבן אויסדריקן אין די אידיש־נאציאנאל־ראדיקאלע שולן.

אונזערע קינדער וואקסן. מיר דארפן זיי דערציען. אבער וועלכער אנשטאלט, וועלכעס שול־וועזן קען זיי באהעפטן צו אונזער פאלק אין דעם זין ווי מיר נאציאנאליסטן־דעמאקראטן ווילן? ווען די תלמוד־תורות וואלטן פאר אונז בלויז געהאט דעם איין חסרון, וואס זיי זיינען רעליגיעז און מיר זיינען פריידענקער, וואלט דאס אומגליק נאך גאר נישט געווען אזוי גרויס. מיר וואלטן זיך געקענט טרייסטן, אז מה דאך מיר, וואס מיר האבן אין אונזער קינדהייט געהאט א לעבעדיקן גאט, האבן מיר זיך פון אים באפרייט, א פשיטא שוין די היגע קינדער, וואס דער גאט וואס מען גיט זיי, איז לכתחילה א טויטער באלאסט. דאס אמתע אומגליק מיט די תלמוד־תורות איז דאס וואס זיי זיינען נישט נאציאנאליסטיש, וואס זיי בינדן דאס קינד מיט קיין שום פעדעמל נישט צו צום לעבעדיקן אידישן פאלק, צום אידן פון היינט, וואס זיי פירן דאס קינד אויף א האר נישט אריין אין דעם היינטיקן אידישן לעבן, און וואס א חוץ אלעמען, איז זייער פעדאגאגיע אזוי בארבאריש, אזוי נישט צוגעפאסט צו דער צייט און צום לאנד. די רעפארמירטע תלמוד־תורות, אויב זיי זיינען איבערהויפט בעסער פון די אנדערע, איז עס סיידן נאר אין דער מעטאדיק, אבער וואס איז שייך נשמה זיינען זיי נאך ערגער איידער יענע. דערמיט וואס זיי פארטרייבן פון קלאס די אידישע שפראך און פירן אן זייער לערע אויף ענגליש, דערגענצן זיי די, פאר אונז, פארדארבנדיקע

אַרבעט פון דער פּאַבליק סקול און פֿאַרשנעלערן דעם אַסימילאַציאַנס־פּראָצעס. פֿאַרשטייט זיך, אַז מיט אונזער דעמאָקראַטישן קוק אויפֿן אידישן לעבן, זיינען פֿאַר אונז די העברעאיסטיש־נאַציאָנאַליסטישע שולן, וואָס שפּרינגען אויף דאָ און דאָרטן אין די גרעסערע שטעט, קוים מער צופרידנשטעלנדיק איידער די תלמוד־תורות.

די איינציקע, וואָס דערפילן אונזער אידעאַל פון אידישער דערציאונג, זיינען די נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע שולן, און עס איז נישט געווען קיין צופאַל, וואָס די פּאַטערס פון דער דאָזיקער נייער דערציאונג זיינען געווען מענטשן וואָס אַליין אָדער מיט זייערע מיינונגען געהערן זיי צו די פּועלי ציון, צום אידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פֿאַרבאַנד און דער פּאַרטיי סאָציאַליסטן־טערי־טאָריאַליסטן.

אַוודאי זיינען אונזערע שולן נאָר אַן אָנהויב, אַוודאי דאַרף אין זיי פיל אויסגעבעסערט ווערן. אַוודאי דאַרפן זיי איבעראַל ווערן טעגלעכע שולעס. נאָך מער — די גאַנצע אַרבעט איז נאָר אַן אָנפאַנג, אַן עמבריאָ, פון וועלכער עס דאַרף אַרויסוואַקסן די אידיש־אַמעריקאַנישע שול, וואָס זאָל דאָס אידישע קינד איינגאַנצן אַוועקנעמען פון דער פּאַבליק סקול, ווייל מיר קענען נישט באַהויפּטן, אַז די נשמה פון אונזער קינד זאָל געקנאָטן ווערן פון דער גאוה׳־דיק־פּאַטריאָטישער יענקישער מיידל, וואָס איז אַליין אַ ווערקצייג אין אַ גרויסער פֿאַבריק פון נאַציאָנאַליזאַציע און אַמעריקאַניזאַציע, ד. ה. פון איבער־גיסן דאָס קינד, וואָס באַלאַנגט מייסטנס צו אַ באַשטימטער אַנדערער נאַציע, אין אַ מיטגליד פון דער עקזיסטירנדיקער אַמעריקאַנער נאַציע.

דאָך די מיינסטע פעלערן קומען בלויז פון אָרעמקייט אין מאַטעריעלע און גייסטיקע כוחות. און מען דאַרף נישט פֿאַרגעסן, אַז אונזער באַוועגונג איז נאָך אינגער פון יונג, און אַז „נישט אין איין טאָג איז רוים אויסגעבויט געוואָרן". על כל פּנים דאַרף קלאָר זיין, אַז פֿאַרן טיפֿ אידן פון דעם נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פֿאַרבאַנד איז נאָר דאָ איין אידישע דערציאונג, די נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע, און נאָר זי קען זיין קינד צובינדן צום אידישן פֿאָלק אויף אַזאַ אופן ווי ער וויל, און אַז די דאָזיקע פראַגע שטייט נישט הינטער די בערג נאָר הינטער די פּלייצעס, און אַז היינט־מאָרגן מוז יעדער חבר און יעדע חברה זיך אָנשטויסן אויף דער דאָזיקער פראַגע ביי זיך אין דער היים, שוין נישט אַלס קהלשער מענטש, נישט אַלס מיטגליד פון דאַנען אָדער פון דאָרטן, נאָר פּשוט אַלס טאַטע אָדער מאַמע, וואָס זעט אין לעבן פון זיין קינד אַ

פאַרזעצונג פון זיך אייגן לעבן, זיין איינציקע אומשטערבלעכקייט. און וואָס טויג אונז דאָס לעבן פון אונזערע קינדער, אויב עס וועט גיין גאָר אויף אַן אַנדער וועג איידער אונזערס, אויב אונזער דור וועט אין זיי פאַרשניטן ווערן.

דאָס איז די אמתע שייכות פון דער נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלער דערציאונג און דעם נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד. די היי־יאָריקע קאָנווענשאָן מוז עס פאַרשטיין טיפער און גרינטלעכער איידער די פריערדיקע און זי דאַרף זען דורכפירן, אַז די שולן זאָלן ווערן די הויפּט־אינסטיטוציע פון פאַרבאַנד, זיין הויפּט־אַרבעט, סיי אויף די זיצונגען פון דער עקזעקוטיווע אין ניו־יאָרק און סיי אין טאָג־טעגלעכן לעבן פון די חברים אין זייערע שטעט און שטעטלעך.

דער צווייטער שולן־צוזאַמענפאָר, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן פאַר פסח, האָט די צוויי צווייגן פון דער באַוועגונג פאַראייניקט אין איין בוים. די גאַנצע אַרבעט ווערט איצט אָנגעפירט געמיינשאַפטלעך, און זי ווערט אָנגעפירט אַבסאָלוט האַרמאָניש, אָן רייבונגען, יעדנפאַלס אין די שולן גופא. די צענטראַלע לייטונג העלפט די פאַרשידענע שולן מיט עצות און אויפ־קלערונגען און די שולן דערמונטערן די צענטראַלע לייטונג מיט זייער אַרבעט. קיין צד האָט אויפן צוזאַמענפאָר גאָר נישט געאָפּפערט. העברעאיש מוז געלערנט ווערן אין אַלע שולן. עס איז נאָר אַ פראַגע וויפיל און ווען עס אָנהויבן. מיר, די אַזוי־גערופענע פועלי־ציון שול־טוער, זיינען איבער־צייגט, אַז מען דאַרף לערנען אַ סך העברעאיש און אַז מען דאַרף עס לערנען גלייך פון אָנפאַנג. אָבער עס איז נישט קיין יושר אַרויפצוצווינגען אונזערע אָנזיכטן אויף אַנדערע, בפרט נאָך אין זאַכן, וועגן וועלכע עס איז גאָר נאַטירלעך, אַז עס זאָלן זיין ספקות. אָבער מיר האָפן, אַז אונזערע חברים פון געוועזענעם אַנדערן צד וועלן מיט דער צייט איינזען, דאָס וואָס מיר האָבן שוין איינגעזען, אַז אַ אידישע דערציאונג אָן אַ גרינטלעכער העברעאישער בילדונג איז אין עצם אָן נאַציאָנאַל־היסטאָרישע וואָרצלען. און מיר, פון אונזער זייט וועלן דאָך זיכער אָנגיין מיט די לימודים, ווי מיר זיינען אָנגעגאַנגען ביז איצט.

דערווייל אַרבעט די לייטונג פון שולן־פאַרבאַנד גאַנץ פלייסיק אויף דער פאַרווירקלעכונג פון די באַשלוסן פון צוזאַמענפאָר. אונזערע ערשטע אויפ־גאַבן זיינען די גרינדונג פון אַ סעמינאַר, וואָס זאָל אַרויסגעבן לערער פאַר די שולן, און די אַרויסגאַבע פון אַ קינדער־צייטונג.ביידע זאַכן זיינען אַבסאָלוט

נויטיק. אַן פרישע, ספּעציעל־צוגעפּאַסטע לערער איז אונזער שולן־באַוועגונג פאַר׳משפּט צום שטאַרבן, פּונקט ווי אַ יונג בוימעלע אַן זון־שיין און אַן רעגן. אַן אַ צייטונגל פאַר אונזערע קינדער קענען מיר זיי נישט אָפּרייסן פון דעם אַסימילירנדיקן לעבן און די אַסימילירנדיקע ביכלעך און צייטונגען, צו וועלכן זיי רייסן זיך, אין אַ געוויסן פּעריאָד, מיט זייער ברענענדיקן, יונגען חשק.

דער אידיש־נאַציאָנאַלער אַרבעטער־פאַרבאַנד דאַרף דעם שולן־פאַרבאַנד העלפן די דאָזיקע צוויי תקנות אַזוי שנעל ווי מעגלעך אַרויסצוברענגען מן הכוח אל הפּועל. דער פאַרבאַנד דאַרף איבערהויפּט געבן אונזער שול־באַוועגונג ממשותדיקע געלט־שטיצע. ליידער איז אַן ענלעכער באַשלוס פון דער פאַראַיאָריקער קאָנווענשאָן וואַרשיינלעך דורך אַן אומדייטלעכקייט אין דער פאָרמולירונג אָדער עפּעס אַן אַנדער טעות, נישט אינגאַנצן מקוים געוואָרן. די היי־יאָריקע קאָנווענשאָן דאַרף איר באַשלוס אַזוי קלאָר פאָר־מולירן, אַז די הילף זאָל אַריינקומען זיכער און פּינקטלעך!

„די יידישע אַרבעטער שטימע״, יולי־אויגוסט, 1916.

# צען יאָר נייע אידישע דערציאונג

אין אַ געגויעם חודש אָרום, חול המועד פסח, וועט אין פילאַדעלפיע אָפּגעהאַלטן ווערן אַ צוזאַמענפאָר פון אידישע פאָלקשולן. דער צוזאַמענפאָר, וואָס ווערט איינבאַרופן פון אידישן לערער־סעמינאַר, פון אידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד און פון דער פאַרטיי פועלי ציון, האָט פאַר זיין צוועק צוריק לעבעדיק צו מאַכן דעם אידישן שולן־פאַרבאַנד, די פאַראייניקונג פון די אידישע פאָלקשולן, וואָס האָט געגרינדעט דעם אידישן לערער־סעמינאַר, געגרינדעט פיל שולן און געהאַט געגרינדעט און אַ יאָר צייט אויסגעהאַלטן דעם ערשטן אידישן קינדער־זשורנאַל אין אַמעריקע. שוין נישט רעדנדיק פון די מייסטע לערן־ביכער פאַר די פאָלקשולן, וואָס דער שולן־פאַרבאַנד האָט אומדירעקט באַשאַפן און אין דער גאַנץ גרויסער ווירקונג, וואָס ער האָט אומדירעקט געהאַט אויף אַ סך תלמוד־תורות, שטויסנדיק זיי אַריינצונעמען אידיש און דאָס אידישע ליד אין דער פּראָגראַם פון זייערע לימודים.

זייט אַנדערהאַלבן יאָר אומגעפער האָט דער שולן־פאַרבאַנד אויפגעהערט צו פונקציאָנירן. די עקזעקוטיווע, וואָס איז אויסגעקליבן געוואָרן אויף דעם לעצטן (סיראַקיוזער) שולן־צוזאַמענפאָר, איז נישט טעטיק און האָלט פאַקטיש נישט אָפּ קיין זיצונגען. די הויפּט־אורזאַך איז אַ פינאַנציעלע. עס איז נישט מעגלעך געווען אָנצוהאַלטן אַ באַצאָלטן סעקרעטאַר, איז די קאָרעספּאָנדענץ פאַרלוירן געוואָרן. אַ צווייטע אורזאַך איז וואַרשיינלעך דאָס, וואָס די הויפּט־ענערגיע פון די פאַרבליבענע מיטגלידער פון שולן־פאַרבאַנד האָט פאַרשלונגען דער אידישער לערער־סעמינאַר.

נישט קוקנדיק אויף דעם אָפיציעלן נישט־פונקציאָנירן פון שולן־פאַרבאַנד, האָבן די עטלעכע פאַרבליבענע מיטגלידער פון זיין עקזעקוטיווע דעם לערער־סעמינאַר נישט נאָר נישט געלאָזט אונטערגיין אָדער איינגעשרומפּט ווערן, נאָר פאַרקערט, אים גאָר פיל פאַרגרעסערט און אויפגעהויבן. אין די דריי יאָר האָט דער סעמינאַר אַרויסגעלאָזט דרייצן געענדיקטע לערער און ער

קלייבט זיך, אין אַ קנאַפּן יאָר אַרום, אַרויסצולאָזן נאָך צוואַנציק געענדיקטע לערער. ער האָט אויך, אין די לעצטע צוויי יאָר, צו זיך צוגעבויט אַ צוויי־יאָריקן פּראָ־סעמינאַר, וואָס איז אַ זייער אָריגינעלע און גרינטלעכע אידישע מיטלשול. און איצט אַרבעט דער סעמינאַר אויס אַ פּלאַן, לויט וועלכן ער זאָל, אין דער גאַנץ נאָענטער צוקונפט, זיך פאַרוואַנדלען אין אַ אידישן אוניווערזיטעט, וואו אַ חוץ אַ אידיש־פּעדאַגאָגישן פאַקולטעט זאָלן אויך זיין פיל אַנדערע פאַקולטעטן: פון אידישער וויסנשאַפט (אידיש און אידישע ליטעראַטור, תנ״ך, תלמוד, אידישע היסטאָריע, א. אַ. וו.), פון סאָציאָלאָגיע, נאַטור־וויסנשאַפט א. אַ. וו.

שוין צוליב דעם לערער־סעמינאַר אַליין מוז דער שול־פאַרבאַנד אויפ־געלעבט ווערן. אָן דעם שולן־פאַרבאַנד בלייבט דער לערער־סעמינאַר אייגנט־לעך אָן אַ בעל־הבית. אָן דעם שולן־פאַרבאַנד איז דער לערער־סעמינאַר נישט גאָר זיכער מיט זיין לעבן.

בכלל האָט דער קומענדיקער צוזאַמענפאָר אומגעהויער־גרויסע אויפגאַבן. מען קען אפשר זאָגן, אַז דער צוזאַמענפאָר דאַרף אַנטשיידן דעם שיקזאַל פון דער פאָלקשולן־באַוועגונג. עס האָבן זיך נעמלעך אָנגעקליבן און עס האָבן זיך צוגעשפּיצט אַזוי פיל פּראַקטישע און טעאָרעטישע פראַגן, וואָס אויב עס וועט אויף זיי ניט געגעבן ווערן קיין ענטפער, וועט די פאָלקשולן־באַוועגונג קוים קענען געדייען.

דער קומענדיקער שולן־צוזאַמענפאָר מוז, צום ביישפּיל, געבן אַ קלאָרע תשובה אויף דער פראַגע, וואָס זאָל זיין די באַציאונג פון די פאָלקשולן צו די אידישע אַרבעטער־רינג שולן.

די דאָזיקע פראַגע איז אַ זייער דרינגנדיקע. פון זינט דעם סיראַקיוזער צוזאַמענפאָר פון די פאָלקשולן האָט זיך דער אַרבעטער־רינג אָנגעהויבן פאַרנעמען מיט אידישער קינדער־דערציאונג. עס זיינען אין דער צייט אויס־געוואַקסן עטלעכע צענדליק אַרבעטער־רינג־שולן, ד. ה. נישט פיל וויניקער אײדער עס זיינען דאָ פאָלקשולן און די צאָל האַלט אין איין וואַקסן.

דאָס אַליין וואָלט נאַטירלעך געווען אַ דערשיינונג בלויז אַ דערפרייי־ענדיקע. זאָלן זיין וואָס מער שולן — בפרט אַז ביז גאָר נישט לאַנג האָט דער אַרבעטער־רינג פון קיין אידישער דערציאונג נישט געוואָלט וויסן. אָבער דער פאַקט איז, אַז צווישן די צוויי־ערליי סאָרטן שולן גייט אָן אַ קאָנקורענץ, ווייל אין פיל קלענערע ערטער איז פאַר צוויי שולן קיין פּלאַץ נישטאָ און

ווייל דער אַרבעטער־רינג שטרעבט גאַנץ אָפן די פאָלקשולן איינצושליסגען, אַזוי אַז אייניקע שולן און דווקא פון די עלטערע און בעסערע זיינען שוין אַריבער צום אַרבעטער־רינג (די פאָלקשול פון טאָראָנטאָ, די שלום עליכם פאָלקשול נומער 3 פון ניו־יאָרק, א. אַ. וו.).

אַפילו דאָס וואָלט קיין צרה נישט געווען, וואָרעם נאָך אַלעמען גייט דאָך עס נישט אין קיין יחוס ווער עס טוט די אַרבעט, אַבי זי ווערט געטאָן. אַנט־שטייט אָבער די גאַנץ ערנסטע פראַגע, צי קענען די גרינדער און טוער פון די אידישע פאָלקשולן, וואָס זיינען דורך און דורך נאַציאָנאַליסטן, צופרידן זיין מיט די אַרבעטער־רינג שולן, צי קענען זיי איבערלאָזן דאָס פעלד פון דער נייער אידישער דערציאונג צום אַרבעטער־רינג?

דער אַרבעטער־רינג, מיט זיינע אידישע שולן, טוט בלתי ספק נאַציאָנאַל־קולטורעלע אידישע אַרבעט, אָבער ער שטעלט דאָך נישט אויף קיין נאַציאָ־נאַלע פלאַטפאָרמע און דער נאַציאָנאַליזם וואָס איז פאַרקערפּערט אין זיינע שולן איז נישט קיין באַוואוסטזיניקער. אין די אַרבעטער־רינג שולן איז נישטאָ קיין באַוואוסטזיניקע באַמיאונג אָנצוהויכן אין דער שול אַ אידישע אַטמאָספערע. די אַרבעטער־רינג שולן אָנערקענען בלויז אייניקע אידישע ימים־טובים און זיי איגנאָרירן די העברעאישע שפּראַך און ליטעראַטור.

נישט קענענדיק געבן זייער גאַנצן הסכם צו די אַרבעטער־רינג שולן, הגם זיי באַגריסן דעם פאַקט פון זייער עקזיסטענץ, און ווייל צווישן די צווייערליי שולן גייט אָן אַ קאָנקורענץ און ווייל מאַטעריעל איז יענער צד זיכער נישט דער שוואַכערער, מוזן די אידישע פאָלקשולן־טוער זיך ערנסט פאַרטראַכטן מכח אַ שטעלונג צו די אידישע אַרבעטער־רינג שולן. איז דעריבער קלאָר, אַז דער פאַרשטייענדיקער צוזאַמענפאָר מוז אַזאַ שטעלונג פאָרמולירן.

און עס זיינען דאָ פיל אַנדערע וויכטיקע פּראַקטישע פראַגן.

אָט איז, למשל, די פראַגע וועגן אַ אידישן קינדער־גאָרטן. כאָטש אין די אידישע שולן־קרייזן רעדט מען שוין לאַנג וועגן דעם און עס האָבן זיך מיט דער פראַגע פאַרנומען אַ פּאָר שולן־צוזאַמענפאָרן, האָט די נייע אידישע דערציאונג קיין קינדער־גאָרטן אויף אידיש פאַקטיש נאָך נישט באַשאַפן. בשעת עס איז זייער קלאָר, אַז פאַר דעם דערפאָלג פון דער נייער אידישער דערציאונג, ווי בכלל פאַרן אידעאַל פון „דאָס אידישע קינד פאַרן אידישן פאָלק", איז אַ אידישער קינדער־גאָרטן די גרעסטע נויטיקייט.

אויך האָט די נייע אידישע דערציאונג נאָך נישט דערוואָרבן קיין איין אינדערפּריענדיקע שול, עס הייסט, קיין איין „פּאַראָקיעל סקול״ אויפן שטייגער פון די קאַטאָליקן און די אידישע אָרטאָדאָקסן. נאָך אַלץ מוז דאָס קינד פון די אידישע פאָלקשולן טיילן זיין טאָג צווישן דער פּאָבליק־סקול און דער אידישער שול, קומענדיק אין דער צווייטער ערשט נאָך דעם ווי עס האָט די מייסטע שטונדן און דעם גרעסטן טייל פון זיין ענערגיע אויסגעבראַכט אין דער אַמעריקאַנער שול. וואָס דורך דעם קומט אין האַרץ פון אידישן קינד פאַר דער אייביקער „ויתרוצצו״ פון צווי שולן און צוויי קולטורן.

די נייע אידישע דערציאונג איז אמת נאָך נישט בכוח צו שאַפן אַזעלכע גאַנצע אידיש־אַמעריקאַנישע שולן. אָבער זיכער איז פאַר איר נישט צו־פרי מכח דעם ענין זיך צו פאַרטראַכטן.

אַ חוץ פּראַקטישע פראַגן וועט דער שולן־צוזאַמענפאַר מוזן לייזן פיל טעאָרעטיש־פּעדאַגאָגישע פראַגן. עס איז, למשל, נישט קוקנדיק אויף נישט ווייניק מינדלעכע און שריפטלעכע דיסקוסיעס, נאָך אַלץ גענוי נישט פעסט־געשטעלט וואָס עס דאַרף זיין די באַציאונג פון דער נייער אידישער דער־ציאונג צו דער אידישער רעליגיע. כאָטש עס איז פאַר אַלעמען קלאָר, אַז די נייע אידישע שול שטייט לחלוטין נישט אויפן רעליגיעז־דאָגמאַטישן שטאַנדפּונקט, הייסט עס נאָך אַלעמען נישט, אַז זי דאַרף די אידישע רעליגיע איגנאָרירן. כאָטש עס איז גאַנץ קלאָר, פון שטאַנדפּונקט פון דער נייער דערציאונג, אַז דאָס אידישע קינד דאַרף נישט דערצויגן ווערן אין גייסט פון אמונה, הייסט עס אָבער נאָך נישט, אַפילו פון איר שטאַנדפּונקט, אַז דאָס אידישע קינד דאַרף מיט דער רעליגיע בלייבן אומבאַקאַנט. נישט קענענדיק די אידישע רעליגיע, ווי אַזוי זאָל דאָס קינד קענען דאָס אידישע לעבן? ווי אַזוי קען עס איינגעוועבט ווערן אין דער אידישער קולטור?

אויך זיינען נאָך נישט אינגאַנצן געלייזט די פראַגן וועגן די אידישע ימים־טובים אין דער אידישער פאָלקשול און וועגן דער ראָלע פון העברעאיש אין איר פּראָגראַם.

דער קומענדיקער שולן־צוזאַמענפאַר מוז זיין אַ גרויסער דערפאָלג. זיין באַזוך מוז זיין דער גרעסטער. קיין שול, וואָס שטייט אויפן נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלן שטאַנדפּונקט, קען זיך נישט פאַרגינען פון אים פון וויטן שטיין. די אידישע פאָלקשולן־באַוועגונג מוז ענג אָרגאַניזירט זיין. אַלע שולן מוזן

אַרבעטן האַרמאָניש און געמיינשאַפטלעך און אַלע פּריינט פון דער נייער אידישער דערציאונג מוזן זייערע כוחות צונויפגיסן צו איין צוועק.

וואָרעם מען טאָר זיך נישט נאַרן, כאָטש די פאָלקשולן־באַוועגונג איז שוין צען יאָר אַלט, האָט זי דאָך, נישט קוקנדיק אויף אַלע אירע אויפטו־אונגען, נאָך וועיט נישט דעראָבערט אַפילו קיין גרויסן טייל פון דעם אידישן דערציאונגס־פעלד. שוין מיט די אַרבעטער־רינג שולן גרייכט די נייע באַוועגונג נאָך ווייט נישט אַפילו קיין צען טויזנט קינדער. אי דאָס באַשטייט זייער גרויסע מאַיאָריטעט פון מיידלעך (ווייל דעם אינגל ציט דער דורכ־שניטלעכער איד, דאָ, פונקט ווי אין פוילן, נאָך אַלץ פאַר צו שיקן אין דער תלמוד־תורה). אי דאָס ענדיקן בלויז ווייניק קינדער דעם פולן קורס פון דער אידישער פאָלקשול.

ביי אַזאַ אייגנטלעך נישט זייער פריילעכער לאַגע איז זיכער קיין אָרט נישטאָ פאַר צעברעקלטקייט, פאַר זעלבסט־איינגעגלויבטקייט, פאַר איבער־נעמען זיך איינער איבער דעם צווייטן אין דער פאָלקשולן־באַוועגונג.

„די צייט״, דעם 31טן מערץ, 1921

# די אידישע פאָלקשול

די אידישע פאָלקשול איז, לכל הפחות שטרעבט זי צו זיין, בלויז דאָס וואָס איר נאָמען באַדייט — די אידישע פאָלקשול.

ביי די אומות העולם איז דער טיפ וואָס ווערט באַצייכנט מיטן נאָמען פאָלקשול אַזוי גוט באַקאַנט, אַז מען דאַרף צו אים קיין פירושים נישט. ביי אונז אידן איז אָבער די לאַגע אַ היפּש ביסל אַנדערש. קיין אמת־אידישע פאָלקשול, דאָס הייסט אַ וועלטלעכע שול פאַר די קינדער פון אידישן פאָלק, איז ביי אונז אייגנטלעך קיינמאָל נישט געווען. דאָס נאָענטסטע צו דער אידישער פאָלקשול, דער חדר און די תלמוד־תורה, זיינען געווען רעליגיעז אין זייער כאַראַקטער. פלאָנטערן זיך נאָך ביי אונז די באַגריפן, הערשט ביי אונז אַ צעמישעניש בנוגע דעם כאַראַקטער פון דער נייער אידישער שול.

די פאָלקשול, ווי געזאָגט, איז וועלטלעך. דערמיט טיילט זי זיך שאַרף אָפּ פון דער קריסטלעכער שול, וואָס איז, נאַטירלעך, רעליגיעז, דערמיט איז זי, אויפן פעלד פון דערציאונג, דער קענטיקסטער צייכן פון דעם מאָדערנעם אייראָפּעאישן לעבן, וואו ס׳גילט דער כלל פון אָפּטיילונג פון קירכע פון שטאַט. די פאָלקשול דערציט נישט דאָס קינד „צו גאָט" נאָר צום שטאַט, צו דער נאַציע. זי וויל מאַכן פון קינד נישט אַ זון אָדער אַ טאָכטער פון דער קירכע, נאָר אַ קינד פון אַ פאָלק. דער פונדאַמענט פון איר דערציאונג איז דעריבער נישט די רעליגיעזע, נאָר אַ געזונטער נאַציאָנאַליזם, אַ נאַטירלעכער פּאַטריאָטיזם.

אין פאָלקשול — און דער באַגריף פאָלקשול אידענטיפיצירט זיך אַם ענגסטן מיט דער עלעמענטאַרער שול — קריגט דאָס קינד, אמת, אויך זיינע ערשטע ידיעות אין דער נאַטור, אין די וויסנשאַפטן. דאָך דער הויפּט־צוועק איז צו דערציען דאָס קינד אַלס מענטש אויפן שויס פון זיין פאָלק. דעריבער ווערט אין דער פאָלקשול געשטעלט דער טראָפּ אויף אַזעלכע לימודים און אויף אַזאַ אַטמאָספער, וועלכע דאַרפן דאָס קינד לערנען און דערציען צו

זיין אַ גוט און געטריי קינד פון פאָלק אָדער שטאַט וואָס דערציט אים. די וויכטיקסטע לימודים אין דער פאָלקשול זיינען דעריבער די שפּראַך פון פאָלק, זיין ליטעראַטור, זיינע ריימען און געזאַנגען, זיין פאָלקלאָר, זיין היסטאָריע. און די אַטמאָספערע פון דער פאָלקשול איז דורכגעדרונגען מיט ליבשאַפט צו די העלדן פון דער נאַציע, מיט צאַרטער אַכטונג צו אירע טראַדיציעס.

אין געזונטע, נאָרמאַלע צייטן איז די פאָלקשול קיינמאָל נישט שאָוויניסטיש, אַפילו נישט נאַציאָנאַליסטיש, זי איז נאַציאָנאַל פון זיך אַליין, אויף אַ נאַטירלעכן אופן. איר נאַציאָנאַליזם איז פּונקט אַזוי נאַטירלעך און פּונקט אַזוי אומבאַמערקבאַר, ווי דער אָטעם, וואָס דאָס קינד אָטעמט, ווי די זון־שיין וואָס לייכט אַריין דורכן שול־פענסטער. דאָס באַוואוסטזיין פון נאַציאָנאַלער אָנגעהעריקייט וואַקסט ממילא מיטן וואַקסן פון קינד. ס'איז אין דער נאָרמאַלער פאָלקשול, אין נאָרמאַלע צייטן, נישטאָ קיין אָרט פאַר האַס צו אַנדערע פעלקער, פאַר שאָוויניסטישער איבערטריבענער נאַציאָנאַלער אייגנליבע, פאַר אַן אתה־בחרתנו־געפיל.

אונזער אידישער חדר און די תלמוד־תורה זיינען אַמאָל, שטרענג גערעדט נאָר ביזן סוף פון 18טן יאָרהונדערט, געווען זייער נאָענט צו אַ פאָלקשול. קיין אמתע פאָלקשול האָבן זיי, מחמת עטלעכע טעמים, דער עיקר אָבער מחמת זייער רעליגיעזיטעט, נישט געקענט זיין. דאָך האָבן זיי דערפילט דער פאָלקשולס פונקציע. דאָס אידישע לעבן איז געווען רעליגיעז, ד ו ר כ א ו י ס ר ע ל י ג י ע ז. איז צווישן דער דערציאונג פון חדר און תלמוד־תורה און דעם אידישן לעבן נישט געווען קיין סתירה. האָבן זיי דערצויגן דאָס קינד אין פולער טריישאַפט צום אידישן פאָלק, אין פולער גאַנצקייט מיט אים. צו דעם האָבן זיי דערצויגן דאָס קינד אויף דער ל ע ב ע־ד י ק ע ר א י ד י ש ע ר ש פּ ר אַ ך. צו דעם האָבן זיי דערצויגן דאָס קינד אין אַ סביבה, וואָס איז געווען די זעלבע ווי פון גאַנצן לעבעדיקן פאָלק, האָבן זיי אָנגעצויבערט אַרום קינד אַן אַטמאָספערע, וואָס איז געווען דורכגעווייקט מיט אידישער ווירקלעכקייט, דורכגעזאַפּט מיט אַ ביזן לעצטן טאָג זיך וועבנדיקער אידישער טראַדיציע.

אָבער אין נײַנצנטן יאָרהונדערט טרעט אַריין די גרויסע שפּאַלטונג אין אידישן לעבן. אַלערליי נייע אינטערעסן טרעטן אַריין אין אידישן לעבן: בירגערלעך־פּאָליטישע, רעליגיעז־ליבעראַלע, עסטעטישע. דער חדר און די

תלמוד־תורה בלייבן אָבער די זעלבע ווי פריער; אַנטשפּרעכן שוין מער נישט דאָס לעבן, איז דער פונדאַמענט פון זייער דערציאונג — די רעליגיע — שוין מער נישט קיין פעסטער.

און אין די גאָר נייסטע צייטן הערן דער חדר און די תלמוד־תורה שוין אויך אויף צו זיין לעבעדיק־אידיש. איר אידישע סביבה ווערט וואָס מער צעפאַלן, צערונען; איר צוזאַמענגעוואַקסנקייט מיטן אידישן לעבן ווערט אַלץ מער איינגעשרומפּן. די תלמוד־תורה ווערט שוין נישט געפירט אויף אידיש. דעם קינדס באַוואוסטזיין, אַז עס געהערט צו אַ לעבעדיקן אידישן פאָלק, צו אַ פאָלק, וואָס האָט געלעבט אויך דורך דעם גאַנצן לאַנגן גלות נאָכן חורבן און לעבט און שאַפט און ליידט און פרייט זיך און חלומט און בענקט און שטרעבט און קעמפט נאָך היינט צו טאָג פונקט אַזוי גוט ווי אימער — דאָס דאָזיקע באַוואוסטזיין ווערט אין היינטיקן חדר און תלמוד־תורה אַלץ מער אָפּגעטעמפּט, ביז עס בלייבט פון אים קוים אַ זכר. באַזונדערס איז אַזוי דער פאַל אין אַמעריקע, וואו די תלמוד־תורה ווערט געפירט אויף ענגליש, וואו די אידישע סביבה ווערט אַזוי אומברחמנותדיק אָפּגעמעקט, וואו דאָס אידיש־טראַדיציאָנעלע לעבן ווערט אַזוי פאַרוואָכעדיקט, אַזוי פאַרקאַריקאַטורירט.

איינזעענדיק דאָס אַלץ און איינזעענדיק, נאָך מער, די שטאַרק־אַסימילירנדיקע ווירקונג פון דער שאָוויניסטישער, דערציעריש־אימפּעריאַליסטישער אַמעריקאַנער פאָלקשול (וועלכע וואָלט אין בעסטן פאַל נאָר געקענט זיין די אמתע פאָלקשול פאַר קינדער פון אַנגלאָ־זאַקסישע עלטערן) האָבן די טוער פון דער נייער אידישער דערציאונג דאָ פאַר ניין אָדער צען יאָרן אָנגעהויבן גרינדן די אידישע פאָלקשול.

און די אידישע פאָלקשול, ווי זיי האָבן זי געגרינדעט, אַזוי איז זי אויך געבליבן ביז איצט, אַזוי איז זי זיך אויך צעוואַקסן.

אַרום הונדערט שולן אַזעלכע געפינען זיך איצט אין די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע. אָבער אין זיי אַלע, סיי זיי ווערן געפירט פון פועלי ציון און מיטגלידער פון אידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד, און סיי פון מיטגלידער פון אַרבעטער רינג, גילט אין תוך, דאָס זעלבע פּראָגראַם. אַ קליינער אונטערשיד איז דאָ נאָר בנוגע צו העברעאיש, וואָס אין אַ צאָל שולן הויבט זיך זיין לימוד אָן שפּעטער. אָבער עס איז קוים דאָ אַ שול, געפירט פון די אויסגעשפּראָכן־נאַציאָנאַלע עלעמענטן, וואו קיין העברעאיש זאָל גאָר איינ־

גאַנצן נישט געלערנט ווערן. און אַפילו די אַר. רינג שולן זיינען נישט קעגן העברעאיש; פאַרקערט, אין אייניקע פון זיי הערשט די מיינונג, אַז העברעאיש דאַרף געלערנט ווערן. אמת, די אַר. רינג שולן באַשטייען אויף דעם, אַז זיי זיינען נישט נאַציאָנאַל, דאָך דאָס זיינען בלויז ווערטער. פּראָפּאַגאַנדיסטיש־נאַציאָנאַל זיינען אויך נישט די שולן פון די אויסגעשפּראָכענע נאַציאָנאַליסטן און נאַטירלעך נאַציאָנאַל, אין דעם זין ווי איך האָב עס אויבן דערקלערט, מוז דאָך אומפאַרמיידלעך אויך זיין די אַר. רינג שול. לערנענדיק דאָס קינד אידיש, די אידישע ליטעראַטור, דעם אידישן פאָלקלאָר, אידישע לידער און היסטאָריע, און דערקלערנדיק אים די באַדייטונג פון די אידישע נאַציאָנאַלע ימים־טובים און פייערנדיק די דאָזיקע ימים־טובים אין דער שול, און האַלטנדיק אַרום דעם קינד אַ אידישע אַטמאָספערע, מוז דאָך די אַר. רינג שול אויך אָנפילן דאָס קינד מיט אַ אידישן באַוואוסטזיין.

דאָס איז דער תוך פון דער אַמעריקאַנער אידישער פאָלקשול אין אַלע אירע אָפּצווייגונגען — אויב מען קען איבערהויפּט די דאָזיקע קליינע אונטערשיידן אַזוי אָנרופן. איין זאַך איז יעדנפאַלס קלאָר, אַז די שול איז זייער, זייער ווייט פון שאָוויניזם אָדער ענגען נאַציאָנאַליזם. זי שטרעבט נאָר צו ווערן אַ אידישע פאָלקשול אין דעם ליכטיקסטן, געזינטסטן זין פון וואָרט. איר אידעאַל איז אַ פאָלקשול ענלעך צו דער וואָס ווערט געפירט פון די בעסטע דערציער, פון פאַרגעשריטענסטע פאָלקס־טרייע עלעמענטן ביי די אומות העולם.

נישט זייענדיק שאָוויניסטיש אָדער ענג־נאַציאָנאַליסטיש, פאַלט דער אידישער פאָלקשול אַפילו נישט איין צו שאַפן מיסטרויען צווישן אידישן קינד און ניט־אידישן, אָדער אויסאַרבעטן פון אידישן קינד אַ באַזונדערע, וועלט־און־מענטשן פרעמדע בריאה. דאָס וואָלט געווען גאַנץ להיפּוך דעם פרייען, מענטשן־ליבענדיקן, מונטערן, לעבנס־פריידיקן כאַראַקטער פון דער שול. עס איז אמת, אַז דער אידעאַל פון די פירער פון דער פאָלקשול אין אַמעריקע איז אַ זעלבסטשטענדיקע אידישע שול, אַ שול וואו דאָס קינד זאָל פאַרברענגען דעם גאַנצן טאָג, וועלכע זאָל פאַרן קינד פאַרבייטן די אַמעריקאַנישע פּאָבליק סקול, דערמיט וואָס דאָס קינד וועט דאָ, אונטער איין דאַך, קריגן אי זיין וועלטלעך־אַמעריקאַנישע, אי זיין אידישע דערציאונג. אָבער די דאָזיקע שטרעבונג שטאַמט לחלוטין נישט פון וועלכן עס איז פאַרלאַנג דאָס אידישע קינד אָפּצוטיילן פון ניט־אידישן, נאָר צו מאַכן

זיין אידישע דערציאונג וואָסווירקזאַמער און אָפּצושאַפן די אייביקע סתירה, דעם שטענדיקן „ויתרוצצו״, צווישן דער אידישער פּאָלקשול און דער אַמע־ריקאַנישער.

די פראַגע פון דעם „ענגלישן אַקצענט״, פאַר וועלכן געוויסע שריפט־שטעלער זאָרגן אַזוי צאַרט, וועט, האָפענטלעך, קיינעם, אויסער יענע שריפט־שטעלער, נישט באַאומרואיקן. אָנגענומען, אַז עס איז טאַקע דאָ אַזאַ זאַך ווי אַ באַשטימטער ענגלישער אַקצענט (מען דאַרף זיך נאָר דערמאָנען אויפן ענגליש וואָס מען רעדט אין ענגלאַנד און אין אַמעריקע, אין אינדיע און אין אויסטראַליע, אין אירלאַנד און אין וויילס, אין דער נאָרד און אין דער סאָוט אין אַמעריקע, א. אַ. וו.), איז פון וואַנען נעמען זיך עס יענע משגיחים אויף כשרות אין ענגלישער אויסשפּראַך, אַז דורך קענען נאָך אַ לשון מוז גאָר דער ענגלישער לשון פאַרדאָרבן ווערן? און זאָלן מיר אָננעמען זייער מאָסשטאָב, דאַן דאַרף דער אידעאַל פון דער אַמעריקאַנער דערציאונג זיין די אַלטע גראָביונגישע עם־הארצות פון די דריי אַרס: Reading, Riting, Rithmetic.

דער אידעאַל פון די טוער פון דער אידישער פּאָלקשול איז אַן אייגענע, אַ זעלבסטשטענדיקע, אַ גאַנץ־טאָגיקע אידישע־אַמעריקאַנישע פּאָלקשול, וואו נישט נאָר די אידישע, נאָר אויך די אַלגעמיינע דערציאונג פון קינד, אַפילו זיין ענגלישע קענטשאַפט זאָל פאַרבעסערט ווערן.

אָבער — וועט מען פרעגן — אַן אייגענע אידישע פּאָלקשול, וואָס זאָל פאַרבייטן די אַמעריקאַנער פּאָלקשול הייסט דאָך אידישע אָפּזונדערונג, הייסט דאָך אַ שטאַט אין אַ שטאַט, א. אַ. וו.?

ניין, הויבט זיך אַפילו נישט אָן. עס הייסט נאָר אַן אָנהויב פון אידישער קולטורעל־נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע. און דאָס וואָס איז כשר געווען אין עסטרייך, און איז כשר אין פּוילן, רומעניען א. אַ. וו., איז אויך כשר אין אַמעריקע. און פריער־שפּעטער וועלן טאַקע די אידן פאַר דעם מוזן אָנפאַנגען אַ קאַמף דאָ אין אַמעריקע פּונקט ווי זיי האָבן עס געטאָן און טוען עס אין אייראָפּע.

„די צייט״, דעם 14טן פעברואַר, 1920

# דער פאַרבאַנד און די פאָלקשולן — אַ ניט צעשיידבאַרער צווילינג

באַמט אָוועק פון אידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד זיין טעטיקייט אויפן פעלד פון אידישער דערציאונג און די פאָר טעטיקייטן זיינע, וואָס זיינען ענ־לעך צו דער דאָזיקער און ער ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ קליינעם, אָרעמען, מגושם־נשמהלאָזן לאָדזש. און, פון דער אַנדער זייט, ווילט איר וויסן פאַרוואָס צייטנווייז רירט זיך דער פאַרבאַנד נישט פון פלעק און פאַרוואָס אין די בעסטע צייטן וואַקסט ער אַזוי פּאַוואָליע, פאַרוואָס, למשל, מיר שטרענגען זיך אַזוי לאַנג אָן צו דערגרייכן די צאָל פון צען טויזנט הברים און מיר האָבן זי דערווײלע נאָך אַלץ נישט דערגרייכט — דאַן באַטראַכט נאָר די שולן־טעטיקייט פון אונזער אָרדן, זעט ווי קליין זי איז. וואָרעם פאַרוואָס זאָל די אידישע אַרבעטער־אינטעליגענץ לויפן צו אונז, ווען דאָס וויכטיקסטע וואָס מיר האָבן זיך אונטערגענומען צו טאָן — טוען מיר נישט?

אונזער אָרדן האָט דאָ ממש געבראָכן זיין וואָרט, בפירוש נישט געצאָלט זיינע וועקסלען. האָט דען נישט דער פאַרבאַנד, באַלד נאָך זיין געבורט, אַרויס־געזעגלט אונטער דער פאָן פון די אידישע פאָלקשולן? זיינען די שולן נישט געווען דער שפּיגל פון זיין פּראָגראַם אויף דער גרינדונג־קאָנווענשאָן אין אָלבאַני? איז דען די „נייע אידישע דערציאונג" נישט געווען דאָס גרויסע נייע וואָרט, וואָס מיר האָבן אַרויסגעזאָגט דער אידישער עפנטלעכקייט אויף דער גרויסער מאַסנפאַרזאַמלונג פון דער דאָזיקער קאָנווענשאָן — דאָס וואָרט, וואָס האָט די מאַסן באַגייסטערט?

בלויז די ערשטע עטלעכע יאָר האָט אונזער אָרדן מיט חשק, מיט ברען געאַרבעט אויפן געביט פון אידישער דערציאונג, הגם אויך דאַן איז די אַרבעט געווען מער אַ „סטיכישע", מער אַן אַרבעט פון די ברענטשעס אויף די ערטער איידער פון צענטער. נאָר ווי עס זאָל נישט זיין — דעמאָלט האָט די אַרבעט געברענט, און עס זיינען טאַקע אין אַ גאַנץ קורצער צייט געגרינדעט געוואָרן שולן, ווייט און נאָענט און עס האָט טאַקע אויסגעזען, אַז אָט־אָט

פאַרשפּרייטן מיר איבערן לאַנד אַ גאַנצע נעץ מיט שולן. אָבער וואָס איז פון דער דאָזיקער שפע געוואָרן? איז דען נישט אמת, אַז זייט די לעצטע פינף יאָר אומגעפער איז אין אונזער שול־טעטיקייט גאָר אַ ירידה אַנשטאָט אַן עליה? איז דען נישט דאָס יאָר 1920 אַ שאַנד־תקופה אין דער געשיכטע פון די ניו־יאָרקער ברענטשעס דערמיט, וואָס אין יענעם יאָר איז אונזער דאַון־טאַונער פאָלקשול — אונזער ערשטע און נשמה׳דיקסטע שול — צוגע־מאַכט געוואָרן און עד היום נאָך נישט צוריקגעעפנט געוואָרן. מער ווי וועמען עס איז באַשולדיק איך אין דער ירידה פון אונזער שול־טעטיקייט אונזער צענטראַלע לייטונג. זי האָט נישט געהאַט גענוג מוט צו סטימולירן ווי געהעריק איז די שול־טעטיקייט פון אָרדן אויף זיינע קאָנווענשאַנס.

אָנגעהויבן האָט זיך אונזער פאַרבאַנד ווי אַן אידעאַליסטישער, נאַציאָנאַל־קולטורעלער אָרדן. אמת, ער האָט אויך געהאַט זיינע פּראַקטישע צוועקן פון קעגנזייטיקער הילף — אָבער לכתחילה האָבן זיי ביי אונז גאָר אַ קנאַפּן אָרט פאַרנומען. נאָר זייט די לעצטע עטלעכע יאָר איז ביי אונז — „ויחל נח״, ווי דער מדרש מאַכט, נח איז וואָכעדיק געוואָרן און האָט זיך גענומען פלאַנצן ווייגערטנער. אַזוי פיל צייט ווערט אויף אונזערע קאָנווענשאַנס אָפּגעגעבן דעם קראַנקן־בענעפיט, די לייק־קאַסעס, די טשאַרטערס מיט די לעגאַליזאַציעס אין פאַרשידענע ערטער און אַזוי ווייניק צייט ווערט אַוועקגעגעבן דער קולטור־אַרבעט; דער שולן־אַרבעט בפרט ווערט געשענקט קוים מער ווי אַ פאַרביי־לויפנדיקע רעזאָלוציע. אין בעסטן פאַל פאַרנעמען זיך אונזערע קאָנווענשאַנס מיט לייכטע, פאַראיבערגייענדיקע קולטורעלע און נאַציאָנאַלע אַרבעטן; אַזאַ אַרבעט איז געווען די דורכפירונג פון די ווינטערדיקע קאָנצערטן, וואָס האָבן זיך פון זיך אַליין באַצאָלט; אַזאַ אַרבעט זיינען געווען די זאַמלונגען פאַר אַרץ־ישראל, וואָס האָבן געדינט אַ געוויסן באַשטימטן צוועק, וואָס אַזוי שנעל ווי ער ווערט דערגרייכט, מעג מען די הענט ווידער פאַרמאַכן און זיי ווידער לאָזן רוען אין שויס. מען האָט אָבער אויסגעמיטן די שול־אַרבעט, וואָס איז אַן אַרבעט אַ טאָג־טעגלעכע, אַ פּלאַם, וואָס מוז כסדר געשפּייזט ווערן, אַז נישט ווערט ער אויסגעלאָשן, אַ הייליק פייער, וואָס מוז געהיט און געפלעגט ווערן מיט נישט־אָפּגעקילטער, אמת פּריסטערלעכער געדולד, מיט דעם עקשנותדיקן אויסדויער פון דעם פאַרהאַרטעוועטן וועטעראַן.

אונזער פאַרבאַנד — אויף די קאָנווענשאַנס בצבור, אין די ברענטשעס ביחידות — ווערט „פּראַקטיש״ די לעצטע צייט. און דאָ האָט איר דעם

סימן — די ליי־קאַסעס פרוכפּערן און מערן זיך און די שולן ווערן איינגע־דאַרט און איינגעקוואַרט. אַרום די ליי־קאַסעס אַ האָוועניש ווי אין אַ בינ־שטאָק; אַרום די שולן טויט ווי אויף אַ בית־עלמין; אָפּטמאָל איז דער „ווי" טאָקע איבעריק, ווייל עס איז אַ בית־עלמין, וואָרעם פון קיין שול איז גאָר קיין סימן נישטאָ. דאָס זיינען די צוויי פאַלן פון אונזער פאַרבאַנד־לעבן, איינער — די קאַסעס, וועלכע זיינען אין בעסטן פאַל נישט מער ווי אַ פּשוט קרעמעריש, קעגנזייטיק גמילת חסדים און וואו פון דעם פּראָפיט טוט מען אַ קליין ביסעלע, אַ מיעוט שבמיעוט צדקה פאַר געוויסע צוועקן, וואָס זיינען סימפּאַטיש דעם פאַרבאַנד, און דער צווייטער פאַל — די שולן, און דאָ איז נול.

ניין, איך האָב נישט געהערט, אַז די טאָן־געבער פון פאַרבאַנד זאָלן אויף די קאָנווענשאָנס פּראָטעסטירן קעגן אַזאַ טענדענץ, אַז זיי זאָלן זיך אַפילו קעגן איר כעסן. ניין, ווערליק מיר דאַכט, האַלטן זיי זיך גאָר גלייך ווי דאָס וואָלט זיי נישט געאַרט.

אמת, אין די רייען פון פאַרבאַנד זיינען דאָ אַזעלכע מענטשן, וואָס אינטערעסירן זיך נישט מיט די שולן, פאַר וועמען די גאַנצע קולטורעלע און נאַציאָנאַלע טעטיקייט איז אַן אָנשיקעניש. אָבער איך פרעג באמתן — אויף וואָס דאַרפן מיר דעם דאָזיקן עלעמענט אין אונזערע רייען? אַט דאָס איז ער דאָך, דער אַלטער ערב־רב, וואָס יאָמערט כסדר וועגן ציבעלעס מיט קנאָבל און שלעפּט און שטופּט צוריק קיין מצרים! אויך ווען מיר וועלן שוין ווערן אַ גרויסער אָרדן, וואו אַזעלכע מענטשן וועלן זיין אין דער מאַיאָריטעט, צי וועט עס ערשט נישט זיין קיין קאַטאַסטראָפע? וואָרעם צי וועט נישט אַזאַ ליימיקע מאַיאָריטעט דערטרינקען אונזער נשמה? פאַרדישען אונזער לעצטן פונק? און צי ליגט נישט אין דער פּשרה־מאַכעריי מיט דעם דאָזיקן עלעמענט דער סם פון אונזער אונטערגאַנג? וואָרעם, וואָס איז דער פאַרבאַנד אָן זיינע גייסטיקע, נאַציאָנאַל־קולטורעלע אידעאַלן. אָן זיי, ווער דאַרף אים? קנאָפּ אָרדנס זיינען דאָ אויף דער אידישער גאַס? אַ חוץ דער קליינמוטיקייט און קליינגייסטיקייט פון די טאָן־געבער פון אונזער פאַרבאַנד אויף די קאָנווענ־שאָנס, וואָס דאָס איז איין סיבה פון דער ירידה פון אונזער שול־טעטיקייט, איז דאָ נאָך אַ צווייטע סיבה: די טאָן־געבער שטייען נישט אין צו־ענגען קאָנטאַקט מיט די ברענטשעס; ממילא שטייען זיי נישט אויף דער וואך און

דערמאָנען נישט און טרייבן נישט די ברענטשעס צו טאָן אָט די שולן־אַרבעט וואָס זיי קענען און מוזן טאָן.

אַזעלכע פּונקטן זיינען דאָ פּיל. זיי קענען האָבן שולן, אָבער איבער זייער פּוילקייט האָבן זיי נישט. נאָך מער, אין אייניקע ערטער האָבן אַזעלכע ברענ־טשעס אַן אוצר מיט פרייער, נישט־אויסגענוצטער ענערגיע אין דער פאָרמע פון די פּרויען־קלובן; אָבער די דאָזיקע ענערגיע ווערט נישט אַרויסגעלאָזט און, ווי אימער, ווערט די דאָזיקע דרימלענדיקע ענערגיע פאַרוואַנדלט אין אַ קללה. די פּרויען־קלובן וואָלטן געקענט פּיל אויפטאָן, ווען מען זאָל זיי געבן אַרבעט, און וועלכע אַרבעט איז נאָך אַזוי אַנגעמאָסטן — איז נאָך אַזוי אין איינקלאַנג מיט דער נשמה פון אַ פּרויען־קלוב? דאָך זיינען אַפילו אין אַזעלכע ערטער, וואו עס זיינען דאָ פּרויען־קלובן, קיין שולן נישטאָ.

נייַן, איך זויג נישט פון פינגער. איך בין די לעצטע עטלעכע יאָר פּיל אַרומגעפאָרן איבערן לאַנד און זיך גוט צוגעקוקט צו אונזער פאַרבאַנדס־לעבן. און אָט ווייז איך אָן:

אין סט. לואיס איז דאָ אַ ריזיקע אידישע קהילה, די פערטע צי די פינפטע אין לאַנד. עס איז דאָ אַ גרויסער לייבאָר לייסעאום; עס איז דאָ אַ וועכנטלעכע אידישע צייטונג, וואָס האַלט זיך פריינטלעך צו די פּועלי ציון; עס איז מייסטנטיילס דאָ אַ אידיש טעאַטער; עס איז דאָ אַ דראַמאַטישער פאַראיין. אַקעגן־זשע איז די אָרטאָדאָקסיע שטאַרק דעגענערירט; פון דער שטאַטישער תלמוד־תורה הערט מען קוים. פאַרבאַנד־ברענטשעס זיינען דאָ צוויי, אַן אַלטער און אַ יונגער (פון צעירי ציון); דער אַלטער ברענטש האָט אַ לייַ־קאַסע, וואָס טוט גרויסע געשעפטן און גיט גרויסע דיווידענדן. נאָר פון קיין פאָלקשול רעדט מען אין סט. לואיס נישט.

אָמאַהאַ, נעבראַסקאַ, איז אַ וואוילע, כאָטש אַ קליינע אידישע שטאָט. פאַראַן אַ געזונטער פּועלי ציון־פאַראיין, אַ סאָלידער פאַרבאַנד־ברענטש, אַ ליטעראַריש־קולטורעלער פאַראיין. פאַראַן צוויי תלמוד־תורות — איינע אין שטאָט און נאָך איינע אין אַ פאָרשטאָט — נאָר ביידע שטייען נישט אויף קיין באַזונדערער הויך: די פירערשאַפט איז נישט ווייניק אַלטמאָדיש. די גרינגסטע זאַך וואָלט דאָ געווען צו גרינדן אַ פאָלקשול, בפרט, אַז עס איז דאָ, בנוגע דעם מענטשן־מאַטעריאַל, אַן אויסגעצייכנטער פּרויען־קלוב פון פאַרבאַנד און אַלע תלמוד־תורה לערער זיינען אונזערע חברים. אָבער קיין שול ווערט נישט געגרינדעט און די צענטראַלע לייטונג פון פאַרבאַנד טרייבט דעם אָמאַהאַר

ברענטש צו אַזאַ אַרבעט נישט. אַז איך האָב דעם זומער באַזוכט אָמאַהאַ, האָב איך אין די לייטנדיקע גייסטער פון פּרויען־קלוב שוין דערשפּירט די סימנים פון דער קראַנקייט פון אומטעטיקייט — סימנים וואָס ווען זיי אַנט־וויקלען זיך, שמעקן זיי מיט אונטערגאַנג. איז דאָס אַ צופאַל? ניין. איך זע צווישן די צוויי זאַכן אַ נאַטירלעכן המשך.

אָט איז די טייערע שטאָט באַפאַלאָ. אַ בליענדיקער פּועלי ציון־פאַראיין, אַ גרויסער פאַרבאַנד־ברענטש (אויך מיט אַ ליי־קאַסע, וואָס שוויבלט און גריבלט), אויך אַ פּרויען־פאַראיין, וואָס סיי מיט זיין טעטיקייט און סיי מיט דער אינטעליגענץ פון זיינע חברות, מעג זיך רעכענען פאַרן בעסטן אין לאַנד. און עס ליגט ביים פּרויען־פאַראיין אַ סומע פון אַ פּאָר הונדערט דאָלאַר אין דער קאַסע... נאָר קיין פאָלקשול איז אין באַפאַלאָ נאָך אַלץ נישטאָ. און די צענטראַלע לייטונג טוט גאָרנישט, אום די עפענונג פון אַ שולע דאָרט צו סטימולירן.

אין מילוואָקי האָבן די חברים פון פאַרבאַנד מיט די פּועלי ציון אַ פרייע סומע געלט פון אומגעפער צוויי טויזנט דאָלאַר. דער ברענטש איז היפּשלעך גרויס; אין זיין ליי־קאַסע איז יעדן מאָנטיק־נאַכט פיל און פול. נאָר קיין פאָלקשול (אַמאָל, אַמאָל איז געווען אַ שבת־און־זונטיק שול) איז נישטאָ; אַן אַרבעטער־רינג שול, וואו „אונזערע מענטשן" און אַפילו העברעער זיינען די לערער, איז פאַראַן, נאָר וועגן אַ פאָלקשול רעדט מען נאָר, אי דאָס צו־ביסלעך, אי דאָס זייער שלעפעריק. און אונזער מילוואָקער פּרויען־קלוב האָט נישט וואָס צו טאָן. ווי איך האָב מורא, צאַנקט ער מחמת זיין אומטעטיקייט.

און אין שיקאַגאָ, וואו עס זיינען דאָ דריי, צי פיר פאַרבאַנד־ברענטשעס און אומגעפער אַזוי פיל פּועלי ציון־פאַראיינען און וואו איין ברענטש מינ־דעסטנס, דער שלום עליכם־ברענטש, איז גרויס און שטאַרק און האָט געשאַפן אַ סומע פון צען טויזנט דאָלאַר אויף צו גרינדן אַ קאָלאָניע (קעמפּ) הינטערן שטאָט — אין שיקאַגאָ האָט אונזער גאַנצע משפחה איין שול, וואָס איז אי קליין, אי שווינדזיכטיק, אי איבערהויפּט שלעפּט זי זיך ווי אַ שיף אָן אַ רודער.

דאַרף איך נאָך אַמאָל דערמאָנען די שאַנדע פון דאַון־טאַון ניו־יאָרק, וואָס מוז יעדן אויפריכטיקן ניו־יאָרקער חבר ברענען אין האַרצן? עס איז מיר אמת פיינלעך דאָס מיטצוטיילן, אָבער עס איז אַ זאַך, וואָס אונזערע חברים דאַרפן וויסן: אין אירע לעצטע יאָרן האָט די דאַון־טאַונער שול מאַטעריעל געפירט אַ יאָמערלעכע, אַ מיזעראַבעלע עקזיסטענץ. פונדעסטוועגן, כל זמן

דער שרייבער פון אַט די שורות איז נישט אָפּגעטראָטן פון ניו־יאָרק, האָט די שול נאָך אַלץ פונקציאָנירט. אָבער ווי נאָר דער איצטיקער כראָניקער איז, אין יאָר 1920, אַוועק פון ניו־יאָרק, אויף אַ טור צוליב דער „צייט", האָבן די פּאָר מענטשן, וואָס זיינען געבליבן אַרום דער שול, גענומען און זי צוגע־מאַכט!

און אַזוי פירט זיך שוין אין אונזערע קרייזן — ביי אונז, אַז מען מאַכט צו, איז צוגעמאַכט!

האָט מען שוין וועגן דעם גערעדט אויף זיצונגען פון צ. ק. פּועלי ציון, פון דער עקזעקוטיווע פון פאַרבאַנד, און מען האָט שוין געהאַט אויסגעקליבן קאָמיטעס, נאָר דאָס זיינען אַלץ געווען אַפּילס. די אַרבעט איז ממש צעקראָכן געוואָרן.

און קיין שול איז אַלץ נישטאָ, אין דער צייט, וואָס עס זיינען צוגעקומען אַזוי פיל ברענטשעס דאַון־טאַון, אין דער צייט, וואָס דער איין באָראָכאָוו־ברענטש — איין ברענטש — וואָס איז אַלע מאָל געווען אַ באַשיצער פון דער דאַון־טאַונער שול, פלאַקערט גאָר איצט אַ וועלט און האָט אויף אַלץ צייט און כוחות, נאָר אויף צוריק עפענען די דאַון־טאַונער שול האָט ער גאָרנישט.

און דאָס אַלץ, האָבנדיק פאַר זיך דעם זעלטענעם אויפמונטערנדיקן ביישפּיל פון דער האַרלעמער שול, וואָס איז געעפנט געוואָרן אינגאַנצן דורך דער איניציאַטיוו פון אַ פּאָר מענטשן, מיט דער הילף פון דעם ווייט נישט גרויסן האַרלעמער ברענטש, דאָך לעבט זי, די האַרלעמער שול, און געדייעט און איז געזונט און שטאַרק מאָראַליש און פינאַנציעל.

***

צו דער ביטערער ירידה, צו דער שטילער אַפּאַטיע פון אונזער פאַרבאַנד, בנוגע די שולן, מוז שנעל געמאַכט ווערן אַ סוף. די בעפאָרשטייענדיקע קאָנווענשאָן מוז פאַר אונזער אומטעטיקייט אויפן פעלד פון אידישער דער־ציאונג זיך דעם גרויסן על חטא שלאָגן.

איצט ווי אַמאָל איז די שולן־אַרבעט די ערשטע און די גרעסטע פאַרן פאַרבאַנד. ער מוז זי טאָן, אויב ער וויל לעבן, אויב ער וויל האָבן צ ו ל י ב וואָס צו לעבן. טוט ער זי נישט — איז ער איבעריק, דאַרף ער גיין אין דעם וועג פון אַלץ, וואָס איז וויסט און ליידיק — אין וועג צום קבר.

„די אידישע אַרבייטער שטימע", אַפּריל, 1924

# אונזערע דערציאונגס־פּראָבלעמען

(רעפעראַט געהאַלטן זונטיק דעם 1טן יוני, 1925, אויפן שולן־צוזאַמענפאַר
פון א. נ. א. פּ. אין ראָטשעסטער)

יעדע לעבעדיקע באַוועגונג מוז פון צייט צו צייט זיך אַליין רעווידירן. דער גרונט פאַר דער רעוויזיע קוועלט אָן פון לעבן אַליין.

אויך אין די באַגרינדונגען ווי אין דער פּראָגראַם פון אונזער מאָדערנער אָדער נאַציאָנאַלער־ראַדיקאַלער אידישער דערציאונג איז שוין צייט צו מאַכן געוויסע רעוויזיעס. אָן אמת וואָס איז אַלט צוואַנציק יאָר, זאָגט הענריק איבסען דורך זיין העלד דר. שטאָקמאַן, איז שוין מער קיין אמת נישט. און דער אמת פון דער נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלער דערציאונג, וואָס ווערט איצט פופצן יאָר אַלט, קען אויך נישט זיין היינט גענוי דער זעלביקער וואָס אין אָנהויב.

אין 1910, ווען מיר האָבן צוערשט פּראָקלאַמירט אונזער אידייע, האָבן מיר באַזונדערס שטאַרק געשטעלט דעם טראָפּ אויף דער נישט־רעליגיעזיטעט פון אונזער נייער דערציאונג. מיר זיינען דעמאָלט אַלע געווען אַזוי שטאַרק ראַדיקאַל. די גאַנצע נייע אידישע גאַס איז געווען שטאַרק ראַדיקאַל. זיינען מיר, פּראָקלאַמירנדיק אונזער נייע דערציאונג, געווען אין איין ציטערניש, טאָמער וועט מען אונזערע שולן פאַרמישן מיטן חדר און דער תלמוד־תורה און אונז אַליין מיט די רעליגיעזע עלעמנטן.

אָבער זייט דעמאָלט האָט זיך די לאַגע פיל געענדערט. און אויך אין אונזער נייער דערציאונג קומט אין דער הינזיכט פאַר אַן ענדערונג — פון זיך אַליין. האָבן מיר דאָך שוין אויף דעם סיראַקיוזער שולן־צוזאַמענפאַר, מיט אַ יאָר זעקס־זיבן צוריק, אַראָפּגענומען פון אונזערע שולן דעם נאָמען ראַדיקאַל.

דער ענין רעליגיע שרעקט אונז שוין היינט נישט מער. מיר זעען שוין מער נישט אין דער רעליגיע אַלדאָס בייז, ווי עס פלעגט אַמאָל זען די ראַדיקאַלע אידישע גאַס. און מיר דאַרפן היינט אַנדערש מאָטיווירן אונזער

קעגנגערשאָפּט צו דער תלמוד־תורה. נישט ווייל די תלמוד־תורה איז רע־ליגיעז, זיינען מיר קעגן איר. דאָס איז ווייט, ווייט נישט דאָס וויכטיקסטע וואָס מיר האָבן קעגן איר אויסצוזעצן.

איך גיי ווייטער, איך זאָג, דאָס אַ באַקאַנטשאַפט מיט דער אידישער רעליגיע איז נויטיק פאַר אַ אידיש קינד. איז נויטיק פאַר אַ פּולער, אַלזייטיקער אידישער דערציאונג. דעריבער איז נויטיק, אַז מיר זאָלן געפינען אַ וועג ווי אַזוי אונזערע קינדער מיט דער אידישער רעליגיע צו באַקענען. מיר דאַרפן אין אונזערע קינדער נישט איינפלאַנצן קיין רעליגיעזן גלויבן, מיר דאַרפן זיי נישט מאַכן פאַר גלויביקע. מיר דאַרפן זיי אָבער געבן די מעגלעכקייט צו פאַרשטיין דאָס אידיש־רעליגיעזע לעבן, צו פאַרשטיין אַלע אידן, צו פאַרשטיין אויך די, וואָס זיינען געבליבן ביים גלויבן. זאָל אונז דאָ אַלס מאָטאָ דינען דער עפּיגראַם, וועלכן אַרטור שניצלער לייגט אַריין אין מויל פון זיין הויפּט־העלד „פּראָפּעסאָר בערנאַרדי". אין זיין וויכוח מיטן קאַטוילישן פּריסטער, זאָגט ער, דער פּולקאָמסטער טיפּ פון אַ ליבעראַל, אַזוי:

„אונזער אויפגאַבע איז צו פאַרשטיין אויך די וואָס קענען אונז נישט פאַרשטיין".

און אַ חוץ דעם אַלעמען איז בכלל נויטיק צו פאַנאַנדערטיילן צווישן פרומקייט, גלויביקייט, רעליגיעזע דאָגמען און רעליגיעזע שטימונגען. זיי, די רעליגיעזע שטימונגען, מאַכן נאָך אונז נישט פאַר קיין גלויביקע. רעליגיעזע שטימונג — דאָס איז, אַזוי צו זאָגן, אַ טרער אין אַ כוס פון אונזער לעבן. זי צינדט אין אונז אָן אַ געוויסע לעבנס־פייערלעכקייט. זי שטעלט אונז אַוועק אין אַ העכערער באַציאונג צו וועלט און זאַכן. זי גיט אונז אַריין דעם זין פון אַ העכערער פאַראַנטוואָרטלעכקייט.

דאָס איז עפּעס גאַנץ אַנדערש פון רעליגיע, פון גלויבן, פון דאָגמאַ.

מען דערציילט פון טאָלסטאָין, אַז ער האָט געהאַט אַ „סידור" אין וועלכן ער פלעגט יעדן פרימאָרגן „דאַווענען". אָבער וואָס פאַר אַ סידור, וואָס פאַר אַ דאַווענען איז עס געווען? דאָס איז געווען אַ בוך אין וועלכן ער פלעגט אַריינ־קלעפּן וואו נאָר ער האָט געפונען עפּעס אַ שטיקל ליטעראַטור פון אַ העכערן, ערנסטערן קאַליבער, וואו נאָר אַ שטיקל ליטעראַטור וואָס איז געווען דורכ־געדרונגען מיט אַ העכערער, מער פייערלעכער שטימונג. אַזוי, למשל, איז איינע פון די תפילות אין זיין „סידור" געווען מאָפּאַסאַנס באַרימטע, טרויעריקע

סקיצע, ריכטיקער עסיי „איינזאַמקייט״. און דאָס דאַוועגען טאָלסטאָיס איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער פלעגט דורכלייענען איינע אָדער מער אַזעלכע זאַכן, כדי ערנסטער, העכער זיך אַנצושטימען פאַרן טאָג.

דאָס איז וועגן רעליגיע.

אַ געוויסע רעוויזיע דאַרף אויך אַריינגעטראָגן ווערן בנוגע אידיש. שוין מיט פופצן יאָר צוריק, ווען מיר זיינען אַרויס מיט אונזער נייער דערציאונג, האָבן מיר די אידישע שפּראַך אַוועקגעשטעלט אין צענטער. אָבער דעמאָלט האָבן מיר זיך נישט אָפּגעגעבן קיין ריכטיקן חשבון, פאַרוואָס מיר טוען דאָס. מען האָט געקענט אָננעמען, אַז מיר טוען דאָס צוליב אידיש זעלבסט, גלייך ווי אידיש וואָלט געווען אַ ציל אין זיך אַליין. אויך וועגן דעם דאַרפן מיר אַריינברענגען קלאָרקייט.

מיר פירן אונזער אידישע פאָלקשול אויף אידיש און גיבן אין איר דער אידישער שפּראַך אָפּ איינעם פון די סאַמע חשובסטע ערטער צוליב איינינקע טעמים:

ראשית, איז אידיש די לעבעדיקע שפּראַך פון יענעם טייל פון דעם אידישן פאָלק, וואָס נישט נאָר ווערט ער מיט רעכט באַצייכנט אַלס זיין רוב מנין ורוב בנין, נאָר ער איז אויך זיין לעבעדיקסטער און חשובסטער טייל. די ספרדישע אידן, למשל, וועלכע האָבן נישט קיין שייכות צו דער אידישער שפּראַך, זיינען נישט נאָר קליין אין צאָל, נאָר זיי שפּילן אויך, נישט געקוקט אויף זייער הערלעכן אַמאָליקן יחוס, גאָר אַ קנאַפּע ראָלע אין איצטיקן אידישן לעבן.

והשנית, איז אידיש די שפּראַך פון דער לעבעדיק־פאָלקלעכער, פּריש־סטער און אוממיטלבאַרסטער אידישער ליטעראַטור. אַ חוץ דער ליטעראַטור איז אידיש אויך אי דער וואָרצל אי דער מיטל־פּונקט פון אַ גאַנצער, פיל־פאַרצווייגטער אידישער קולטור. אידיש איז די שפּראַך פון דעם גרעסטן און וויכטיקסטן טייל פון דער אידישער פּרעסע. זי איז די שפּראַך פון דעם הערלעך־פאַנאַנדערגעבליטן אידישן טעאַטער. זי איז די שפּראַך פון דעם שוין איצט אפשר גרעסטן צווייג פון אידישן פאָלקלאָר. און שליסלעך, איז אידיש אויך די שפּראַך פון די סאָציאַלע אידישע באַוועגונגען. אַרום אידיש זיינען זיי געבוירן געוואָרן און אויף אידיש זיינען זיי אויסגעוואַקסן.

מען וועט ביי אונז פרעגן: זיינען מיר נאָך דעם אַלעמען אידישיסטן? איז אונזער דערציאונג אַ אידישיסטישע?

מיר זיינען נישט קיין אידישיסטן אין זין פון מאַכן פון אידיש אַ פעטיש, אַ הייליקטום אין זיך אַליין. מיר זיינען אויך נישט קיין אידישיסטן אין זין פון אויסשליסן די העברעאישע שפּראַך און מיינען דאָס מיט אידיש אַליין קען מען שוין יוצא זיין דעם חוב פון אידישער דערציאונג בנוגע שפּראַכן. אָבער דער אידישיזם האָט אַ טיפערן זין דערפון. דער טיפערער זין אין אידישיזם איז פאָלקסטימלעכקייט, עס הייסט ליבע צו דער אידישער שפּראַך, ווייל זי איז די שפּראַך פון פשוטן פאָלק, פון די ברייטע מאַסן, פון די יעניקע, וואָס זיינען טריי געבליבן דעם אידישן לעבן און די אידישע טראַדיציעס, פון די נאַציאָנאַל־געזינטסטע טיילן פון אונזער פאָלק, פון זיי און פון דער דאָזיקער אידישער קולטור, וואָס זיי אַליין האָבן באַשאַפן און וואָס איז באַשאַפן געוואָרן אַרום זיי.

אָט פאַר דעם אַלעמען האָבן מיר ליב די אידישע שפּראַך, פאַר דעם אַלעמען פירן מיר אויף איר אונזער אידישע פאָלקשול און פאַר דעם אַלעמען פאַרנעמט זי איינעם פון די סאַמע חשובסטע ערטער אין אונזער פּראָגראַם. און אויף אַזוי פיל זיינען מיר אידישיסטן.

און דאָך איז אַפילו דאָס אַלץ נאָך נישט די סאַמע וויכטיקסטע אורזאַך פון דער גרויסער חשיבות פון דער אידישער שפּראַך אין אונזער דערציאונג.

די סאַמע וויכטיקסטע אורזאַך, וועלכע נעמט אויך אַריין כמעט אַלע אַנדערע אורזאַכן, איז דאָס וואָס די אידישע שפּראַך איז די טיר און דער שליסל צו דער אידישער קעגנוואַרט, צום מאָדערנעם אידישן לעבן. אונזער שול איז די שול פון דער אידישער קעגנוואַרט. אונזער שול איז אַ אידישע פאָלקשול. אונזער שול איז נישט רעליגיעז נאָר וועלטלעך. אונזער שול איז נישט אַריסטאָקראַטיש נאָר דעמאָקראַטיש. און די אידישע שפּראַך איז אי דער מיטלפּונקט, אי דער אויסדרוק פון אידישער קעגנווערטלעכקייט, פון אידישער וועלטלעכקייט, און פון אידישן דעמאָקראַטיזם.

און דאָ קומען מיר צום תוך פון אונזער דערציאונג, צו איר סאַמע שווערפּונקט, צום פּונקט, וואָס אַרויסגייענדיק פון אים זיינען מיר קעגן דער תלמוד־תורה און אַנדערע מינים אידישע דערציאונגס־אַנשטאַלטן, און בויען אונזער אייגענע אידישע שול, די אידישע פאָלקשול. מיר קומען צום פּונקט, וואָס, וויפיל מיר זאָלן אויף אים נישט שטעלן דעם טראָפּ, וועט אַלץ נישט זיין צופיל.

מיר ווילן אַ מאָדערנע אידישע דערציאונג, אַ דערציאונג וואָס האָט דעם

צוועק צו אידענטיפיצירן, אַנקניפּן, באַהעפטן דאָס אידישע קינד מיטן מאָדערנעם אידישן לעבן, מיט דער אידישער קעגנוואַרט.

אַלץ אין אונזער פּראָגראַם דאַרף זיין געריכטעט צו אָט דעם צוועק און פון אים דאַרפן אַרויסוואַקסן אַלע רעפאָרמעס פון אונזער דערציאונג — רעפאָרמעס בנוגע שפּראַך, היסטאָריע און סאָציאַלע באַוועגונגען.

אַלס נאַציאָנאַליסטן, וועלכע באַזירן די אידישע דערציאונג אויפן נאַציאָנאַליזם, ווילן צובינדן דאָס אידישע קינד צום לעבעדיקן אידישן פאָלק, און וועמענס מאָטאָ עס איז דאָס אידישע קינד פאַרן אידישן פאָלק, איז דער קעגנוואַרט־מאָמענט אייגנטלעך דאָס וואָס טיילט אונז אָפּ פון די מייסטע אַנדערע, וואָס זיינען טעטיק אויפן פעלד פון אידישער דערציאונג.

די אידישע קעגנוואַרט — אָט דאָס איז דאָך אייגנטלעך דער סלע המחלוקת צווישן דעם אידישן קוק אויפן אידישן פאָלק און דעם קריסטלעכן, צווישן יענע טיילן פון פאָלק וואָס זיינען דעם פאָלק טריי געבליבן און יענעם טייל, די רעפאָרמאַטאָרס, די אַסימילאַטאָרן, וואָס גראָבן אונטער זיין עקזיסטענץ. קיינער לייקנט נישט אונזער אַלטן זכות־אבות פון דער ביבל און די נביאים, די קריסטלעכע קירכע פאַרהייליקט זיי און די קריסטלעכע געלערזאַמקייט ווערט נישט מיד זיי אויסצופאָרשן און צו לויבן. אָבער פון נאָך דער ביבל, פון נאָכן צווייטן חורבן, פון נאָך יעזוסעס אָנקום, האָבן מיר, לויט דעם קריסטלעכן קוק, אַפילו נאָך דער מיינונג פון די קריסטלעכע געלערנטע, אויפגעהערט צו עקזיסטירן אַלס פאָלק, אויפגעהערט צו פירן אַ נאַציאָנאַל לעבן. און אונזערע רעפאָרמאַטאָרן און אַסימילאַנטן שליסן זיך אָן אין דעם קוק.

און אָט אַזוי האָבן מיר די אידישע דערציאונג געטיילט, פון איין זייט אויף דער אידיש־נאַציאָנאַלער, פון דער אַנדער זייט, אויף דער קריסטלעך־אַסימילאַטאָרישער. צווישן די צוויי באַמבלען זיך אַזעלכע, וואָס גיבן זיך קיין חשבון נישט אָפּ, וואָס ווייסן נישט וואָס זיי טוען אָדער האָבן קיין מוט נישט צו טאָן וואָס זיי ווייסן.

מיר, וואָס ווילן צובינדן דאָס אידישע קינד צום לעבעדיקן אידישן לעבן, צום לעבעדיקן אידישן פאָלק, ווייסן נאַטירלעך, וואָס פאַר אַן אומזין עס איז צו האָפן מיטן כח פון ביבלישן זכות אבות, מיטן זכות פון דעם ווייט־ווייטן אַמאָל צוצובינדן דאָס אידישע קינד צום היינטיקן אידישן לעבן, צום אידישן פאָלק פון היינט. אַלס נאַציאָנאַליסטן ווייסן מיר אויך, אַז מיר האָבן קיינמאָל נישט אויפגעהערט צו לעבן אַלס נאַציע, דאָס דער

שטראָם פון אונזער נאַציאָנאַל לעבן ציט זיך נישט איבערגעריסענערהייט פון גרויען אַלטערטום ביז צום מיטלאַלטער, ביז צו דער רענעסאַנס, ביז צו דער נייעסטער צייט. און דורך אונזער דערציאונג ווילן מיר אונזער קינד צו אונזער נאַציע צופלאַנצן, אַנטרינקען עס מיט אַט דעם נאַציאָנאַלן שטראָם.

און אין אונזער דערציאונג דאַרפן מיר גראַד באַטאָנען אַט די עפּאָכן. די אַלע פאַזן און באַוועגונגען, די אַלע קרעפטן און פאַקטאָרן פון אונזער נאַציאָנאַל לעבן, פון אונזער היסטאָריע, וועלכע קערן זיך אַמערגסטן אָן מיט אונזער קעגנוווערטיק לעבן און לייגן אויף דעם אַרויף זייער שטעמפּל, די אַלע, וועלכע מאַכן קענטיק אונזער נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ, די אַלע, וועלכע ווייזן דעם שקר פון דער קריסטלעכער און אַסימילאַטאָרישער אָנשויאונג בנוגע אונז.

די נאַציאָנאַלע אידישע דערציאונג דאַרף, למשל, באַטאָנען, אַז שוין נאָך דער ביבל, זייענדיק, ווי די קריסטלעכע וועלט וויל האָבן, טויט אַלס נאַציע, האָבן מיר געשאַפן דעם גראַנדיעזן טויזנט־יאָריקן תלמודישן בנין, האָבן מיר געשאַפן דעם איבער נישט־ווייניקער יאָרן צעוואָרפענעם געבוי פון דער גראַנדיעזער אידישער מיסטיק, די קבלה, און דאָס די ביידע האָבן טיף באַפּאַרבט און באַפאַרבן עד היום דאָס אידישע לעבן, אַזוי, אַז ווען נישט זיי, וואָלט אַפילו אונזער גרעסטער, שענסטער און אָפטעסטער יום־טוב — שבת — געווען בלויז דער בלייכסטער אָפּשיין פון דעם וואָס ער איז איצט. און „טויטערהייט" האָבן מיר ביי זיך איינגעפירט אַ כמעט פולקאָמע קהלה־פאַרוואַלטונג און די ברייטסטע און די פיינסטע תקנות פון קעגנזייטיקער הילף. און „טויטערהייט" האָבן מיר זיך, פון 15טן יאָרהונדערט אָן, אַ נייע שפּראַך און ליטעראַטור באַשאַפן. און „טויטערהייט" האָבן מיר איבער־געלעבט די גרויסע עפּאָכע פון דער השכלה, מיט דעם העברעאישן און אידישן רענעסאַנס, מיט דער באַשאַפונג פון אַ אידיש טעאַטער. „טויטער־הייט" האָט באַלד אַ העלפט פון אידישן פאָלק, אין איינע פופציק יאָר, איבערגעוואַנדערט פון מזרח אין מערב, צעשפּרייטנדיק זיך באַלד איבערן גאַנצן ערד־קוגל, איבערבויענדיק, אין די לענדער פון זיין נייער צעשפּריי־טונג, זיין לעבן סיי עקאָנאָמיש און סיי סאָציאַל, ווערנדיק צום גרויסן טייל אַ פאָלק פון אַרבעטער, זייענדיק כמעט אומעטום דער זויערטייג פון דער סאָציאַליסטישער און אַרבעטער־באַוועגונג בכלל.

פון דאָס אויבן־געזאָגטע פאָלגט שוין ממילא, ווי נויטיק עס איז אין אונזערע שולן צו רעפאָרמירן דעם לימוד פון היסטאָריע. די אידישע געשיכטע איז לאַנג און רייך. דער קורס אין אונזערע שולן, אַפילו ווען אונזערע קינדער גייען אים אינגאַנצן דורך, איז אַ קורצער. דער סוף איז, אַז די אידישע געשיכטע ווערט ביי אונז אָפט אָפּגעכאָפּט, נישט דערענדיקט, און געוויינטלעך גייט דאָס אויס צו די נייערע עפּאָכן. דאָס טאָר נישט זיין. דער לימוד פון היסטאָריע מוז ביי אונז שטאַרק רעווידירט ווערן. עס דאַרף שטאַרק רעדוצירט ווערן די ביבלישע עפּאָכע, עס מעג אויך, למשל, פאַרקלענערט ווערן די ספרדישע עפּאָכע, האָבנדיק פאַר איר דירעקטן בלוט־יורש דאָס בלייך־אָפּגעצערטע ספרדישע אידנטום. אַקעגן־זשע מוז דער הויפּט־געוויכט אָוועקגעלייגט ווערן אויף די דייטש־סלאַוויש־אַמעריקאַניש־ארץ ישראלדיקע עפּאָכן.

איך גיי איצט אַריבער צום פונקט העברעאיש אין אונזער לימוד. אייגנטלעך וואָלט אויף אַ צוזאַמענפּאַר פון פאָלקשולן, וועלכע שטייען דאָך אויפן שטאַנדפּונקט פון צוויי־שפּראַכיקייט, גאָר נישט נויטיק געווען זיך אָפּצושטעלן אויף דער וויכטיקייט פון העברעאיש אַלס לימוד אין דער פאָלקשול. אָבער ווייל עס קומט אונז אָפט אויס וועגן דער פראַגע צו פּאָלעמיזירן מיט אונזערע קעגנער פון אַנדערע ריכטונגען, וועט דאָך נישט זיין איבעריק דאָ אָנצוגעבן די טעמים פאַרוואָס דער העברעאישער לימוד אין פאָלקשול איז נויטיק.

א. העברעאיש איז די שפּראַך פון גאַנצן אידישן פאָלק, אויך פון יענע (ווי די ספרדים, די תימנים א. אַ. וו.) וואָס האָבן הסטאָריש צו אידיש קיינמאָל קיין שייכות נישט געהאַט אָדער ווילן צו איר (די רעפאָרמאַטאָרן און זייער גלייכן) איצט קיין שייכות נישט האָבן. זייענדיק נאַציאָנאַליסטן, שטייענדיק אויפן שטאַנדפּונקט פון דער גאַנצקייט פון דער אידישער נאַציע, ווילן מיר אויך מיט זיי האָבן אַ פאַרבינדונגס־פּונקט.

ב. מיר ווילן דערציען אידישע אינטעליגענטן. מיר ווילן אונזערע קינדער געבן די נויטיקע פאַרבילדונג פאַר אידישער אינטעליגענץ. מיר קענען נישט און מיר טאָרן נישט פאַראויסבאַשטימען און פאַראויספאַרמשפּטן אונזערע קינדער, ווער פון זיי עס זאָל זיין אַן אינטעליגענט און ווער אַן עם הארץ. און הגם מען קען זיין אַ גאַנץ גוטער איד אויך אָן העברעאיש, אָבער קיין אידישער אינטעליגענט אָן העברעאיש קען מען נישט זיין.

ג. מיר ווילן אַז די וואָס מיר דערציען זאָלן האָבן דעם שליסל צוצוקו־מען צום תנ״ך, צו אונזערע פּאָעטן און דענקער, סיי פון דער אַלטער און סיי פון דער נייער צייט. ס׳איז אמת, די אַלע טיילן פון אונזער ליטעראַטור זיינען צום טייל שוין איבערגעזעצט און די רעשט קען מען נאָך איבערזעצן אויף אידיש, אָבער יעדער איינער, וואָס האָט עפּעס צו טאָן מיט שפּראַכן און מיט איבערגעזעצטע ליטעראַטורן, ווייסט ווי שוואַך, ווי בלאָס איבער־זעצונגען זיינען, אַן איבערזעצונג איז אַ הילצערנער פוס. עס איז גוט וואָס גוטהאַרציקע מענטשן שענקען דעם אַמפּוטירטן סאָלדאַט אַ הילצערנעם פוס, ער זאָל ווי עס איז קענען גיין, אָבער בעסער וואָלט דער אָרעמער דערצו נישט געבראַכט געוואָרן. און ווי קענען מיר זיך דערלויבן, אַז אונזערע קינדער זאָלן קענען דעם תנ״ך נישט פון אָריגינאַל נאָר פון אַן איבערזעצונג? גיט דאָך די בעסטע איבערזעצונג בלויז איבער אַ טייל פון דער קראַפט און דעם צויבער פון אָריגינאַל. איז דאָך די בעסטע איבערזעצונג אַט ווי אַ מין נעאַגראַ וואָסערפאַל, נאָכדעם ווי די דערבייאיקע פאַבריקן כאַפּן אים אַריין אין זייערע מיילער און אויסזויגנדיק זיין קראַפט, שפּייען זיי אים אַרויס צוריק, אַן אָפּגעלאָשענעם, אַ פאַרשוואַכטן.

שליסלעך איז העברעאיש פילפאַכיק נויטיק צוליב אַן אינטעליגענטער קענטעניש און פיינערן גענוס פון דער אידישער שפּראַך. העברעאיש איז דער זאַלץ און שמאַלץ פון דער אידישער שפּראַך.

א. פון העברעאיש האָט אידיש געשעפּט אַלע אירע גייסטיקע, אַבסטראַקטע ווערטער. דאָס הייסט, די אַבסטראַקטע באַגריפן פון דער אידישער פאָלקס־מאַסע געפינען זייער אויסדרוק דורך אַזעלכע ווערטער ווי רוחניות, עצם, תמצית, תוך און תוכן, חוב, רשות און ממשות. שוין קאַנט האָט אָנגעוויזן, אַז דער וועג פון פאָרשריט פון דער מענטשהייט ווערט אָנגעצייכנט דורך איר איבערגאַנג צו אַבסטראַקטע באַגריפן. הייסט עס, אַז דער וועג פון פאָר־שריט פון אידישן פאָלקס־מענטשן, ווערט אָנגעצייכנט דורך זיין געברויך פון אַבסטראַקטע העברעאישע ווערטער. דערפון איז קלאָר ווי ווייט נויטיק עס איז אַזעלכע העברעאישע ווערטער אין אידיש גוט צו פאַרשטיין.

ב. די אידישע שפּראַך באַנוצט זיך מיט העברעאישע ווערטער פאַר אײדעלע, נישט צו ברייטע באַגריפן, צוליב נואַנסן. אַזוי, למשל, זאָגט די פאָלקס־פרוי אויף עפּעס וואָס איז נישט זיכער, וואַקלדיק אָדער גליטשיק,

אַז „עס שטייט אויף משקולת״; אַזוי זאָגט דער איד אויף עפּעס אָדער עמעצן וואָס איז אים פיזיש אָפּשטויסנדיק, אַז עס איז „מוקצה מחמת מיאוס״.

דאָס זעלבע באַרגט אידיש פון העברעאיש ווערטער פאַר באַגריפן פון לאָגיק און אַרגומענטאַציע, ווי סברא, לא די, מילא, און היות און פון דער אַנדערער זייט, ליטעראַריש־פּאָעטישע אויסדרוקן, ווי ממש, יראת הכבוד, נחת, חן, יפת תואר.

ג. דער העברעאישער עלעמענט אין אידיש איז איינער פון די הויפּט־קוואַלן פון אידישן וויץ. דער אידישער וויץ איז מער פון אַלץ אַ שפּילעניש פון העברעאיש אויף אידיש און פאַרקערט. דאָס זעלבע אין פאָלקס־מויל, דאָס זעלבע אין ליטעראַטור. לאָמיר, למשל, בנוגע דעם גערעדטן וויץ זיך דערמאָנען אָן אַזעלכע ווערטלעך, ווי „קין איז נישט הבל״, „מען דאַרף וויסן וואו דער חמור שטייט״, „געבן כבוד מיט לעבער״ און אָן אַזעלכע פאָלקלעכע פּאַראָדיעס, ווי „כמלך בגדוד — ווי אַ הונט אין קראָפּעווע״ און „אמרו לאלקים — רעד צו דער וואַנט״. און לאָמיר, בנוגע דער ליטעראַטור, בלויז אַ טראַכט געבן וועגן מענדעלע מוכר ספרימס קלאַסישע וויצן: „המכה בעברתו — ער איז געהרגעט אויף דער עברי״, „וקבצנו יחד... כל ישראל איין קבצן״ און אויף דער וויציק־געווירצטער שפּראַך פון פיל שלום עליכמס העלדן (טוביה דער מילכיקער, שמעון עליע פון „פאַרשאָלטענעם שניידער״).

ד. עס זיינען דאָ ווערטער וואָס האָבן בלויז אַ טייטש און עס זיינען דאָ ווערטער, וואָס האָבן אויך אַ היסטאָריש־קולטורעלן הינטער־טייטש. עס זיינען דאָ, אַנדערש גערעדט, ווערטער, וואָס קומען אַליין און ווידער זיינען דאָ ווערטער וואָס קומען מיט זייערע קרובים און מחותנים. נאַטירלעך איז דער צווייטער מין פיל ריינער און פיינער. און אין אונזער מאַמע־לשון געהערן מייסטנס די העברעאישע ווערטער צום צווייטן מין. עס איז אַ חילוק פון פּראָסטן בראָנפן, וועלכן מען טרינקט ווי אַ שיכור אין שענק, ביז משקה וואָס מען „נעמט״ אין חסידים־שטיבל צו אַ יאָרצייט, אַלס אַ תיקון פאַר דער נשמה. עס איז פאַראַן אַ חילוק צווישן מענטש און אדם, צווישן אַ שרייבער און אַ כתבא רבא, צווישן אַ וואַשנער פאַרשוין און אַ מר־בר־רב־אשי, צווישן הייליקייט און קדושה, זוער רעדט נאָך צווישן רעאַליזירונג, פאַרווירקלעכונג און תקון.

ה. מען קען בשום אופן נישט פאַרשטיין ווי געהעריק איז, ווער רעדט נאָך אמתדיק הנאה האָבן פון אונזערע אידישע קלאַסיקער, אָן אַ קענטעניש

פון העברעאיש. עס וואָלט געווען אַ העכסט באַלערנדיקע אַרבעט, ווען איינער זאָל זיך נעמען די מי און מאַכן אַ גרינטלעכע סטאַטיסטיק, וויפיל העברע־אישע ווערטער, אידיאָמען און ווערטלעך אונזערע בעסטע אידישע שריפט־שטעלער געברויכן. איך האָב אַמאָל אַזאַ עקספּערימענט, אמת אויף זייער אַ קליינעם און ווייט נישט צו גרינטלעכן מאַסשטאַב, געמאַכט. דורכגייענדיק פיל זייטלעך פון מענדעלע מוכר ספרים, י. ל. פּרץ, שלום אַש און לעאָן קאָברין, האָב איך אויסגעפונען, אַז די אַלע געברויכן אין דורכשניט אַרום (נאַטירלעך נישט אַלע מאָל גייע) זיבעצן העברעאישע ווערטער אויף אַ זייטל.

אָט איז אַ ביישפּיל פון שלום עליכמען („יאָסעלע סאָלאָוויי״, ז. 91, פאָלקס פאָנד אויסגאַבע):

„געזונגען האָט יאָסעלע אָן ווערטער, דאָס וואָס הייסט בלשון החזנים, נעמען אַ שטעל. אַזאַ שטעל פלעגט אַמאָל דער ווילנער בעל הבית ל זינגען שבת צו נאַכטס צו די ערשטע סליחות.

„אידן — דערציילט מען — פלעגן שווימען אין טרערן פון גרויס מתיקות״. אַזאַ מין שטעל האָט אַצינד יאָסעלע גענומען. עס האָבן זיך גלאָט אַזוי געגאָסן זעלטענע קולות, זיסע געזאַנגען פון זיין האַלז, אַרויספליענדיק פון דאָרטן און אָנפילנדיק די גאַנצע שטוב. ער האָט זיך צעגאָסן מיט אַ טרויעריק, האַרצרייסנדיק געזאַנג מיט אַ רחמנות און מיט אַ געבעט, מאַכנדיק מיטן האַלז פאַרשידענע קונצן, גלייך ווי די קולות וואָלטן זיך טוקען און געגאַנגען פונעם וואַסער אַרויס; און אָט האָט ער זיך צעבייזערט אַזוי, אַז די פענסטער האָבן געקלונגען פון זיין שטאַרק, הילכיק קול; אָט איז ער זיך פאַרגאַנגען אויף זיין שטילער, ווייכער שטימע, אַלע מאָל נידעריקער און נידעריקער, שטילער און שטילער, גלייך ווי ער וואָלט פאַרפאָרן ערגעץ ווייט־ווייט, אַראָפּגעלאָזט זיך ערגעץ גאַנץ נידעריק, זייער־זייער טיף און פון דאָרטן געשיקט ווייכע, גלאַטע געזאַנגען, צעשיטנדיק זיך בשעת מעשה אין אַזעלכע דריבנע טרעלן, גלייך ווי קליינע אַרבעסלעך וואָלטן זיך געקאַטשעט, פאַלנדיק אַראָפּ־אַראָפּ איינס נאָכן אַנדערן מיט אַ שרעקלעך מהירות...״

און אָט איז פון פּרצן („דער קונצנמאַכער״, פאָלקסטימלעכע געשיכטן, ז. 74, פאַרלאַג אידיש):

„און כאָטש עס איז געווען אין דער פאַרדאַגהטער פאַר־פסח־צייט, ווען אַ איד האָט מער זאָרג, ווי האָר אויפן קאָפּ, האָט דאָך זיין אָנקומען

אַ גרויסן ראש גמאַכט: אַ רעטעניש פון אַ מענטש! קרוע־בלוע, מיט אַ צילינדער, אַפּילו אַ צעקנייטשטן, אויפן קאָפּ, אַ אידיש פּנים, דער צלם אלקים פליט אים איבער דער נאָז און — אַ געגאָלטע באָרד! און קיין פּאַספּאָרט האָט ער נישט געהאַט, און עסן האָט אים קיינער נישט געזען, נישט קיין כשרס, נישט קיין טרפהס, גיי ווייס, וואָס ער איז! מען פרעגט אים פון וואַנען? זאָגט ער: „פון פּאַריז"; „וואוהין? — קיין לאָנדאָן!" ווי קומט איר אַהער? זאָגט ער: פאַרבלאָנדזשעט!... אַ פּנים, צו פוס געגאַנגען! און וויזט זיך ביי קיין מנין נישט, אַפּילו שבת הגדול נישט! און שטייט מען צו אים צו, מאַכט מען אַרום אים אַ רעדל, ווערט ער פּלוצים נעלם".

נו, האָבן אָבער אונזערע קעגנער פון אַנדערע ריכטונגען, וועלכע האָבן דעם העברעאישן לימוד אַרויסגעשטויסן פון דער עלעמענטאַרער אידישער שול, זייערע איינווענדונגען קעגן אונזערע אַרגומענטן:

ערשטנס, ציען זיי אַ פּאַראַלעל צווישן העברעאיש און לאַטיין און וויזן אָן, אַז פּונקט ווי אין דער שול פון די אייראָפּעאישע שפּראַכן ווערט לאַטיין אָדער אינגאַנצן באַזייטיקט אָדער אין בעסטן פאַל פאַררוקט אין דער מיטל־שול, אַזוי מעג מען, אויף אַן ענלעכן אופן, אין דער אידישער שול, באַהאַנדלען די העברעאישע שפּראַך. צווייטנס, האָבן זיי דערפונדן דעם לימוד פון „העברעאישע עלעמענטן", ד. ה. לערנענדיק אידיש לערנען זיי אויך מיט די קינדער אַ געוויסע צאָל ווערטער, לאָמיר זאָגן אַ פּאָר הונדערט, וועלכע „קומען אָפּט אַריין אין אידיש".

אויף דערויף איז דאָ צו ענטפערן:

עס איז, ראשית, נאָך נישט פעסטגעשטעלט, אַז עס איז אַזוי קלוג וואָס לאַטיין ווערט באַזייטיקט פון דער אייראָפּעאישער שול. אונזער מיטל־שול איז אַ שוואַך, ערשט־געבוירן באַשעפעניש. אין בעסטן פאַל קומט אין איר אָן בלויז אַן אומבאַדייטנדסטער פּראָצענט פון די קינדער וואָס באַזוכן די אידישע שולן. דער פּאַראַלעל פון העברעאיש צו לאַטיין איז קיין פּאַראַלעל נישט. די מאָדערנע אייראָפּעאישע פעלקער זיינען נישט קיין יורשים פון די פּאַרצייטיקע רוימער, האָבן מיט זיי קיין בלוט־פאַרוואַנדשאַפט נישט, האָבן נישט איבערגענומען זייער גלויבן און מיט דער אויסנאַם פון זייער העכסטער אינטעליגענץ, אי דאָס פון אַ געווויסן קלאַס, האָבן זיי נישט צו טאָן מיט זייער תורה. פּונקט דער קעגנזאַץ איז אָבער מיט אונז אידן און

אונזערע אור־עלטערן, די העברעער. אויך איז פאַראַן גאָר אַ ריזיקער חילוק פון דער ראָלע פון לאַטיין אין די אייראָפּעאישע שפּראַכן און דער ראָלע פון העבּרעאיש אין אידיש. זיי גיט לאַטיין אין בעסטן פאַל, ווי למשל, אין דער ענגלישער שפּראַך, יחוס און קלאָר, בשעת אידיש גיט העבּרעאיש עצם: ווערטער, אידיאָמען און גראַמאַטיקאַלישע סטרוקטור. העבּרעאיש גיט אידיש איר זאַפט און קראַפט. און נאָר דורך דער צוזאַמענשמעלצונג פון די העבּ־רעאישע מיט די גערמאַנישע ווערטער איז אידיש געוואָרן אַ זעלבּסטשטענ־דיקע שפּראַך.

וואָס איז שייך דעם דערפונדענעם מיטל פון אויסלערנען די „העבּרעאישע עלעמענטן" פון אידיש, איז ער אי נישט געלונגען און אומגעלומפּערט, אי לחלוטין נישט געגונג. עס איז נישטאָ קיין מעטאָד, ווי אַזוי אויסצולערנען די „העבּרעאישע עלעמענטן" אָן דער העבּרעאישער גראַמאַטיק, אָן דער נאַטירלעכער צונויפשפּינונג מיט דער העבּרעאישער שפּראַך. פאַקטיש ווערן טאַקע די „העבּרעאישע עלעמענטן" געלערנט דורך דעם באַרבאַרישן מעטאָד פון „חזרן" און „זוברעווען". און ווערטער וואָס ווערן אויסגעלערנט אויף אַזאַ אופן, ווי לאַנג וועלן זיי זיך געדענקען? און צי קען דאָס לייזן אַפילו די איינע פראַגע פון פאַרשטיין אָן ערנסטן, בעסערן אידישן שריפטשטעלער? ווער קען, למשל, דעם בעלעטריסט אָדער פּובליציסט פאַרשרייבן, אַז ער זאָל נישט געברויכן אַזעלכע העבּרעאישע ווערטער און אויסדרוקן וועלכע זיינען אין דער צאָל „העבּרעאישע עלעמענטן" נישט אַריינגערעכנט?

אָבער באַטאָנענדיק אַזוי באריכות די וויכטיקייט און נויטיקייט פון העבּרעאישן לימוד אין דער אידישער פאָלקשול, טייל איך גאָר נישט די מיינונג פון אונזערע העבּרעאיסטישע פריינט בנוגע דער מעטאָדע ווי צו לערנען העבּרעאיש. איך בין נישט קיין חסיד פון דער עברית־בעברית מעטאָדע. איך בין שטאַרק אין ספק צי איז זי אַ קינד פון דער בעסטער פּעדאַגאָגיק. אָן ספק ציט זי איר יחוס פונעם העבּרעאיזם, פון שטרעבן צו פאַרוואַנדלען העבּרעאיש אין דעם גערעדטן אידישן לשון. דער מאָטיוו פון דער פּאָפּולאַריטעט פון דער מעטאָדע צווישן די העבּרעאישע לערער און טוער איז נישט אַזוי אַ פּעדאַגאָגישער ווי אַ העבּרעאיסטישער. די אָבער וואָס זיינען נישט קיין העבּרעאיסטן מעגן גוט בודק זיין צי איז טאַקע עברית־בעברית די בעסטע מעטאָדע פון אויסלערנען העבּרעאיש.

די העבּרעאיסטן רופן זייער מעטאָדע „שטה טבעית", די נאַטירלעכע

מעטאָדע. אָבער דאָס איז נישט ריכטיק, זיכער נישט אונטער די באַדינגונגען אונטער וועלכע העברעאיש ווערט געלערנט אין אונזערע מקומות. ווען דער פראַנצויזישער פּעדאַגאָג, פראַנסואַ גואַן, און זיינע נאָכפאָלגער האָבן באַשאַפן די נאַטירלעכע מעטאָדע, האָבן זיי מיט איר געמיינט, דאָס וואָס די ווערטער ווערן איבערגעגעבן דעם קינד תיכף ומיד ווי דורך נייע דערשיינונגען, ווערן ביי דעם אָנגעקוואָלן נייע באַגריפן. זיי ריידן פון קינדס ערשטער שפּראַך און פון קינדס ערשטער באַקאַנטשאַפט מיט די דערשיינונגען. ביי אונז איז אָבער דער פאַל אַ גאַנץ אַנדערער. די דערשיינונגען וואָס דאָס קינד באַגעגנט אין און אַרום דער אידיש־אַמעריקאַנישער שול זיינען אים שוין גוט באַקאַנט פון פריער, באַקאַנט אויף אַן אַנדער שפּראַך. צווישן דער נייער דערשיינונג און איר העברעאישן נאָמען איז דאָ די מחיצה פון אַ נאָמען אויף אַן אַנדער שפּראַך. דער העברעאישער נאָמען איז שוין, ממילא, אַן איבער־זעצונג.

איז אַלזאָ אַראָפּ דער יחוס פון שטה טבעית.

צווייטנס, איז אימער דאָ די געפאַר, ווער רעדט נאָך אַז מען האָט צו טאָן מיט אַבסטראַקטע באַגריפן, אַז דאָס קינד זאָל דעם זין פון די העברעאישע ווערטער אויפכאַפּן נישט געטני, נישט פּינקטלעך.

דריטנס, ווערט דורך דער עברית בעברית מעטאָדע, ווי זי ווערט דאָ פּראַקטיצירט, אַ סך צייט פאַרוועגדעט אויף דעם העברעאישן געשפּרעך, וואָס איז פון גאַנץ קנאַפּן ווערט פאַר דעם וואָס איז נישט קיין העברעאיסט. וואָלט נישט געווען פּיל גלייכער די דאָזיקע צייט צו באַנוצן, כדי וואָס שנעלער דאָס קינד צופירן צום העברעאישן בוך, אַ זאַך, וואָס איז אונטער די אומ־שטענדן, גאַרנישט אַזוי גרינג, וואָס איז אָבער נישט נאָר אַ „דבר הרצוי לכל“, נאָר איז, לכל הדעות, דאָס סאַמע וויכטיקסטע?

איך מיין דעריבער, אַז מיר וואָלטן באַדאַרפט ערנסט זיך פאַרנעמען מיט דער אויסאַרבעטונג פון דער מעטאָדע פון עברית באידיש. מיין אייגענע דערפאַרונג, אין די שולן, מיט וועלכע איך בין געווען אינטים פאַרבונדן און וואו איך האָב באַווירקט דעם העברעאישן לימוד, לערנט מיך, דאָס די מעטאָדע פון עברית באידיש ברענגט נישט קיין ווייניקער דערמונטערנדיקע רעזולטאַטן איידער די מעטאָדע פון עברית בעברית.

עס בלייבט מיר נאָך צולעצט צו זאָגן אַ פּאָר ווערטער וועגן דער אַבסאָ־לוטער וויכטיקייט פון שאַפן אַ אידישע סביבה אין און אַרום אונזערע פאָלק־



**אַ קלאַס פון דער „ערשטער נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלער שול"**

די ערשטע רייע שטייענדיק: **מאַלי עהרענרייך, בתיה מאס, י. ל. גאָלדמאַן, פאָלין מאס, מרים ליבערמאַן.** די צווייטע רייע: **יוסף וואהל, יואל ענטין, יעקב לעווין.** די דריטע רייע: **א. מלמד, איזידאָר (לי) שטראַסבערג.**

שולן. מיר ווייסן אַלע ווי שווער דאָס איז. מיר ווייסן אויך, אַז גאַנץ אָפט הייסט עס דערציען נישט נאָר די קינדער נאָר אויך די עלטערן, דאָך טאָרן מיר קיינמאָל נישט מיד ווערן פון אַרבעטן צו מאַכן די סביבה אַרום אונזער קינד וואָס אידישער. דאָס איז נויטיק, נישט בלויז כדי די דערציאונג פון אונזערע קינדער זאָל זיין אַן אמת אידישע, עס איז אויך נויטיק כדי אונזער קינד זאָל דאָס אידישע לעבן גוט קענען און פאַרשטיין. דאָס אידישע לעבן אַרום ברעקלט זיך. אַלטע אידישע בילדער ווערן אָפּגעבליאַקעוועט, אַלטע אידישע מנהגים ווערן פאַרגעסן. איז אַ טייל פון אונזער דערציאונגס־אַרבעט דאָס אידישע לעבן צו רעסטאַווירירן.

מיר ווילן מיט אונזער דערציאונג, ווי ווייט מעגלעך, צוריק גאַנצמאַכן דאָס אידישע פאָלקס־לעבן. מיר ווייסן אויסגעצייכנט, אַז צווישן עלטערן און קינדער, צווישן דור און דור איז תמיד דאָ אַן אומפאַרמיידלעכער אָפּ־גרונט. אָבער ביי אונז אידן איז דער אָפּגרונט תמיד טיפער איידער ביי אַנדערע פעלקער, תמיד טיפער איידער עס איז אַבסאָלוט אומפאַרמיידלעך.

מיט אונזער אידיש־נאַציאָנאַלער פאָלקלעך־דעמאָקראַטישער דערציאונג, ווילן מיר דעם אָפּגרונט ווי ווייט מעגלעך אויספילן.

צו אַלע אונזערע מאָטאָס וועט נישט שאַטן, אַז מיר זאָלן פון דאָס ניי אָפּפרישן אַ מאָטאָ, וואָס מיר פלעגן אַמאָל געברויכן אָבער לעצטנס האָבן מיר זי פאַרלאָזט — די מאָטאָ פון „והשיב לב אבות אל בנים ולב בנים אל אבותם״.

„די אידישע אַרבעטער שטימע״, אויגוסט 1925.

# די פועלי ציון־פאַרבאַנד שולן

א.

די אידישע פאָלקשולן (פון אידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד און פועלי ציון־צעירי־ציון) שטאַמען פון יאָר 1910; דעם 10טן דעצעמבער פון יענעם יאָר, איז אין ניו־יאָרק, אין 143 מעדיסאָן סטריט, וואָס איז געווען דאָס הויז פון דער „עדיוקיישאָנאַל ליג" (אַ מין פאָלקס־אוניווערזיטעט געגרינדעט און באַזעלט פון יעקב גאָרדין), געגרינדעט געוואָרן די ערשטע אידישע שול פון דעם טיפּ.

דער אורשפּרונג פון די דאָזיקע שולן דאַרף צוגעשריבן ווערן צו דריי הויפּט־קוואַלן: די אַלגעמיינע אידעאָלאָגיע פון דער פּאַרטיי פועלי ציון, די נאַציאָנאַלע און אידיש־פּעדאַגאָגישע געדאַנקען פון שרייבער פון די שורות און די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע (אָדער נאַציאָנאַל־פּראָגרעסיווע) געדאַנקען פון דר. חיים זשיטלאָווסקי. דער שרייבער פון די שורות האָט זיינע געדאַנקען פון יענער צייט פיל מאָל אַרויסגעזאָגט אין דער טעגלעכער ראַדיקאַל־סאָציאַ־ליסטישער צייטונג „די וואַרהייט", אַ פּאָר מאָל אויפפאָדערנדיק דירעקט דעם אַרבעטער רינג און די פועלי ציון אַזעלכע שולן צו גרינדן. דר. זשיט־לאָווסקי האָט זיינע געדאַנקען, אויך אַרום יענער צייט, אַרויסגעזאָגט אין זיין חודש־זשורנאַל „דאָס נייע לעבן".

דעם 20טן אָקטאָבער פון יאָר 1910 האָט די פּאַרטיי פועלי ציון אָפּגע־האַלטן איר יערלעכן צוזאַמענפאָר אין מאָנטרעאַל, אין וועלכן, הגם נישט קיין מיטגליד פון דער פּאַרטיי, עס האָט זיך אויך באַטייליקט דר. זשיטלאָווסקי. מיטן רעזולטאַט דאָס דער צוזאַמענפאָר האָט אָנגענומען אַ באַשלוס צו עפענען אידיש־נאַציאָנאַלע אָדער נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע אידישע שולן. דער „אידיש־נאַציאָנאַלער אַרבעטער פאַרבאַנד", טיילנדיק די אידעאָלאָגיע פון דער פועלי ציון־פּאַרטיי און מיטמאַכנדיק אַלע אירע פּאָליטיש־נאַציאָנאַלע שריט, איז תיכּף געוואָרן אַ שותּף צו דער באַוועגונג. די ערשטע נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע שול איז אַלזאָ געעפנט געוואָרן אַרום זעקס וואָכן נאָך דעם מאָנטרעאָלער

צוזאַמענפאַר. אין אַ צוויי וואָכן אַרום ווערט דער שרייבער פון די שורות, כאָטש אַ מיטגליד פון דער פועלי ציון־פּאַרטיי איז ער ערשט געוואָרן אין יאָר 1916, צוגעצויגן צו דער שול אַלס איר פרינציפּאַל.

די דאָזיקע שול — אַ אידישע שול, דאָך נישט קיין רעליגיעזע נאָר אַ נאַציאָנאַלע, אַ שול געפירט אויף אידיש און מיט דער אידישער שפּראַך און ליטעראַטור אַלס לימודים — איז געווען די ערשטע פון דעם מין נישט נאָר אין אַמעריקע, נאָר ווי ווייט ס׳איז מיר באַוואוסט, אויך אין דער גאַנצער וועלט. די אַנדערע צוויי נישט־רעליגיעזע אידישע שול־ריכטונגען פון אַמע־ריקע, די שלום עליכם־שול און די אַרבעטער רינג־שול, זיינען ביידע אַרויס־געוואַקסן פון די נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע שולן. אין אַ צייט אַרום, נאָך דער גרינדונג פון דער נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלער שול אין ניו־יאָרק און פון פונקט אַזעלכע שולן איבערן לאַנד און אין קאַנאַדע, זיינען אויך געגרינדעט געוואָרן ענלעכע שולן, אָבער מיט זייער ווייניק אָדער גאָר אָן דעם העברעאישן לימוד, פון מיטגלידער אָדער אָרגאַניזאַציעס פון דער סאָציאַליסטיש־טעררי־טאָריאַליסטישער פּאַרטיי (אַמעריקאַנער ס. ס.). אַרום דעם יאָר 1916 האָבן די דאָזיקע שולן זיך אַנגעשלאָסן אָן דער שולן־פעדעראַציע פון די פועלי ציון. אין ניו־יאָרק האָבן די ס.ט.׳ניקעס קיין אייגענע שולן אַפילו נישט געפּרואווט גרינדן, נאָר פיל פון זיי זיינען צוגעשטאַנען צו די נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע שולן, ווער אַלס טוער און ווער אַלס לערער. באַזונדערס איז דאָס געווען דער פאַל מיט דער בראָנקסער אידישער שול, וועלכע די פּוע״צ מיטן אידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד האָבן אַרום 1913 געגרינדעט. אָבער אַרום יאָר 1921 האָט זי זיך פון די נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע שולן אָפּגעריסן און איז געוואָרן דער אָנהויב פון די שלום עליכם־שולן (דעם נאָמען שלום עליכם, לכתחילה אָן אַן אָנצוהערעניש אויף אַ באַזונדער ריכטונג, האָבן די שול־פאַרוואַלטער איר געגעבן אין יאָר 1917, תיכף נאָך שלום עליכמ׳ס טויט).

קוים עטוואָס שפּעטער פון די ס.ט.׳ניקעס האָבן מיט דער נייער באַוועגונג זיך אויך אָנגעהויבן אינטערעסירן אידן פון די אַרבעטער רינג קרייזן. אין דער פּרעסע האָבן, נאָך דער פּראָפּאַגאַנדע פון שרייבער פון די שורות און דר. זשיטלאָווסקין, פאַר דער נייער אידישער דערציאונג זיך אַרויסגעזאָגט אַזעלכע פּובליציסטן ווי צביון און דר. קאַרל פאַרנבערג (דער לעצטער איז בלויז מיט אַ פּאָר יאָר פריער נאָך געווען אַ טעטיקער אַמעריקאַנישער בונדיסט, און בלויז עטוואָס פריער, אַן אָנגעזעענער מיטאַרבעטער פון „פאָר־

ווערטס״ און רעדאַקטאָר פון דער „צוקונפט״). וואָס איז שייך פּראַקטישער אַרבעט האָט דער פּועלי ציון שולן־קאָמיטעט, אַ קורצע צייט נאָך זיין אַנטשטייאונג, שוין געהאַט דערהאַלטן אַ ווענדונג וועגן אינפאָרמאַציע פון אַן אַרבעטער רינג אָרגאַניזאַציע פון שיבאָגען, וויסק. אַביסל שפּעטער האָט דער שרייבער פון די שורות, אויף דער איינלאַדונג פון האַרלעמער אַרבעטער רינג ברענטש, ביי אים אָפּגעהאַלטן אַ לעקציע וועגן דער נייער אידישער דערציאונג. אַנדערע לערער פון די נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע שולן האָבן געהאַלטן לעקציעס ביי אַנדערע אַרבעטער רינג ברענטשעס. אַרום 1914 האָט דער שרייבער פון די שורות געגרינדעט אַ שולע ביים ברענטש 12 אַרבעטער רינג, אין גלאָווערסוויל, נ. י., וואו ב. אָסטראָווסקי (דעמאָלט אַ פּועלי ציון און אַ לערער אין דער ערשטער נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלער שול) איז געוואָרן דער לערער. אַרום דעם יאָר 1917 האָבן אַרום דער פּועלי ציון פאַרבאַנד־שול אין האַרלעם געאַרבעט אַ פּאָר אַרבעטער רינג־מענטשן. אָבער נאָך געוויסע סכסוכים, דער עיקר וועגן דער פראַגע פון לערנען העברעאיש, האָבן זיי זיך אָפּגעשפּאָלטן און געגרינדעט אַן אייגענע שול. און דאָס איז געווען די ערשטע אַרבעטער רינג־שול אין האַרלעם.

## ב.

די פּועלי ציון־פאַרבאַנד שולן האָבן זיך כסדר אַנטוויקלט. די אידייע איז איבערגענומען געוואָרן פון אַלע פּועלי ציין־פאַראיינען און צווייגן פון אידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד. עס זיינען געווען ווייניק שטעט אויף דער פּראָווינץ, וואו די צוויי קערפּערשאַפטן האָבן נאָר געהאַט צווייגן, וואו קיין שולן זיינען נישט געגרינדעט געוואָרן. אַ חוץ אין ניו־יאָרק און אין די גרעסערע שטעט פון קאַנאַדע, זיינען אויך אויפגעקומען שולן אין באָסטאָן, בראָקטאָן, פּיטסבורג, קליוולאַנד, שיקאַגאָ, דעטרויט, נואַרק, פּעטערסאָן, אָלבאַני, סיראַקיוז, סינסינעטי און אַנדערע שטעט. אָנהויב ווינטער פון יאָר 1912 איז אין ניו־יאָרק אָפּגעהאַלטן געוואָרן דער ערשטער שולן־צוזאַמענפאָר, וואו ס׳איז געגרינדעט געוואָרן די ערשטע פעדעראַציע פון די פּועלי ציון און פאַרבאַנד־שולן. דאָס איז געווען דער ערשטער אויפטו פון צוזאַמענפאָר. דער צווייטער איז געווען די טעאָרעטישע קריסטאַליזירונג פון דער באַוועגונג — דער עיקר בנוגע אידיש און העברעאיש אַלס גלייכבאַרעכטיקטע שפּראַכן און בנוגע דער אידישער רעליגיע, וועגן וועלכער עס איז אָנגענומען געוואָרן

אַ פּאָזיטיווע רעזאָלוציע, פון היסטאָרישן און קולטור־היסטאָרישן שטאַנד־פונקט.

אין יאָר 1914 איז, ווידער אין ניו־יאָרק, אָפּגעהאַלטן געוואָרן דער צווייטער שולן־צוזאַמענפאָר אין וועלכן עס האָבן זיך אויך באַטייליקט די ס. ט.־שולן, מיטן רעזולטאַט דאָס נאָכדעם, ווי עס איז אָנגענומען געוואָרן דער קאָמפּראָמיס, אַז כאָטש העברעאיש דאַרף געלערנט ווערן, מוז מען עס אָבער נישט אָנפאַנגען גלייך פון אָנפאַנג, זיינען די ס. ט.־שולן געוואָרן אַן אינטעגראַלער טייל פון דער שול־פעדעראַציע. דער צוזאַמענפאָר האָט שטאַרק דעמאָנסטרירט פאַר אידיש, צווישן אַנדערעס מיט אַ רעפעראַט פון ערשטן און עלטסטן אַמעריקאַנישן אידישן פילאָלאָג אלכסנדר האַרקאַווי און מיט אַ רעדע פון שלום אַשן. אויך האָט ער זיך פיל פאַרנומען מיט ריין־פעדאַגאָגישע פראַגן, צווישן אַנדערעס, למשל, מיט דער פראַגע פון אידישער היסטאָריע אַלס טייל פון פּראָגראַם (חיים שויס רעפערענט). אויפן צוזאַמענפאָר איז אויך אָנגענומען געוואָרן דער פּראָגראַם־פּראָיעקט פון דעם אידישן לערער־סעמינאַר און ס׳איז אָנגענומען געוואָרן דער באַשלוס אָנהויבן אַרויסצוגעבן דעם ערשטן אידישן קינדער־זשורנאַל „קינדערוועלט״. מען מעג אויך אָננעמען, אַז מיטן אימפּעט פון יענעם צוזאַמענפאָר האָבן די פועלי ציון און פאַרבאַנד־שולן אין גיכן זיך אָנגעהויבן איבערבויען פון שבת־און־זונטיק־שולן אין טעגלעכע נאָכמיטאָג־שולן.

אין יאָר 1918 איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ צוזאַמענפאָר אין סיראַקיוז, וועלכער האָט שוין אויפגענומען די בשורה, אַז דער אידישער לערער־סעמינאַר, געגרינדעט און אָנגעפירט פון דער עקזעקוטיווע פון דער שולן־פעדעראַציע, נאַטירלעך מיט דער הילף פון די פועלי ציון און פאַרבאַנד, עקזיסטירט שוין און פונקציאָנירט. אַ חוץ דעם האָט זיך דער צוזאַמענפאָר אויסגעצייכנט מיט פעדאַגאָגישע באַטראַכטונגען, ווי די אויסאַרבעטונג פון פּראָגראַמען, און מיט האַרבע סכסוכים וועגן העברעאיש און רעליגיע, ריכטיקער וועגן אידישע ימים־טובים און טראַדיציע בכלל. דער צוזאַמענפאָר האָט ענדלעך אויך פאַרוואָרפן דעם נאָמען נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע שולן.

דער לעצטער צוזאַמענפאָר פון יענער שולן־פעדעראַציע איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין יאָר 1921, אין פילאַדעלפיע. עס איז גערעדט געוואָרן וועגן פּראָגראַם פון סעמינאַר און עס זיינען ווידער געווען פיל שטרייטיקייטן וועגן העברעאיש. עס איז פאָרט געלונגען אָנצוהאַלטן די גאַנצקייט פון דער

פעדעראַציע, דאָך נישט אויף לאַנג. אין גיכן האָבן זיך די ס. ט.־עלעמענטן, מיט די אַנדערע אידישיסטן, אָפּגעריסן, מיטרייסנדיק אַזעלכע שולן, וואו זיי האָבן געהאַט די איבערוואָג און באַשאַפנדיק די שלום עליכם־ריכטונג. (די אַרבעטער רינג־ריכטונג האָט זיך אָנגעהויבן אויסבילדן קורץ נאָך דעם צוזאַמענפאָר פון סיראַקיוז).

בכלל איז דעמאָלט געווען אַ ירידה אין די פּועלי ציון־פאַרבאַנד שולן, אַ ירידה, וועלכע האָט זיך געצויגן אַן ערך פון יאָר 1919 ביזן יאָר 1923. די הויפּט־סיבה איז געווען די טעגלעכע פּועלי ציון־צייטונג „די צייט", וועלכע האָט פאַרשלונגען יעדן גראָשן און יעדן טראָפּן ענערגיע, וואָס די פּועלי ציון און דער אידיש־נאַציאָנאַלער אַרבעטער פאַרבאַנד האָבן פאַר־מאָגט. סוף 1918 האָט זיך אָנגעהויבן די באַוועגונג צו שאַפן געלט פאַר דער צייטונג. אין יאָר 1920, באַלד טאַקע נאָך דער דערשיינונג פון דער צייטונג, האָט זיך אָנגעהויבן די ביטערע זאָרג, וועלכע איז צום סוף אַריבער אין פאַרצווייפלונג, די צייטונג אויפצוהאַלטן. אין יאָר 1922, נאָכן אונטער־גאַנג פון דער צייטונג, איז געוואָרן אַ שווערע אַנטוישונג און אָפּהענטיקייט.

אין דעם לעצטן טייל פון יענער קורצער אָבער שווערער פּעריאָדע זיינען אונטערגעגאַנגען פיל שולן פון די פּוע"צ און פאַרבאַנד, אַזוי אַז מיט דער אויסנאַם פון די קאַנאַדער און פילאַדעלפיער שולן איז גאָר ווייניק געבליבן. אין „שטורעם" זיינען אויך איינגעוואָרפן געוואָרן די ניו־יאָרקער שולן, אַפילו די גאָר ערשטע און עלטסטע. גענוג צו זאָגן, אַז מיט דער אויסנאַם פון די קאַנאַדער און נאָך עטלעכע, זיינען אַלע פאָלקשולן, וואָס די פּועלי ציון און פאַרבאַנד פאַרמאָגן איצט, גאַנץ יונגע, אָן דירעקטע וואָרצלען אין די שולן וואָס מיר האָבן געהאַט פאַר יענעם „שטורעם". די דאָזיקע קאַטאַסטראָפע האָט, זעלבסטפאַרשטענדלעך, אויך חרוב געמאַכט די שולן־פעדעראַציע.

ערשט אין יאָר 1923 האָט אונזער שולן־באַוועגונג זיך אָנגעהויבן דער־הוילן און ערשט אין יאָר 1924, דורך אַ העפטיקן שטויס פון אידיש־נאַציאָ־נאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד, איז אין ראָטשעסטער ווידער אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ צוזאַמענפאָר און די איצטיקע שולן־פעדעראַציע איז אָרגאַניזירט געוואָרן.

זייט דעמאָלט הויבט זיך ווידער אָן אַ כסדר'דיקע שטאַרקע עליה אין די פאַרבאַנד־און פּועלי ציון־שולן, וואָס צום גרויסן טייל דאַרף זי צוגע־שריבן ווערן צו דער פאַרשטאַרקטער באַטייליקונג פון אידיש־נאַציאָנאַלן

אַרבעטער פאַרבאַנד, וואָס נישט נאָר סובסידירט ער די באַזונדערע שולן, נאָר ער גיט אויך די מעגלעכקייט דעם צענטראַלן שולן־קאָמיטעט צו האָבן אַ באַצאָלטן דירעקטאָר אָדער סעקרעטאַר. ס׳קומען צוריק אויף שולן אין די מייסטע שטעט, וואו זיי זיינען פריער געווען; ס׳קומען אויך אויף שולן אין גאַנץ נייע שטעט (צום ביישפיל: מילוואָקי, עקראָן און אין די דרום־שטאַטן); דער אידישער לערער־סעמינאַר צעוואַקסט זיך זייער גרויס מיט דער צאָל סטודענטן און לערער; עס פלעכט זיך אויס גאָר אַ גרויסע שול־נעץ אין ניו־יאָרק און דער סביבה.

גאַנצע פינף שול־צוזאַמענפאָרן זיינען אָפּגעהאַלטן געוואָרן פון זינט דעם יאָר 1924: איין קלענערער צוזאַמענפאָר אין ניו־יאָרק און פיר גרויסע צוזאַמענפאָרן: אין פּעטערסאָן, אין „אונזער קעמפּ" (אין היילענד מילס, ניו יאָרק), אין סיראַקיוז און ווידעראַמאָל אין ניו־יאָרק. זיי אַלע האָבן זיך פאַרנומען מיט גאָר פיל טעאָרעטישע, פּעדאַגאָגישע, פּראָגראַמאַטישע און פּראַקטישע פּראָגן. דער ענין אידיש־העברעאיש איז ווייניקער דיסקוטירט געוואָרן איידער פריער, אָבער אויף דעם פאַר־לעצטן צוזאַמענפאָר, אין סיראַקיוז, איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז דער העברעאישער לימוד הויבט זיך אָן אין אונזערע שולן נישט שפּעטער ווי פון צווייטן יאָר. אויף אַ פּאָר צוזאַמענפאָרן איז פיל גערעדט געוואָרן וועגן רעליגיע, פּראַקטיש איז אָבער אויפן לעצטן צוזאַמענפאָר אין ניו־יאָרק נאָר אָנגענומען געוואָרן דער באַשלוס איינצופירן דעם לימוד פון אידישער עטנאָלאָגיע, וואָס דאַרף אויך אַריינ־נעמען אידישע קולטור־געשיכטע און אידיש קולטור־לעבן, וואָס באַזונדערס מיינט עס אַ באַקאַנטשאַפט מיטן אידיש־רעליגיעזן לעבן.

עס איז אויף די פאַר לעצטע צוזאַמענפאָרן פיל גערעדט געוואָרן וועגן דעם לימוד פון היסטאָריע, וועגן דעם פּראָגראַם בכלל און בפרט וועגן אַ מיטלשול־פּראָגראַם, וועגן אַ ספּעציעלן פּראָגראַם פאַר קינדער, וואָס מען מוז אַרויסלאָזן פון דער שול, כאָטש זיי האָבן זי נישט געענדיקט. דער פּאַקטישער פּועלי־יוצא פון דעם אַלעמען איז אָבער דערווייל נאָר דאָס, וואָס די פאָלק־שול איז באַשטימט געוואָרן אַלס זעקס־יאָריקע, וואָס אין ברייטע, אַלגעמיינע שטריכן, הגם נישט אין די קלענסטע דעטאַלן, איז דער פּראָגראַם שוין גאַנץ פיקסירט. אויך זיינען אין די לעצטע אַכט יאָר, אַ דאַנק אָדער אַרום די צוזאַמענפאָרן, פון צענטראַלן שולן־קאָמיטעט, באַטירלעך מיט דער אָנזעעוו־דיקער הילף פון א. נ. א. פּ., אַרויס די פאָלגנדיקע טעקסט־ביכער: פאַרן

לימוד פון ליטעראַטור, אַ באַנד אָריגינעלע אידישע דערציילונגען פון יהודה שטיינבערג (רעדאַקציע ש. שאַפּיראָ) און צוויי בענדער „אידישע פּאָעטן״, אַ האַנטבוך פון אידישער דיכטונג פון י. ענטין; און אין לימוד פון שפּראַך און ליטעראַטור, ש. ווייסמאַנס דריי־בענדיקע כרעסטאָמאַטיע „דאָס וואָרט״. אַרום 1931 איז, אומגעפּער אויף אַ יאָר צייט, ווידער באַניט געוואָרן דער חודש־זשורנאַל די „קינדער־וועלט״, אונטער דער רעדאַקציע פון ש. שאַפּיראָ, און עס זיינען אַרויס צוויי נומערן פון אַ גרעסערער פּעריאָדישער שריפט, מיטן נאָמען „אידישע דערציאונג״, אונטער דער רעדאַקציע פון פּ. גינגאָלד. עס זיינען אויך אַרויס מיט אַ דריי יאָר פריער, אַ דריי נומערן פון אַ חודש־שריפט מיטן נאָמען „אונזער שול״, רעדאַקטירט פון ש. שאַפּיראָ.

אויפן לעצטן צוזאַמענפּאָר, אין ניו־יאָרק, איז אויך שטאַרק אַרומגערעדט געוואָרן דער ענין פון דער באַציאונג פון אונזער שול צו דער פּועלי ציון־באַוועגונג, מיטן רעזולטאַט דאָס עס איז אָנגענומען געוואָרן אַ באַשלוס, אַז אויפן זעקסטן יאָר ווערט דער קינדער־קלוב פון אונזער שול געשטעלט אונטער דער השגחה פון דער יוגנטלעכער באַוועגונג פון דער פּאַרטיי פּועלי ציון־צעירי ציון, פון אידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער פּאַרבאַנד און פון דער פּיאָנערן פרויען אָרגאַניזאַציע.

צום לעצטן שולן־צוזאַמענפּאָר מעג, שליסלעך, אויך אומדירעקט צוגעשריבן ווערן די אַנטשטייאונג פון דער אָרגאַניזאַציע פון די לערער פון דער אידישער פאָלקשול, וועלכע האָט שוין באַוויזן פּיל ווינציק אויפצוטאָן אין דער ריכטונג פון אויסגלייכן און אויפהויבן די שכירות פון די לערער און וועלכע גיט אויך אַרויס אַ יערלעך זאַמלביכל, געווידמעט פּעדאַגאָגישע און פאַך־ענינים.

## ג.

טעאָרעטיש האָבן די אידישע פאָלקשולן אייגנטלעך זיך זייער ווייניק געענדערט, בלייבנדיק אַרום און אַרום די זעלביקע ווי זיי זיינען פאָרמולירט געוואָרן פאַר זייער געבורט, אין דער פרעסע, און נאָך זייער געבורט, אויף די סאַמע ערשטע שולן־צוזאַמענפאָרן. דאָס, למשל, וואָס זיי האָבן געביטן זייער נאָמען פון נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע שולן אויף אידישע פאָלקשולן, באַטייט קיין זאַך נישט. דער אַדיעקטיוו ראַדיקאַלע איז געווען גאַנץ נישט אויפן פּלאַץ, ווייל כאָטש די שולן זיינען געווען נישט־רעליגיעז פון אָנפאַנג אָן, זיינען זיי אָבער קיינמאָל נישט געווען אַנטי־רעליגיעז — און אַוודאי און

אַוודאי נישט אַגרעסיוו אַנטי־רעליגיעז. נאָכמער, קיינער אין די פאַרשידענע קרייזן פון אָט דער שול האָט זיך קיינמאָל נישט אַרויסגעזאָגט פאַר אַן אַגרעסיווער אַנטי־רעליגיעזער שול. דער אַדיעקטיוו ראַדיקאַל איז לכתחילה צוגעלייגט געוואָרן צו דער שול אויף אַ נישט־געלונגענעם און איבערגע־איילטן אופן. און פילנדיק זיין אומפּאַסיקייט, האָבן זיך די שול־טוער פון אים ביי דער ערשטער געלעגנהייט באַפרייט.

נאָך פאַר איר גרינדונג איז די שול פאָרמולירט געוואָרן, פון איין זייט, ווי אַ נישט־רעליגיעזע אידישע שול, און פון דער אַנדער זייט, ווי אַ שול, וואו דאָס אידישע קינד קריגט אַ באַקאַנטשאַפט מיט אידישער רעליגיע און טראַדיציע. אויף די ערשטע צוזאַמענפאָרן, אין די שריפטלעכע דיסקוסיעס און אין דער פּראַקטישער אַרבעט, איז דער ענין קריסטאַליזירט געוואָרן ווי פאָלגט: די שול איז נישט רעליגיעז, זי לערנט נישט דאָס קינד קיין גלויבן, זי אָנערקענט נישט קיין דאָגמע; דאָך האָט זי אַ פּאָזיטיווע קולטור־היסטאָ־רישע באַציאונג צו דער אידישער רעליגיע, שטרעבנדיק דאָס קינד מיט איר צו באַקענען, צוליב נאַציאָנאַל־קולטורעלער איינִיקייט און פאַרשטענדעניש.

דערפון דרינגט אַרויס אונזער באַציאונג צו די אידישע ימים־טובים, וועלכע מיר דערקלערן די קינדער און פייערן מיט זיי אויף אַ נאַציאָנאַל־טראַדיציאָנעלן אופן. פון דעם שטאַנדפּונקט אַרויסגייענדיק, דערקלערן מיר און פייערן אַלע אידישע ימים־טובים, די גרויסע ווי די קליינע. צום טייל ווערט נאָר געמאַכט אַן אויסנאַם וועגן ראש־השנה און יום־כיפור, איז דאָס דער עיקר מחמת אַ ריין־טעכנישן טעם, וואָס גראָד אין יענער צייט פון יאָר איז אונזער שול געוויינטלעך געשלאָסן. ס'איז אָבער קלאָר, אַז ווען מיר וואָלטן די צוויי ימים־טובים אָפּגעהיט, וואָלטן מיר דערביי דער עיקר אונטער־שטראָכן זייערע ריין־טראַדיציאָנעלע מאָמענטן, גלייכצייטיק אָבער אויך אַרויס־ברענגענדיק זייערע ריין־טראַדיציאָנעלע שטריכן. אָבער אויך אין דעם וואָלט קיין שום נייעס נישט געווען, וואָרעם אין קיינע פון אונזערע יום־טוב־דערקלערונגען און יום־טוב־פייערונגען פאַרפעלן מיר קיינמאָל נישט צו דערמאָנען, ווי אַזוי דער יום־טוב ווערט פאַרשטאַנען און אָפּגעהיט ריין־טראַדיציאָנעל, דאָס הייסט ווי אַזוי די דורכשניטלעכע אידישע מאַסע פאַר־שטייט און היט אָפּ די ימים־טובים.

מען דאַרף נאָך צולייגן, אין פאַרבינדונג מיט דעם פּונקט, דעם ענין בר־מצוה אין דער אידישער פאָלקשול. האָבנדיק דערפון, אַזוי ווי אַנדערע

אידישע נישט־רעליגיעזע שולן, גרויסע צרות, ווייל פיל אינגלעך ווערן פון דער שול מחמת בר־מצוה גאָר פּשוט אָוועקגענומען, האָט אונזער שול וועגן דעם ענין זיך געמוזט ערנסט פאַרטראַכטן און וועגן דעם פיל ריידן. דער רעזולטאַט פון די ריידענישן און טראַכטענישן איז אָבער נאָר דער, וואָס אין אייניקע פאַלן ווערט אין אונזער שול געפּראַוועט אַ „מאָדערנע בר־מצוה", באַשטייענדיק פון אַ סעודה מיט פּאַסיקע, דער עיקר נאַציאָנאַלע רעדעס, אָבער אָן תפילין, הפטורה א. ד. גל. אויך זיינען פאָרגעקומען אייניקע פאַלן, וואו די עלטערן האָבן אויף אַ „מאָדערנער בר־מצוה" בשום אופן נישט געוואָלט איינגיין, האָבן דאָרט די לערער אומפאָרמעל, נישט אין קלאַס און נישט אין די קלאַס־שטונדן, די אינגלעך צוגעגרייט צו בר־מצוה, געבנדיק זיי די נויטיקע ידיעות.

אונזער שולן־באַוועגונג בכלל און אונזערע שולן־צוזאַמענפאָרן בפרט האָבן אַזעלכע פּירונגען קיינמאָל נישט אָנערקענט און זיי אַפילו קיינמאָל אָפיציעל נישט גענומען צו קענטעניש. אויף אַ פּאָר צוזאַמענפאָרן זיינען, אמת, געמאַכט געוואָרן פאָרשלאַגן דעם ענין בר־מצוה צו לעגאַליזירן. איינמאָל איז דער פאָרשלאַג מאָטיווירט געוואָרן מיט דעם, אַז בר־מצוה איז מער אַ נאַציאָנאַלער אַקט ווי אַ רעליגיעזער. דער עיקר אָבער איז די מאָטיווירונג געוועזן, אַז די זאַך דאַרף געטאָן ווערן אַלס ריינער, אָפענער קאָמפּראָמיס מיט די געפילן פון דער אידישער מאַסע, ווי ס'איז שוין פאַר אונז געטאָן געוואָרן פון פירער אין אידישן לעבן.

די דאָזיקע פאָרשלאַגן זיינען אָבער, נישט געקוקט אויף די ווידערהאָלטע פּרואוון, נישט אָנגענומען געוואָרן.

דער צווייטער ענין אין פאַרבינדונג מיטן וועלט־באַנעם פון דער אידישער פאָלקשול איז דער ציוניזם. די פראַגע איז: צי פאַרנעמט דער ציוניזם עפּעס אַן אָרט אין אונזער פּראָגראַם — און אויב יע, ווי גרויס איז עס? אויף דערויף זאָל די היסטאָרישע אַנטוויקלונג ענטפערן.

איידער אונזערע שולן זיינען געגרינדעט געוואָרן, האָט דער ציוניזם אין זייער מאָטיווירונג לחלוטין קיין ראָלע נישט געשפּילט, זיכער נישט וואָס איז שייך דעם שרייבער פון די שורות, וואָס זיין אַרגומענטאַציע איז דעמאָלט אַממייסטן געהערט געוואָרן. אויך זיינען ביז די לעצטע יאָרן אויף קיין צוזאַמענפאָר קיין פּראָ־ציוניסטישע רעזאָלוציעס נישט אָנגענומען געוואָרן. ענלעך איז עס אויך אַ לאַנגע צייט געוועזן אין דער פּראַקטיק. אונזערע

קינדער האָבן, אמת, געזונגען די „התקוה״, אויפן סאַמע העכסטן אופן נאָר ווי די אָנגענומענע אידישע הימנע. אַז מיר וועלן נאָך צו דעם צולייגן, דאָס ווען ס׳איז, אין אונזערע שולן, ביי דעקאָראַטיוו־פייערלעכע געלעגנהייטן, אויפגעשוואומען די פראַגע פון פאַרבן, האָט אייניקע מאָל פּאַסירט, אַז ווייס־בלוי האָט געקראָגן דעם פאָרצוג — לייגן מיר נאָך צו דאָס דאָזיקע, האָבן מיר דערמיט אויסגעשעפּט דעם גאַנצן „ציוניזם״ פון אונזערע שולן אין משך פון זייערע ערשטע פּעריאָדעס.

עס איז אָבער דאָך אַביסל אַנדערש געוואָרן אַן ערך די לעצטע צוועלף יאָר. עס איז צוגעקומען אַ נייער קעגנשטאַנד אין אונזער פּראָגראַם — שמועסן, וואָס מיינט, צום גרויסן טייל, נייעס פון טאָג. איז געווען זעלבסט־פאַרשטענדלעך, אַז, שמועסנדיק מיט די קינדער וועגן געשעענישן פון טאָג, זאָל מען אויך נישט אויסלאָזן די געשעענישן פון ארץ ישראל. האָט זיך דערפון, מיט דער צייט, באַזונדערס פון זינט די „געוועקשאַפטן קאַמפּיינס״ האָבן זיך אָנגעהויבן און דער אינטערעס מיט ארץ ישראל, בפרט מיטן אַרבעטערישן ארץ ישראל, איז אַזוי שטאַרק געשטיגן — האָט זיך דערפון אַנטוויקלט אַ סיסטעמאַטישער לימוד, דער עיקר אין דער שמועס־פאָרמע, פון ארץ ישראל בכלל און פון אַרבעטנדיקן ארץ ישראל בפרט.

אויך דאַרף מען נאָך צוגעבן, אַז די לעצטע פּאָר יאָר באַטייליקן זיך אונזערע עלטערע קינדער, איין מאָל אַ יאָר, אין אַ זאַמלונג (אין דער פאָרמע פון פּורים׳דיקע שלח־מנות אָדער דאָס גלייכן) פאַר די ארץ־ישראל׳דיקע אַרבעטער־קינדער און נאָך איין מאָל אין יאָר, אין אַ זאַמלונג פאַרן נאַציאָנאַל פאָנד. אין אייניקע שולן ווערט מען אויך געפינען די נאַציאָנאַל פאָנד פּושקע.

און, גאָר צולעצט, דאַרף נאָך צוקומען די רעזאָלוציע פון לעצטן ניו־יאָרקער צוזאַמענפאָר, דאָס פון זעקסטן יאָר, דאָס הייסט, באַשטייענדיק פון קינדער, וואָס גייען אין שול אויפן זעקסטן יאָר, ווערט אונזער שול־קינדער־קלוב געשטעלט אונטער דער השגחה פון דער פועלי ציון יוגנטלעכער באַ־וועגונג.

זיינען, אַלזאָ, אין סך הכל, אונזערע שולן, פון זינט זייער גרינדונג, אמת, אַ פּאָר טריט אַוועק אין דער ריכטונג פון ציוניזם און פועלי־ציוניזם. און דאָך וואָלט, אין ליכט פון דער אויביקער עקספּאָזע, אַ פּרוואו מצד וועמען עס איז צו שטעמפּלען אונזערע שולן אַלס ציוניסטישע אָדער פועלי־ציוניס־טישע געווען אַ היפּשע איבערטרייבונג.

אַנדערש איז אָבער מיטן סאָציאַליזם אין אונזערע שולן. אים האָבן מיר קלאָר אונטערגעשטראָכן אין אונזער „פּאַר מתן־תורה׳דיקער״ פּראָפּאַגאַנדע. ווענדנדיק זיך, למשל, צו די דעמאָלט נאָך עקזיסטירנדיקע סאָציאַליסטישע סאָנדעי־סקולס, האָט דער שרייבער פון די שורות געזאָגט, אַז זיי דאַרפן בלויז, צו זייערע עקזיסטירנדיקע סאָציאַליסטישע לימודים, נאָך צוגעבן די אידיש־נאַציאָנאַל־קולטורעלע קעגנשטאַנדן, וועלן זיי ממילא ווערן שולן פון דעם פאַרלאַנגטן טיפּ. און פון אָנפאַנג אָן, האָבן זיך אין אונזערע לייען־ביכלעך, אין אַ היפּשער מאָס, געפונען אַרבעטערישע און סאָציאַלע לידער און מעשה׳לעך. און פּונקט אַזוי פרי האָבן אונזערע שולן אָנגעהויבן אָפּהיטן און פייערן דעם ערשטן מאַי.

מיט דער צייט איז דער ענין סאָציאַליזם אין די אידישע פאָלקשולן נאָך פיל מער פאַרטיפט געוואָרן. אויך דאָ האָט פיל מיטגעהאָלפן די איינ־פירונג פון די סיסטעמאַטישע שמועסן. שמועסן וועגן אַרבעטער און סאָציאַלע געשעענישן זיינען אַלץ מער געוואָרן אַ סיסטעמאַטישער ענין. אַלץ מער ווערן דערמאָנט אַזעלכע מענטשן ווי יודזשין וו. דעבס. ביי אַזעלכע געשעע־נישן ווי דער פאַראַיאָריקער עסטרייכישער שוץ־בונד קאַמף מיט דער רעגי־רונג, ווערט פון צענטער אַרויסגעשיקט צו די לערער און קינדער אַ ספּעציעלער צירקולאַר. אַרבעטער־לידער פאַרנעמען אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ אין אונזער שול־געזאַנג. זעלטן ווען קומט ביי אונז פאָר אַ קינדער־פייערונג אָן דעם קינדער־אינטערנאַציאָנאַל.

צולעצט, כאָטש דער ענין אידיש־העברעאיש האָט פיל ווייניקער צו טאָן מיט דער טעאָריע פון אונזערע שולן, וויל איך דאָך אים דאָ דערמאָנען.

אין דער ערשטער טעאָרעטישער באַגרינדונג פון אונזערע שולן האָט זיך, אין איין אָטעם, גערעדט פון ביידע שפּראַכן. דער אויסגאַנג־פּונקט איז אָבער געווען אַ באַזונדערער: אידיש האָבן מיר פאַרלאַנגט אי מחמת דעם קולטורעלן, אי באַזונדערס מחמת דעם נאַציאָנאַלן טעם, בשעת אויף העברע־איש זיינען מיר, דער עיקר, באַשטאַנען אויס דעם קולטורעלן טעם.

מיר האָבן פון אָנפאַנג אָנגעהויבן לערנען ביידע שפּראַכן גלייך, שענקענדיק זיי די זעלביקע אויפמערקזאַמקייט און מי (אַמאָל אַפילו, איבער איר פאַר־העלטניסמאָסיקער שווערקייט, העברעאיש נאָכמער מי). אַזוי האָט זיך ביי אונז אויסגעאַרבעט די פּראַזע, וועלכע האָט טיילווייז אויך אויסגעדריקט אַ פּרינציפּ — פון דער גלייכבאַרעכטיקונג פון די צוויי שפּראַכן.

מיט דער צייט איז אָבער, פון איין זייט, געשען, וואָס מיר האָבן, ווי שוין אויבן אָנגעוויזן, אַלס הנחה צו דער ס. ט. און בכלל אידישיסטישע עלעמענטן, דערלויבט דעם לימוד פון העברעאיש אָפּצולייגן אויף שפּעטער, בשעת, פון דער צווייטער זייט, האָט מען זיך ביי אונז אָנגעהויבן אַרומזען, אַז דער פּרינציפּ פון גלייכבאַרעכטיקונג ווירקט דאָך, אין דער פּראַקטיק, אַ דאַנק דער אויבנדערמאָנטער שווערקייט און דעם פאַקט, וואָס העברעאיש ווערט דאָך, אין חוץ לארץ, לחלוטין נישט גערעדט און די שול־אונטעריכט־שפּראַך איז דאָך נישט העברעאיש נאָר אידיש — האָט מען זיך אַרומגעזען, אַז דער פּרינציפּ פון גלייכבאַרעכטיקונג אַרבעט דאָך גאַנץ שלעכט אין דער פּראַקטיק. איז מיט דער צייט אויפגעוואָקסן אַ שטענדיקע טענדענץ דעם העברעאישן לימוד אַלץ מער צו באַפעסטיקן און פאַרטיפן . און דער תמיד־וואַקסנדיקער אינטערעס אין ארץ ישראל, דערהויפּט אין אַרבעטערישן ארץ ישראל, האָט די דאָזיקע טענדענץ נאָך מער פאַרשטאַרקט.

אין דער פּראַקטיק לערנט מען היינט אין אַלע אונזערע שולן, אַפילו אין אונזערע זומער־קאָלאָניעס („קעמפּס״), סיי אידיש און סיי העברעאיש. אויך לערנען עס ביי אונז אַלע קינדער. העברעאיש, פּונקט ווי אידיש, איז אַן אָבליגאַ־טאָרישער לימוד. עס זיינען שוין היינט ביי אונז דאָ אַ סך שולן, וואו העברעאיש ווערט געלערנט פון ערשטן יאָר (הגם נישט אַלע מאָל גלייך פון אָנפאַנג יאָר) און עס זיינען ביי אונז דאָ בלויז צוויי אינסטיטוציעס, וואו מען הויבט אָן דעם העברעאישן לימוד ערשט פון דריטן יאָר. פון צענטער ווערט אויך אָנגעווענדט פיל מי דעם העברעאישן לימוד זיכערער און פרוכט־באַרער צו מאַכן.

עס מוז אָבער באַטאָנט ווערן, אַז ביי אונזער גאַנצער מי פאַר העברעאיש און כאָטש די לעצטע פאַר יאָר, זינט עס האָט זיך אין אונזערע קרייזן אָנגע־הויבן אַ חלוצים־באַוועגונג פון אַמעריקע קיין ארץ ישראל, וואָס דורך דעם איז צום טייל צייטיק געוואָרן אַן אינטערעס מיטן גערעדטן העברעאיש, זיינען אונזערע שולן אָבער נאָך אַלץ ווייט פון העברעאיזם. מיר לערנען העברעאיש סיי אויס קולטורעלע, סיי אויס נאַציאָנאַלע טעמים, מיר האַלטן זיך אָבער נישט פאַר קיין שותפים אין דער באַוועגונג העברעאיש ווידער לעבעדיק־ריידעוודיק צו מאַכן. מיר ווילן אונזערע קינדער צופירן צום העברעאישן בוך און שריפט, אָבער זייער ריידן העברעאיש איז ביי אונז לאו דווקא.

אַלס טיילוויזע באַשטעטיקונג פון אויבנגעזאָגטן, קען דינען דער פאַקט, וואָס בלויז מיט עטלעכע אויסנאַמעס, ווערט אין אונזערע שולן, אַפילו דאָרטן, וואו מען לערנט אויך די קינדער ריידן העברעאיש, אין העברעאישן לימוד, נישט באַנוצט די מעטאָדע פון עברית בעברית, נאָר די מעטאָדע פון אידי־שער איבערזעצונג.

***

אַלס פועל־יוצא פון אונזערע ערשטע טעאָרעטישע באַגרינדונגען און זייערע שפּעטערדיקע ניואַנסירונגען ווערן אין די אידישע פאָלקשולן איצט אָבליגאַטאָריש געלערנט די פאָלגנדיקע געגנשטאַנדן:

אידיש.

אידישע ליטעראַטור (מיט אינגערע קינדער — אין די כרעסטאָמאַטיעס, מיט עלטערע קינדער, אין די העכערע קלאַסן פון פאָלקשול אָדער מיטל־שול — אַלס זעלבסטשטענדיקער לימוד).

העברעאיש.

העברעאישע ליטעראַטור (דאָס זעלביקע ווי וועגן אידישער ליטעראַטור).

אידישע היסטאָריע.

תנ״ך (אין די העכערע קלאַסן פון פאָלקשול און מיטלשול).

געזאַנג (אידישע און העברעאישע פאָלקס־ און פאָלקסטימלעכע לידער, נאַציאָנאַלע לידער, אַרבעטער־לידער, ליטעראַרישע לידער און אויך ניגונים).

אידישע און אַרבעטער ימים־טובים (דערקלערונ־גען און פייערונגען).

סאָציאַליזם אָדער אַרבעטער־פּראָבלעמען (מייסטנטיילס אין דער פאָרמע פון שמועסן).

ארץ ישראל, באַזונדערס אַרבעטער ארץ ישראל (מייסטנטיילס אין דער פאָרמע פון שמועסן).

לויפנדיקע אידישע, געזעלשאַפטלעכע און אַלגעמיינע פּאַסירונגען (אין דער פאָרמע פון שמועסן).

אידישע עטנאָלאָגיע (אַמאָל אונטער דעם נאָמען, אַמאָל אונטער אַן ענלעכן נאָמען, אין די לעצטע קלאַסן פון פאָלקשול און מיטל־שול, אָפט, נישט האָבנדיק נאָך פאַר דעם קיין טעקסט־בוך, אין דער פאָרמע פון שמועסן אָדער לעקציעס).

א ג ד ה (געקליבענע טיילן פון דער אגדה׳שער ליטעראַטור, באַ־נוצנדיק זיך צומייסט מיט ביאַליק־ראַבניצקי׳ס „אגדות״, פאַר עלטערע פאָלק־שול־קינדער אָדער פאַר די מיטלשול־קינדער, וואו נאָר מעגלעך, אין העב־רעאיש־אַראַמייאישן אָריגינאַל).

**ד.**

עס איז נישט גרינג פעסטצושטעלן די גענויע צאָל פון די אידישע פאָלקשולן. עס איז נעמלעך פאַראַן אַ היפּשע צאָל, אַזוי צו זאָגן, אַפּאָקריפישע שולן. אַהער געהערן אייניקע תלמוד־תורות, וואו פון דער תלמוד־תורה פּראָגראַם איז אומגעפער נאָר פאַרבליבן דער סידור, אָבער אין אַלעם אַנדערן איז עס פאַקטיש אַ פאָלקשול, ווערנדיק צום טייל אַפילו געפירט פון מיט־גלידער פון פאַרבאַנד; אַהער געהערן אויך אייניקע פּריוואַטע שולן, וואו עס הערשט דער גייסט און די פּראָגראַם פון דער פאָלקשול, וואָס ווערן געפירט פון מענטשן מיט די אייגענע געדאַנקען, וואָס ביי די פאָלקשולן־פירער. דאָך האָט די פעדעראַציע פון די אידישע פאָלקשולן זיי נישט אָנערקענט און זייער אָנגעהעריקייט אין אונזער שולן־באַוועגונג דריקט זיך נאָר אויס אין דעם, וואָס אַמאָל שטייען זיי אין שריפטלעכער פאַרבינדונג מיטן צענטער פון אונזערע שולן.

אַריינגעמענדיק אין אונזער חשבון נאָר אַזעלכע שולן, וואָס זיינען אָפיציעל אָנגעשלאָסן אין אונזער פעדעראַציע, האָבן מיר זיי איצט 46, וועלכע זיינען צעוואָרפן איבער פיר פּראָווינצן און זעקס שטעט אין קאַנאַדע און איבער צען שטאַטן און 17 שטעט פון די פאַראייניקטע שטאַטן.

דאָס איז די בוכשטעבלעכע, אַזוי צו זאָגן, ריין־געזעצלעכע ציפער, וועלכע שטימט אָבער נישט אינגאַנצן מיט די פאַקטן. מיר האָבן, ערשטנס, אונזער י. ל. פּרץ־שול אין מאָנטרעאָל, וואָס פאַרמאָגט נישט וויניק פון 300 קינדער, וועלכע זיינען צעוואָרפן איבער דריי באַזונדערע צווייגן פון דער שול, און געפינען זיך אין דריי באַזונדערע געגנטן פון שטאָט. פרעגט זיך, פאַרוואָס עפּעס רעכענען די דאָזיקע פּרץ־שול פאַר איינער און נישט פאַר דריי? ווייטער האָבן מיר אין גאַנצע דריי שולן — אין דער וויניפּעגער פּרץ־שול, אין דער מאָנטרעאָלער פאָלקשול און אין דער וויניפּעגער פאָלקשול — גאַנץ באַזונדערע ט אָ ג ־ ש ו ל ן, ד. ה. שולן, וואו די קינדער לערנען אין די פרימאָרגנס און פריע נאָכמיטאָגס און וואו זיי גייען גלייכצייטיק דורך אי אונזערע אידישע אי די קאַנאַדיש־ענגלישע פּראָגראַם. סיי מחמת זייער חשי־

בות און סיי מחמת די באַזונדערע קינדער אין דער באַזונדערער צייט פון לערנען, איז באמת שווער איינצוזען, פאַרוואָס די דאָזיקע שולן זאָלן נישט גערעכנט ווערן גאַנץ באַזונדער. צו דעם אַלעמען האָבן מיר נאָך מינדעסטנס דריי קינדערישע זומער־קאָלאָניעס אָדער „קעמפּס״, וואו אין משך פון לכל הפחות צען וואָכן דערציען מיר די קינדער, וואָס צום גרעסטן טייל קומען זיי נישט פון אונזערע שטאָטישע שולן, אין אונזער גייסט און לויט אונזער פּראָגראַם. פרעגט זיך, צי זיינען זיי אויך נישט אונזערע קיין שולן ?

און אַזוי רעכענענדיק פאַרמאָגן מיר איצט נישט 46 נאָר 54 שולן.

די צאָל קינדער אין אונזערע שולן איז אין איצטיקן מאָמענט, איינגע־האַלטן גערעכנט, אַרום 5600. דער חשבון איז איינפאַך. אַן אַנקעטע, וואָס מיר האָבן דורכגעפירט פאַר צוויי יאָרן, האָט געוויזן, אַז מיר פאַרמאָגן, איינ־איינעם מיט די זומער־קאָלאָניעס, גוטע פינף טויזנט קינדער. פון דעמאָלט אָן, דער עיקר אויפן איצטיקן נייעם יאָר, ווי עס ווייזט אונזער קאָרעספּאָנדענץ מיט די שולן און אַ נייע אַנקעטע, וואָס מיר פירן איצט דורך, אָבער מיר האָבן זי נאָך נישט פאַרענדיקט, זיינען אונזערע שולן רייכער געוואָרן מיט אַן ערך 600 קינדער.

די צאָל קינדער איז באַלד גלייך פאַרטיילט צווישןביידע געשלעכטער ; העכסטנס קען מען רעכענען, אַז די צאָל מיידלעך שטייגט איבער די אינגלעך מיט 300. דער דאָזיקער פאַקט, וואָס איז אַ דעראָבערונג פון די לעצטע יאָרן, פילט אונז אָן מיט אַ סך פרייד. מיר ווייסן נעמלעך גאַנץ גוט ווי איבערוועלטיקנדיק גרויס עס פלעגט, אין די ערשטע יאָרן פון אונזער שולן־באַוועגונג, זיין ביי אונז די צאָל מיידלעך. און מיר ווייסן אויך נישט ווייניקער, אַז די סיבה דערפון איז געלעגן אין דעם קנאַפּן צוטרוי, וואָס אידישע עלטערן פלעגן צו אונז האָבן, און דערפאַר פלעגן זיי צו אונז נאָך ווי עס איז שיקן זייערע טעכטער, אָבער זעלטן זייערע זין. די גרויסע ענדערונג פון די לעצטע יאָרן מאַכט פאַר אונז קלאָר, אַז דער פאַראורטייל קעגן אונז מצד אידישע עלטערן איז שוין באַלד אינגאַנצן פאַרשוואונדן.

ה.

וועגן דעם רעכטלעך־פּאָליטישן סטאַטוס פון די אידישע שולן אין אַמע־ריקע לאָזט זיך אייגענטלעך נישטריידן. דאָס זעלביקע אויך וועגן אונזערע

אידישע פאָלקשולן. אונזערע שולן זיינען דערגענצונג אָדער נאָכמיטאָג־שולן און האָבן נישט קיין דירעקטע באַרירונג מיט דער פּראָגראַם פון דער אַמע־ריקאַנער פאָלקשול. מען קען אונזערע שולן אַפילו נישט רופן „פּאַראָקיעל סקולס", וואָרעם, יענע שולן זיינען דאָך, ערשטנס, רעליגיעזע און, צווייטנס, פאַרבייטן זיי דאָך די אַמעריקאַנער פאָלקשול. אונזערע שולן קומען, אַלזאָ, נישט אין קיין באַרירונג מיט דער שטאַט־רעגירונג, וועלכע נעמט זיי טאַקע אָפיציעל נישט צו קענטעניש.

אַביסל אַנדערש איז דאָך די לאַגע אין קאַנאַדע. דאָרטן, ביי דער וויני־פּעגער י. ל. פּרץ־שול, ביי דער וויניפּעגער פאָלקשול און ביי דער מאָנטרע־אָלער פאָלקשול, האָבן מיר שוין, ווי פריער געזאָגט, טאָג־שולן, דאָס מיינט אידיש־קאַנאַדישע פאָלקשולן, וואָס פאַרבייטן, וואו ביזן פינפטן קלאַס, וואו ביזן פערטן און וואו ביזן דריטן, די פאָלקשול פון דער רעגירונג. ווערט דאָס געטאָן מיט דער צושטימונג פון דער אָרטיקער „באָרד אָוו עדיוקיישאָן"; און ווען אונזערע קינדער גייען אַריבער פון אונזער שול אין דער קאַנאַדי־שער פאָלקשול, ווערט זיי דאָס לערנען אין דער אידישער שול גאַנץ גוט פאַררעכנט און זיי ווערן אַריינגעזעצט אין די געהעריקע קאַנאַדישע פאָלק־שול־קלאַסן. נאָכמער, די קאַנאַדישע פאָלקשול דריקט געוויינטלעך אויס היפּש צופרידנקייט מיט די קינדער פון דער אידישער טאָג־שול, מיט זייערע דערגרייכונגען.

עס איז גאַנץ דערפרייענדיק צו נאָטירן, אַז אין דורכשניט קומט אַן ערך אַ העלפט פון בודזשעט פון אונזערע שולן פון שכר־לימוד פון די קינדער, וועלכער גרייכט אין דורכשניט צו אַרום דריי דאָלער אַ חודש. די אַנדערע הכנסה־קוואַלן פון אונזערע שולן זיינען ביישטייערונגען פון יחידים, אונטער־נעמונגען פון די שול־פאַרוואַלטונגען און סובסידיעס פון אַזעלכע נאָענטע אָרגאַניזאַציעס ווי די לאָקאַלע צווייגן און פרויען־קלובן פון פאַרבאַנד און די לאָקאַלע צווייגן פון דער פּיאָנערן פרויען אָרגאַניזאַציע. די גענעראַל־עקזעקוטיווע פון פאַרבאַנד האָט אַ שול־פאָנד פון אַרום פינף טויזנט דאָלאַר, פון וועלכע אַרום דריי טויזנט גייט אויף אויסצוהאַלטן דעם צענטראַלן שולן־אַפּאַראַט און אַרום צוויי טויזנט גייט אַלס סובסידיעס פאַר די איינצלנע שולן.

אין די גרויסע שטעט פון קאַנאַדע און אין אַ שטאָט אָדער צוויי אין די פאַראייניקטע שטאַטן קריגן אונזערע שולן אויך אַ געוויסע סובסידיע פון אָרטיקע אידישע צדקה־פעדעראַציעס.

די שכירות פון אונזערע לערער ווערט אַלץ מער סטאַביליזירט. צום טייל איז דאָס דער פאַרדינסט פון אונזער לערער־אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט פאַראַיאָרן אָנגענומען אַ באַשלוס, אַז דער מינימום לוין פון אַ לערער איז 35 דאָלאַר אַ וואָך. אין די מייסטע פאַלן ווערט דער דאָזיקער מינימום אָפּגעהיט, בשעת אין אַ צאָל פאַלן ווערט דער מינימום נאָך אַריבערגעשטיגן.

אונזערע נישט־גרויסע בודזשעטן און אויך נישט צו־גרויסער שכר־לימוד ווערט באַשטימט פון דעם סאָציאַלן צוזאַמענשטעל פון אונזערע קינדער. זיי זיינען, צום גרעסטן טייל, קינדער פון אַרבעטער און גאַנץ קליינע געשעפטס־לייט. ווען נישט ווען פאַלט אַריין אַ קינד פון אַ פּראָפעסיאָנאַל און נאָך זעלטענער אַ קינד פון מער פאַרמעגלעכע עלטערן.

דער סאָציאַלער מצב באַשטימט אויך די בודזשעטאַרע מעגלעכקייטן פון אונזערע קינדערשע זומער־קאָלאָניעס אָדער „קעמפּס”. מיר האָבן זיי צווישן דריי און פיר, דאָס מיינט דריי באַשטענדיקע און איינע, וואָס קומט און פאַרשווינדט. די באַשטענדיקע קאָלאָניעס זיינען אין ניו־יאָרק („אונזער קעמפּ” אין היילענד מילס, נ. י.), אין דעטרויט (נישט ווייט פון שטאָט) און לעבן שיקאַגאָ. אין ניו־יאָרק האָבן מיר פאַראַיאָרן געהאַט קנאַפּע 300 קינדער, אין דעטרויט 120, בשעת אין שיקאַגאָ האָבן מיר גראָד פאַראַיאָרן, איבער באַזונדערס שווערע אומשטענדן, קיין קינדער פאַקטיש נישט געהאַט (אין די פריערדיקע יאָרן איז דאָרט געווען אַריבער 100 קינדער). די צאָלונגען פון די קינדער זיינען פאַראַיאָרן געווען אין ניו־יאָרק אַרום 13 דאָלאַר אַ וואָך, אין דעטרויט 10 דאָלאַר. אויפן קומענדיקן יאָר וועט אין ניו־יאָרק, פאַר 100 קינדער פון מיטגלידער פון פאַרבאַנד, דאָס אויפהאַלט־געצאָלט, אויף צוויי וואָכן, רעדוצירט ווערן ביז 8 דאָלאַר אַ וואָך.

די אַרבעט אין אונזערע זומער־קאָלאָניעס, דערהויפּט אין ניו־יאָרק, איז: ערשטנס, אומגעפער די זעלביקע ווי אין די ניו־יאָרקער שולן. צווייטנס, ווערט דאָ געלייגט גאָר פיל געוויכט אויף טענץ, געזאַנג, אינסטרומענטאַלע מוזיק (פאַר יענע קינדער, וואָס זיינען אָנגעשלאָסן אין אָרקעסטערס), דעקלאַמאַציע און שוישפּיל (יעדע וואָך פירן די קינדער דורך איינעם אָדער מער קאָנצערטן מיט טעאַטער־פאַרשטעלונגען). דריטנס, פאַרנעמען זיך די קינדער זייער פיל מיט אַרבעט און קונסט (ווי גערטנעריי, סטאָלעריי, אויסנייען, מאָלן און קלעפּן).

ו.

ביז איצט האָב איך נאָר גערעדט וועגן אונזערע פאָלקשולן, ד. ה. עלעמענטאַר־שולן און אונזערע קאַנאַדער טאָג־שולן. זיינען דאָס אָבער ווייט נישט די איינציקע לערן־ און דערציאונג־אינסטיטוציעס אין אונזערע שולן. מיר האָבן איצט צווישן עלף און צוועלף מיטלשולן, גרויסע און קליינע, סיי אין קאַנאַדע און סיי אין די פאַראייניקטע שטאַטן. אויך האָבן מיר אין קאַנאַדע דריי קינדער־גאָרטנס. מיר האָבן אויך אין וויניפּעג און אין מאָנטרעאָל העכערע קורסן, פאַר אַזעלכע יונגע מענטשן, וואָס ענדיקן די מיטלשול און ווילן לערנען ווייטער. קורסן פאַר דערוואַקסענע, אין איין פאָרמע אָדער אין אַ צווייטער, האָבן מיר אין צען אָדער מער שולן. אַרום פיל שולן האָבן מיר קורסן פאַר יוגנטלעכע פּועלי ציון. אין דער פאָלקשול אין מאָנטרעאָל איז פאַראַיאָרן אַפילו געווען אַ קורס פאַר צוקונפטיקע חלוצים. די צאָל סתם לעקציעס און ליטעראַרישע אָוונטן, וואָס ווערן דורכגעפירט אין אונזערע שולן פאַר די פאַרוואַלטער און די עלטערן פון אונזערע קינדער, איז אומ־מעגלעך אויסצורעכענען.

אונזער מיטלשול אין דעטרויט איז אַ שותפות׳ע מיט די אָרטיקע אַר־בעטער רינג־שולן און שלום עליכם־שולן. אַזעלכע פאַראייניקונגען מיט אי־דישע שולן פון אַנדערע ריכטונגען טרעפן ביי אונז פון צייט צו צייט. פאַר דריי יאָרן, למשל, האָבן מיר מיט די אַנדערע אידישע שולן, דורכגעפירט אין ניו־יאָרק, אין אידישן לערער־סעמינאַר, אַ געמיינשאַפטלעכע שול־אויס־שטעלונג, וואו, נאַטירלעך, די אַרבעטן פון די קינדער האָבן פאַרנומען אַן אָנגעזעען אָרט.

די זשורנאַלן און טעקסט־ביכער, וואָס אונזער שול־וועזן האָט אַרויס־געגעבן, האָב איך שוין פריער אויסגערעכנט. מען מעג נאָר נאָך צוגעבן, אַז די ערשטע צוויי אידישע קינדער־ביכלעך אין אַמעריקע, ספּעציעל צוגעגרייטע אויסגאַבן פון פּרץ׳ס „אַ דין תורה מיטן ווינט״ און אַנסקי׳ס „צווישן גרים״, האָט דער אידיש־נאַציאָנאַלער אַרבעטער פאַרבאַנד אַרויסגעגעבן פאַר די שולן אַ קורצע צייט נאָך זייער ערשטער גרינדונג. עס וועט אפשר אויך נישט זיין איבעריק צו דערמאָנען, אַז די ערשטע אַמעריקאַנער שול־ביכער זיינען געקומען פון מענטשן פון דעם קרייז פון די אידישע פאָלקשולן און אונטער זייער איינפלוס לעאָן עלבע׳ס „די אידישע שפּראַך״, ענטין און עלבע׳ס

„פון אידישן קוואַל", חיים ליבערמאַנס און מייטע ליוושיצ'ס איבערזעצונג פון דובנאָווס געשיכטע א. אַ. וו.).

פון אידישן לערער־סעמינאַר האָב איך שוין צום טייל גערעדט. דער סעמינאַר איז צוערשט געגרינדעט געוואָרן פון אונזער שולן־פעדעראַציע און איז אייגענטלעך געווען איר אייגנטום. די לאַגע האָט זיך אָבער געביטן אַרום די צוואַנציקער יאָרן, ווען אונזער ערשטע שולן־פעדעראַציע איז איינגעפאַלן. דער סעמינאַר ווערט איצט, צום גרעסטן טייל, פאַרוואַלטעט און סובסידירט פון דער סאָציאַליסטיש־ציוניסטישער (פועלי ציון) באַוועגונג. אייניקע מיט־גלידער פון דער פאַרוואַלטונג פון סעמינאַר זיינען יחידים, אָדער לערער פון סעמינאַר אָדער טוער אַרום אים, בשעת די מייסטע פאַרוואַלטער זיינען פאָרשטייער פון סאָציאַליסטיש־ציוניסטישע קערפערשאַפטן. דער סעמינאַר איז היינט, אַלזאָ, נישט קיין אָרגאַנישער טייל פון אונזער שולן־סיסטעם; ער איז אָבער אַ פּאַראַלעלע אינסטיטוציע מיט אונזער שולן־פעדעראַציע.

גענוי באַשרייבן דעם סעמינאַר איז דאָ נישט מעגלעך. גענוג וועט דאָ זיין צו זאָגן, אַז דער סעמינאַר האָט אַ צאָל סטודענטן, וואָס שטודירן אויף אידישע לערער, בשעת דער גרעסטער טייל פון די סטודענטן לערנען אָן אַ פּראַקטישן ציל, נאָר גלאַט לשם בילדונג, אידישער אָדער אַלגעמיינער. דער סעמינאַר באַשטייט, אַחוץ פון סעמינאַר גופא, אויך פון אַ פּראָ־סעמינאַר פאַר גאָר יונגע מענטשן, פון אַ פאָלקס־אוניווערזיטעט, ד. ה. פון איינצלנע אָדער קליינע סעריעס לעקציעס, פאַר ערנסטע צוהערער, הגם נישט קיין אָפיציעלע סטודענטן, און פון אַ ספּעציעלער שול פאַר דער יוגנט פון דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער באַוועגונג.

דער סעמינאַר גופא האָט אַ 4־יאָריקן קורס. די לימודים זיינען אידישע, אַלגעמיין־וויסנשאַפטלעכע, סאָציאַלע און פּסיכאָלאָגיש־פּעדאַגאָגישע. דער סע־מינאַר האָט איצט אַרום 120 סטודענטן און אַרום 30 לערער.

שול־אַלמאַנאַך, פילאַדעלפיער א. ר. שולן, אַפּריל, 1935

# 25 יאָר נייע אידישע דערציאונג

ס'איז אַם פּלאַץ, אין איצטיקן יובילײ־בוך פון אידיש־נאַציאָנאַלן אַר־בעטער פאַרבאַנד, אַן איבערבליק איבער די דערגרייכונגען פון דער נייער אידישער דערציאונג — פון דער פאָלקשולן־באַוועגונג. ס'איז אַם פּלאַץ איצט, צום 25־יאָריקן יובילײ פון פאַרבאַנד, דערפאַר וואָס ער, דער פאַרבאַנד, האָבנדיק פאַרטראַכט די באַוועגונג אינאיינעם מיט דער פּאַרטיי פּועלי ציון, האָט ער זי אָבער גאַנץ אַליין אויסגעטראָגן. אויך דאַרף מען, למען האמת, ריידן נישט פון 25 יאָר פאַרבאַנד־שולן, נאָר פון 27, וואָרעם אָנגעהויבן האָט זיך די באַוועגונג מיטן פאַרבאַנד, אַלס קוואַטער, שוין אין יאָר 1910, צוויי יאָר נאָך איידער דער פאַרבאַנד איז שטאַטלעך אָנערקענט געוואָרן.

א.

מען דאַרף קענען אָפּטיילן די אידייע פון דער באַוועגונג. אמת, אויך די באַוועגונג האָט געהאַט זייער אַ גרויסן דערפאָלג, די אידייע, אָבער, האָט געהאַט דעם סאַמע גרעסטן דערפאָלג.

קורץ גערעדט איז די אידייע געווען אויסגעדריקט אין די יאָרן 1908, 1909, 1910 אין דעם רוף צום ראַדיקאַלן אידישן לאַגער, אַז אויך ער, הגם נישט זייענדיק אידיש אין געוויינטלעכן זין פון וואָרט, הגם לחלוטין נישט זייענדיק אידיש אין רעליגיעזער הינזיכט, איז ער אָבער אויך מחויב צו געבן זיינע קינדער אַ אידישע דערציאונג, אַ דערציאונג אָפּגעשיידט פון רעליגיע, אָט ווי די כעמיע שיידט אָפּ מעטאַלן, אַ אידישע דערציאונג נישט קיין רעליגיעזע נאָר אַ נאַציאָנאַל־קולטורעלע.

האָט זיך די דאָזיקע אידייע תיכף צעפלאַקערט, אַזוי ווי אַ שריפה איבער דער לאַנגער, אויסגעטריקנטער אַמעריקאַנער פּריירי. די חשובסטע סאָציאַ־ליסטישע און אַפילו אַנאַרכיסטישע טעאָרעטיקער, די געלערנטע אָנפירער פון אַרבעטער רינג האָבן זי גלייך אָנגענומען אָן וועלכער ס'איז פּאָלעמיקע און וויכוחים, און פון אַמעריקע איז די אידייע באַלד אַריבער פּאַקטיש אין אַלע לענדער מיט אַ אידישער אַרבעטערשאַפט, עס הייסט מיט אידישע מאַסן.

אַ קליינע, אומגעלומפּערטע קעגנערשאַפט איז נאָר אַנטשטאַנען אין דעם ריין־אָרטאָדאָקסישן לאַגער. זי איז אַנטשטאַנען נישט נאַטירלעך, ספּאָנטאַן, נאָר דורך פאַנאַטישע העצעס און מסירות, און געטשעפּעט האָט זי זיך, די דאָזיקע קעגנערשאַפט, נישט צום עיקר — אַ אידישע דערציאונג אָן דעם אידישן גאָט, אָן רעליגיע — נאָר צו אַ קוצה של יוד, הלמאַי זיצן ביי אונז אינגעלעך אין קלאַס אָן היטעלעך. די קעגנערשאַפט האָט נאָר אויסגעבראַכן עטלעכע מאָל אויף רבנישע אסיפות און, פאַראיינצלטע פאַלן, אין וואולגאַר־רבנישע פּאַסקווילן קעגן געוויסע אונזערע לימודים (די אידישע פאָלקס־לידער, למשל, וואָס מיר האָבן געזונגען מיט אונזערע קינדער האָבן זיי באַצייכנט אַלס „שניידערשע זמר׳לעך״). אָבער אויך די דאָזיקע קעגנערשאַפט האָט לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. פון קיין קאָלעקטיווער אָפּאָזיציע הערט מען שוין לאַנג נישט, פאַרקערט, עס זיינען פאַראַן גענוג רבנים, אַפילו עכט־אָרטאָדאָקסישע, וואָס שטייען מיט דער אידישער פאָלקשול אין פריינטלעכע באַציאונגען. זעלטן, זעלטן רייסט זיך נאָך אָפּ ערגעץ־וואו אין אַן אָפּגע־לעגענעם ווינקל, אַ רבנישער חוני המעגל און פּרואווט אונז מכבד זיין מיט אַ לעפל פעך און שוועבל.

דאָס אַלץ איז אָבער לפנים, פאַר דער וועלט. אין אמתן זיינען טיילן פון אונזער פּראָגראַם, אפשר טאַקע אויך אונזער גרונט־אידייע, טיף אַריינ־געדרונגען אַפילו אין אָרטאָדאָקסישע תלמוד־תורות. וואָס איז שייך דער ראַדיקאַלער, נישט־רעליגיעזער אידישער וועלט, פאַרדעקט זי אונזער אידייע, הגם נישט אונזער פולע פּראָגראַם, אַזוי ווי „וואַסער פאַרדעקט דעם ים״. די אַלע אַזוי גערופענע וועלטלעכע שולן אויף אידיש, סיי אין די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע, סיי אין דרום־אַמעריקע, סיי אין אייראָפּע בכלל און סיי אין סאָוועט־רוסלאַנד בפרט, זיי אַלע, ווי פאַרדרייט און פאַרקרוטשעט זיי זאָלן נישט זיין פון אונזער אָריגינעלער פּראָגראַם, זיינען אָבער דאָך, וואָס איז שייך אָפּשטאַם, גרונט־געדאַנקען און ברייטער פאָרמאַציע, אונזער מעשי־ידי. אַלע ריידן זיי פון אַ אידישער דערציאונג; אַלע אָנערקענען זיי די פּראָגראַם־עלעמענטן: אידיש, אידישע ליטעראַטור, אידישע היסטאָריע, אידיש ליד און אידיש פאָלקס־ליד און אַפילו אַ אידישן יום־טוב אָדער ימים־טובים. קען דען וועלכער ס׳איז אמת פאַרשטענדיקער מענטש באַצייכענען דאָס אַלץ אַנדערש ווי מיטן וואָרט נאַציאָנאַליזם?

דאָס אַלץ איז נאָר קאָפּירט געוואָרן, וואו אין פול און וואו נאָר טיילווייז.

נאָך אונזער ביישפּיל. דאָס אַלץ איז פאַראַן לרוב. דאָס אַלץ איז נישט געווען פאַר אונז. אָבער דאָס אַלץ האָט זיך אָנגעהויבן ווייזן אין אַ קורצער צייט אַרום נאָך אונזערע אויפקלערונגען און מעשׂים. דאָס אַלץ האָט זיך באַוויזן אַרום אונזער געאָגראַפישער און גייסטיקער שכונה. זיינען מיר אומדירעקט די פּאַטערס פון דעם אַלעמען און דאָס אַלץ זיינען אונזערע אַ מין מאָראַ־נאַטישע גייסטיקע קינדער. אָפּטמאָל, ווי אין פאַל פון די „אידישע״ שולן פון היגן אינטערנאַציאָנאַלן אָרדען און פון די „אידישע״ שולן פון סאָוועט־רוסלאַנד, איז טאַקע נישטאָ מיט וואָס צו שטאָלצירן; אָבער אַרויסלאָזן זיי פון סך הכל פון אונזער ווירקונג טאָר מען נישט.

ב.

די אומדירעקטע דערגרייכונגען אונזערע דריקן זיך, קודם כל, אויס אין אַ צאָל אידישע שולן פון אַלערליי ריכטונגען און אין דער צאָל קינדער וואָס באַזוכן זיי. אַזעלכע שולן זיינען דאָ אין די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע אַרום 400, מיט אפשר אַרום 15 טויזנט קינדער. אַחוץ די דערמאָנטע צוויי לענדער זיינען פאַראַן אַזעלכע שולן נישט נאָר אין אַרגענטינע און בראַזיליע, נאָר אויך אין אייניקע אַנדערע דרום־ און צענטראַל־אַמעריקאַנישע לענדער. אין שול־אַלמאַנאַך, וואָס דער פילאַדעלפיער אַרבעטער רינג האָט אַרויסגע־געבן פאַר צוויי יאָרן, איז אָנגעגעבן די צאָל קינדער פון די אַלע שולן. אין זעלביקן אַלמאַנאַך זיינען געווען אויסגערעכנט די אייראָפּעאישע לענדער מיט „וועלטלעכע אידישע״ שולן, ווי רומעניע (בוקאָווינע), ליטע, לאַטוויע, עסטאָניע, פּוילן, סאָוועט־רוסלאַנד און אַפילו אַן עמבריאָ פון אַ שולן־באַווע־גונג אין ענגלאַנד. אין אַלע אינאיינעם, אַריינגערעכנט אויך די אוממיטלבאַר אונזערע, האָט די צאָל קינדער, לויטן אַלמאַנאַך, באַטראָפן נישט זייער ווייט פון אַ מיליאָן.

אַ צווייטע גרויסע אוממיטלבאַרע ווירקונג האָבן אונזערע שולן, זייער אידייע און פּראָגראַם, געהאַט אויף די אַמעריקאַנער תלמוד־תורות. פון סאַמע אָנהויב פון אונזער שולן־באַוועגונג האָבן מיר אָנגעפירט אַ שטאַרקע פּראָפּאַגאַנדע אין דער אַלגעמיינער אידישער פּרעסע, אין אונזערע אייגענע פּעריאָדישע שריפטן און אין אונזערע ספּעציעלע בראָשורן. מיר האָבן אויך אַנטוויקלט אַ ריזיקע מינדלעכע פּראָפּאַגאַנדע, אין דער פאָרמע פון לעקציעס, רעדעס, סימפּאָזיומס און צוזאַמענפאָרן. אין דער גאַנצער דרויסנדיקער פּראָ־

פּאַגאַנדע האָבן מיר דער עיקר געשאָסן אין דריי צילן: קעגן אַ רעליגיעזער דערציאונג, אַלס אומזיכער, אומווירקזאַם, היינט־צו־טאָג אומהאַלטבאַר; פאַר אַ נאַציאָנאַלער דערציאונג; פאַר דער אידישער שפּראַך און ליטעראַטור אין דער לערן־פּראָגראַם.

האָט דאָס אַלץ זייער שטאַרק געווירקט אויף די תלמוד־תורות. די תלמוד־תורות, אַחוץ אייניקע גאַר אַלט־מאָדישע, זיינען געוואָרן ווייניקער רעליגיעז און פיל מער נאַציאָנאַל. עס געפינען זיך שוין אַזעלכע תלמוד־תורות, וואָס לייקענען אינגאַנצן — הגם מיט ווייניק רעכט, אַז זיי זיינען רעליגיעז. דערפאַר אונטערשטרייכן זיי אַלע דעם נאַציאָנאַלן מאָמענט. און דאָס איז אפשר דאָס אינטערעסאַנטסטע — עס געפינען זיך היינט אין די גרעסערע שטעט פון אַמעריקע, מיט דער אויסנאַם פון דער גרויסער תלמוד־תורה פון מינעאַפּאָליס און די תלמוד־תורה נעצן פון קליוולאַנד און דעטרויט — מיט די דאָזיקע אויסנאַמעס געפינען זיך היינט, אין די גרעסערע שטעט פון אַמעריקע, נישט קיין תלמוד־תורות, וואו מען זאָל קיין אידיש נישט לערנען (מיט דעם לימוד פון אידיש גייט אויך, נאַטירלעך, מער־ווייניקער דער לימוד פון אידישער ליטעראַטור). און דער לימוד גייט שוין צו גאַנץ סיסטעמאַטיש און אויף אַ מאָדערנעם שטייגער. אַרום דער צייט, ווען מיר האָבן אונזערע שולן געעפנט, פלעגט אַ תלמוד־תורה לערער ברענגען אין קלאַס אַ בלאַט „טאַגעבלאַט" און אַזוי אַרום לערנען די קינדער אידיש לייענען און שרייבן. היינט באַנוצן זיך די תלמוד־תורות מיט אונזערע אידישע לערן־ביכער. נאָכמער, עס זיינען שוין פאַראַן וואָסערע דריי חשובע תלמוד־תורה לערער, וואָס ספּעציאַליזירן זיך אויך אַלס שרייבער פון אידישע לערן־ביכער, דערהויפּט פאַר די תלמוד־תורות (פּנחס רודאָי, ה. גרענט און ה' גוטמאַן).

מען מעג אויך דערמאָנען דעם פאַקט, וואָס אינאיינעם מיט דער אידישער שפּראַך און ליטעראַטור איז דאָ און דאָרט אין אַ תלמוד־תורה אויך אַריינגעדרונגען דאָס אידישע ליד. נישט נאָר דאָס. אין די ערשטע פרילינג־חדשים פון אונזערע שולן האָט, לכל הפחות, איין פּרינציפּאַל פון דער פּאָבליק סקול (דר. באַדאנעס, פון בראַנזוויל) צווישן די אידישע קינדער, אין איר געזאַנג־פּראָגראַם אויך איינגעפירט אידישע פאָלקס־לידער. און איך בין גאָר נישט זיכער, צי איז דער מנהג שוין אינגאַנצן טויט אַפילו איצט.

אומגעהויער וויכטיק איז די נייע אידישע ליטעראַטור (צום קליינעם

טייל איז אַזאַ ליטעראַטור באַשאַפן געוואָרן אויף העברעאיש, הגם צומערסט אַ קעגנערישע), וואָס איז באַשאַפן געוואָרן דורך און אַ דאַנק דער נייער אידישער דערציאונג. די דאָזיקע ליטעראַטור איז זייער פּרוכטבאַר (אָפּטמאָל, אין טעג פון ליטעראַרישן „טריקעניש", איז זי דער איינציקער קוואַל, וואָס הערט נישט אויף צו שלאָגן), רייך און חשוב. זי באַשטייט פון גאָר אַ סך פּרעסע־אָפּהאַנדלונגען און פון אפשר נאָכמער זעלבסטשטענדיקע ביכער און בראָשורן. זי באַשטייט פון שול־ביכער און פון פּעדאַגאָגישע און פּראָפּאַ־גאַנדע־ווערק. זי באַשטייט, צולעצט, פון ווערק, סיי פון די לערער און סיי אַפילו פון די קינדער אַליין.

אין דער גאַנצער אמת ריזיקער נייער אידישער ליטעראַטור האָט אונזער אידישע פאָלקשול, דאָס הייסט די אידיש־העברעאישע, נאַציאָנאַליסטישע שול פון אידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד און פועלי ציון־צעירי ציון, נישט נאָר דעם ערשטן חלק, וואָס איז שייך צייט, נאָר אויך ריין שולמעסיק, אפשר טאַקע דעם השוב׳סטן. אָפּלייגנדיק די חשיבות אַ ווײַלע אָן אַ זייט, מעגן מיר באמת שטאָלץ זיין מיטן פאַקט, וואָס די ער׳שטע ווערטער און שריפטן וועגן און פון דער נייער אידישער דערציאונג זיינען געקומען פון אונז, ד. ה. פון מענטשן, וואָס, אויב זיי זיינען פריער נישט אידענטיפיצירט געוועזן מיטן פאַרבאַנד און דער פאַרטיי, זיינען זיי אָבער גאָר גיך, און טאַקע דורך דער נייער דערציאונג, מיט זיי ענג פאַרבונדן געוואָרן. די ערשטע טעאָרעטישע אָדער פּראָפּאַגאַנדע־אַרטיקלען זיינען געוועזן, כראָנאָלאָגיש, פון־נעם שרייבער פון די שורות („די וואַרהייט"), דר. חיים זשיטלאָווסקי („דאָס נייע לעבן"), חיים ליבערמאַן („דאָס אידישע טאָגעבלאַט"). ח. ליבערמאַנס פּאָפּולער־געוואָרענע רייע אַרטיקלען איז דערנאָך דער׳שינען אין אַ ספּעציעלער בראָשור. אין אַ ספּעציעלער בראָשור איז אויך אַרויס זיינער אַ רעפעראַט „די אידישע רעליגיע אין דער אידישער דערציאונג", געהאַלטן אויף אונזער ערשטן שולן־צוזאַמענפאָר (אין יאָר 1912). אומגעפער אין דער אייגענער צייט האָט לעאָן עלבע, איינער פון די ערשטע לערער אין אונזערע דעמאָלטיקע שבת־און־זונטיק־שולן, ביז אַ געוויסן גראַד אונטער מיין אויפמונטערונג, צונויפגעשטעלט דאָס ערשטע אידיש־לערן־ביכל אין אַמעריקע, „די אידישע שפּראַך". צו די דאָזיקע ערשטע אָנהויבן פון אַ אידישער, פּעדאַגאָגישער און שול־ליטעראַטור געהערן אויך די צוויי ביכלעך „דיין תורה מיטן ווינט" פון י. ל. פּרץ און „צווישן גרים", פון ש. אַנסקי, וואָס דער פאַרבאַנד

האָט זיי איבערגעדרוקט און איך מיט חיים ליבערמאַנען האָבן זיי צוגע־פּאַרטיקט פאַר קינדער־לעזער.

באַזונדערס אָבער געהערן צו אָט דעם סאָרט ליטעראַטור די קינדער־אָפּטיילונג אין פיל ניו־יאָרקער און ניט ניו־יאָרקער אידישע צייטונגען, וואָס „אונזערע מענטשן" האָבן דעמאָלט איינגעפירט און פאַר זיי צוגעשטעלט דעם שטאָף — חיים ליבערמאַן אין „טאָגעבלאַט", לעאָן עלבע אין דער „וואַרהייט" א. אַ. וו. (די קינדער־אָפּטיילונגען זיינען שוין געבליבן אַ שטענ־דיקע ירושה אין אידישע צייטונגען, ווי למשל, די שטענדיקע איצטיקע אָפּ־טיילונג אין „מאָרגן־זשורנאַל", געפירט פון אפרים אויערבאַך און, ווען נישט ווען, אויך אין „טאָג", און אַ פאַר מאָל איז חבר ש. שאַפּיראָ, אויך איינער פון אונזערע ערשטע לערער און שול־טוער, געווען איר רעדאַקטאָר).

ג.

קומענדיק נענטער צו אונזערע אייגענע, ד. ה. צו אונזערע אוממיטלבאַרע דערגרייכונגען, מוזן מיר, גאָר צוערשט, זיך אָפּשטעלן אויף אונזערע אייגענע טעאָרעטישע זוכענישן, ראַנגלעניש, לייזונגען און איינשטעלונגען. ווארעם, ס'איז דאָך קלאָר, אַז הגם מיר האָבן שוין גאָר אין אָנהויב, אַזש אין יאָר 1910, געהאַט אונזערע פּרינציפּן און פאָרמולירונגען, האָבן מיר דאָך געמוזט אַנווענדן פיל גייסטיקע אָנשטרענגונגען ביז ס'איז אונז געלונגען אונזערע פאָרמולירטע פּרינציפּן אַנצוקניפּן מיט פּראַקטישן לעבנס־אינהאַלט.

אונזער האַרטסטער נוס, אין דער הינזיכט, איז געווען דער פּונקט אידישע רעליגיע אין אונזער פּראָגראַם. אונזער ערשטע פאָרמולירונג איז, אמת, טאַקע געווען, אַז אונזער דערציאונג איז נישט רעליגיעז, אַז ס'איז אָבער געקומען צו דער לערע אין קלאַס, האָט נאָך ביי אייניקע פון אונז געקענט אַנטשטיין אַ פראַגע, צי דאַרף גאָר אונזער לערע נישט זיין אַנטי־רעליגיעז, בפרט אַז געהייסן האָבן אונזערע שולן צוערשט נאַציאָנאַל־ראַדי־קאַלע. פּאַרטיק ווערנדיק גאָר שנעל מיט אָט דעם ספק, נישט נאָר ווייל מיר האָבן געפילט, אַז אַקטיווע אַנטי־רעליגיעזיטעט מיט נאַציאָנאַליזם זיינען אַ מין ווידערשפּרוך אין זיך אַליין, נאָר אויך ווייל אַקטיווע אַנטי־רעליגיעזיטעט איז, אין 1910, אויף דער אידיש־אַמעריקאַנישער גאַס, שוין געווען אַן אָפּ־געלעבטע זאַך. איז אָבער פאַר אונז ווי פון זיך אַליין אויפגעשטאַנען די גע־וויסהייט, אַז די נישט־רעליגיעזקייט פון אונזער דערציאונג קען בשום

אופן נישט באַטייטן, אַז זי איגנאָרירט די אידישע רעליגיע גאָר אינגאַנצן. מיר האָבן געפילט, אַז אַזאַ צוגאַנג, אַ חוץ וואָס עס וואָלט בכלל געווען אַ ברוטאַלע „איבערהאַקונג פון דעם גאַרדיאַנישן קנופּ", איז ער דער עיקר, לחלוטין נישט האַלטבאַר אין אונזער באַציאונג צו די אידישע ימים־טובים, אין לימוד פון אידישער היסטאָריע, אין אַ פאַרשטענדעניש פון אידישן לעבן און ליטעראַטור.

אונזער רעזאָלוציע, אויף אונזער ערשטן שולן־צוזאַמענפאָר, אין יאָר 1912, אַז מיר טרעטן צו צו דער אידישער רעליגיע היסטאָריש, קולטור־היסטאָריש, עטיש און פּאָעטיש, איז אין אמתן געווען בלויז אַ סאַנקציע פון אונזער פּראַקטיקע אין די קלאַסן. און, פילנדיק אַפילו, אַז אָט די פאָר־מולירונג גיט אונז נאָך ווייניק פּאָזיטיוועס, זיינען מיר אין אונזערע זוכענישן געגאַנגען אַלץ ווייטער, ביז אַן ערך אין סוף פון די צוואַנציקער יאָרן, איז אונז קלאָר געוואָרן, אַז אונזערע קינדער דאַרפן האָבן ידיעות וועגן דער אידישער רעליגיע. גייענדיק ווייטער ביז צו דער פולסטער קאָנסעקווענץ פון דעם דאָזיקן געדאַנק, האָבן מיר דערנאָך פעסטגעשטעלט, אַז די אי־רעליגיעזיטעט פון אונזער שול באַשטייט בלויז אין אונזער קעגנערשאַפט צום דירעקטן גלויבן, אין אונזער נישט אָננעמען קיין דאָגמע. אַפּגעזען אָבער פון דעם איינציקן פונקט איז אונזער צוגאַנג צו רעליגיע אַ פּאָזיטיווער. און אַזוי האָבן מיר, שליסלעך, אין יאָר 1933 אָנגענומען די רעזאָלוציע צו באַ־רייכערן אונזער קוריקולום מיטן לימוד פון אידישער עטנאָלאָגיע, וואָס מיינט קודם כל אַ ברייטע באַקאַנטשאַפט מיטן אידיש־רעליגיעזן לעבן.

רעליגיע איז אָבער נישט געווען אונזער איינציקער פונקט פון אומרו. מיר האָבן באַדאַרפט אויסאַרבעטן אין דער פּראַקטיק אונזער שטעלונג צו די אידישע ימים־טובים, דער סטאַטוס פון העברעאיש און אידיש אין אונזער שול, פונעם סאָציאַליזם, פון ארץ ישראל. אונזערע רעפעראַטן און דיסקוסיעס, ווי אויך אונזערע שריפטלעכע פּאָלעמיקעס, האָבן אין משך פון די יאָרן קריסטאַליזירט אונזערע באַציאונגען צו די אַלע זאַכן אויפן פאָלגנדיקן אופן: מיר דערקלערן די קינדער די אידישע ימים־טובים און מיר פייערן זיי און „דאָס מיינט, אַז אונזער באַציאונג צו זיי איז אויפקלערעריש־טראַדיציאָנעל", מאָדערן נאַציאָנאַל און אָפּהיטעריש, איבערוועגנדיק נאַציאָנאַל. אונזער אידיש־העברעאישע גלייכשפּראַכיקייט, כאָטש אין פלוג איז זי האַרבלעך צו רעאַליזירן, ווערט אָבער אין אונזערע טעג אַלץ גרינגלעכער. דער

העברעאישער לימוד ווערט אַלץ מער באַרייכערט דורכן לימוד פון תנ"ך, מאָדערנער ליטעראַטור און אַפילו אגדה. עס ווערט אַפילו אינגאַנצן נישט איגנאָרירט דאָס העברעאיש ריידן, הגם מאָטיווירט איז עס ביי אונז נישט העברעאיסטיש, נאָר ריין פּעדאַגאָגיש. די סאָציאַליסטישע אַטמאָספערע אין אונזער שול איז, אין די לעצטע יאָרן, אין מאַנכע פאַלן אפשר אַלס קאָנצעסיע צו דער צייט אין וועלכער מיר לעבן, געוואָרן שוין גאַנץ געדיכט. פיל געדיכטער נאָך ווערט אָבער, אין אונזער קלאַס־צימער, די לופט פון ישראל, דערהויפּט, נאַטירלעך, פון דער אַרבעטערישער ארץ ישראל, הגם מיר לאָזירן נישט צו דערלאָזן אַז אונזערע שולן זאָלן ווערן ריין פּאַרטייאיש, פּועלי־ציוניסטיש.

פאַרשטייט זיך, אַז אַ חוץ ריין טעאָרעטיש פּרינציפּיעל האָבן מיר גע־האַט און האָבן נאָך איצט היפּשע ראַנגלענישן אויפן פעלד פון מעטאָדיק. די פראַגע ווי אַזוי לערנט מען אויס אונזערע קינדער ווי אַמשנעלסטן און ווי אַמגרינטלעכסטן אידיש און העברעאיש, ווי אַזוי גייט מען אַמקירצסטן און גלייכצייטיק אַמגרינטלעכסטן דורך דעם געדיכטן וואַלד פון אידישער היס־טאָריע, ווי אַזוי פייערט מען די ימים־טובים, ווי אַזוי לערנט מען אידישע עטנאָלאָגיע און דעמאָגראַפיע און ווי אַזוי ארץ ישראל און סאָציאַליזם — די אַלע פראַגן גייען זעלטן אַראָפּ פון אונזערע טאָג־אָרדענונגען, נישט געקוקט וואָס גאָר אַ סך איז שוין ביי אונז אויפגעטאָן געוואָרן וועגן זייער לייזונג.

די דאָזיקע און ענלעכע פראַגן ווערן ביי אונז באַהאַנדלט נישט נאָר מינדלעך, נאָר אויך שריפטלעך. מיינט עס, אַז מיר שאַפן כסדר אידיש־פּעדאַגאָגישע און שול־ליטעראַטור.

אין אמתן זיינען אונזערע דערגרייכונגען, ד. ה. אונזער אוממיטלבאַרער אויפטו אויפן פעלד פון פּעדאַגאָגישער און שול־ליטעראַטור זייער גרויס. אַ חוץ אין די גאָר ערשטע יאָרן, וואָס דאָס איז שוין דערמאָנט געוואָרן, איז אונטער אונזער דירעקטער השפעה, אַן ערך אין יאָר 1915 אַרויס חיים ליבערמאַנס און מייטע ליוושיצעס אידישע איבערזעצונג פון שמעון דובנאָווס דריי־בענדיקער אידישער היסטאָריע פאַר דער גימנאַזיע. און עד היום ווערט נאָך דאָס בוך באַנוצט אין אונזערע ווי אויך אין אַנדערע שולן, פאַר עלטערע קינדער. אין יאָר 1916 איז אַרויס מיינע און לעאָן עלבעס אידישע כרעסטאָ־מאַטיע „פון אידישן קוואַל", אַ לערן־בוך, וואָס אין משך פון פיל יאָרן איז עס כמעט געווען דאָס איינציקע פאַר ניט־אָנפאַנגער קינדער, סיי אין די

אידישע שולן און סיי אין תלמוד־תורות. קליינע, איינציקע מעשיות פאַר קינדער זיינען, זינט דער אידיש־נאַציאָנאַלער אַרבעטער פאַרבאַנד האָט דעם אָנהויב געמאַכט מיט י. ל. פּרצ׳ס „אַ דין תורה מיטן ווינט״, פיל אַרויס סיי אין אַמעריקע און סיי אין רוסלאַנד און פּוילן. אָבער דאָס ערשטע גרויסע מעשה־בוך, סיי דאָ און סיי דאָרטן, איז געוועזן דעם שרייבערס „פון פאָלקס מויל״, וואָס די „היברו פּאַבלישינג קאָמפּאַניע״ האָט אַרויסגעגעבן אין ערך אין 1918. לעאָן עלבעס צוויי מעשה־ביכער, „פון אונזערע קליינע קינדערס וועגן״ און „איינגעלע רינגעלע״, הגם זיי זיינען נישט אַרויסגעגעבן געוואָרן פון אונז, דאַרפן אָבער פאַרשריבן ווערן אויף אונזער קאָנטאָ לויט אינספּי־ראַציע און השפּעה. פון 1917 אָן האָט דער אידיש־נאַציאָנאַלער אַרבעטער פאַרבאַנד אַרויסגעגעבן דריי אָדער פיר פּראָפּאַגאַנדע־בראָשורן, וואָס דינען אונז נאָך ביז היינט אַלס אויפקלערונג־מאַטעריאַל צווישן קרייזן מענטשן, וואָס קלייבן זיך עפענען אַ נייע שול. סאָלידע לערן־ און לייען־ביכער האָט דער פאַרבאַנד אַרויסגעגעבן פון 1926 אָן: יהודה שטיינבערגס אידישע דער־ציילונגען (ש. שאַפּיראָ, צוזאַמענשטעלער און רעדאַקטאָר), די צוויי בענדער „אידישע פּאָעטן״ פאַרן לימוד פון אידישער פּאָעזיע (ביזן יאָר 1906) אין אַלע אידישע פאָלקשולן, מיטלשולן, א. אַ. און, שליסלעך, שלמה ווייסמאַנס דריי־בענדיקן „דאָס וואָרט״, וואָס, אין אַמעריקע, איז עס פאַקטיש דאָס איינציקע בוך וואָס ווערט באַנוצט מיט עלטערע קינדער פון דער פאָלקשול און אין מיטלשול (איצט אַרבעט אונזער צענטראַלער שולן־קאָמיטעט אויף אַ נייער אויסגאַבע פון ערשטן באַנד „דאָס וואָרט״, אויך אויף אַ געזאַנג־בוך. זאָל דאָ אָבער אויך באַמערקט ווערן, אַז דאָס ערשטע געזאַנג־בוך פאַר דער אידישער שול אין אַמעריקע, דאָס בוך פון ה. לעפקאָוויטש, אין ערך אין 1917, איז אַרויס אַ דאַנק אונזער איינפלוס און אויפמונטערונג.

אָפּשליסנדיק אַט דעם טייל פון אונזער אַרבעט, דאַרף מען נאָך אָנווייזן, אַז דעם ערשטן אידישן קינדער־זשורנאַל אין אַמעריקע האָבן מיר אַרויס־געגעבן. דער חודש־זשורנאַל „קינדערוועלט״ איז דורך אונז אַרויס, אומגעפער אין יאָר 1915 און האָט אָנגעהאַלטן אַ היפּשע צייט. דער זעלביקער זשור־נאַל איז ווידעראַמאָל, אויף באַלד אַ יאָר אַ גאַנץ, דורך אונז באַנייט געוואָרן (ש. שאַפּיראָ, רעדאַקטאָר) מיט אַ ניין יאָר צוריק. ריין פּעדאַגאָגישע שריפטן זיינען געוועזן צוויי גרויסע נומערן „אידישע דערציאונג״, אין די יאָרן 1931־1932 און אַ פּאָר נומערן פון אַ קלענערן זשורנאַל „די אידישע שול״ (רעדאַק־

טאָר ש. שאַפּיראָ). „די אידישע דערציאונג" איז לעצטן אָקטאָבער באַגייט געוואָרן אַלס פּערטל־יערלעכער זשורנאַל, פון וועלכן צוויי נומערן (מיין רעדאַקציע) זיינען שוין דערשינען.

ד.

אויפן דירעקטן שול־געביט און ריין נומעריש זיינען אונזערע אוממיטל־באַרע דערגרייכונגען אָט אַזעלכע: מיר פאַרמאָגן איצט קנאַפּע פופציק פאָלק־שולן, מיט קנאַפּע פיר טויזנט קינדער. מיר האָבן אונזערע שולן דירעקט אין צוויי לענדער, אין די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע. די לעצטע — אין וויניפּעג, אין מאָנטרעאָל און אין טאָראָנטאָ — זיינען די גרעסטע און פאַר־צוייגטסטע, מיט אפשר זעכצן הונדערט קינדער, מיט קינדער־גאָרטנס, טאָג־שולן (ד. ה. אידיש־ענגלישע פרימאָרגן־שולן, פון דער רעגירונג אָנערקענטע), נאָכמיטאָג־שולן, מיטלשולן און אַפילו העכערע קורסן, וואָס איז אַ מין אָנפאַנג פון אַ קאָלעדזש (מיר האָבן געהאַט קינדער־גאָרטנס אויך אין די שטעט ניו־יאָרק און אַטלאַנטאַ, דזשאָרדזשיאַ). אונזערע שולן זיינען פול־וואָכיקע פון זינט 1915 אָן. בלויז אַ פּאָר יאָר האָבן מיר געהאַט אין ניו־יאָרק, צוויי־דריי האַלבע שולן, אַזוי ווי דער אַרבעטער רינג און די שלום עליכמ'ניקעס האָבן. איצט האָבן מיר בלויז צוויי שולן, אין יאָנקערס און אין ראטשעסטער, ניו־יאָרק, וואו מען לערנט בלויז פיר מאָל אַ וואָך.

מיטלשולן האָבן מיר נישט נאָר אין קאַנאַדע, נאָר אויך אין פיל שטעט פון די פאַראייניקטע שטאַטן. אין ניו־יאָרק האָבן מיר אַ גוט אָוועקגע־שטעלטע, גוט־פונקציאָנירנדיקע, צענטראַלע מיטלשול. מיר האָבן אויך, אין גאָר פיל ערטער, אַלס צוגאָב צו די קינדער־קלאַסן, קלאַסן פאַר דער־וואַקסענע.

פאַרשטייט זיך, אַז צו אונזערע שולן דאַרף אויך צוגערעכנט ווערן דער אידישער לערער־סעמינאַר, וועלכן מיר האָבן, אין 1918, ספּעציעל געגרינדעט ווי אַ לערער־רעזערוואואַר פאַר אונזערע שולן און וועלכן אונזערע שולן — די עקזעקוטיווע פון אונזער דעמאָלטיקער שול־פעדעראַציע — האָבן אין לעבן אַרויסגערופן. דער סעמינאַר וואָס האָט אַ ברייטע און אָריגינעלע דריי־פאַכיקע פּראָגראַם — אידישע וויסנשאַפט, אַלגעמיינע וויסנשאַפט און ריין־פּעדאַגאָגישע וויסנשאַפט — האָט שוין אַרויסגעלאָזט וואָסערע הונדערט־מיט־פופציק לערער און לערערינס, וואָס אַ גוטע העלפט זייערע איז טעטיק אין אַלערליי אידישע שולן און תלמוד־תורות, דאָ אין לאַנד און אויך אין

ארץ ישראל. אַ חוץ אין די יערלעכע וואַקאַציעס, האָט דער סעמינאַר, נישט געקוקט אויף די פיל פינאַנציעלע יסורים וואָס באַגלייטן זיין עקזיסטענץ, אויף קיין איין טאָג נישט איבערגעריסן זיין פעדאַגאָגיש־בליענדיקע טעטיקייט אין משך פון ניינצן יאָר.

אונזערע אוממיטלבאַרע דערגרייכונגען ווערן אָבער אַפילו מיט דעם אַלעמען נאָך נישט אויסגעשעפּט. אַ חוץ דעם סעמינאַר און די קנאַפּע פופציק, לאָמיר זאָגן, קאָנאַניזירטע שולן, איז נאָך פאַראַן אין אונזער פּעריפעריע אַ היפּשע צאָל אַנדערע, לאָמיר זיי דערוויייל אָנרופן, אַפּאָקריפישע שולן. אַהער קומען צוערשט אַריין אונזערע דריי אָדער פיר קינדערשע זומער־קאָלאָניעס אין ניו־יאָרק, דעטרויט, מאָנטרעאָל און אפשר אויך שיקאַגאָ, מיט אומגעפער אַ טויזנטדיקער אַרמיי קינדער. אין משך פון גאַנצע צען וואָכן קריגן דאָרט אידישע קינדער אַ דערציאונג גאַנץ אין אונזער גייסט און, זומערדיק־טעגלעך, לויט אונזער פּראָגראַם.

עס זיינען אָבער פאַראַן פיל שולן אין ניו־יאָרק, דעטרויט און אַנדערע שטעט, וועלכע ווערן געפירט סיי אין אונזער גייסט און סיי לויט אונזער פּראָגראַם, אָבער אָפיציעל גייען זיי נישט אַריין אין אונזער צעטל. געוויינטלעך איז די סיבה פון זייער נישט־אָנערקענונג בלויז דאָס וואָס זיי זיינען נישט קיין קהלשע אינסטיטוציעס — ד. ה. זיי ווערן נישט אויסגעהאַלטן פון קיין שום אָרגאַניזאַציע — נאָר זיי ווערן בלויז געפירט פון די לערער.

עס וואָלט צום סוף אויך געווען אַן אומרעכט אינגאַנצן דאָ צו פאַרשוויגן די גרויסע צאָל יונגע מענטשן, סיי אין סעמינאַר דערצויגענע, סיי אַנדערע וואָס שטייען צו אונז נאָענט, וועלכע גיבן פּריוואַטע לעקציעס צו קינדער, וואָס מחמת איין סיבה אָדער אַ צווייטער, באַזוכן זיי נישט אונזערע שולן. אויף וויפל די היימישע באַדינגונגען דערלויבן עס, לערנען די דאָזיקע מענטשן די קינדער אי אין אונזער גייסט אי לויט אונזער קוריקולום.

## ה.

ריין נומעריש זיינען אונזערע אוממיטלבאַרע דערגרייכונגען ליידער נישט צו גרויס. די דיספּראָפּאָרציע, למשל, צווישן אונזערע קנאַפּע 50 שולן און איבער 200 צווייגן פון אידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד ליגט אויבן־אויף. מיר קענען, אמת, איצט פיל נישט אויפטאָן צווישן די קרייזן פון אַרבעטער רינג און פון די עקסטרעם אידישיסטישע שלום עליכמ׳ניקעס.

דעם גרעסטן טייל פון אונזער תורה האָבן זיי שוין אויך איבערגענומען — און אין לעבן פאַרפלאָנצט. פאַר אַ טיפערן אינטערעס מיט העברעאיש און מיט דעם אַרבעטנדיקן ארץ ישראל זיינען זיי נאָך נישט רייף. מיר קענען זיי בלויז לאַנגזאַם אויפקלערן. מיר קענען אָבער נאָך פיל דערגרייכן אין אונזער אייגענעם פאַרבאַנד און פועלי ציון־קרייז און אויך — דאָס דאַרף באַזונדערס אונטערגעשטראָכן ווערן — צווישן סתם אָדער אַפילו בעל־הבתישע אידן.

בנוגע די לעצטע איז דער פסיכאָלאָגישער מאָמענט איצט שטאַרק גינס־טיק. נישטאָ פאַקטיש היינט קיין קעגנערשאַפט צו אונז מצד די רבנים און זייערע דירעקטע נאָכפאָלגער; פאַראַן גאָר אַ גרויסע סימפּאַטיע און פאַרשטענדעניש פאַר אונזער דערציאונג מצד דער אידישער מאַסע, אונזערע שולן האָבן דורך זייער באַשיידענער, ערלעך־געדולדיקער אַרבעט זיך ערנ־האַפט רעקלאַמירט צווישן פאָלק. אַפילו שול־אידן זעען שוין די אמתדיקייט און די וויכטיקייט פון אונזער דערציאונג. די מאַסע, וועלכע לעבט אויף אידיש און איז אַללענדיש־משפחה׳דיק פאַרבונדן דורך אידיש, האָט דעם דערציאונג־ווערט פון דער דאָזיקער שפּראַך שוין לאַנג איינגעזען און כסדר געמאָנט אידיש פון תלמוד־תורות און „היברו סקולס״. לעצטנס הויבט אָבער די מאַסע אויך אָן איינצוזען, אַז ריין רעליגיעזע דערציאונג איז נישט האַלטבאַר היינט צו טאָג און וואָס איז שייך נאַציאָנאַלער דערציאונג איז די תלמוד־תורה פאַר דעם נישט אַמבעסטן איינגעשטעלט. פיל עלטערן, אין שכנות מיט אונזערע שולן אָדער מיט קינדער פון אונזערע שולן, זעען לעצטנס שוין גאַנץ גוט איין, אַז אונזערע שולן גיבן אַרויס, נישט נאָר וואַרעם־באַגייסטערטע, נאָר טאַקע אויך גוטע, גאַנצע אידן.

די לעצטע באַהויפּטונג איז געשטיצט אויף טאָג־טעגלעכע פאַקטן אין און אַרום אונזערע שולן. אָפלאָזנדיק אַפילו אָן אַ זייט דעם פאַקט פון די „טשעסטס״ אין פיל שטעט, וואָס שטעלן פאַקטיש, אָן וועלכן ס׳איז קאַמף, אַרויף אונזערע שולן אויף זייערע לאָקאַלע בודזשעטן, אינאיינעם מיט די אָרטיקע תלמוד־תורות, בלייבן אונז אָבער די פאָלגנדיקע צוויי גרויסע דערשיינונגען:

די צאָל אינגלעך לגבי מיידלעך ווערט אין אונזערע שולן כסדר גרעסער. שוין איצט זיינען פאַראַן שולן, וואו די צאָל אינגלעך איז גרעסער פון דער צאָל מיידלעך. אויב די דאָזיקע טענדענץ וועט ווייטער אָנהאַלטן, און

ס'איז דאָך נישטאָ קיין משמותדיקע סיבה פאַרוואָס דאָס זאָל אַזוי נישט זיין — ווען אין אונזערע שולן די אינגלעך־מיידלעך צאָל גאָר אין גיכן פולשטענדיק זיך אויסגלייכן.

שול־מענטשן, בפרט אַז זיי פאַרגלייכן די דאָזיקע איצטיקע לאַגע מיט דער אַמאָליקער, אַפילו נישט מיט גאָר דער ערשטער, ווייסן גאַנץ גוט וואָס דאָס באַטייט. זיי ווייסן אויסגעצייכנט, אַז דאָס מיינט, אַז דער דורכשניטלעכער איד הויבט שוין אָן האָבן צו אונז זיין פולסטן פּאָטערלעך־פּעדאַגאָגישן צוטרוי. ער איבערצייגט זיך אַלץ מער, אַז נישט נאָר גיבן מיר די קינדער דאָס וואָס דער איד רופט אָן פּעדאַגאָגישע חפציות אָדער שמאָכטעליאַקעס (אַ אידיש בריוועלע שרייבן, אַ אידיש לידעלע זינגען א. אַ. וו.), וואָס וואָלטן ביי אים געַנוג געווען פאַר דעם טעאַטער, נאָר טאַקע אויך אַ ראַיעלע אידישע דערציאונג, וואָס ער וויל אַזוי אָפּט האָבן פאַר זיין זון.

די צווייטע דערשיינונג, וועלכע באַמערקט זיך איצט אין אונזערע שולן, איז דאָס וואָס די גרויסע מאַיאָריטעט קינדער אין אונזערע שולן זיינען גאָר נישט קיין קינדער פון חברים און, נאָכמער, וואָס אַזוי פיל פון זיי, האָבן די עלטערן אַוועקגענומען פון תלמוד־תורות אָדער פּריוואַטע מלמדים און אַריינגעגעבן אין אונזערע שולן.

דער איצטיקער מאָמענט איז דעריבער זייער גינסטיק פאַר אונזערע שולן. אונזערע לערער, אַפילו אונזער צענטראַלער שולן־קאָמיטעט זיינען אַליין נישט ביכולת דעם אָנגעהייצטן אייזן אויסצושמידן; אַ גרויסע נאַציאָנאַלע קערפּערשאַפט קען זיך אָבער דורך דעם אויף אייביק קונה שם זיין.

אַ באַשלוס, אויפן נייעם יאָר אָנצופאַנגען אַ פיל פאַרגרעסערטע שול־טעטיקייט, האָט דער פאַרבאַנד שוין געפאַסט. דאַרף ער נאָר אין דעם דאָזיקן באַשלוס זיך טיפער אַריינקלערן, אויפצופאַסן אים אין אַ פיל ברייטערן אומ־פאַנג, אין ליכט פון די נייע מעגלעכקייטן. און אַוודאי פאָדערט זיך דעם דאָזיקן באַשלוס ווי אַמשנעלסטן לאָזן פאַרקלינגען אין מעשים.

וואָס עס פאָדערט זיך איצט, איז אַ מאַסן־באַוועגונג פאַר דער אידישער פאָלקשול, פאַר דער נייער אידישער דערציאונג. צום גליק איז דער באָדן פאַר אַזאַ באַוועגונג איצט שוין גוט צוגעגרייט.

„אידישע אַרבעטער שטימע", יוני, 1937

# אונזער נייע אידישע דערציאונג

איך טראַכט וואָס פאַר אַ דעפיניציע גיט מען דער דערציאונג פון די אידישע פאָלקשולן פון אידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד און פועלי ציון־צעירי ציון? און עס פאַלט מיר איין: אונזער נייע אידישע דערציאונג — דאָס איז אַ מיסטעריע.

אַ מיסטעריע אין מיטלאַלטער איז געווען אַ סודותדיקע, הייליקע טראַגעדיע אויף אַ ביבלישער טעמע. מיט איר טראַגיק פלעגט זי הערצער ברעכן, מיט איר הייליקייט האָט זי פון די אויגן טרערן געצויגן און מיט איר סודות־דיקייט האָט זי אַנגעצילעוועט די נשמה אין דער ווייט־ווייטער פאַרגאַנגענהייט.

איך דערמאָן זיך:

דאָס איז געווען מיט אַ יאָר דרייסיק צוריק, אַ פּאָר יאָר נאָכדעם ווי אונזער ערשטע שול איז געגרינדעט געוואָרן, אין אַ זומערדיקן, זונטיקדיקן פאַרנאַכט, אין לאַנגן זאַל פון אַ סקול, אויף איסט בראָדוויי, אין ניו־יאָרק. די סצענע: צוויי שורות מיט טייפּרייטערס, מיט שוואַרצע צעראַטעס פאַרדעקט; די קינדער, אויסגעזעצט לעבן די שוואַרצע צודעקן, אויבן־אָן ביים לערן־טיש, דער לערער.

פּלוצים פאַרקלינגט עס אין זאַל. אַן אַכט־יאָריק מיידעלע לייענט אויף העברעאיש מיט קוים אַ צומיש אויף אַראַמייאיש:

> אַמאָל איז געווען אַ מעשה מיט רבי שמעון בן אלעזר... און ער איז געווען געריטן אויף אַן אייזל און געשפּאַצירט אויפן ברעג ים. איז אַנטקעגן געקומען אַ מענטש זייער אַ מיאוסער, רופט ער זיך אָן צו אים: פּאַסקודניק דו, ווי מיאוס עס קענען זיין אברהם אבינו'ס קינדער! רופט זיך אָן צו אים יענער: אַך, וואָס קען איך עפּעס טאָן דערצו? רייד צום קינסטלער וואָס האָט מיך באַשאַפן.

נאָר וואָס איז דאָס? וואָס פאַרקוועטשט מיך אין האַלז און די אויגן ווערן מיר פייכט? וואָס פאַר אַ טרערן אין מיטן דערינען? אַ מעשהלע ווי אַ סך אַנדערע תלמודישע מעשהלעך — מאָראַליש? אָבער גאָרנישט רירנדיק. אויף אַ האָר נישט טראַגיש.

די אַלטע העברעאיש־אַראַמישע ווערטער, אַרויסגעזאָגט פון דעם תנא רבי שמעון בר אלעזר, אויפן ברעג פון מיטללענדישן ים — אָט שאַלן זיי ווידער אַרויס, איבער לענדער און ימים, איבערן מדבר פון קנאַפּע צוויי טויזנט יאָר, פון מויל פון אַ קליין אידיש מיידעלע, אויף אַ שפּאַן ערד, אין אַ וועלט, וואָס דעמאָלט האָט אַוודאי קיינער נישט געחלומט, אַז זי איז ערגעץ פאַראַן.

עס איז די נישט־איבערגעריסענע גאָלדענע קייט! עס איז דער אייביקער המשך!

און ווער האָט דעם וואונדער געטאָן? די מיסטעריע פון נאַציאָנאַלער אידישער דערציאונג.

די מיסטעריע פון דער נייער אידישער דערציאונג, וואָס איז אויך די מיסטעריע פון אידישן נאַציאָנאַליזם, וואָס אויף אים איז אונזער דערציאונג געבויט.

שוין צוויי טויזנט יאָר, אַז אונזער פאָלק איז „טויט״, דאָך לעבט עס.

אין פלוג אָן סימנים פון אַ פאָלקס־לעבן, דאָך איז עס אַ פאָלק.

אַ פאָלק אָן אַ לאַנד, דאָך קיינער קען עס נישט פאַרניכטן.

אַ טויט פאָלק, דאָך האַלטן מיר אין איין שאַפן (וואָרעם אַפילו די שאַפונג פון באַשטימטע אידישע יחידים איז דאָך אויך די שאַפונג פון גאַנצן אידישן פאָלק, וואָרעם אויך אין דער שאַפונג פון יחידים שפּיגלט זיך אָפּ דער גייסט פון פאָלק, און אויך די נשמות פון די שאַפנדיקע יחידים האָבן זיך געגנערט אין די זאַפטן פון דער פאָלקס־נשמה). דאָס טויטע אידישע פאָלק האַלט אין איין שאַפן, אין איין בויען, אין איין איבערבויען זיך אַליין, צום טייל, אויך די וועלט אַרום.

און אַזוי זיינען מיר נישט סתם אַ פאָלק, נאָר אַ וואונדער־פאָלק.

אַ פאָלק פול מיט שיינקייט.

די שיינקייט פון לעבן — און די שיינקייט פון טויט.

און דאָס איז די מיסטעריע פון אונזער נאַציאָנאַליזם און פון אונזער דערציאונג — פון דער דערציאונג, וואָס איז געבויט אויף אונזער נאַציאָנאַליזם.

די מיסטעריע פון אונזער דערציאונג, איז די מיסטעריע פון נאַציאָנאַליזם און די מיסטעריע פון אונזער נאַציאָנאַליזם נעמט, צום גרויסן טייל, אויך

אַריין די מיסטעריע פון דער אידישער רעליגיע. אונזער דערציאונג איז צונויפגעצעמענטירט פון אַלע צווייגן פון אונזער קולטור, פון אַלץ וואָס פאַר־מאָגט אידישע וויטאַליטעט, לעבנס־קראַפט און שיינקייט, פון אַלץ וואָס נאַציאָנאַליזירט און פאַראייניקט.

מיר זיינען נאַציאָנאַליסטן, האַלטן מיר, אַז יעדער אידישער יחיד איז אַ ברודער צו יעדן אַנדערן אידישן יחיד; מיר זיינען פאַראייניקט מיט יעדן אידן פון דער גאַנצער וועלט, נישט נאָר פון היינט, נאָר אַפילו פון סאַמע וויטסטן אַמאָל. מיר זיינען פאַראייניקט נישט נאָר מיט די לעבעדיקע, נאָר אויך מיט די טויטע. מיר זיינען פאַראייניקט נישט נאָר מיט די אידן פון היינט און אַמאָל, נאָר אויך פון דער וויטסטער צוקונפט.

און דאָס באַשטימט אונזער באַציאונג צו דער אידישער רעליגיע. מיר וויסן די נאַציאָנאַליזירנדיקע קראַפט פון דער אידישער רעליגיע; מיר וויסן איר גרויסן ווערט, נישט נאָר אַמאָל, נאָר אויך היינט, צונויפצוהאַלטן אונזער פאָלק.

נישט געהערנדיק צו די דאָגמאַטיקער, האָבן מיר אָבער דעם הייליקסטן דרך־ארץ פאַרן אידישן גלויבן. מיר לערנען אונזערע קינדער צו קענען, צו וויסן דעם אידישן גלויבן.

האַלטנדיק, אַז יעדער איד איז און דאַרף זיין אַ ברודער צו יעדן אַנדערן אידן, לערנען מיר אונזערע קינדער אַלע אידן ליב צו האָבן. אָבער דער ערשטער יסוד פון ליבע איז פאַרשטענדעניש און וויסן, און ווי אַזוי קען מען פאַרשטיין דעם אידישן יחיד, ווי דעם אידישן כלל, נישט פאַרשטייענדיק, נישט וויסנדיק די אידישע רעליגיע?

מיר לערנען נישט אונזערע קינדער צו גלויבן אין די דאָגמעס פון דער אידישער אמונה, אָבער מיר האָדעווען אין זיי דעם טיפסטן דרך־ארץ, די שענסטע אַכטונג פאַר דער אידישער טראַדיציע בכלל און פאַר די איינצלנע טראַדיציעס בפרט.

אויב מיר זיינען נישט מזהיר אונזערע קינדער אויף דעם „שמור את יום השבת“, לערנען מיר זיי גאַנץ גוט דעם „זכור את יום השבת“.

מיר גיבן זיך נישט אָפּ, מיט יונגע קינדער, מיט די דינים פון שבת, אָבער מיר גיבן זיי אַריין אַ חוש פאַר דער שיינקייט און הייליקייט פון שבת.

מיר זיינען אידישע נאַציאָנאַליסטן און דערפאַר דערקלערן מיר די קינ־

דער די נאַציאָנאַלע באַדייטונג פון די אידישע ימים־טובים, און אַזוי פייערן מיר זיי אין און אַרום אונזער שול; אָבער מיר פאַרבאָרגן פאַר די קינדער בשום אופן נישט, ווי אַזוי די אַמאָליקע אידן און די פרומע אידן פון היינט פאַרשטייען און היטן אָפּ די אידישע ימים־טובים. דאָס מיינט, אַז אונטער־שטרייכנדיק גאַנץ שטאַרק די נאַציאָנאַלע באַדייטונג פונעם יום־טוב, מאַכן מיר, אין אונזער דערקלערונג און פייערונג, אויך אַ בכבודיקן פּלאַץ פאַר דער טראַדיציאָנעלער אויפפאַסונג פונעם יום־טוב.

נאָך אַ ביישפיל:

מיר לערנען שוין מיט די יונגע קינדעד פון אונזער שול חומש (אויב זיי זיינען זייער פייאיק — לכל הפחות אין אונזער מיטלשול — לערנען מיר מיט זיי אויך אַנדערע ספרים פון תנ״ך). מיר לערנען זיי אָבער צו פילן אין תנ״ך זיין געטלעך־מענטשלעכע שיינקייט. מיר באַמיען זיך אָנצו־הויכן אין אונזערע קינדער אַ געפיל פון דער טראַגיק פון די געשיכטעס פון תנ״ך. מיר גיבן זיי איבער די אייביק־פעסטע געזעצן און צילן פון תנ״ך, וואָס שטרעבן דערצו, דאָס לעבן פון אונזער פאָלק — און פון אַלע פעלקער — וואָס לעבעדיקער, וואָס גליקלעכער צו מאַכן, וואָס אַ גרעסערן חלק לעבן אַרויסצורייסן, אָפּצוראַטעווען פון טויט.

אונזער דערציאונג איז צונויפגעצעמענטירט פון אַלע צווייגן פון אונזער קולטור, פון אַלץ וואָס פאַרמאָגט אידישע וויטאַליטעט און שיינקייט, פון אַלץ וואָס נאַציאָנאַליזירט און פאַראייניקט. אין דעם דאָזיקן פּרינציפּ דער־קלערט זיך באַשטימט די פּראָגראַם, וואָס מיר לערנען אין אונזערע שולן.

מיר לערנען אין אונזער שול די אידישע היסטאָריע. די נאַציאָנאַלי־זירנדיקע, די פאַראייניקטע קראַפט פון דער אידישער היסטאָריע ליגט אויבן־אויף. די באַשרייבונג פון די געשעענישן פון אַלע טיילן פון אונזער פאָלק, אין אַלע לענדער, אין אַלע זייערע אייביקע וואַנדערונגען — וואָס קען דען זיין נאַציאָנאַלער, וואָס קען דען זיין מער פאַראייניקנדיק פון אַזאַ לימוד? און וואָס קען דען זיין שענער פון אונזער געשיכטע, וואָס איז די דערציילונג פון אונזער פאָלקס־לעבן? ס׳איז אַ שיינקייט, וואָס עס פילן אַלע, דער היסטאָ־ריקער, דער פּאָעט, דער פריידיקער, דער מענטש פון פאָלק. די טיפסטע ליבע. די העכסטע ערפורכט צום פאָלק, וואָס איז דער העלד און דער טרעגער פון דער געשיכטע, ווי עס זינגט דער פּאָעט מאָריס ראָזענפעלד:

„רבונו של עולם, פיל מוט און פיל גבורות, פיל בלוט
און פיל טרערן,
אַט וואו איך זאָל זיך קערן
און וואו איך זאָל מישן די הייליקע בלעטער!
דאָס זיינען קיין מענטשן ניט, דאָס זיינען געטער,
וואָס האָבן געקענט אַזוי ליידן און שטרייטן
און בלייבן אויף אייביק און אייביקע צייטן!"

אויך אונזערע ימים־טובים, וואָס מיר לערנען וועגן זיי מיט די קינדער אין אונזערע שולן — זייער שיינקייט וויסן אַלע. אָבער די יאָדרע, דער תוך פון זייער שיינקייט, דאָס איז דאָך זייער אייביקע נאַציאָנאַלישקייט. אונזערע ימים־טובים, דאָס איז דאָך אַ מין צויבערלעך־הענגנדיקע בריק איבער די אָפּגרונטן פון די יאָרטויזנטער, אָנגעהאָפטן אָן זיילן און מיל־שטיינער פון דער אידישער היסטאָריע, וואָס איינער קען זיין אַ משה רבינו און דער צווייטער אַ שמעון בן שטח, איינער אַ ר׳ יהודה הלוי און דער צווייטער אַ דר. הערצל.

די נאַציאָנאַלישקייט פון אונזערע ימים־טובים, דאָס גיט זיי זייער אייביק נישט־אָפּגענוצטן גלאַנץ. וואָס — נעמענדיק פאַר אַ ביישפיל איינעם פון די אַזוי־גערופענע קלענערע ימים־טובים, חמשה עשר בשבט — וואָס וואָלט ער היינט געווען, בפרט אין אַמעריקע, ווען מיר ציוניסטן וואָלטן נישט צעוויקלט ווי אַ מגילה זיין שיינקייט, אַלס דעם ניי־יאָר פון די ביימער אין ארץ־ישראל, אַלס דער אָנזאָגער פון דעם פרילינג, פון די בליטעלעך פון די ארץ־ישראל־דיקע פרוכט־ביימער, אַלס דער לעבעדיקער סימבאָל דערפון, וואָס אין ווינ־טערדיקן גלות וואַנדערנדיק, טראָגט דער איד אַרום זיין ברוסט און אַרום זיין האַרצן אַרומגענומען דעם פרילינגדיקן גאַרטל פון ארץ־ישראל?

מיר לערנען אין אונזערע שולן אידיש געזאַנג — ארץ־ישראל־לידער, פאָלקס־ניגונים, אידישע פאָלקס־לידער, אידיש־פאָלקסטימלעכע לידער, אַזעלכע אידיש־נאַציאָנאַלע לידער ווי מ. מ. וואַרשאַווסקים, למשל, וואָס זיינען פּאָפּו־לער געוואָרן. מיר טוען עס קודם כל, מחמת דער נאַציאָנאַל־פּאַראייניקנדיקער קראַפט פון אַזעלכע לידער, מחמת דעם וואָס, זייענדיק אָדער קענענדיק ווערן דאָס נשמהדיקע אייגנטום פון צעשפּרייטע אין לענדער, פון דערווייטערטע אין דורות, פאַרמאָגן זיי די קראַפט אַלעמען צו פאַראייניקן.

איך האָב שוין דערמאָנט דעם לימוד פון תנ״ך. איך האָב שוין אַרויס־געבראַכט דעם שיינקייט־מאָטיוו פון דעם לימוד. די געטלעך־מענטשלעכע

שיינקייט פון תנ״ך. דאָס איז אָבער נישט דער הויפּט־מאָטיוו. מיר לערנען דעם תנ״ך מחמת זיין נאַציאָנאַלער פאַראייניקנדיקייט. מיר לערנען אים אַלס דעם עלטסטן און שענסטן אוצר פון אונזער גאַנצן פאָלק, אַלס דעם ספר, וואָס איז הייליק געווען ביי אַלע טיילן פון אונזער פאָלק, אין אַלע צייטן פון אונזער היסטאָריע. מיר לערנען דעם תנ״ך אַלס די ערשטע אַנטפּלעקונג פון אונזער היסטאָריע, דעם קוואַל פון אונזער גאַנצער געשיכטע. מיר לערנען דעם תנ״ך אַלס דעם ברען־און־זאַמל־פּונקט פון אונזער אַלעמענס גלויבן, אַלס דעם יסוד פון אונזער אַלעמענס וועלט־באַנעם און וועלט־באַשייד.

איך דאַרף נישט מאריך זיין וועגן דעם לימוד פון העברעאיש. אַלע וויסן די נאַציאָנאַלע, די פאַראייניקנדיקע באַדייטונגען פון דעם לשון. אָבער אויך זיין שיינקייט ליגט אויבן־אויף — וואָס קען זיין שענער און אייביקער, און וואָס קען זיין פּראַכטיקער פון אַ נס? און וואָס קען זיין אייביקער ווי די שפּראַך, מיט וועלכער די וועלט פון תנ״ך איז באַשאַפן געוואָרן? און וואָס קען זיין נסים׳דיקער איידער די פיר־טויזנט־יאָריקע עקזיסטענץ פון אַ לשון, וואָס ווערט פאַר אונזערע אויגן ווידער פאַרוואַנדלט אין אַ לעבעדיקן לעבן?

איך קען נישט ריידן פון דער אייביקייט פון אידיש, אַזוי ווי פון העברעאיש, רייד איך אָבער מיט דער פעסטער זיכערקייט פון דעם גרויסן נאַציאָנאַליזירנדיקן כוח פון אידיש, וואָס פאַרבינדט צען מיליאָן קינדער פון אונזער פאָלק, פאַרבינדט זיי אין יסורים און לייד און פרייד, און דאָס זיינען די לעבעדיקסטע, די רירעוודיקסטע, די אָנגרייפנדיקסטע און די אָנגע־גריפנסטע טיילן פון אונזער פאָלק. קען איך ריידן מיט דער גרעסטער זיכער־קייט פון דער האַרציקייט פון דעם אידישן מאַמע־לשון, וואָס אַכט הונדערט יאָר, אַז אונזער פאָלק שרייט אין אים אַריין זיין ווי, קרעכצט אין אים אַריין זיין געוויין, לאַכט אין אים אַריין זיין פרייד, זינגט אין אים אַריין זיין געזאַנג. קען איך ריידן מיט דער טיפסטער איבערצייגונג פון דער שיינקייט פון דער אידישער שפּראַך, וואָס העכער ווי אַ האַלבן יאָרטויזנט, אַז עס שטעמפּלען זיך אין איר אָפּ — אָט ווי פאָסילן אינעם שויס פון דער מוטער־ערד — אַלע די נשמה־קנייטשן אין גייסט און כאַראַקטער־שטריכן, וואָס קומען אויף אין אונזער פאָלקס־לעבן, אין דער נייער, נייערער און נייסטער צייט, פון קבלה און חסידות און נאַציאָנאַליזם און ציוניזם און סאָציאַליזם און איבער־וואַנדערונג און איבערבלי און אומקום־שרעק און האָפענונג און קאַמף־שטרעבן!

דאָס אַלץ שפּיגלט זיך אָפּ אין אידיש, און אינטימער נאָך שפּיגלט זיך עס אָפּ אין דער אידישער ליטעראַטור, וואו אַלע שיינקייטן, אַלע חנ׳ען פון אידישן פאָלקס־לעבן — אַפילו די שיינקייטן פון דער אידישער רעליגיע, כאָטש די שרייבער זיינען צומייסט נישט רעליגיעז, שפּרודלען כישופדיק אויף פון דאָס ניי!

און מיר האָבן אַ חוץ די לימודים פון סאָציאַליזם און ארץ־ישראל, וואָס איך דערמאָן דאָ בלויז, נאָך אַ לימוד אין אונזער פּראָגראַם, אַ לימוד וואָס מיר פירן איין וואָס ווייטער אַלץ מער. דאָס איז דער לימוד פון דער אידישער עטנאָגראַפיע און דעמאָגראַפיע, וואָס מיינט אין פּראָסטן טייטש אידישער און אידיש־עקאָנאָמישער לעבנס־שטייגער, אָדער געשיכטע פון אידישער קולטור און עקאָנאָמיע. דער לימוד, בילדלעך דערקלערט, איז אַ מין־פינקלדיקע, גאָלדענע נעץ, וואָס הוידעט אַרום, אַרויפשווימענדיק אויף דער אויבערפלאַך פון אידישן לעבן, פון דער טיפעניש פון אידישער היסטאָריע, רעליגיע און לעבנס־שטייגער. אַ נעץ פון לעגענדע, און פון לעבן — וואָס איז אַמאָל לעגענדאַרישער פון לעגענדע. אַ גאָלדענע נעץ, וואָס פינקלט מיט דער שיינקייט פון לעבן און פון טויט — אַ נעץ פון מנהגים און זיטן, פירונגען און אינסטיטוציעס, פון מאַרטירערטום און העלדישקייט, פון גבורים, וואָס שטאַרבן שמייכלענדיק אין קידוש־השם פלאַמען און פון קדושים, וואָס לעבן אָן אייביק לעבן אין פאָלקס־זכרון.

אַ לימוד, וואָס לערנט פון פדיון־שבויים פון אונזערע איצטיקע טעג, וואו הונדערטער פירער און לערער ווערן אַרומגעפירט און אַרויסגעפירט פון פויליש־דייטשן אונטער־דר׳ערד, בכדי אין די גרעסטע געפאַרן אָנצופירן מיט רעוואָלוציאָנערער, באַפרייענדיקער אַרבעט. אַ לימוד, וואָס דערציילט פון ווילנער גאונ׳ס תורה און קדושה און כאַראַקטער־שטאַרקייט און פון רבי לוי יצחק באַרדיטשעווערס אָן־אַ־גרענעץ ליבשאַפט צו אידן און צו אַלע מענטשן, פון הפץ־חיימ׳ס ריינער ליבע און באַליבטקייט ביי צענדליקער טויזנטער פאָלקס־מענטשן, פון וולאַדימיר מעדעמ׳ס סאָציאַליסטיש־פאָלקלעכער תשובה צוריק צו זיין פאָלק, פון זיין טאַטנס שמד, פון רוסישן קלויסטער אַרויס, פון טרומפּעלדאָרס העלדישן לעבן און טוב־למות׳דיקן טויט אין ארץ־ישראל, פון יוסף חיים ברענערס מוראדיקע געוויסן־פּייניקונגען ביים לעבן און פון זיין גיבור׳שן — פון פאָלקס כבוד וועגן — גיין אין טויט אַריין.

אידישע עטנאָלאָגיע לערנט אַ אידיש קינד צו זען לעבן אויך אין טויט.

נישט נאָר אויפן פּראַגער בית־עלמין, אויף צענדליקער און הונדערטער אַנדערע לעבן די וואונדער פון אַמאָל, וואָס שפּינען זיך פינקלענדיק אויך אינעם היינט.

אין שול ווי אויפן בית־הקברות, אויף דער אַרבעטער־בערזע ווי אויפן הכשרה־פעלד און אין „צריף״ פון דער קבוצה — אַ שפע פון לעגענדעס.

וואָרעם לעגענדאַרישער פון לעגענדע איז אונזער אידיש לעבן.

„פאַרבאַנד שטימע״, פעברואַר, 1943

# די שול טעטיקייט פון פאַרבאַנד

ווּאָס איז געווען דער היוון אויף וועלכן דער פאַרבאַנד איז אויסגע־וואַקסן ?

דער היוון קען זיין אַ דרייפאַכיקער. דאָס הייסט, עס קענען זיין דריי השערות וועגן די סיבות פונעם וואוקס פון פאַרבאַנד. השערה (1) די קעגנזייטיקע הילף פון פאַרבאַנד. השערה (2) די טעטיקייטן פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ ישראל. השערה (3) דער נאַציאָנאַליזם־סאָציאַליזם פון פאַרבאַנד.

די ערשטע השערה דאַרף כמעט אינגאַנצן אָפּגעוואָרפן ווערן. די קעגנ־זייטיקע הילף, וואָס דער פאַרבאַנד גיט זיינע מיטגלידער, ווי וויכטיק זי זאָל נישט זיין אין קאָאָפּעראַטיווער־מאָראַליש־סאָציאַלער הינזיכט, איז אָבער אין דער פּראַקטיק, איבערהויפּט אין די יאָרן פון גרויסן וואוקס פון פאַרבאַנד, אין סאַמע בעסטן פאַל, זייער אַ קליינע צוציאונג. די סאַמע וויכטיקסטע קעגנזייטיקע הילף פון פאַרבאַנד איז די פאַרזיכערונג, וואָס דער פאַרבאַנד גיט זיינע מיטגלידער און די פאַרשידענע „בענעפיטן". נו, קריגט מען זיי דאָך אויך ביי די עלטערע אידישע אָרדנס. קריגט מען זיי דאָך, איבערהויפּט, ביי די אַלגעמיינע פאַרזיכערונג־געזעלשאַפטן מיט וועלכע דער היינטיקער, שוין נישט אימיגראַנטישער אידישער אַרבעטער, איז גאָר נישט שלעכט באַ־קאַנט. קורץ און גוט, עס איז נישטאָ קיין שום גרונט אָנצונעמען, אַז אויס־שליסלעך, אָדער אַפילו צום גרויסן טייל, זאָל צוליב פאַרזיכערונג אַ אידישער אַרבעטער אָדער פאָלקס־מענטש, ווער רעדט נאָך אין די נייערע יאָרן, אַריינ־טרעטן אין פאַרבאַנד.

און די צווייטע השערה, ארץ ישראל, קען נישט אָנגענומען ווערן אָן גרויסע, שטאַרקע ספקות. וואָרעם, ערשטנס, איז דאָך פאַר קיינעם קיין סוד נישט, אַז דער פלאַם, אָן וועלכן דער פאַרבאַנד האָט אָנגעצונדן זיין ארץ־ישראל־ליכט, איז געווען די פאַרטיי „פועלי ציון". איז דאָך די קשיא: אויב צוליב דעם אַרבעטערישן ארץ ישראל זיינען די אידישע אַרבעטער און פאָלקס־מענטשן אין פאַרבאַנד געגאַנגען, איז פאַרוואָס זיינען זיי נישט געגאַנגען

דירעקט אין דער פאַרטיי? און פאַרוואָס איז די פאַרטיי נישט געוואַקסן, כאָטש מיט אַ פּראָפּאָרציאָנעלן, קלענערן טעמפּ ווי דער פאַרבאַנד?

נישט קיין קליינע באַשטעטיקונג פון דעם ספק, צי צוליב דעם אַרבעטערישן ארץ ישראל טרעט דער אידישער אַרבעטער אָדער פאָלקס־מענטש אַריין אין פאַרבאַנד, גיט אונז אויך דער אויפשטייג און מערקווירדיקער וואוקס פון „געווערקשאַפטן־קאַמפּיין". דער שניט פון געווערקשאַפטן־קאַמפּיין איז נישט צום קלענסטן טייל אַזוי הויך געשטיגן אויך מחמת דער באַטייליקונג פון מיטגלידער פון „אַרבעטער־רינג" און פון זייערע נאָענטע גייסטיקע קרובים, די מיטגלידער פון די אידישע יוניאָנס.

איז דאָך דערפון קלאָר, אַז וואָס איז שייך דעם באַגער צו העלפן אין דעם אַרבעטערישן אויפבוי אין ארץ ישראל, דערפילן אים די אידישע אַרבעטער און פאָלקס־מענטשן ווייט נישט בלויז דורכן געהערן צום „אידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד", אָדער צו דער „פּועלי ציון"־פאַרטיי.

בלייבט בכן, די איינציקע, די זיכערסטע השערה, דער נאַציאָנאַליזם און סאָציאַליזם פונעם פאַרבאַנד, וואָס מיינט, ראשית, דער אידישער נאַציאָנאַליזם, וואָס איז ווי דער סיאַמער צווילינג צונויפגעוואַקסן מיט דער אידישער שפּראַך, און מיט אַלע יענע צווייגן פון דער אידישער קולטור, וואָס וואַקסן אַרויס פון, אָדער אַרום, דער אידישער שפּראַך, ווי דער פאָלקלאָר, אידישע ליטעראַטור, אידישע פּרעסע און דאָס אידישע טעאַטער. והשנית, דער אידישער סאָציאַליזם, וואָס אויך ער איז אויסגעוואַקסן זייט ביי זייט מיטן מאָדערנעם אידיש — און אַלס אידעאַל און באַוועגונג אויפן שויס פון דער אידישער פּרעסע און דער אידישער ליטעראַטור.

עס מיינט אויך, קאָנקרעט גערעדט, אַזאַ באַוועגונג ווי דער „אַמעריקאַנער אידישער קאָנגרעס", וואָס האָט אמת נאָר אָנגעהאַלטן פון יאָר 1915 ביזן יאָר 1919 און, גאָר באַזונדערס, קאָנקרעטיזירט די נייע אידישע דערציאונג. דאָס הייסט, די אידישע פאָלקשולן וואָס דער פאַרבאַנד האָט זיי (אינאיינעם מיט דער פּועלי ציון־פאַרטיי) געגרינדעט אין יאָר 1910.

האָבנדיק אַרויסגעפלאָסן פון דער סאַמע נאַטור פון פאַרבאַנד, האָבן די שולן קלאָר אָפּגעשטעמפּלט זיין כאַראַקטער, זיין צוועק און זיין גאַנצן לעבנס־לויף, שטיין און פאַלן מיטן אידישן פאָלק, אים נאַציאָנאַל רעקאָנסטרואירן און באַנייען. סיי מיט זייער גייסט, סיי מיט זייער פּראָגראַם, האָבן די שולן געטריי רעפלעקטירט זיין מהות אַזוי ווי אַ גוט געשליפענער שפּיגל. זייענדיק

נאַציאָנאַל (און בפירוש נישט פאַרלייקנדיק די אידישע רעליגיע) האָבן די שולן פּראָקלאַמירט דעם נייעם אידן, זיין אַנטשלאָסנקייט פאַר אַ אידיש־נאַציאָנאַלן קיום און המשך.

זייענדיק טיף דורכדרינגלעך נאַציאָנאַל, האָבן די שולן, הגם נישט אָפיציעל ציוניסטיש, דאָך נישט געקענט און נישט געוואָלט אָפּלייקענען דעם ציוניזם, וואָס דאָס, ווי אויך די מער־ווייניקער פּאָזיטיווע באַציאונג צו אידישער רעליגיע, און די גאַנץ באַשטימט פּאָזיטיווע באַציאונג צו העברעאיש, האָט גאַנץ קענטיק אָפּגעצייכנט די פאַרבאַנד־שולן פון די אידישע שולן פון „אַרבעטער־רינג", ווען זיי זיינען אין יאָר 1917 אויפגעקומען.

סיי די תלמוד־תורות, סיי די אַרבעטער־רינג־שולן האָבן געגעבן די קינדער אַ ברוכיקע, אַ טיילוויזע, אַ נאַציאָנאַל נישט־דורכגעדרונגענע אידישע דערציאונג. בלויז די פאַרבאַנד־פאָלקשול, האָט מיט איר לימוד פון אידישער היסטאָריע, מיט פייערן די אידישע ימים־טובים, מיט איר אידישן סאָציאַליזם, געגעבן די קינדער אַ פולע, אַ נאַציאָנאַל־דורכגעדרונגענע אידישע דערציאונג. דער גאַנצער איד פון „אידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד", האָט פאַרן אידישן קינד געשאַפן אַ גאַנצע אידישע שול.

דער פאַרבאַנד און די שולן זיינען געוואַקסן צוזאַמען אויף אַן אומ־צעשיידבאַרן אופן. דער פאַרבאַנד האָט די שולן אַרויסגעשטעלט אויף זיין פאָן, זיך מיט זיי געגרויסט אויף זיינע ימים־טובים, זיי פייערלעך אַרויסגע־שטעלט ביים ווערבעווען נייע חברים. די שולן האָבן אַרויפגעקוקט צום פאַרבאַנד ווי צו אַ פאָטער־באַשיצער. שול־טוער האָבן זיך אַוועקגעשטעלט אַרום דעם פאַרבאַנד ווי אַן אייזערנע וואַנט. עלטערן פון שול־קינדער זיינען געוואָרן חברים. אין די לעצטע יאָרן קען מען שוין אין פאַרבאַנד אַפילו טרעפן אַ צאָל (אמת דערווייל נאָך אַ קליינע) יונגע מענטשן וואָס קינדווייז זיינען זיי אין די פאַרבאַנד־שולן געגאַנגען.

די שולן האָבן זיך פאַרשפּרייט מיט אַ מוראַדיקער שנעלקייט. ביז דעם יאָר 1919 איז קיום געווען אַ שטאָט מיט אַ פעסטן צווייג פון פאַרבאַנד, וואו אונזערע אַ שול איז נישט געווען. אָבער אין די יאָרן 1919 און 1920 זיינען די מייסטע שולן אין אַמעריקע (אַ חוץ קאַנאַדע, אַ חוץ עטלעכע גרעסערע שטעט ווי פילאַדעלפיע, שיקאַגאָ אָדער דעטרויט) אויסגעריסן געוואָרן אַזוי ווי ביימער אין אַ שטורעם־ווינט.

דער שטורעם־ווינט איז געווען די פּועלי־ציוניסטישע טעגלעכע צייטונג

„די צייט", וואָס צוערשט אויף איר גרינדונג, דערנאָך אין דער פאַרצווייפלטער אָנשטרענגונג זי אויפצוהאַלטן, איז אַוועק סיי דעם פאַרבאַנדס און סיי דער פאַרטייס יעדער פרייער סענט, יעדער טראָפּן ענערגיע. אַז די צייטונג איז שפּעטלעך אין יאָר 1921 אונטערגעגאַנגען, זיינען ביידע קערפּערשאַפטן אַזוי דערשלאָגן געווען און אויסגעשעפּט, אַז עס איז ביי קיינעם אַפילו אין זינען נישט געווען צוריק אויפצובויען די שול־חורבנות. ערשט אין די יאָרן 1923־1924 הויבט די איינגעפאַלענע שולן־באַוועגונג אין אַמעריקע זיך ווידער אָן צו רירן.

כאָטש דער פאַרבאַנד שטייט איצט ביי די שולן אַליין, ווייל די פּועלי ציון־פּאַרטיי פון איר צענטער, איז שוין פון איצט אָן אין דער שולן־אַרבעט דירעקט נישט באַטייליקט, נישט מיט געלט און נישט מיט מעשים, הויבן דאָך די אַלטע, אָדער אַפילו גאָר נייע שולן, אָן אויפצוקומען איינע נאָך איינער. עס ווערט צוריק אויפגעשטעלט די שולן־אָרגאַניזאַציע, און זי האַלט אָפּ צוזאַמענפאָרן און זי שטעלט אויף שולן אין ווייטע פונקטן און אין נאָענטע. ביז אין מיטן פון די דרייסיקער יאָרן, זיינען געווען שולן, פיל פון זיי אמת־בליענדיקע, נישט נאָר אין דער שטאָט און אינעם שטאָט ניו־יאָרק, נישט נאָר אין די אַרומיקע צענדליקער מזרחדיקע שטאַטן, נאָר אַפילו אין אַ צאָל מיטל־וועסטלעכע שטאַטן, אין דער סאַוט און אַפילו אין דער ווייטער וועסט. פאַקטיש אומעטום, ווערן די שולן אויסגעהאַלטן און געפירט פון די אָרטיקע פאַרבאַנד־צווייגן, מיט דער מאָראַלישער און טיילווייז מאַטעריעלער הילף פון דעם צענטראַלן שולן־קאָמיטעט, וואָס לעבט שוין איצט אויסשליס־לעך פון פאַרבאַנד־פאָנדן.

די לעצטע עטלעכע יאָר קומט פאָר אין אונזער שולן־באַוועגונג אַ מאָדנע צעמישעניש. עס מישט זיך ליכטיקייט מיט פינסטערניש. אונזערע שולן אין קאַנאַדע בליען אויף אַ הפלא׳דיקן אופן. מיר האָבן אין די דריי שטעט מאָנטרעאַל, טאָראָנטאָ און וויניפּעג אין אונזערע שולן אַן אַרמיי פון אַריבער צוויי טויזנט קינדער. אין אַלע דריי שטעט האָבן מיר אויך קינדער־גאָרטנס און מיטלשולן. מיר האָבן אין מאָנטרעאָל און אין וויניפּעג פיר גאַנצע אָדער טאָג־שולן, וואָס זיינען גלייכצייטיק אי אידישע אי אַלגעמיינע שולן. מיר האָבן אין אַ פּאָר שולן אַפילו העכערע קורסן, אַ מין התחלה פון אַ אידישן קאָלעדזש.

אויך אין די שטאַטן בליען אַ צאָל שולן מאָראַליש און מאַטעריעל,

האָבנדיק מיטלשולן, האָבנדיק צו צוויי לערער אָנשטאָט איינעם, זייענדיק דעריבער אימשטאַנד צו לערנען אָפטער אי אידיש אי העברעאיש; לערער באַקומען הויכלעכן געהאַלט, קריגנדיק באַצאָלט כמעט פאַרן גאַנצן יאָר (דאָס הייסט, אויך פאַר די מאָנאַטן ווען די שול איז געשלאָסן).

אָבער אין דער אייגענער צייט האָט זיך אין די שטאָטן שוין זייט עטלעכע יאָר קוים אַ נייע שול געעפנט, בשעת אין איניקע שטעט האָבן שולן זיך געשלאָסן.

וואָס זיינען די סיבות פון דער דאָזיקער, מען קען עס נישט רופן ירידה (איז דאָך ערטערווייז פאַראַן אַ בפירושער אויפשטייג), איז לאָמיר זאָגן פון אַזאַ וואַקלעניש?

איין סיבה, די סאַמע נייסטע, וועלכע קען דאָ לייכט אָפּגעפּטרט ווערן, איז די מלחמה. די מלחמה, אַוועקנעמענדיק אייניקע לערער אין מיליטער־דינסט, און אַוועקשאַרנדיק אייניקע אַנדערע לערער אין פּרנסות מיט אַ בעסערן געצאָלט, האָט אָנגעמאַכט אַ שרעקלעכן דוחק אויף לערער. (אין אַן אָרט אָדער צוויי האָבן שולן איבער דעם זיך צוגעמאַכט, אין נאָך אַ פּאָר ערטער, ווערט די דערעפענונג פון נייע שולן איבער דעם אָפּגעהאַלטן). ליידער אָבער זיינען אויך פאַראַן אַ פּאָר פיל ערנסטערע און טיפערע סיבות:

1. דאָס וואָס אין אַ צאָל שטעט האָבן די פּרויען־קלובן פון פאַרבאַנד זיך אונטערגעגעבן צו די פּיאָנערן־פּרויען און מיט זיי זיך אויסגעמישט. (אין באָפאַלאָ, למשל, האָט יאָרן־לאַנג פונקציאָנירט אַ גוט־גייענדיקע שול. זי איז אָבער אונטערגעגאַנגען אַרום דער צייט ווען דער דאָרטיקער גרויסער פּרויען־קלוב האָט אָפּגעטראָטן דעם וועג דעם ניי־אויפגעקומענעם פּיאָנערן־פּרויען־קלוב).

2. די לעבלעכקייט, אויב טאַקע נישט אומפּריינטלעכקייט, פון דעם פּועלי ציון־צענטער. עס האָבן זיך דאָ צונויפגעפּאָרט דריי אומשטענדן: דער טיילווייזער העברעאיזם פון דער פּאַרטיי, וואָס איבער דעם ענטוזיאַזם אַרום דער גרינדונג פון די שולן האָט ער זיך געמוזט פאַרבאַהאַלטן, פאַר־רוקן אין אַ ווינקל, אָבער איצט האָט ער אַן מורא אַרויסגערוקט דעם קאָפּ. די צעירי ציון מיט זייער קנאַפּער סאָציאַליסטישקייט און קוים רייכערער פאַלקלעכקייט זייט די לעצטע 18 יאָר, אומגעפּער, האָבן זיי זיך משדך געווען מיט די פּועלי ציון, און זיי געפּרואווט קנעטן אין זייער געשטאַלט.

די שלילת הגלות, די פאַרלייקענונג פון אַלץ, וואָס איז נישט ארץ־

ישראלדיק, וואָס האָט לעצטנס פון דעם רעשטל פון די רוסישע אינטעליגענטע־ציוניסטן פאַרבלאָנדזשעט צו די פועלי ציון, מיטן רעזולטאַט אַז וואָס די שולן האָבן געטאָן, און אַ פשיטא שוין וואָס זיי האָבן נישט געטאָן, האָט אַלץ נישט געטויגט. און דאָס אייביקע מורמלען און זיך טשעפּען האָט נישט נאָר גע־ווירקט אויף חברים אין די ערטער, נאָר האָט אויך אָנגעשטעקט אייניקע מיטגלידער פון דער גענעראַל־עקזעקוטיווע, וועלכע זיינען געבונדן און גע־קייטלט מיט מיטגלידער פון צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי.

3. די דריטע סיבה — איך וויים נישט צי איז זי אַ רעזולטאַט פון דער צווייטער, אָדער זי איז גלאַט אַן אָפּגעלאָזטקייט — איז, וואָס די גענעראַל־עקזעקוטיווע האָט די שולן אויף דער פּראָווינץ איבערגעלאָזט אויף הפקר. דאָס הייסט, אויפן חסד פון די חברים אויף די ערטער, מיט אָדער אָן דער הילף פון צענטראַלן שולן־קאָמיטעט, וואָס נישט זעלטן איז ער איבער דעם מאַנגל אין מענטשן, אין דער אָרעמקייט אין פאָנדן געבונדן הענט און פיס.

4. אין אַ צאָל ערטער, זיינען די שול־טוער געווען מענטשן פון אַ שוואַכן נאַציאָנאַלן קאַליבער. נאַציאָנאַליסטן, אָבער זייער נאַציאָנאַליזם איז געווען פון אויבן אָנגעשמירטער לאַק, אַ נאַציאָנאַליזם, וואָס האָט נאָר גע־גרייכט ביז צו דער אייגענער פאַמיליע, אָבער ווייטער האָבן זיי געזאָגט, אַזוי ווי יענער וואַסער־פירער—פייער־לעשער ביי שלום־עליכמען: „צוויי שרפות אויף איין נאַכט, דאָס איז שוין צופיל פאַר מיר!" די דאָזיקע אידן האָבן געאַרבעט אין די שולן כל זמן זייערע אייגענע קינדער זיינען אין זיי געגאַנגען, אָבער אַז די אייגענע קינדער זיינען פון די שולן אַרויסגעוואַקסן, האָבן זיי — גלייך עס וואָלט טאַקע פאַרן נאַציאָנאַליסט געווען אַזאַ זאַך ווי פרעמדע קינדער — זיך אָפּגעטראָגן.

5. די סאַמע לעצטע אורזאַך איז: וואָס זיך יאָגנדיק נאָך שטאַרק פאַר־גרעסערטע רייען אין פאַרבאַנד, האָט די גענעראַל־עקזעקוטיווע מתיר געווען אירע אָרגאַניזאַטאָרן גאָר ווייניק מדקדק צו זיין מיטן מהות מענטש וואָס זיי ציען אַריין אין פאַרבאַנד. אַלץ שוואַכערע נאַציאָנאַליסטן קומען אַריין אין פאַרבאַנד, און די מעגלעכקייט זיי איבערצודערציען, נישט זי איז פאַראַן און נישט זי ווערט איבעריקס געזוכט, מיטן רעזולטאַט, אַז אַ צאָל אינגערע מענטשן ביי אונז קוקט אויף די שולן ווי אַ האָן אין בני אדם, און נאָך ווי אַן אָנגעדרודלטער האָן דערצו.

צו די אַלע סיבות, וואָס פאַר די מייסטע פון זיי, אויב נישט פאַר אַלע

ליגט די באַדייטונג אין זיי גופא, קומט נאָך צו אַ סיבה גדולה, גיכער אַ טענה שבטענות, דער עיקר טאָקע מצד די פועלי ציון, אַז די דערגרייכונגען פון די קינדער אין אונזערע שולן זיינען קליין.

איז, די וואָס פאַרקלענערן די דערגרייכונגען פון אונזערע שולן, ווייניק וואָס זייער אָפּשאַצונג שטימט נישט מיטן אמת, באַנעמען זיי אויך נישט, אָדער ווילן נישט באַנעמען, דעם מהות פון אונזערע שולן, דעריבער שטעלן זיי צו זיי פאָדערונגען וועלכע קומען נישט אַריין אין זייער גבול.

אין אמתן, גייען אונזערע קינדער אין אונזער פאָלקשול, וואָס איז אונזער עלעמענטאַר־שול (וועגן אונזער מיטלשול, וואָס איז אַ מין אידישע גימנאַזיע, וועט אויסקומען צו ריידן אַ צווייטן מאָל), דורך שיינע עטלעכע העברעאישע לערן־ביכלעך, געשריבן פון די בעסטע העברעאישע שרייבער־פעדאַגאָגן, וועלכע לערנען זיי גוט אויס לייענען העברעאיש און שרייבן קאָרעקט אַ העברעאיש וואָרט, און גיבן זיי אַ וואָקאַבולאַר פון טויזנטער העברעאישע ווערטער, אַזוי אַז זיי קענען פאַרשטיין אַ לייכט העברעאיש מעשהלע אָדער לידל און קענען אויך ווי עס איז צוזאַמענשטעלן אַ בריוועלע, אָדער מעשהלע פון אַ פּאָר אָדער עטלעכע העברעאישע שורות. זיי גייען דורך — און עס בלייבט ביי זיי — אַ גוטע העלפט פון דעם חומש בראשית. און איך פרעג, וויפל דורכשניטלעכע תלמוד־תורות, דאָס הייסט אַפילו פון די בעסערע, קענען זיך באַרימען אַז זייערע קינדער גייען דורך מער אין דער אייגענער צייט, וואָס אין דער פּראַקטיק מיינט עס דעם קינדס ערשטע פיר שול־יאָר?

דאָס איז בלויז בנוגע דער העברעאישער שפּראַך און דעם חומש, אָבער פאַרבייגייענדיק די העברעאישע ביכלעך און דעם חומש, קלייבן די קינדער אויך אויף אַ היפּשע צאָל ברעקלעך ידיעות פון אידישן לעבנס־שטייגער, ידיעות און ידיעות וועגן פאַרשידענע געשעענישן, אַמאָליקע און איצטיקע פירונגען און מנהגים.

און זיי גייען דורך, ווי יונג זיי זיינען, סיסטעמאַטיש, און ווענדליק זייער קינדערשער השגה, גאַנץ גרינטלעך די אידישע היסטאָריע. און דאָס איז זעלטן דער פאַל אין דער דורכשניטלעכער תלמוד־תורה. די קינדער גייען אויך דורך אין די פיר, העכסטנס פינף יאָר, פון דער פאָלקשול, אַ פינף־זעקס אידישע לערן־ביכלעך און כרעסטאָמאַטיעס פון וועלכע, און אַרום וועלכע, זיי לערנען זיך גאָר נישט שלעכט אויס די אידישע שפּראַך — ריידן, לייענען און שרייבן — מיט אַ צוגאָב פון גראַמאַטיקאַלישע ידיעות, קריגנדיק

אויך אַ לייכטע, ליבנדיקע אַריינפיר־באַקאַנטשאַפט מיט די זיידעס און טאַטעס פון דער אידישער און העברעאישער ליטעראַטור, ווי מענדעלע מוכר ספרים, שלום עליכם, פּרץ, שמעון פרוג, אברהם רייזען, יהואַש און ח. נ. ביאַליק.

דאָס זיינען די ידיעות, דאָס הייסט די לימודים, דאָס לערנען וואָס אונזער שול גיט די קינדער. לערנען הייסט אָבער נאָך נישט דערציען, און אונזער שול איז געשטעלט געוואָרן אויף דערציאונג פּונקט אַזוי פיל, אויב נישט מער, ווי לערנען. אונזער שול איז אַ פאָלקלעך־אידיש־נאַציאָנאַלע. אונזער אידעאַל איז מאַכן דאָס קינד אידיש־נאַציאָנאַל באַוואוסטזיניק, עס זאָל וויסן אַז עס איז אַ קינד פון דעם לעבעדיקן אידישן פאָלק, מיט זיין טיפן, רייכן און שיינעם גייסטיקן לעבן און מיט אַ טראַגיש־אומגליקלעכן, נישט־נאַטירלעכן מאַטעריעלן לעבן. מיר גיבן דעם קינד סיסטעמאַטיש און גרינטלעך צו פאַרשטיין און צו פילן, אַז עס איז פאַר אַ אידיש קינד נאַריש, פאַלש און מיאוס אַוועק־צו גיין פון אידישן פאָלק און לעבן; און אַז עס איז פאַרקערט ערלעך, געזונט און שיין מיטן אידישן פאָלק צו לעבן און ליידן און אויסלעבן זיך אינעם קעמפן פאַר זיין גליק און באַפרייאונג, און פאַר דעם איבערבוי פון זיין לעבן אויף געזונטע, נאַטירלעך־נאַציאָנאַלע יסודות.

די אַלע געפילן, באַגערן, אינטערעסן און שטרעבונגען פאַרזייען מיר און פאַרפלאַנצן און האָדעווען אויס אין קינד אין משך פון די אַלע יאָרן וואָס עס געפינט זיך אין אונזער רשות; מיר פאַרזייען און פאַרפלאַנצן עס אין קינד און האָדעווען עס אויס, ערשטנס, דורך די לימודים וואָס מיר לערנען אים. (און עס איז אין אונזער גאַנצער פּראָגראַם קוים פאַראַן עפּעס אַ פּונקט וואָס זאָל נישט זיין באַרעכנט און אויסגעשטעלט צוליב דעם דאָזיקן צוועק).

און, צווייטנס, דורך אַ צאָל אַנדערע לימודים, אַרבעטן אָדער באַשעפטי־קונגען וואָס פירן נאָך מער דירעקט און נאָך מער באַשיינפּערלעך צום אויבנ־דערמאָנטן ציל. דאָס איז, ערשטנס, געזאַנג — אידישע פאָלקס־לידער, אידישע ניגונים, אידישע און העברעאישע נאַציאָנאַלע לידער פון נייעם ארץ ישראל, וואָס וועקן און קלינגען צונויף אידישע עכאָס פון אַמאָל מיט אידישע טענער פון היינט, פאַרבינדנדיק מיטן כוח פון וואָרט און קלאַנג, דעם אידישן מענטשן פון לייד און פּיין, מיטן אידן פון קאַמף, אויפבוי און באַפרייאונג, דעם אידן פון דער צעשפּרייטונג מיטן פּיאָנער פון אידישער היים און צונויפזאַמלונג. צווייטנס, זיינען עס די טראַדיציאָנעלע און אַנדערע

אידישע ימים־טובים, און פרייהייט־און־אָלמענטשלעכע ימים־טובים, וואָס מיר פייערן אין שול, פאַרשטעלנדיק זיי פאַר די קינדער אַלזייטיק און דורכ־זיכטיק, מיט וואַרעמער און האַרציקער באַלייכטונג, מיט טיף־אידישן געזאַנג און קלאַנג, מיט אָנווענדונגען און צופּאַסונגען צום איצטיקן אידישן לעבן, מיט שיין־גייסטיקע דערציילונגען און אויסמאָלונגען פון דער קלאַסיש־פייערלעכער אידישער ליטעראַטור און פּאָעזיע. דריטנס, און אפשר טאַקע וויכטיקסטנס, פירן אונזערע לערער מיט די קינדער כסדרדיקע שמועסן וועגן אַלע אידישע (און געזעלשאַפטלעכע און אַלמענטשלעכע) געשעענישן און פּאַרקומענישן, אויפווייזנדיק זייער טיפערן זין און באַדייטונג פאַר אונזער אידישער וועלט און פאַר דער וועלט בכלל. מיט די דאָזיקע שמועסן, וואָס גייען אַרויס פון אַ באַשטימט־קלאָרן שטאַנדפּונקט און שטרעבן צו איין באַשטימט־זיכערן ציל, עפענען מיר דעם קינדס אויגן און צענעמען זיין האַרץ, עס זאָל זען דאָס שיינע און נאָבעלע ביי אונז און דאָס אומגערעכטע און געמיינע קעגן אונז, און זאָל פילן אונזער ווייטיק און צאָרן קעגן אונזערע דריקער און פּייניקער, און אונזער קאַמף און האָפענונג אויף באַפרייאונג און אויסלייזונג.

צוביינדן דאָס קינד צום אידישן לעבן אין לייד און אין פרייד, פאַר שטילע צייטן ווי פאַר צייטן פון שטורעם און קאַמף — דאָס איז דער אידעאַל פון אונזערע שולן, און צי ווערט אָט דער אידעאַל דערגרייכט?

עס ווערט דערגרייכט פולשטענדיק, הונדערט־פּראָצענטיק. און יעדער וואָס קוקט אויפן אידיש־אַמעריקאַנער שול־לעבן מיט אָפענע אויגן, מוז זיין פאַרווירקלעכונג אַרויסלייענען אין רויט פייער אויף ווייס פייער.

מיר זעען די פאַרווירקלעכונג צוערשט אין אַ פּאָר אָדער מער יונגע אידישע שרייבער וואָס די לעצטע מלחמה האָט אַרויסגערוקט אין פראָנט פון לעבן. צוויי זייער יונגע אידישע סאָלדאַטן, דוד אַפּאַטאַשו, אַ זון פון באַוואוסטן נאָוועליסט יוסף אַפּאַטאַשו, אַ געענדיקטער פון די שלום־עליכם־שולן, און מאיר הורוויץ, אַ געענדיקטער פון אַן אַרבעטער־רינג־שול, און דער זון פון אַ לערער, אַ געענדיקטער פון אידישן לערער־סעמינאַר, זיינען געווען די ערשטע וואָס האָבן פּראָפעסיאָנעל און אידיש־האַרציק געשריבן אין דער אידישער פּרעסע פון דער מלחמה, פון אירע שלאַכטן אויפן ים און אויף דער יבשה, פון אידישע סאָלדאַטן און פון זייערע קעגנזייטיקע באַ־ציאונגען צו נישט־אידישע סאָלדאַטן, שרייבנדיק פון די לאַגערן, פון די

שלאַכטן, פון די באַהעלטענישן, פון די אויסקוקענישן, פון די סכנות, קיינמאָל נישט פאַרגעסנדיק אַז זיי זיינען אידן צווישן נישט־אידן, אַז זיי זיינען שליחים פון אידן צו דער וועלט און פון דער וועלט צו אידן.

די שלום־עליכם־שולן און די אַרבעטער־רינג־שולן זיינען אויך אונזערע שולן, האָבנדיק אַרויסגעוואַקסן פון אונזערע, לערנענדיק בדרך כלל לויט די זעלביקע פּראָגראַמען און ביי די זעלביקע לערער. דאָך האָב איך די צוויי דערמאָנט נאָר בדרך אגב. די פון אונזערע אייגענע שולן, וואָס דאָס לעבן האָט אַרויסגערוקט אין פראָנט פון די פאַרשידנסטע ווינקעלעך פון אידישער פרעסע, קונסט, און לערער־טעטיקייטן, זיינען צו גרויס אין צאָל, און צו גוט באַקאַנט אין אונזערע נענטערע קרייזן, איך זאָל, פון איין זייט, דאַרפן און עס זאָל, פון דער אַנדערער זייט, פּאַסיק זיין כ׳זאָל זיי אויסרעכענען מיט די נעמען. האָבן מיר עטלעכע אונזערע גראַדואַנטן און קוים גראַדואַנטן אַנגעזען באַטייליקט אין דער אידישער פּרעסע. מיר האָבן געהאַט, אָדער האָבן אויך איצט, אַ צאָל אַנדערע אַלס שוישפּילער אויף דער אידישער בינע. מיר האָבן אַ צאָל אַנדערע אין דער נישט צו גרויסער משפחה פון אידישע שול־לערער. מיר האָבן געהאַט און האָבן זיי אַלס סעקרעטאַרן אין פּאַקטיש אַלע רעדאַקציעס פון די אידישע צייטונגען. מיר האָבן זיי אַלס אַנגעשטעלטע אין אַלע ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע און אין אַנדערע אידיש־געזעלשאַפטלעכע אָפיסעס, זייענדיק אומעטום ניצלעך און אומעטום אויסנוצנדיק די אידישע אויסבילדונג וואָס אונזערע שולן האָבן זיי געגעבן.

מיר האָבן פון זיי גאָר אַ גרויסע און זייער אַ חשובע פאַרטרעטערשאַפט אין ארץ ישראל צווישן די חלוצים, צווישן די אַרבעטער, היטער און בויער. מיר האָבן זיי צווישן די שליחים וואָס ווערן געשיקט פון ארץ ישראל צו דער אידישער וועלט, און ווער ווייסט וואו נאָך מיר קענען זיי געפינען אין דעם לעבעדיק־לעגענדאַרישן לעבן פון דעם נייעם אידן אין ארץ ישראל. איז עס נישט אַ מערקווירדיקע זאַך ?! אונזערע שולן זיינען נישט אָפיציעל ציוניסטיש, מיר פאָדערן די קינדער קיינמאָל נישט דירעקט אויף: פאָרט קיין ארץ ישראל! באַזעצט זיך אין ארץ ישראל! מאַכט ארץ ישראל פאַרן ציל אין אייער פּריוואַטן לעבן! אָבער אויף טויזנטער וועגן, געזעענע און אומגעזעענע, מאַכן מיר זיי דאָס לאַנד הייליק און טייער, ווי אַן אויסגעבענק־טער טרוים, בינדן מיר זיי מיט טויזנטער פעדים, זיכטבאַרע און אומזיכט־באַרע, צו צום לאַנד, צו די מענטשן, צו דאָס הערלעכע און גראַנדיעזע,

וואָס ווי אַ היסטאָרישע פאַטא מאָרגאַנאַ, ווערט עס אויפגעכּישוף׳ט פון דער ארץ ישראלערווירקלעכקייט. שוין העכער אַ צענדליק יאָר, זינט דער ערשטער דעטרויטער גרופּע חלוצימלעך און חלוצותלעך, פאָרן קינדער פון אונזערע שולן אָדער פון אַרום זיי קיין ארץ ישראל אַרבעטן און בויען „נקודות״, און זיי זיינען אויך געפאָרן אין די מלחמה־יאָרן ווען נאָר אַ שיף האָט אַהין געקענט גיין. און אַ צאָל גרייטן זיך צו פאָרן אָט איצט ווען אָט די שורות ווערן געשריבן.

און, לסוף, שטעל איך זיך אונטער צו זאָגן, אַז נישט קיין סך ווייניקער וויכטיק זיינען די פון אונז געענדיקטע, וואָס פאָרן אין ערגעץ נישט, שיינען אין ערגעץ נישט, נאָר זיי טוען די אַרבעט, וואָס די שול האָט זיי געלערנט, פירן אויס די פונקציע צו וועלכער מיר האָבן זיי דערצויגן שטילערהייט, אַנאָנים, מיט זייער טאָג־טעגלעכקייט, אין זייערע שטילע ווינקעלעך. דאָס זיינען די יונגע מאַמעס וואָס דערציען זייערע קינדער אין אידישער ליבע, אויסוועבנדיק אַרום זיי די געהיימניספולע פעדעם פון אַ אידישער אַטמאָ־ספערע. דאָס זיינען די יונגע טאַטעס, וואָס אויף זייערע ערטער, פּרואוון זיי טאָן אידיש־געזעלשאַפטלעכע אַרבעט. דאָס זיינען די יונגע טאַטע־מאַמעס, וואָס טרעטן אַריין אין אַ אידיש־נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע אָדער קרייזל. דאָס זיינען, שליסלעך, יענע יונגע מענטשן, וואָס ווערנדיק פאַרוואָרפן ערגעץ אין אַ העק, זיינען זיי דאָרט צווישן די איינציקע, אויב טאָקע נישט די איינ־ציקע, וואָס שרייבן אַהין אויס אַ אידישע צייטונג, קוקן אַריין אין אַ אידישן זשורנאַל אָדער בוך, זינגען אַ אידיש ליד און ריידן אַ פריש וואָרט. קען זיין אַז איר, לעזער, ווייסט פון זיי נישט, אָבער ווען עס וואָלט אייער גורל געוועזן אַרומצופאָרן איבערן לאַנד ווי עס איז מיין גורל געוועזן, און ווען איר וואָלט זיך צוגעקוקט ווי איך האָב זיך צוגעקוקט, וואָלט איר פון זיי געוואוסט, און נאָך ווי געוואוסט. זיי זיינען פאַראַן. און ווען מיר אַלע וואָלטן געהאַט שאַרפע אויערן, וואָלטן מיר אַלע פון זיי שוין געהערט, און ווער קען זיכער זאָגן, אַז בקרוב וועלן מיר טאָקע אַלע פון זיי נישט דערהערן. און דאָס איז ערשט איצט, היינט, ווער רעדט נאָך, אַז זייער צאָל וועט גרעסער ווערן.

ביי מיר, וואָס איך בין געשטאַנען שיער נישט ביים וויגעלע פון פאַר־באַנד, וואָס זייט העכער דרייסיק יאָר קוק איך זיך נאָענט צו צום לעבן פון פאַרבאַנד, און מיט גוטע דרייסיק יאָר בין איך געדיכט באַטייליקט אין דעם דאָזיקן לעבן; ביי מיר, וואָס איך קען פיל טויזנטער פאַרבאַנד־מיט־

גלידער, צווישן זיי די באַגייסטערטע, די טעטיקסטע — ביי מיר איז נישטאָ דער מינדסטער ספק, אַז אַ חוץ ארץ ישראל (וואָס ברייט גערעדט איז דאָס אויך אַ גרויסער רינג פון דער זעלביקער קייט) שלאָגט דאָס חיות, דער לעבנס־קוואַל פון פאַרבאַנד אַרויס פון אידיש, אידיש־קולטורעלער, אידיש־סאָציאַליסטישער און אידיש־נאַציאָנאַלער אַרבעט.

מען מעג און מען דאַרף טאַקע זוכן, ווערבעווען נייע חברים צווישן דער ענגליש־ריידנדיקער יוגנט. אָבער מען דאַרף וויסן זיין, אַז עס זיינען נאָך פאַראַן הונדערטער־טויזנטער רעזערוון צווישן די אידיש־ריידנדיקע און אידיש־לייענענדיקע; און מען דאַרף וויסן און געדענקען, אַז, אין דער צייט וואָס צווישן אונז און די אידיש־ריידנדיקע און אידיש־לייענענדיקע איז פאַראַן אַ בריק שוין אַ פאַרטיקע, דאַרפן מיר צווישן אונז און די ענגליש־ריידנדיקע די בריק ערשט אויסבויען, וואָרעם וויסן דאַרפן מיר, אַז דאָס צוקומען צו די ענגליש־ריידנדיקע איז נישט נאָר אַ פראַגע פון שפּראַך, נאָר פון אַ גאַנצער מענטאַליטעט, פון גאַנצן גייסטיקן איינשטעל, און דעם דאָזיקן איינשטעל צו באַזיגן אָדער דעראָבערן ווייסן מיר נאָך נישט ווי אַזוי. דער פאַרבאַנד קען וואַקסן און אַרומרינגלען זיך מיט נייע פריינט טוענדיק אידיש־קולטורעלע אַרבעט, טוענדיק זי נישט ווי ביז איצט, צופעליק, אָפּגעריסן און שלאַבעריק, נאָר ערנסט, טיכטיק, פולהאַרציק.

דער פאַרבאַנד מוז אין זיך אָפּפרישן, באַנייען זיינע אידיש־סאָציאַליס־טישע אינטערעסן. עס איז נישט פראָדוקטיוו, נישט דויערהאַפט, נישט צוטרוי־געווינענדיק, אַז מען טוט די דאָזיקע אַרבעט קאַפּריזנע־וואַקלענדיק, זיך נאָכשלעפּנדיק אַמאָל נאָך איין קרייזל, אָדער פאַרטיי, אַמאָל נאָך דעם צווייטן. מען מוז האָבן גראַדע, פעסטע ליניעס, מען טאָר נישט בלויז קראַצן די אויבערפלאַך, מען דאַרף גיין צוריק צו די אידיש־סאָציאַליסטישע גרונטן. מען דאַרף טאָן טיכטיקע, גרויסע, אַלץ־אומפאַסנדיקע אידיש־נאַציאָנאַלע אַר־בעט, אַ שטייגער ווי די אַרבעט פון אידישן קאָנגרעס בשעת און נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. איצט איז דאָס געבאָט פון דער שעה די הילף און אויפבוי־אַרבעט פאַר די פוילישע און אַנדערע ברידער אין בלוט און פייער דערטרונקענער אייראָפּע. מיר דאַרפן טאָן די אַרבעט נישט ווי ביז איצט, שלימזלדיק, עפּעס אַזוי ווי אָפּהענטיק אַ מינוט און אַריינגנבענען זיך, נאָר ברייט און אָפן און מיט פולע אָרעמס און מיט פולן דאַמף, נישט פאַרגעסנדיק אַז איצט גייט עס נישט אַזוי אין פקוח נפש, נאָר אין קיום האומה, אין געבן

די יתומים און יתומות פּאַטערס, און געזונט מאַכן די קראַנקע, און דער־פרישן און נאָרמאַליזירן די דענערווירטע און פאַרדאַרבענע, און אויפהויבן די שפּל־געוואָרענע, און דערהויבן די געזונקענע. (פאַרשטייט זיך, אַז די דאָזיקע אַרבעט וועט מוזן געקירעוועט ווערן לויט די צייכנס פון דער צייט. אַזוי שנעל, למשל, ווי עס וועט קלאָר ווערן, אַז די אַריבערטראַנספּאָרטירונג פון הונדערט טויזנט אידן קיין ארץ ישראל איז טאַקע אַ פאַקט, און די נויטי־קע פּלענער פאַר דעם וועלן זיין אויסגעאַרבעט, וועט אויך אונזער הויפּט־הילף און אויפבוי־אַרבעט מוזן געווענדעט ווערן אין דער דאָזיקער ריכטונג). אָבער אַפילו אָט די דאָזיקע אַרבעט גרויס און הייליק ווי זי איז, וועט דאָך אַלץ זיין אַ צייט־זאַך, עפּעס פאַרבייגייענדיקעס, בשעת די אַרבעט פון אידישער דערציאונג איז אַ שטענדיקע, אַ תמיד־וואַקסנדיקע, מען קען אַפילו זאָגן אַן אייביקע.

ס׳איז דאָך קלאָר, אַז דער פאַרבאַנד, זאָרגנדיק פאַר דער גאַנצער פאַמיליע, זייענדיק אידיש־נאַציאָנאַל אין זיין סאַמע תוך, מיט זיין גאַנצער נשמה, מוז זאָרגן פאַר דער אידישער דערציאונג, נישט נאָר פון די קינדער פון זיינע מיטגלידער, נאָר אויך פאַר דער דערציאונג פון די קינדער פון אַלע אידן, וואָס פּאָטענציעל זיינען זיי דאָך אַלע זיינע מיטגלידער. אָבער וועלכע דערציאונג קען אַ אידיש־נאַציאָנאַלער אָרדן געבן? נאַטירלעך, אַ דערציאונג לויט זיין גייסט און גלויבן, אַ דערציאונג אַ דויערהאַפטע, אַ דער־ציאונג אין איינקלאַנג מיטן גייסט פון דער צייט, אַ דערציאונג וואָס איז באַזירט אויף ליבע, האָפענונג און קאַמף, אַ דערציאונג וואָס בינדט ליבנדיק און מיטלעבנדיק און מיטקעמפנדיק צו צום אידישן לעבן.

מיט איין וואָרט, די דערציאונג וואָס מיר האָבן באַשאַפן און אויסגע־אַרבעט אין משך פון די לעצטע 35 יאָר. די דאָזיקע דערציאונג, אָבער מיט מער חשק און קראַפט, מיט באַנייאונג און אויפלעבונג.

ליגט אויף דער קאָנווענשאָן אונזער נייע אידישע דערציאונג, אונזער שולן־באַוועגונג צו באַפעסטיקן און באַנייען און אויפלעבן. זי זאָל קודם כל האָבן די פולע געלט־מיטלען מיט וואָס צו אָפּערירן, צו גרינדן שולן און זיי אויפהאַלטן, צו דרוקן ביכער, שריפטן און מכשירים, צו מאַכן אינספּעקציעס אין די שולן. צווייטנס, מוז די קאָנווענשאָן מיטן קלאָרן וואָרט אָנזאָגן דער נייער עקזעקוטיווע, אַז די שולן־אַרבעט איז איר שטענדיקע אַרבעט, וואָס טאָר נישט אַראָפּ פון איר טאָג־אָרדענונג; אַז זי טאָר נישט די שולן־אַרבעט

איבערלאָזן אין די הענט פון „צענטראַלן שולן־קאָמיטעט" און זיך פילן באַפרייט פון די חובות. די קאָנווענשאָן קען זיך רואיק פאַנאַנדערפאָרן ערשט ווען זי ווייסט, אַז די שולן־אַרבעט איז אויף להבא סאָליד און געזונט־דויערהאַפט אַוועקגעשטעלט.

וואָס אָבער דער עיקר איז, אַז אויך אין פאַרבינדונג מיט דער שולן־אַרבעט דאַרפן מיר אויף זיך ליבנדיק אָנלאָדן דעם יאָך פון קיום האומה, וואָס דאָ מיינט עס קיום ה׳אידישע קולטור.

מיר טאָרן אויף קיין איין מאָמענט נישט פאַרגעסן, אַז דער קאַטאַסטראָ־פאַלער איראָפּעאישער חורבן איז נישט ווייניקער אַ חורבן פון דער נשמה ווי פון גוף. עס זיינען חרוב ונחרב געוואָרן די צוויי גרעסטע אידיש־גייסטיקע צענטערס: פוילן און ליטע; חרוב געוואָרן נישט אָפּגעבויט צו ווערן. און ווער זאָל דעם חורבן צוריק אויפבויען, דערזעצן, אויב נישט דער גרעסטער און שטאַרקסטער און — לאָמיר צוגעבן — אויך דער געזינטסטער אידישער קיבוץ, די אידישע אַמעריקע?! אַמעריקע מוז ווערן דער צענטער פון אידישע זשורנאַליסטן און שרייבער, פון אידישע לערער און געלערנטע, אידישע קולטור־שאַפער און בויער, אידישע פירער און טוער — מיט איין וואָרט, דער צענטער פון אידישער לערע, געלערנטקייט און פירערשאַפט, אין דער גרעסטער פילזייטיקייט און פילפאַכיקייט.

און דאָס אַלץ דאַרף דער „אידיש־נאַציאָנאַלער אַרבעטער־פאַרבאַנד", וואָס האָט זיך פאַרמאָסטן צו זיין אַ פירער אין אידישן לעבן, נעמען אויף זיך ליבעספול און אחריותפול. מיר טאָרן אין קיין זאַך קיינעם נישט אָפּטרעטן דעם וועג. אַלע אידישע אַרבעטן, אַלע אידישע שאַפונגען, אַלע גייסטיקע אידישע בנינים זיינען אונזערע. נישט בויענדיק קיין ישיבות, זיינען מיר אָבער, למשל, נישט פּטור פון בויען אַקאַדעמיעס פון אידישן וויסן. נישט אַרויסגעבנדיק קיין רבנים, איז אָבער אונזער חוב צו דערציען אויך תלמודישע געלערנטע. אַלץ וואָס אידיש איז אונזערס. פון קיין זאַך אין אידישן קולטור־לעבן רוקן מיר זיך נישט אָפּ.

איז קלאָר. מיט שולן אַליין, אַפילו מיט מיטלשולן, ענדיקט זיך אונזער אַרבעט נישט. זי ענדיקט זיך אויך נישט מיטן אידישן לערער־סעמינאַר. אויך ווען ער וועט אַוועקגעשטעלט ווערן אויף דער העכסטער, פולסטער הויך. ערשט מיט דער גרינדונג פון סעמינאַרן און אַקאַדעמיעס פון אידישער

וויסנשאַפט, וועט זיך אונזער אַרבעט נאָר רעכט פאַרטיפן און רעכט פאָראויס־
גיין.

מיר זיינען די יורשים פונעם, אין פייער און בלוט פאַרלענדט געוואָ־
רענעם, פוילישן און ליטווישן אידנטום, און מיט ליבשאַפט און שטאָלץ מוזן
מיר טראָגן די לאַסט פון זייער ירושה.

קאָנווענשאָן בוך, זעכצנטע קאָנווענשאָן, יוני 1946

# די נייע אידישע דערציאונג

## א. דער הינטערגרונט

### 1. דער נאָמען

גלייך ביי זייער גרינדונג האָבן די אידישע קינדער־שולן, אין דער פּאַרטיי פּועלי ציון און אידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד, געקראָגן דעם נאָמען אידישע נאַציאָנאַל־ר אַ ד י ק אַ ל ע שולן. דער „בראָך־שטול", אויף וועלכן די שולן זיינען, אין באַשלוס, ענטגילטיק געבוירן געוואָרן, איז געווען די פינפטע קאָנווענשאָן פון דער פּועלי־ציון־פּאַרטיי (אָנגעפאַנגען דעם 20טן אָקטאָבער, 1910), אין מאָנטרעאַל, קאַנאַדע. דר. חיים זשיטלאָווסקי, וואָס, הגם נאָך נישט קיין מיטגליד פון דער פּאַרטיי פּועלי ציון, האָט ער זיך דאָך שטאַרק מתעסק געווען אין דעם געבורט־באַשלוס פון די שולן, איז, לויט אַלע סימנים, אויך געווען דער קוואַטער, וואָס האָט די שולן דעם שם ר אַ ד י ק אַ ל געגעבן.

אַז די נאַכריכט וועגן דעם באַשלוס האָט דערגרייכט די רעדאַקציע פון דער „וואָרהייט", די טעגלעכע צייטונג, אין וועלכער איך האָב לאַנג און עקשנותדיק אַגיטירט פאַר אַזעלכע שולן, ווענדנדיק זיך אַפילו דערמיט דירעקט צו די פּועלי ציון אָדער צום אידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד, האָט די בשורה מיך אַוודאי שטאַרק דערפרייט. אָבער אין דער אייגענער צייט האָט דער נאָמען ר אַ ד י ק אַ ל מיך ביז אַ געוויסן גראַד שאָקירט. און נישט נאָר מיך, נאָר אויך אַנדערע חברים פון דער רעדאַקציע, לכל־הפּחות דעם חבר לעאָן עלבע (לייבע באַסין), וואָס בנוגע די שולן, יעדנפאַלס, האָב איך מיט אים האַרמאָניש געטראַכט און האַרמאָניש געאַרבעט. אין יענע יאָרן האָט ר אַ ד י ק אַ ל אויף דער אידישער גאַס באַטייט נישט נאָר אַנטי־רעליגיעז, נאָר אפשר אויך אַפילו אַגרעסיוו בנוגע רעליגיע. עס האָט זיך, דוכט מיר, דערפון אַפילו אַ ווייטער ריח געהערט, ווי פון די אַזוי־גערופענע אַנאַרכיסטישע יום־כיפּור־בעלער, ווי פון „עסן חלב'נע ליכט גאָט צו־להכעיס".

איך האָב, געדענק איך, דעם אַדיעקטיוו ראַדיקאַל, בנוגע די שולן, נישט גערן באַנוצט. אָנשטאָט דעם פּלעג איך, שרייבנדיק אָדער ריידנדיק, די נייע שול־ריכטונג באַצייכענען מיטן נאָמען: די נייע אידישע דערציאונג. און נישט נאָר איך, מיר דוכט, אַז אויך די פּועלי ציון האָט דער עפּיטעט ראַדיקאַל געגרילצט אין די אויערן, געסקריפּעט ווי אַ פּאַרטקע, וואָס הענגט אַראָפּ פון דער זאַוויעסע, ביז אויפן דריטן שולן־צוזאַמענפאָר, אין סיראַקיוז, אין יאָר 1917, האָבן אַלע דעלעגאַטן, אויך די דעלעגאַטן פון די סאָציאַליסטן־טעריטאָריאַליסטן, וואָס זיינען זינט 1914 אין דער שולן־אַרבעט געגאַנגען מיט אונז צוזאַמען, פּה אחד באַשלאָסן דעם נאָמען נאַציאָנאַל־ראַדיקאַל צו וואַרפן און אָנשטאָט דעם רופן די שולן — אידישע פאָלקשולן.

קוים קנאַפּער ווי דעם „ראַדיקאַל" האָב איך נישט געקענט סובל־זיין דעם אַדיעקטיוו וועלטלעך, ווען ער איז, אַרום די צוואַנציקער יאָרן, אויפגעקומען אין די קרייזן פון די שלום־עליכמ'ניקעס און פון די שול־טוערס פון אַרבעטער־רינג. וועלטלעך איז געווען אַ פּשוטע, אַפילו עטוואָס אַ האַ־מעטנע איבערזעצונג פון אייראָפּעאישן אַדיעקטיוו סעקולאַר, וואָס האָט אויך אַ ניואַנס פון אַנטי־רעליגיעזקייט. דערצו נאָך האָט ער ביי אונז געקענט צוקריגן, אויב ער האָט טאַקע נישט צוגעקראָגן, דעם ביי־באַטייט פון קאָס־מאָפּאָליטיש, עפּעס וואָס די שלום־עליכמ'ניקעס אַליין דאַרפן זיין אַנטשיידן קעגן. איך מוז נאָך צוגעבן, אַז דער נאָמען וועלטלעך האָט אין אונזערע קרייזן, די קרייזן פון די פּועלי ציון און פאַרבאַנד, זיך טאַקע נישט צוגעקלעפּט.

דער נאָמען אידישע פאָלקשולן פּאַסט אונזערע שולן אַם־בעסטן. דאָך וואָלט דער נאָמען, זאָל זיין ריין־שפּראַכלעך, ביז גאָר שלעכט געקליידט אונזער דערציאונג אַלס גייסט און שיטה. בכן, בלייב איך ביי מיין אַלטן נאָמען: די נייע אידישע דערציאונג. און אַזוי וועל איך זי אָנרופן אין מיין איצטיקער אַרבעט.

## 2. די וואָרצלען פון דער נייער אידישער דערציאונג

ש. ניגער (אין זיין „אין קאַמף פאַר אַ נייער דערציאונג", אַ געשיכטע פון די אַרבעטער רינג־שולן, געשריבן אויפן אויפטראַג פון בילדונגס־קאָמי־טעט פון אַרבעטער־רינג, אין יאָר 1940) זוכט די וואָרצלען פון דער נייער

אידישער דערציאונג אין די סאַמע ווייטסטע מרחקים. ערגער נאָך פון די ווייטע מרחקים איז, וואָס ער זוכט און גראָבט אין די וואָרצלען, און ער געפינט ערשט נישט.

נח מישקאָווסקי, וואָס האָט אין יאָרן אַרום אויפגעטויכט דאָ אין אַמעריקע (אין לאָס אַנדזשעלעס און אין ניו־יאָרק) אַלס פּועלי ציון און לינקער פּועלי ציון, אַלס שול־טוער, לערער און שרייבער, — ברענגט ש. ניגער, — האָט אַרום דעם יאָר 1900 אין דער שטאָט מיר (באַרימט מיט דער מירער ישיבה) געגרינדעט אַ סאָציאַליסטיש־באַזעלטע קינדער־שול, וואו אַ חוץ אַריטמעטיק, געשיכטע און געאָגראַפיע, אויף אידיש, האָט מען אויך געלערנט אידיש ווי אַ לשון. אַרום דעם יאָר 1902 האָט דער אייגענער נח מישקאָווסקי, אין איינעם מיט אַנדערע, געגרינדעט אַן ענלעכע שול אויך אין דער גאַנץ נאָענטער שטאָט ניעסוויעזש (ביידע שטעט זיינען מינסקער גובערניע), וואו מען האָט, אַ חוץ די געוויינטלעכע אָנפאַנג־שול־לימודים אויף אידיש, אויך געלערנט די שפּראַכן אידיש און העברעאיש.

איך לאָז אָן אַ זייט וואָס (אויב איך געדענק פּרטים) דער פאַרשטאָרבענער א. ליטווין דערציילט אין זיינע רייזע־בילדער פון ליטווישע און ווייס־רוסישע שטעט און שטעטלעך, פון אַ פּרווי אָדער פּרויען, וואָס האָבן אומגעפּער אין דער אייגענער צייט געהאַט גרויסע, דערפאָלגרייכע מיידלשע חדרים אָדער שולן (אויך אין מישקאָווסקיס שולן זיינען געווען הויפּטזעכלעך מיידלעך), וואו זיי האָבן מיט די קינדער געלערנט אידיש און אידישקייט. וויכטיק איז וואָס מישקאָווסקיס שולן האָבן, ווי ס׳איז קענטיק פון זיין אייגענער באַשריי־בונג, געהאַט קורצע יאָרן. נאָך וויכטיקער איז — מיט וואָס זיינען די שולן געווען אידיש? איז דען דאָס וואָס מען האָט געלערנט אידיש, און אַפילו העברעאיש, גענוג געווען צו מאַכן די שולן אידיש? און דאָס סאַמע וויכטיקסטע אין אונזער ענין איז דאָס וואָס צווישן מישקאָווסקיס שולן און די אידישע שולן אין אַמעריקע איז נישטאָ אַפילו דער מינדסטער המשך. אמת, אַרום דעם יאָר 1915, דערגייט צו מיר, אַלס דעם דעמאָלטיקן הויפּט־אָנפירער מיט די פּועלי ציון־פאַרבאַנד־שולן, דער נאָמען נח מישקאָווסקי אין פאַרבינדונג מיט אַ פּועלי ציון־שול אין לאָס אַנדזשעלעס. איז דאָך עס אָבער שוין פינף יאָר נאָך דער גרינדונג און פונקציאָנירונג פון די פּועלי ציון־פאַרבאַנד־שולן.

דערנאָך ברענגט ש. ניגער, משמעות ווי אַ צווייטן וואָרצל, די אָוונט־קורסן פאַר דערוואַקסענע, וואָס האָבן, ערב דער רוסישער רעוואָלוציע פון

יאָר 1905, אָנגעהויבן אויפקומען אין ווילנע און אין אַנדערע שטעט. אַ חוץ אַלגעמיינע און, משמעות, אויך סאָציאַליסטישע לימודים, האָט מען אויף די דאָזיקע קורסן אויך געלערנט אידיש און אידישע ליטעראַטור. און אין פאַרבינדונג מיט אָדער אַרום די דאָזיקע קורסן, וואַקסן אין לויף פון די יאָרן אויף אַזעלכע אידישע כרעסטאָמאַטיעס ווי אברהם רייזענס „אידישע כרעסטאָמאַטיע", מ. אַלגינס „דאָס אידישע וואָרט" און אַפילו י. לעווינס, ש. הורוויצעס און לינקאָווסקיס „אונזער נייע שול". איז דאָס אַלץ גוט און פיין. און אַז אונזערע שולן זיינען, אין 1910, אויפגעקומען, האָבן מיר זיך מיט די אַלע לערן־ביכער און מיט אַ צאָל אַנדערע (פאָלק היילפּעריגס, קרינסקיס) גאַנץ פיין באַנוצט. אָבער שולן פאַר דערוואַקסענע זיינען דאָך נישט קיין קינדער־שולן, און אַ חוץ שפּראַך און ליטעראַטור, איז אין זיי קיין אידישעס נישטאָ. ועל כולם האָט זיך נישט אויף דער ערד און נישט אונטער דער ערד געצויגן קיין המשך צווישן יענע רוסישע שולן און צווישן די פּועלי ציון־פאַרבאַנד־שולן פון יאָר 1910, וואָס פון זיי זיינען אַרויסגעקומען אידישע שולן אין אַמעריקע. (אַגב, קורסן פאַר דערוואַקסענע אויף אידיש האָבן מיר דאָ אין אַמעריקע, אַרום דער אידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, געהאַט — ווי דער לעזער ווייס באַלד זען — אַ סך, אַ סך פריער).

יענע אָוונט־קורסן, דענקט ש. ניגער — און אַזוי האָבן אויך געדענקט די, פון וועמען ער האָט געשעפּט זיינע ידיעות אין דעם פּרט — זיינען געווען „דער לעבעדיקער קוואַל, פון וועלכן ס'האָט זיך שפּעטער ווי אַ מעכטיקער שטראָם פאַנאַנדערגעוואַקסן" די סאָציאַליסטישע אידישע שולן־באַוועגונג. די פאַקטן, און ש. ניגער ברענגט זיי טאַקע אין דעם דערמאָנטן בוך, דערציילן אָבער, אַז ערשט נאָכן יאָר 1907 ווערט אין אַ צירקולאַר פון פּראָגרעסיווע, סאָציאַליסטישע אידישע לערערס דערמאָנט, אַז אין איינציקע טאָג־שולן פאַר קינדער איז שוין איינגעפירט געוואָרן דער לימוד פון אידיש (נישט דער לימוד פון אידישקייט). אַרום 1908 האָט דער שפּעטער באַרימט־געוואָרענער, אַלס רעזשיסער ביי דער ווילנער טרופּע, דוד הערמאַן, אינאיינעם מיט י. ל. פּרצן, איינגעפירט אידיש אַלס לימוד אין געוויסע וואַרשעווער קינדער־היימען. און אַרום 1910 „שמוגלט" דער אייגענער דוד הערמאַן, זייענדיק אַ לערער אין דער פּריוואַטער פרויען־גימנאַזיע פון סאָפיע קאַלעצקי, אין איר אַריין, אונטערן מענטעלע פון רעליגיע, דעם לימוד פון אידיש און אידישער ליטעראַטור.

ווייטער האָט מען אַלץ דיסקוסירט און זיך געאַמפּערט, און ערשט אין 1912 ווערט אויף דער איניציאַטיוו פון דער קולטור־טוערין וויערא קופּער־שטיין געגרינדעט אין ווילנע אַ פּיר־קלאַסיקע מיידל־שול, וואָס דער „גייסט און די שפּראַך פון די לימודים איז דער גייסט און די שפּראַך פון דער נייער אידישער שול״.

פרעגט זיך אַ שאלה: פאַרוואָס זאָל דאָס אַלץ זיין אַ וואָרצל פון דער נייער אידישער קינדער־שול אין אַמעריקע? טאָמער גאָר פאַרקערט? די שולן פון די פּועלי ציון און פאַרבאַנד זיינען געגרינדעט געוואָרן סוף 1910. די נייעס האָט זיך שנעל צעטראָגן דורך דער פּרעסע. אין דער פּרעסע, און טאַקע אין דער סאָציאַליסטישער אָדער פּראָגרעסיווער פּרעסע — אין בונדישן אָרגאַן און אין דער ניו־יאָרקער־ווילנער „נייער וועלט״ האָט דער פּראָמי־נענטער בונדיסט צביון און דער לכל־הפחות געוועזענער בונד־שרייבער דר. קאַרל פאַרנבערג, בדרך־כלל, וואַרעם רעקאָמענדירט די שולן און זייער שיטה. איז פאַרוואָס זאָלן מיר נישט אָננעמען, אַז דער פאַל אין ניו־יאָרק האָט גאָר אַ שטויס געגעבן די בונדיסטן אָפּצוהאַקן זייערע דיסקוסיעס און זיך נעמען נ אָ כ ט אָ ן דעםביישפּיל אין ניו־יאָרק?

עד כאן די „וואָרצלען״ אין רוסלאַנד. נישט בעסער, אויב טאַקע נישט „בפירוש״ ערגער, שטייט עס מיט ש. ניגערס וואָרצלען אין אַמעריקע.

קודם־כל, אויב אין רוסלאַנד האָט ש. ניגער אָנגעהויבן זוכן נייע „וואָרצ־לען״ נאָך ביי די פּיאָנערן פון דער השכלה, האָט ער, אין אַמעריקע, וואו קיין השכלה־באַוועגונג אַלס אַזעלכע האָט זיך נישט אַרויסבאַוועגט, זיי, די וואָרצלען, אָנגעהויבן זוכן צוערשט ביי די שפּאַניש־פּאָרטוגעזישע אידן און דערנאָך ביי די דייטשע „יהודים״. די ערשטע, אין ניו־יאָרק, האָבן געהאַט קינדער־שולן מיט אַלגעמיינע (אַפילו מיט שפּאַניש) און אידישע לימודים שוין אין 18טן יאָרהונדערט. די צווייטע האָבן אין פילאַדעלפיע, באַלטימאָר, סינסינעטי, און אויך וואו אַנדערש, געהאַט זייערע שולן, מיט אַלגעמיינע לימודים (אַפילו מיט דייטש) און מיט אידישע לימודים, ד. ה. העברעאיש און רעליגיע, אין די פערציקער יאָרן פון 19טן יאָרהונדערט. און געוועזן זיינען עס, אַפילו מיט די לערן־שטונדן און זייער צייט, אמתע אידישע „פּאָבליק סקולס״.

וואָלט דער וואָרצל טאַקע זייער וואָרצלדיק געווען, ווען עס וואָלט צווישן די דאָזיקע שולן און די שולן פון די אידישע אידן געווען כאָטש עפּעס אַ שאָטן פון אַ המשך. שפּעטער ווי 1842 הערט מען שוין נישט פון די שפּאַניש־

פּאָרטוגעזישע שולן. און אויך די דייטשע אידישע קינדער־שולן גייען, ווי ס׳ווייזט אויס, נישט ווייטער ווי ביז 1873. איןביידע לאַגערן קומען, אין יענע ביידע צייטן, משמעות אויף די היינט־צייטיקע שבת־ אָדער זונטיק־שולן. אויך דאָ זיינען אונזערע „אידישע אידן" נישט געגאַנגען אין חדר, נישט צו די פראַנקן און נישט צו די „יהודים". אין דער צווייטער העלפט פון 19טן יאָרהונדערט האָט זיך די צאָל פון די מזרח־אייראָפּעאישע אידן אָנגעהויבן צו מערן. עפּעסן זיי פאַר זייערע קינדער תלמוד תורות, אַן אַלגעמיינע לימודים, בשעת די אידישע לימודים באַשטייען הפּנים אויס־שליסלעך פון רעליגיע, און די לערן־שפּראַך איז אידיש־מאַמע־לשון.

דאָ מאַכט ש. ניגער, אין מיטן פון זיין זוכעניש, אַן אָפּווייכונג און שטעלט זיך אָפּ — אויף פּערזאָנען. צוויי זיינען זיי, און דער אָפּשטעל אויף זיי איז גאַר אַ באַזונדערער. די וואָרצלען זאָלן, הפּנים, זיך גאַר שטאַרק האָבן גע־צויגן פון א. ליעסינס פּאָעזיע און פּראָזע און פון דר. זשיטלאָווסקיס שרייבן און לעקציעס (און — גיב איך צו — פון זיין פּאַרקער מיט מענטשן).

דאָס מאַכן ליעסינען פאַר אַ פּאַרלויפער פון די „נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע" און אַרבעטער־רינג־שולן קלינגט מיר, וואָס האָט געהאַט די מעגלעכקייט גאַר נאָענט נאָכצופאָלגן ליעסינס קאַריערע אין דעם לאַנד — זייער משונה. אין 1894, בערך, הויבט אברהם וואַלט (ליעסין) אָן דורך פּריינט צוצושיקן זיינע לידער צו אב. קאַהאַנען. די מייסטע לידער, נישט אין קיין צו גרויסער צאָל, ווערן געדרוקט אין דער „אַרבעטער־צייטונג" אָדער „זונטיקס־בלאַט" און „אָבענד־בלאַט" און אין דער „צוקונפט". געווען אויך אַזעלכע, וואָס ווערן „צעטרוכניעט" — טאָקע זיין ווערטל — ביי א. קאַהאַנען אין קעשענע. אַ צוויי־דריי פון די לידער האָבן אידישע מאָטיוון („דער אידישער פּאָרשטייער", „צוויי תפילות"). די גרעסערע צאָל איז אָבער געווען נאַטור־באַשרייבעריש („די לבנה־נאַכט", „הערבסט ביים טייך") אָדער רעוואָלוציאָנעריש („דער יונגער פּאַרברעכער", „צום נייעם יאָר"). אב. קאַהאַנען זיינען די לידער געפעלן, הפּנים זייער שטאַרק. לואיס מיללערן — כ׳האָב זיין מיינונג פון אים אַליין געהערט — הפּנים גאַרנישט אַזוי שטאַרק. און דעם סאָציאַליסטישן פּאָלק? כ׳האָב נאָך אַפילו אין אַ סך יאָרן אַרום, ווען ליעסין האָט שוין געהאַט רעדאַגירט די „צוקונפט" און דאָרט מיט צווייענדיקן אַפּלאָמב — טיפּאָגראַפישן און מאָראַליש־פּאָעטישן — געדרוקט זיינע לידער, געהערט אַן אָפּנהאַרציקן ווידוי פון אַ חשובן, איינגעוואָרצלטן סאָציאַליסטישן טוער, שיער נישט אַ

מעצענאַט, אַז בשעת פון ליעסינס לייט־אַרטיקלען אין דער „צוקונפט“ קוועלט ער גאַר אָן, היפט ער איבער ליעסינס פּאָעזיע, דוכט זיך אַפילו נישט פאַר־בויגנדיק די בלעטלעך, און גייט זיך ווייטער.

געקומען איז ליעסין קיין אַמעריקע אין זומער 1897, באַלד נאָך דער גרינדונג פון „פאָרווערטס“ (בשעת דער מלחמה צווישן אים און דעם „אַבענד־בלאַט“). אַ ווילע טאַפּט ליעסין אין דער פינסטער און שפּרינגט, נאָך אַ לעצטן שטאַרקן ישוב־הדעת, אַריין אין דער מחנה פון „פאָרווערטס“, נעמענדיק זיך שיסן אין פייגטלעכן לאַגער כמעט אויסשליסלעך מיט פּראָזאַאיש־סאַטירישע פיילן. ווען נישט ווען שרייבט ער אויך אָן אַ ליד; כ׳גלויב אָבער קוים, אַז די יוסטע „געגנאַסן“ פון „פאָרווערטס“ מאַכן פון זיי אַ גרויסן ווען. דאַקעגן־זשע, אויב איך געדענק ריכטיק, האָט ליעסין פאַר אַזעלכע אידישע לידער ווי „יום־כיפור אויף דער נאַכט“ מצד די זעלבע „געגנאַסן“ געהאַט אַפילו געוויסע אומאָנגענעמלעכקייטן. ווי עס זאָל נישט זיין, אין יענע יאָרן איז א. ליעסין אַזוי פאַרטרונקען געווען מיט פּובליציסטיק, מיט טאָג־פּראַגעס, ערנסט אָדער סאַטיריש באַהאַנדלט, און אַביסעלע שפּעטער מיט קולטור־היסטאָרישע און אידיש־היסטאָרישע באַאַרבעטונגען (לויט טאָמאַס באָקל, לויט שמעון דובנאָוו), אַז עס בלייבט אים ווייניק צייט און מעגלעכקייט פאַר פּאָעזיע, ווער רעדט פאַר נאַציאָנאַליסטישער.

געדענקען זיך מיר פון יענע יאָרן, אַ חוץ די לידער וואָס איך האָב שוין דערמאָנט, בלויז נאָך עטלעכע אַזעלכע ווי, למשל, „שמחת בית השואבה“ און „והיה באחרית הימים“, וואָס זיינען באַזעלט מיט הייסער אידישקייט. ערשט אַרום 1913, אַז ליעסין הויבט אָן רעדאַגירן „די צוקונפט“, עפנט זיך ביי אים פון דאָס ניי אויף אַ שטאַרקער קוואַל פּאָעזיע און אין דעם קוואַל גיט אויך אַ מעכטיקער שלאָג אידישע דיכטונג.

דאָס איז וועגן פּאָעזיע. בנוגע פּראָזע פון יענער צייט, זוכט ש. ניגער און געפינט ליעסינס אַן אַרטיקל אין „פאָרווערטס“, פון 10טן יולי, 1910, וואָס איז אַ ביטערער קלאָג אויף דער אידיש־אַמעריקאַנער קאַלעדזש־יוגנט — הלמאי זי קומט נישט אַריין אין אידישן קלאַסן־קאַמף!

ניין, ליעסינען רעכענען פאַר אַ פאַרלויפער און באַדן־צוגרייטער פון דער אידיש־אַמעריקאַנער שול, מיט זיין פּאָעזיע און פּראָזע, אין די ברוי־יאָרן ביז 1910, איז, דוכט מיר, אַן אָפּטיש־היסטאָרישע גענאַרטקייט.

אַ סך בעסער שטייט עס מיט דעם צווייטן מענטשלעך־שאַפערישן וואָרצל:

דר. חיים זשיטלאָווסקי. אָבער אויך דאָ איז פאַראַן אַ היפּש ביסל איבער־
טרייבונג. דירעקט פאַר שולן האָט דר. חיים זשיטלאָווסקי ביז צו דער פּועלי
ציון־קאָנווענשאָן, דעם 20טן אָקטאָבער, 1910, אין מאָנטרעאַל, גאָרנישט
געטאָן, סיידן ערגעץ־וואו אין אַ מסיבה־שמועס. אין זיין שרייבן פון יענער
צייט, ד. ה. אין „דאָס נייע לעבן", האָב איך געזוכט און גאָרנישט געפונען
אַ חוץ אומפאַרשטענדלעכע, אָפּגעריסענע פּראַזע, וואָס קענטיק אויך ש. ניגער
האָט געזוכט און קוים געפונען (אין „אָפענעם בריוו צו די פּועלי ציון",
„דאָס נייע לעבן", 1909) — די פּראָזע „וואו זיינען די אידישע נאַציאָנאַל־
ראַדיקאַלע שולן, וואָס איר האָט אויפגעבויט?"

אומדירעקט האָט, פאַרשטייט זיך, דר. זשיטלאָווסקי דעם באָדן גאָר אַ
סך געהאָלפן צוגרייטן. קיינער וויל נישט, און עס וואָלט געווען גאַנץ נוצלאָז
צו וועלן, לייקענען, אַז דר. זשיטלאָווסקי איז געווען דער, וואָס האָט דעם
אידישן נאַציאָנאַליזם, אַזוי צו זאָגן פילאָזאָפיש, וויסנשאַפטלעך באַגרינדעט.
אָבער אויך דאָ דאַרף מען נישט איבערטרייבן. מיט זיין אידישער אויפ־
קלערונג־אַרבעט (אַ צייט־לאַנג האָט ער געאַרבעט אויף רוסיש) האָט ער
אָנגעהויבן אַביסל שפּעטלעך. צו די מאַסן איז ער לאַנגזאַם און שווערלעך
דורכגעדרונגען. טיכטיק באַאַרבעט און געווירקט האָט ער, אין יענע יאָרן,
דער עיקר אויף אַ דינער שיכט „רוסישע" און סאָציאַליסטיש־אַנאַרכיסטישער
אינטעליגענץ. און וואָס איז שייך די פּועלי ציון און פאַרבאַנד־אידן, וואָס זיי
זיינען די קוואַטערס פון די אידישע שולן געווען — זיי האָבן זיך אין דר.
זשיטלאָווסקיס נאַציאָנאַליזם נישט גענויטיקט; זיי האָבן אַ היפּשע דאָזע
דערפון פאַרמאָגט אין זייערע פּאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס.

זיך צוריקקערנדיק צו אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס, שטעלט זיך
ש. ניגער לאַנג אָפּ, ווי אויף נאָך אַן אַראַנזשעריע, וואו די שולן זיינען גע־
כאָוועט געוואָרן, אויף די סאָציאַליסטישע „סאַנדעי סקולס" אין 1906 און
ווייטער (ווערדליך מיר געדענקט זיך, זיינען די דאָזיקע „סקולס" אויפגעקומען
נאָך מיט אַ פּאָר יאָר פריער און די טאַטעס זייערע, מיט שריפט און וואָרט,
זיינען גאָר געווען: איך — דעמאָלט אַ „פאָרווערטס"־שרייבער — און דער
פאַרשטאָרבענער אברהם שיפּליאַקאָוו). נו, די „סקולס" האָבן מיט דער צייט,
און די צייט איז טאַקע געווען אָט פּונקט ערב דער גרינדונג פון די „נאַציאָנאַל־
ראַדיקאַלע" שולן, גיכער אָבער נאָכדעם, — געדינט פאַר אַן אַרענע, וואו
עס זיינען אויסגעפאָכטן געוואָרן שלאַכטן פאַר און וועגן אַ אידישער דער־

ציאונג פאַר סאָציאַליסטישע אידישע קינדער. ווידער, די „סקולס״ אַליין, זיינען, ראשית, גאָרנישט געווען פאַר קינדער, נאָר פאַר — ווי מיר רופן אַזעלכע — יוגנטלעכע; והשנית, זיינען זיי מיט קיין שום זאַך, אַ חוץ מיט דער בלוט־אָנגעהעריקייט פון די תלמידים, אידיש נישט געווען.

דאָס איינציקע פון אַלע ש. ניגערס זוכענישן און געפינסן, וואָס וואָלט באמת געקענט אָנגערופן ווערן אַ פּרוזדור, אַ קאָרידאָר צו די שולן, איז געווען דער אמת דרייסטער און שיינער אויפטו פון דעם (פאַרשטאָרבענעם) שפּעטערדיקן שלום־עליכם־לערער און טוער ה. גאָלדבלום, וואָס האָט נאָך אין יאָר 1908 געגרינדעט אין בראָנזוויל אַ אידישע קינדער־שול, מיט אַ גאַנץ־אידישלעכער פּראָגראַם (אמת, אָן רעליגיע), מיט גאַנצע דריי לערער, מיט גאַנצע 22 קינדער. וואָלט עס געקענט — ווען די שול וואָלט געלעבט אַביסל לענגער (זי איז פּלוצים אויפגעריסן געוואָרן פון אַ פּאַניק, וואָס איז אָנגעצונדן געוואָרן דורך אַ תלמוד־תורה צווישן די מאַמעס פון די קינדער, אַז די שול איז אַ „מיסיאָנערישע״!). עס וואָלט געקענט — ווען אַפילו אין דער קורצער צייט פון איר עקזיסטענץ וואָלט פון איר עמעצער געוואוסט, עמעצער, אַ חוץ דער פּיצעלאַנטיקער קופּקעלע מענטשן, וואָס האָבן זיך אַרום איר געדרייט.

## 3. נענטער צו דער ערד

אַנשטאָט זוכן די וואָרצלען פון דער נייער אידישער דערציאונג (וואָס איז געבוירן געוואָרן אין אַמעריקע אויפן שויס פון דער אידישער סאָציאַ־ליסטישער באַוועגונג) אין ווייטן רוסלאַנד אָדער אין נאָך ווייטערן שפּאַניש־פּאָרטוגעזיש־דייטשן אידנטום, לאָמיר זיי בעסער זוכן האַרט ביי אונזער ערד, אין די רייען פון די אידיש־רוסיש־גאַליציאַנישע אָדער רומענישע אימיגראַנטן, אין זייער עקאָנאָמיש־געזעלשאַפטלעכן און רעליגיעזן לעבן און אינסטיטוציעס, אין זייערע חדרים און תלמוד־תורות, יוניאָנס, סאָציאַליסטישע פּאַראיינען און ליטעראַרישע קלובן, אין זייער פּרעסע, ליטעראַטור און טעאַטער.

די גרויסע אידישע אימיגראַציע, צום סאַמע גרעסטן טייל פון רוסלאַנד, צו אַ סך אַ קלענערן טייל פון גאַליציע און רומעניע, האָט זיך אָנגעהויבן אין 1881טן יאָר. פון דעמאָלט אָן איז זי אין אַ כמעט שטענדיקן פּראָגרעס, געוואַקסן, ביז אַרום דעם יאָר 1890 האָט מען זי שוין אין ניו־יאָרק אַליין געשאַצט אין אַ גוטן האַלבן מיליאָן נפשות. די ריזיקע מאַיאָריטעט גאַנץ־

און האַלב־דערוואַקסענע פון אַט דער מאַסע זיינען תיכף ביי זייער קומען אַהערצו געוואָרן אַרבעטער (און פעדלער).

זיך איינאָרדענענדיק, צומייסט מיט דער הילף פון די תושבים (עס הייסט פריערדיקע אימיגראַנטן), צו ווענען זיי זיינען געקומען, זיך אַרומקוקנדיק, זיך אָריענטירנדיק, האָבן די פעדלער און די אַרבעטער (ביידע זיינען געווען מענטשן פון דעם זעלבן חומר) זיך גענומען טוליען צו די חברות, שולן און לאַנדסמאַנשאַפטן, וואָס זיי האָבן שוין דאָ געפונען (ביסלעכווייז האָבן זיי אויך אָנגעהויבן גרינדן אייגענע, נייע) און האָבנדיק, אָדער שוין אויסהאָדעווענדיק קינדער, האָבן זיי זיי געשיקט אין די חדרים אָדער תלמוד־תורות, וואָס זיינען אויפגעוואַקסן אין גייסטיקער אָדער מאַטעריעלער שכנות מיט די חברות און שולן.

די אידישע יוניאָנס, וואָס זיינען אַרויסגעשוואָומען אויף די כוואַליעס פון דער זעלביקער גרויסער אימיגראַציע, הויבן זיך אָן אַרויסעיקן בלויז אַביסעלע שפּעטער, אין מיטן פון די אַכציקער יאָרן. די פאַראייניקטע אידישע געווערקשאַפטן, וואָס איז די יוניאָן־גדולה פון די אידישע יוניאָנס, וואו זיי אַלע צעמענטירן און קאָנצענטרירן זיך און וועלכע גיט דעם אידישן טרייד־יוניאָניזם אַ מעכטיקן שטויס, ווערט געגרינדעט אין יאָר 1888. די אידישע יוניאָנס, בפרט די פאַראייניקטע אידישע געווערקשאַפטן, ווערן געגרינדעט פון אידישע סאָציאַליסטן, וואו נישט וואו פון אַ מיטגליד פון דעם געוועזענעם סאָציאַל־נאַציאָנאַלן „עם עולם", אַמאָל אפשר אויך פון אַן אַנאַרכיסט, אָבער מייסט פון די אידישע מיטגלידער פון דער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־פאַרטיי. די פאַראייניקטע אידישע געווערקשאַפטן ווערן, מיט דער הילף פון די פאַראייניקטע דייטשע געווערקשאַפטן (פון וואַנען עס נעמט זיך דער פאַר־דייטשטער נאָמען), געגרינדעט פון פיר פאָרשטייער פון די צוויי אידישע צווייגן פון דער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־פאַרטיי, דער ערשט־פאַרשטאַר־בענער בערנאַרד ווײַנשטיין און דער זינט עטלעכע יאָר טויטער י. מאַגידאָוו, פון צווייג 8, און פון לעאָן באַנדעס, דער עלטערער ברודער פון לואיס מיללער, און פון משה הילקאָוויטש (שפּעטער מאָריס הילקוויט) פון צווייג זיבעצן. דער צווייג 17 האָט אפשר פאַרמאָגט איין רוסישן מיטגליד און אפשר דאָס אויך נישט, אָבער געפירט זיינע געשעפטן און געהאַלטן זיינע לעקציעס האָט ער אויף רוסיש; האָט ער דערפאַר געהייסן דער רוסיש־שפּראַכלעכער צווייג. אויב איך האָב קיין טעות נישט, איז דער דאָזיקער צווייג געווען דער עלטע־

רער. יעדנפאַלס איז דאָ אַ גאַנץ גוטער גרונט אָנצונעמען, אַז טאַקע ווייל דער צווייג 17 האָט געהייסן רוסיש־שפּראַכלעכער, האָט דער צווייג אַכט, וואָס איז געפירט געוואָרן אויף אידיש, כיי געשעפטלעך און סיי מיט זיינע לעקציעס און רעדעס, באַקומען די אָפּצייכענונג — אידיש־שפּראַכלעכער.

איך מיין פּשוט, אַז עס איז אַ טעות די פאַרשפּרייטע מיינונג, אַז ס׳האָט געשטעקט עפּעס בכיוונדיק אידיש־פּאַרלייקענענדיקס אָדער בכלל אַסימילאַ־טאָרישעס אין דעם אַדיעקטיוו  א י ד י ש ־ ש פּ ר אַ כ ל ע כ ע ר. וואָלט עס האָבן געווען אַזוי, וואָלטן דאָך פּאַקטיש די זעלבע מענטשן, גרינדנדיק די צענטראַלע אידישע יוניאָן, נישט אויסגעטייטשט אַזוי אין איר דעם נאָמען די „א י ד י ש ע  געווערקשאַפטן״.

אַז דער אַדיעקטיוו „אידיש־שפּראַכלעך״ איז געווען בלויז אַ צופאַל, צום סאַמע ערגסטן אַן אומבאַרעכנטקייט, איז אויך קלאָר פונעם צעטל מענטשן, וואָס האָבן געלייגט דעם פונדאַמענט פון דער אידיש־סאָציאַליסטישער (אויך אַנאַרכיסטישער) און טרייד־יוניאָניסטישער באַוועגונג. זיי זיינען פּאַקטיש אַלע, מיט העכסטנס אַ פּאָר אויסנאַמעס, געווען אידישע מענטשן, מיט אַ אידישער יניקה אין זייער ערשטער דערציאונג און בילדונג אָדער עפּעס אַ אידישער אָנגעהעריקייט. דר. מערקין, אַ לעקטאָר־רעדנער אויף דייטש און רוסיש, פון די שפּעטערדיקע אַכציקער יאָרן, האָט געהאַט געקראָגן אַ „ישיבה״־בילדונג און פלעגט אין זיינע לעקציעס און רעדעס אָפט אַריינפאַלן אין אַ מגידישן ניגון. מאָריס ווינטשעווסקי, דער העברעאישער סטיליסט און אַמאָ־ליקער חבר פון משה לייב ליליענבלום און אהרן ליבערמאַן, האָט פון זיינע אידיש־קולטורעלע און אידיש־פּאָליטישע אינטערעסן אויך אין שפּעטערדיקע יאָרן נישט געמאַכט קיין סוד. אב. קאַהאַן, דער זון פון אַ ווילנער מלמד און בכלל פון אַ כלי־קודש׳דיקער משפחה און דער תלמיד פון ווילנער אידישן לערער־אינסטיטוט, איז פון תמיד אָן געווען אַ גוט־קענטיקער איד, נישט נאָר אויף דער אידישער גאַס, נאָר אויך אין די דערבייאיקע „יהודימשע״ און אַמעריקאַנישע קולטור־קרייזן. פיליפּ קראַנץ (יעקב ראמבראָ) איז בשעת זיין ערשטן אַרויספאָר אין דער וועלט געווען פאַראינטערעסירט אין דער חיבת־ציון־אידייע און איז כמעט זיין גאַנץ לעבן, כאָטש לויז, פאַרבונדן געווען מיט דעם אידיש־רוסישן אָרגאַן „וואָסכאָד״. בונים פייגענבוים האָט נישט נאָר, אפשר נישט וועלנדיק, דעמאָנסטרירט זיין אידישקייט מיטן שטייגער פון זיין מסביר זיין אַן ענין, ריידנדיק און שרייבנדיק, נאָר מיט זיינע סאַמע

מלחמות קעגן גאָט און אידישן ריטואַל און מנהגים באַשיינפּערלעך באַוויזן, אַז ער איז צו די דאָזיקע ענינים נישט גאַנץ גלייכגילטיק. מ. באַראַנאָוו איז געקומען קיין אַמעריקע אַן אַנטוישטער אַרגענטיניש־באַראָן־דע־הירשישער אַנגעהעריקער. דר. הירש זאַלאַטאַראָוו און מ. קאַטץ האָבן נישט נאָר אַרויס־געגעבן פון זיך פונקן אידישקייט אין יענע צייטן, נאָר, נאָכן קישינעווער פּאָגראָם, זיינען זיי געוואָרן אַקטיווע נאַציאָנאַליסטן. און בלויז אַביסל אָפּגע־רוקט פון זיי איז, אין די דאָזיקע יאָרן, געשטאַנען דר. י. מעריסאָן. דר. יצחק אייזיק הורוויץ, זייענדיק טעטיק אין דער „פרייע אַרבעטער־שטימע" און אין „פאָרווערטס" פון זינט זייער גרינדונג און זיך מישנדיק פריער, אויף אַ הינטער־קוליסן־אופן, אין אידישע סאָציאַליסטיש־יוניאָניסטישע ענינים, האָט אין יאָר 1891 באַווירקט די פאַראייניקטע אידישע געווערקשאַפטן צו אינסטרו־אירן איר דעלעגאַט (אַב. קאַהאַן) צום יענעם־יאָריקן אַלוועלטלעכן סאָציאַליס־טישן קאָנגרעס אין ברוסעל אַרויסצושטעלן די באַקעמפונג פון אַנטיסעמיטיזם אויף זיין טאָג־אָרדענונג, און אין 1902 האָט ער, אין אַן „אינטערוויו" אין דער ציוניסטישער צייטונג „די אידישע וועלט", זיך אַרויסגעזאָגט פריינטלעך צום ציוניזם.

דאַרף פון אָט דעם לאַנגען, אָבער נישט־אויסגעשעפּטן צעטל און פון דעם פאַר דעם געזאָגטן קלאָר זיין, אַז דער פּיזמון „אידיש־שפּראַכלעך", וואָס האָט איבעריקנס אָפיציעל אַראָפּגעקלונגען נאָר פון איין סאָציאַליסטישן צווייג, איז געווען פיל מער אַ באַיקע איידער אַ פּראַקטיצירטער פּרינציפּ. אמת, דאָ און דאָרט האָט עמעצער פון די לערער און פירער פאַרבייגייענדיק זיך טאַקע אַרויסגעזאָגט אין דעם דאָזיקן זין. איך אַליין, זיך „נאָר־וואָס שטעלנדיק אויף די פיס", אין 1898—1901, האָב צוויי מאָל געמאַכט האַלב־אָפענע אַרויסטריטן אין אַזאַ ריכטונג. בין איך אָבער זיכער, אַז פּונקט ווי ביי מיר זיינען יענע פאַלן געווען אימפּולסיוו־יוגנטלעכע אויסברוכן און בלויז אַביסל שפּעטער האָט מיך אויף זיי פאַרדראָסן, אַזוי זיינען זיי אויך ביי אַנדערע געווען גאָר קנאַפּ־דורכגעטראַכטע אַרויסטריטן און זיינען וואָס ווייטער אַלץ זעלטענער איבערגעחזרט געוואָרן.

איז אויב ביי די לערער און פירער איז די „אידיש־שפּרעכלעכקייט" קיין באַשטימטע שיטה נישט געווען, אַ פּשיטא שוין, אַז זי איז דאָס נישט געווען ביים המון־עם, נישט נאָר פון די סתם־אידישע אַרבעטער און פּאָלקס־מענטשן, נאָר אַפילו פון יענע אַרבעטער און די נאָענטע צו זיי, וואָס האָבן אוממיטלבאַר

זיך געפונען אונטער זייער סאָציאַליסטיש־אַנאַרכיסטישער און טרייד־יוניאָ־ניסטישער השפעה. וואָס שייך די יוניאָנס, לאָמיר, דאָ, בדרך אַגב, באַמערקן, אַז אין די 90ער יאָרן, למשל, איז נאָר אַ קלענערער טייל פון זיי געווען אונטער דער פירערשאַפט פון סאָציאַליסטן־אַנאַרכיסטן. אַ גרעסערער טייל, למשל, די שניידער־אַרבעטער, וואָס איצט געהערן זיי צו דער אַמאַלגאַמייטעד, האָבן געהערט צו די יונייטעד גאַרמענט וואָירקערס, אַ גאַרניט־סאָציאַליסטישע צענטראַלע, און אין פאַרשידענע „לאָקאַלס" האָט מען גאָר אַלס פירער געטראָפן אידן פון דעם טיפּ „לאדזש"־אַרבעטער. זיך אומקערנדיק צום הויפּט־פּונקט, איז ביי מיר קלאָר, אַז אַפילו ריין־רעליגיעז האָט די גרויסע אידישע אַרבעטער־מאַסע אין די ניינציקער יאָרן נישט מיטגעטראַכט־מיט־געפילט מיט די סאָציאַליסטיש־אַנאַרכיסטישע לערער און פירער. איך ווייס עס פון מיין לעבן און אָבסערוואַציעס אין די אידישע שעפּער אין יענער צייט און פון פאַרזאַמלונגען. איך ווייס עס אויך פון פיל ספּעציפישע פאַקטן. איין טיפּישן פאַקט האָט דער ערשט־פאַרשטאָרבענער לעאָן קאָברין דורך מיר פאַרעפנטלעכט מיט יאָרן פריער אין זיינע „עראינערונגען פון אַ אידישן דראַמאַטורג". פּעדלענדיק, אין 1892, אין די שעפּער מיט דער „אַרבעטער־צייטונג", האָב איך איין מאָל, האַרט ערב ראש־השנה, די דאָזיקע וואָכנשריפט פאָרגעלייגט מיין שטענדיקן קונה, דעם בערדיקן „ביגלער" פונעם שניידער־שאַפּ. האָט ער זיך מיט טראַגישער מורא פאַרטראַכט און געענטפערט: „אַוודאי וואָלט איך די „אַרבעטער־צייטונג" גערן געקויפט. זי איז ביי מיר דאָס חיות. אָבער זי קען דאָך נאָך שרייבן, איך זאָל ראש־השנה נישט גיין צו תקיעות. איז ווי קען איך זי לייענען?". אין אַ לעקציע, וואָס איך האָב צוזאַמענגעשטעלט אין יאָר 1920 און אַ סך מאָל געלייענט, פלעג איך, שיל־דערנדיק די צייט פון אָנהויב יאָרהונדערט, זיך אַזוי אויסדריקן: „שפּאַצירנדיק פרייטיק, אין אַ זומערדיקן בין־מנחה־למעריב איבער דער וויליאַמסבורגער בריק, וואו, אין די טענעמענט־הייזער פון דעלענסי סטריט וואוינען אידישע אַרבעטער, פינקלען אייך אַנטקעגן פוןביידע זייטן גאַס — ליכטלעך, פלעמ־לעך, פלעמלעך. דאָס זיינען די שבת־ליכטלעך, וואָס די ווייבער פון די דאָזיקע אַרבעטער צינדן אָן פונקט צו דער מינוט". און, שליסלעך, איז עס אַ פאַקט, וואָס העכסטנס איז ער ערשט מיט עטלעכע יאָר פריער אַראָפּ פון דער סצענע פון לעבן, אַז בשעת אין שניידער־שן „וועירהאַוז" אויף בראָדוויי, וואָס אין די ניינציקער און ערשטע יאָרן פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט איז איך

בעל־הבית געווען אַ דייטשער „יהודי״, האָט דער אידישער אַרבעטער שבת געאַרבעט און זונטיק גערוט, איז אָבער אין קאָנטראַקט־שאָפּ אויף מאָנראָ אָדער טשערי סטריט, וואו דער בגד פלעגט אָנקומען פון „ווערהאַוז״ אַ „צוגעשניטענער״ און דער שאָפּ פלעגט אים בלויז „אויפמאַכן״ און וואו דער בעל־הבית איז געווען אַ רוסישער, רומענישער אָדער גאַליצישער איד — איז דאָרטן פלעגט דער אַרבעטער שבת רוען און זונטיק אַרבעטן. (געווען איז דאָס, ביז נישט לאַנג צוריק, אַ חוק ולא יעבור, און אויך אויף דעם סמך האָב איך אַמאָל געשריבן, אַז נישט די סאָציאַליסטיש־אַנאַרכיסטישע אַגיטאַטאָרן און לעקטאָרן האָבן דעם אימיגראַנטישן אידישן אַרבעטער געפירט צו חילול־שבת, נאָר דער „יהודישער״ אַרבעטגעבער, וואָס אין די אַכציקער און ערשטע ניינציקער יאָרן איז ער געווען אין דער מאַיאָריטעט).

איז, זעלבסטפאַרשטענדלעך, האָבן די דאָזיקע אידישע אַרבעטער געשיקט זייערע קינדער, ווער שמועסט נאָך די אינגלעך, אין די חדרים און תלמוד־תורות. עס האָט, דערהויפּט מיט די ערשטע, אין יענע יאָרן די אידישע גאַס געשוויבלט און געגריבלט (אויך מיט „טייטל״־ אָדער „סידור״־מלמדים, וואָס פלעגן אַריינקומען צו די קינדער אין די הייזער). ס׳איז גאָר ביי קיינעם קיין ספק נישט געווען, אַז דאָס זיינען אַרבעטער־קינדער, „אָרגאַניזירטע״ ווי „נישט־אָרגאַניזירטע״, ד. ה. „באַוואוסטזיניקע״ ווי „נישט־באַוואוסטזיניקע״. און טאָמער איז פאַראַן ביי עמעצן דער מינדסטער ספק וועגן דעם, דאַרף ער אויך פאַרשווינדן נאָך אָט דעם טיפּישן ביישפּיל, אויף וועלכן איך האָב זיך אָנגעשטויסן אין יאָר 1910, בשעת מיינער אַן עקסקורסיע איבער די תלמוד־תורות א. אַ. וו. דער פאַל האָט געטראָפן אין אַ חדר אין אַ חברה, וואו דער מלמד איז געווען מיינער אַ לאַנדסמאַן, אַ מוסמך, אַ רמב״ם־איד און אויך אַ משכיל. איין מאָל האָט אַ געגאָלטער איד געבראַכט צו אים זיין אינגל. דער איד האָט אויף אַ תקיפ׳דיקן אופן פאַרלאַנגט, אַז דער מלמד זאָל אים רעכענען וועלוועלער ווי אַנדערע, באשר „איך בין דער אַרבעטער־קלאַס!״ אין אַ קורצער צייט אַרום האָט ער זיין אינגל עטוואָס רוגזה׳דיק אַוועקגענומען טענה׳נדיק: „איר לערנט אים פינסטערניש״ (דעם שכר־לימוד דעם מלמד האָט ער נישט באַצאָלט).

אַ וואָרצל, אַ נאָענטער פון פאָלקס־אידישקייט, הגם אַ סך אַ וויטערער פון דער נייער אידישער דערציאונג, אויך אַ וואָרצל, וואָס אין רוסלאַנד איז ער נישט געווען, אָבער אין אַמעריקע יאָ, איז דאָס אידישע טעאַטער. דאָס

אידישע טעאַטער אין אַמעריקע איז געגרינדעט געוואָרן אומגעפער אין דער אייגענער צייט, ד. ה. אין 1882, ווען אין רוסלאַנד איז עס פאַרבאָטן געוואָרן און האָט אויף אַ קנאַפּע צוויי צענדליק יאָר אויפגעהערט צו פירן אַן אָפן לעבן (בלויז וואו־נישט־וואו און ווען־נישט־ווען פלעגט עס זיך ציען ווי אַ פלעמל, ווי אַ שנירעלע פון אַ צעטראָטענעם פייער, אונטער אַ „דייטשן" רויך־צודעק פאַרשטעלט). די אידישקייט פון אידישן טעאַטער אין אַמעריקע, כאָטש עס קלינגט אַזוי ווי מילכיקע מילך אָדער וואַסערדיק וואַסער, ווערט איבעריקנס שוין דעמאָנסטרירט דערמיט, וואָס עס האָט אַרויסגעשטאַמט פון די עם־עולם׳ניקעס, די זעלבע פון וועמען עס איז אַרויסגעוואַקסן דער אידישער סאָציאַליזם, די אידישע יוניאָנס, די אידישע פּרעסע און ליטעראַטור. צווישן די ערשטע גרינדער פון אידישן טעאַטער אין אַמעריקע זיינען געווען די ברידער גיוראַק און איינער אַ ספּעקטאָר, עם־עולם׳ניקעס. אַ פערטער עם־עולם׳ניק, דער־שניידער און יוניאָן־פירער ישראל בן עולם (באַרסקי) איז נישט נאָר געווען אַ שפּילער אין טעאַטער, נאָר אויך אַ פּיעסן־שרייבער. אַ פינפטער, אויב אַליין נישט קיין עם־עולם׳ניק, מחמת יונגקייט, איז אָבער דער זון פון איינעם, וואָס לכל־הפחות האָט ער זיך אָנגעקערט מיטן עם־עולם — באָריס טאָמאַשעווסקי. דער טאַטע, פנחס טאָמאַשעווסקי, האָט געשריבן פּיעסן פאַרן אידישן טעאַטער אין די פריע ניינציקער, אויב נישט נאָך אין די אַכציקער יאָרן.

נאָך, אָדער אָן אַן איבעררייס, זיינען נאָך יענע דילעטאַנטישע טעאַטער־אויפפירונגען געקומען די פאַרשטעלונגען פון די פּראָפעסיאָנעלע טרופּעס, וואָס האָבן אין די פריע אַכציקער יאָרן גענומען ציען אַהער איינס נאָך איינס, אַזוי ווי פויגלען, וואָס ציען אַוועק שפּעט אין האַרבסט צו די וואַרעמע לענ־דער. די אידישע אַרבעטער־מאַסן האָבן זיך צוגעריסן צום אידישן טעאַטער אַזוי ווי אַן אויסגעהונגערטע אַרמיי גיט זיך אַ ריס צו ברויט. אַזאַ טעאַטער־התלהבות איז אפשר געווען איין־און־איינציק אין דער געשיכטע פון וועלט־טעאַטער. אַזאַ התלהבות, וואָס האָט אַזש אַרויסגעגעבן אַזאַ אינסטיטוציע — די טעאַטער־פּאַטריאָטן — וואָס אין איר גרויס, לכל הפחות, איז זי ווידער געווען איין־און־איינציק. פיל שטראָמען האָבן די דאָזיקע התלהבות געשפּייזט און נישט פון די קלענסטע האָט געמוזט זיין די בענקשאַפט נאָך דעם — דורך אויסוואַנדערונג און פרעמדקייט — איבערגעריסענעם אידישן לעבן. און ווידער אַמאָל, די מאַסן טעאַטער־גייער זיינען צום סאַמע גרעסטן טייל געווען

אַרבעטער, וואָרעם די פעדלער זיינען דאָך אָפט געווען פּאַרראַטייזט אויסן־שטאָט. דער קליינער קרעמער, דער קצב, דער „גראָסערי־מאַן״ איז, אַ חוץ פּרייטיק־צו־נאַכטס, געזעסן אין זיין קרעמל, בשעת דער מער בעל־הבתישער, דער מער שול־איד האָט דאָך, לויט דער היימישער טראַדיציע, געקוקט אַ ביסל קרומלעך אויפן אידישן טעאַטער.

געשפּילט האָט מען צוערשט גאָלדפאַדענס און שמ״רס פּיעסן. שפּעטער האָט מען אָנגעהויבן שפּילן הורוויצעס און לאַטיינערס פּיעסן, וואָס לכל־הפּחות אין דער פאָרעם — די שפּראַך, דער (אָפט־איבערגעפאַרבטער) סוזשעט, דאָס לידל — זיינען זיי געווען אידיש. עס זיינען געקומען, אין די צייטן פון יעקב אַדלערן און רודאָלף מאַרקסן (אַ זון פון דעם העברעאישן שרייבער און תלמוד־איבערזעצער ראַדקינסאָן), איבערגעזעצטע אָדער באַאַרבעטע פּיעסן, מיט אָדער אָן אַ אידישן אינהאַלט („אוריאל אַקאָסטאַ״, די ליבערטאָ פון „זשידאָווקאַ״, „אסתר פון עין גדי״, „דער אָדעסער בעטלער״, „משהלע סאָלדאַט״, „די גלאָקן פון קאָרנעוויל״). עס זיינען געקומען פּיעסן פון מיט ראַדיקאַליזם באַשפּריצטע אידן (לעאָן זאָלאָטקאָוו: „שמשון הגיבור״; יונה (יאָהאַן) פּאַליי: „די רוסישע ניהיליסטן״). עס זיינען געקומען אַ סך אַנדערע פריער און שפּעטער, אָבער אין 1891 קומט יעקב גאָרדין מיט זיינע פּיעסן.

גאָרדינס פּיעסן, צו וועלכע, לכל־הפּחות די מער־„באַוואוסטזיניקע״, אַרבעטער־מאַסן האָבן זיך צוגעריסן מיט אַ סך גרעסערן ענטוזיאַזם איידער פריער, זיינען, אַ חוץ ריין־דראַמאַטיש און ליטעראַריש, נאָך אויך געווען וויכטיק מיט זייער סאָציאַלישקייט. עס האָט זיך אין זיי געהערט אַ ווייטער עכאָ פון דער השכלה, פאָדערנדיק רעפאָרמען אין אידישן לעבן („די שחיטה״, „דער פרעמדער״). עס האָט אין זיי געשטורעמט מיט קלאַסן־קאַמף („דער רוסישער איד אין אַמעריקע״, „צוויי וועלטן״, „גאָט, מענטש און טייוול״). עס האָט אין זיי געגליט רוסאָ׳ס געשריי נאָך נאַטירלעכקייט אין אַ נאַטירלעכן לעבן („סאַפאָ״, „די פּלישתים״, „אויף די בערג״). און אין אַזעלכע, אין פלוג, אַלגעמיינע פּיעסן איז נישט מעגלעך, אַז מען שרייבט זיי ערנסט, נישט צו זיין אידיש. ווי אינטערנאַציאָנאַל די פּראָבלעם זאָל נישט זיין און ווי קאָסמאָפּאָליטיש דער שרייבער זאָל נישט זיין, מוז ער דאָך אָבער, כדי די מענטשן און זייערע פּראָבלעמען ריכטיק אַוועקצושטעלן, זיי אויף זייער געהעריקן הינטערגרונט אַוועקזעצן און באַוועגן. בפרט, אַז גאָרדין, ביי זיין גאַנצער משכילישער אַסימילאַטאָרישקייט, האָט אָפּילו אין זיינע ערשטע יאָרן געהאַט

זיינע אידישע אויפשטייגן און שפעטער־צו איז ער וואָס אַמאָל אַלץ אידישער און אַפילו נאַציאָנאַלער געוואָרן. אויב זיין ערשטע פּיעסע „סיביריע" איז מער רוסיש־אַסימילאַטאָריש ווי אידיש געווען, האָט אָבער זיין צווייטע פּיעסע „דער אידישער קעניג ליר" געהאַט אידישע טיפּן און אידישע סצענעס. אויב אין „דער ווילדער מענטש" און אין „מאיר יאָזעפאָוויטש" איז פאַראַן אַ טענדענץ פאָרצושטעלן די אידישקייט האַרט אָדער אַפּלאַכעריש, איז אָבער „דער אידישער גלח" גיכער גאָר אָרטאָדאָקסיש און „דער רוסישער איד אין אַמעריקע" איז נישט נעגאַטיוו צו אידישקייט, בשעת דער רב אין „די ליט־ווישע ברידער לוריא" איז אַזאַ שיינער טיפּ, אַז ער איז מכפּר אויף אַ סך גראָבע און הפקר־יונגען. אין זיינע ערשטע פּיעסן, אַפילו אין „קרייצער כּאָנאַטאַ", איז גאָרדין נאָך געניגט צו פאַרטושן דעם אונטערשיד צווישן איד און קריסט, אָבער אין „די יתומה" און אין דער „וואַרהייט" איז ער שוין גאַנץ שאַרף קעגן אידיש־גויישער בלוט־מישונג. ביי איר גאַנצער אוני־ווערסאַלישקייט איז „גאָט, מענטש און טייוול" גלייכצייטיק אויך אַ פּול־בלוטיקע אידישע דראַמע. אויב אין גאָרדינס דריי פאַר־לעצטע דראַמעס ענדיקט ער די אין תוך משכּיליש־העלעניסטישע „אלישע בן אבויה" מיט אַ ביטער־טראַגישער קאָנגרעגאַציע קעגן דעם אַוועקלויף פון דער אידישער טאָכטער, איז אין דער „אויף די בערג" אַנטקעגן דעם שאָטן פון מענטשלעך־פוסטע און אידיש־אויסגעליידיקטע אַלרייטניקעס פאַראַן דאָס ליכט פונעם פאָלקלעך־געטרייען רב יצחק און דער פועל־ציוניסטישער פנינה, איז, לסוף, „אָן אַ היים" אַזאַ ביטער שינדנדיקע טיראַדע קעגן דער אַנטיאידישער און אַנטימענטשלעכער אידיש־אַמעריקאַנישער היים, אַז קיין האַרבערע פּראָפּאַ־גאַנדע פאַר אידישער דערציאונג, אַרומגעוועבט מיט אידישער אַטמאָספערע דאַרף מען זיך נישט ווינטשן. דערפאַר איז דר. זשיטלאָווסקי אַזוי אַנטציקט געווען פון דער פּיעסע, אַז ער האָט זי געהאַלטן שיער נישט פאַר דער בעס־טער ביי גאָרדינען.

יעקב גאָרדינס באַגלייט־שטערן אין דראַמאַטישן הימל, לעאָן קאָברין און ז. ליבין, זיינען געווען נאָך אידישער פון אים. קינדער פון קליינ־שטעטלדיקן אידישן תחום, זיינען זיי נישט געטראָפן געוואָרן פון זיין גרויס־שטאָטיש־אָדעסער ניוועלירונג. נישט געבענטשט מיט זיין פּראָבלעם־אויפ־שטעלעניש, געשוינט פון זיין מאַראַליזירנדיקער פריידיקעריי, זיינען זיי אויך געווען רעאַל־ערדישער. און זייער ערד איז געווען אָדער די ווייס־

רוסיש־אידישע פראָווינץ אָדער דער אידישער קעסלגרוב פון ניו־יאָרק. איז ז. ליבין היימיש־אידיש, כאָטש לפנים ניו־יאָרקיש. אין זיינע ערשטע פיעסן („די פאַרשפעטיקטע חופה״, „דוד און זיין טאָכטער״, „דער געבראָכענער נדר״) שילדערט ער די ניו־יאָרקער טענעמענט־הויז־פאַרדאַרבונג, אין „טרוי־מער״ דאָמינירט די כתרילעוקער מאָראַל פון שמח בחלקו צווישן ניו־יאָרקער „אַפּ־טאַון״ און „דאַון־טאַון״ אין „קבצן, וואו קריכסטו?״. פולבלוטיקער און דראַמאַטישער פון זיי בײדן איז לעאָן קאָברין, וואָס איז נאָך דערצו אייגנטלעך גאַנץ פריי פון פּראָבלעם־זוכעניש און לייזעניש און דרשה׳דיקייט, אפשר גאָר דער אידישסטער פון זיי. אָן חכמות פון זיין צד און פון זייער צד, זיינען זיינע פאַרשוינען אַזוי יאָדערדיק־אידיש, סיי „זייער שיף שטייט נאָך אין קעסל־גאַרדען״, סיי זיי זיינען שוין איינגעזויגן אין ניו־יאָרקער אידישן געמויזעכץ. ריידן זיי אידיש, רוסיש אָדער ענגליש — שטענדיק שיינט זיי דער אידישער „צלם אלוקים״ פון פּנים אַראָפּ. און זיינען זיי אפילו ניי, האָט זיך אָבער די באַנייאונג אויף זיי אַראָפּגעלאָזט אויף דער אידישער איסט־בראָדוויי („מינע״ און „סאָניאַ פון איסט־בראָדוויי״). און טאָמער הויבט דער יונגער דור אויף אַ האָר אידישלעך־לויזער צו ווערן, איז תמיד פאַראַן דער אַלטער דור אים צוריק אידיש־היימיש צו פאַרגאַרטלען. פאַראַן אַפילו ביי קאָברינען מענטשן, וואָס ביי זייער גאַנצער איבערגעזעצטקייט, אַזוי ווי אַ בוים, טראָגן זיי נאָך מיט זיך זייער גאַנצן היימישן תחום ערד („מינקע״). ווער רעדט נאָך אַרום דעם ערשטן יאָרצענדליק — דעמאָלט ווערט קאָברין אַפילו נאַציאָנאַליסטיש („ישראל׳ס האָפענונג״).

די אידישע פּרעסע, און מיט איר אינאיינעם די אידישע ליטעראַטור (פאַקטיש איז קיין ליטעראַטור אָן פּרעסע ביי אונז דאָ נישט געווען), איז וואו עלטער פון דער דראַמע, און וואו אינגער. די בעל־הבתישע איז עלטער, די סאָציאַליסטישע, וואָס איז די וויכטיקסטע, איז אינגער. די סאָציאַליסטישע פּרעסע איז, אויבן־אויף גערעדט, — אַרויסגעקומען נישט פון קיין נאַציאָ־נאַליסטישן, נאָר פון אַ ריין־ניצלעך־אויפקלערערישן דראַנג. אָבער דער אונטערערדישער קולטור־שטראָם פון אידישן וואָרט און בילד און די אידישע לעבנס־בענקשאַפט פון אידישן פאָלקס־מענטשן זיינען שטאַרקער געווען פון אַלע רעדאַקטאָריש־שרייבערשע חשבונות. דער דאָפּלטער כוח צעמענטירט זיך אין אידישער ליטעראַטור און קולטור. דער דראַנג פון פאָלק, די שריי־בערשע בענקשאַפט האָבן אויפן שויס פון דער סאָציאַליסטישער פּרעסע אַ

אידישע ליטעראַטור אויסגעהאָדעוועט. און דאָס איז שוין דער קולטור־כוח פון ליטעראַטור — אומבאַוואוסטערהייט פאַרן שרייבער, אָדער אפשר אַפילו קעגן זיין „באַוואוסטזיין", ווערט זי נאַציאָנאַל.

גלייכצייטיק מיטן געבורט פון דער אידיש־סאָציאַליסטיש־אַנאַרכיסטי־שער פרעסע ווערט געבוירן די אידישע פּאָעזיע, דער אידישער פעליעטאָן, די אידישע דערציאונג. אין יענע יאָרן, ווען אין רוסלאַנד איז קיין אידישע פרעסע נישט געווען, גייט די אידישע סאָציאַליסטישע פרעסע אין לאָנדאָן און אין ניו־יאָרק (זיי זיינען אַ מין אַרומשווימענדיקער צווילינג) אויף און בליט זיך פאַנאַנדער. די דיכטער ראָזענפעלד און שאַרקאַנסקי זיינען אידיש־באַשטעמפּלט, די דיכטער עדלשטאַט און באָוושאָווער זיינען אידיש־באַשי־מערט; די פעליעטאָניסטן ווינטשעווסקי, מ. קאַטץ און אב. קאַהאַן נאָגן אַלע זייערע וויציק־סטיליסטישע זאַפטן פונעם שפּיל פון אידישקייט אויף גוישקייט; די קאַריפעיער פון דער דערציילונג, ז. ליבין און לעאָן קאָברין, לעבן אין זייער אידיש־שפּראַכלעכן און אידישן מיליע אַזוי ווי אַ פיש אין וואַסער.

ליבינס און קאָברינס מענטשן זיינען אַזוי היימיש־נישט־געטשעפּעט, אַז די עטלעכע נייע ווערטער פון זייער לעקסיקאָן, די נייע קנייטשן פון זייערע נייע פּרנסות, די ניי־וועלטיק אויסגעטינקטע ברכות און קללות, וואָס זיי טיילן זיך איינס דאָס אַנדערע אַריין, זיינען בלויז אַ ניי חן־גריבעלע אויף זייערע אַלטע אידישע פּנימער. ז. ליבין, דער הויף־דערציילער פון די אידישע „גענאָסן", איז אַזוי נאַטירלעך־אידיש, אַז די טראַגעדיעס פון זיינע העלדן שטאַמען אפשר נישט ווייניקער פון דער אָפּגעריסנקייט פון בית־מדרש־געסל איידער פון דער שטיקעניש פונעם שוויץ־שאָפּ („עס פּאַרדריסט מיר", באַנד 3 „פּאָרווערטס"־אויסגאַבע, „אַ גערוס צו קיינעם נישט" און „מנשה", באַנד 1). אינעם זעלבן באַנד 1 האָבן מיר אַן אומגעריכטע אָבער דערפּאַר גלענצנדיקע אילוסטראַציע צו דעם, וואָס איך האָב אויבן געשריבן וועגן דער קראַפטלאָזיקייט אין דער „אידיש־שפּרעכלעכקייט". די דערציילונג הייסט טאַקע „אַ אידיש־שפּרעכנדער סאָציאַליסט". אַזוי באַצייכנט זיך דער העלד אַליין, אַזוי באַצייכנט אים דער גאַנצער סאָציאַליסטישער פאַראיין זיינער. האָט ער טאַקע אויף זיך שיער נישט אַ משפּט (אפשר וועט ער אים אויף זיך נאָך האָבן) דערפּאַר וואָס אין דער נאַכט פון תשעה־באב פאַלט ער אַריין — ער פאַלט טאַקע בפועל־ממש אַריין, רוצחישע „לויפערס", צעבלוטיקנדיק

אים, יאָגן אים אַרײַן — אין אַ מנין, וואו אידן זיצן און זאָגן קינות, און ער זעצט זיך מיט זיי אַוועק אויף דער ערד און זאָגט מיט זיי און וויינט מיט זיי.

און דער העלד איז נאָך פון פריער „געכאַפּט אין דער מעשה". עטלעכע נעכט פאַר תשעה־באב פּרואווט ער נאָך, אויפן פאַראיינס מיטינג, אָפּבעטן די „גענאָסן", אַז מען זאָל אַ געפּלאַנטע הוליאַנקע נישט מאַכן אין דער נאַכט פון תשעה־באב, נאָר אַן אַנדערש מאָל, באשר עס איז אַ נאַכט, ווען אידן טרויערן, אָבער דער „טשערמאַן" אונטערברעכט אים:

— גענאָסע לעווין, איר זייט אויסער אָרדענונג.

— וואָרום?

— מיר זיינען נישט קיין אידן!

— וואָס דען זיינען מיר?

— מיר זיינען אידיש־שפּרעכנדע סאָציאַליסטן!

טענה'ט „גענאָסע" לעווין ווייטער, אַז היות אידיש־שפּרעכנדע סאָציאַ־ליסטן זיינען דאָך עפּעס שטיקלעך קרובים מיט די אידיש־שפּרעכנדע אידן, און אַזוי ווי ביי יענע איז תשעה־באב... — אונטערברעכט אים דער „טשער־מאַן" ווידער:

— איר ווייסט זעלבסט, דאָס מיר האָבן ווייניק וואָס צו טאָן מיט רעליגיאָן.

— אָבער תשעה־באב איז נישט קיין רעליגיעזער יום־טוב. דאָס איז נאָר אַ טאָג פון טרויעריקע, ביטערע דעראינערונגען פון אַ שרעקלעך־פאַראומ־גליקטער נאַציאָן.

— מיר זיינען סאָציאַליסטן, און נישט קיין נאַציאָנאַליסטן.

מיט וואָס די מעשה ענדיקט זיך, ווייסן מיר שוין. מיר קענען אויך וויסן, פון די געבראַכטע ציטאַטעס, ווער עס רעדט פון האַרצן און ווער פון אַן איינגעחזרטן פּיזמון. אויך מיט ווע מען דער מחבר האַלט אויף אַן אמתן.

ז. ליבינס דערציילונגען, וואָס פון זיי איז דאָ די רייד, שטאַמען פון די פריע און שפּעטערדיקע 90קער און פון די ערשטע 20סטע יאָרהונדערטיקע יאָרן. אין דער אייגענער צייט, בלויז אַ צוויי יאָר שפּעטער אין 19טן און אַ יאָר שפּעטער אין צוואַנציקסטן, האָט לעאָן קאָברין געשריבן זיינע בעסטע דער־ציילונגען. זיי זיינען גרעסער, פולבלוטיקער, באַוועגלעכער ווי ליבינס דער־ציילונגען, זיינען זיי שוין דערפאַר אַליין אידישער. אַ צאָל היפּשלעכע דערציילונגען שפּילן זיך טאַקע אָפּ אויף דער אַלט־היימישער וויטעבסקער

ערד. אָבער אויך אין דער גרויסער אַמעריקאַנער דערציילונג „קאַרל מאַרקס" איז דאָ אַ געזונטער המון אידישע אַרבעטער, אַז זייער אידישקייט שפּריצט זיי אַרויס פון די באַקן אינאיינעם מיט זייער בלוט. אין קאָברינס דערציילונג „ישראל אברהם איציעס", וואָס איז געדרוקט געווען אין דער „צוקונפט" אומגעפער אין 1911, איז אַזאַ טיף־ווייטמוטיקער קלאָג אויף אַן אייגנטלעך איידעלן אידישן מענטשן, וואָס די בייכיק־לאַקייאישע אַמעריקע פאַרגרעבט אים, אַז לייענענדיק עס, פאַלט מען אַריין אין אמתדיק קאַלעמוטנע רעיונות וועגן אונזער פיינערן נאַציאָנאַלן קיום. נאָר אָט קומט אַ סורפּריז פאַר ש. ניגערן. צווישן די אַמעריקאַנער וואָרצלען פון די אידישע שולן ברענגט ער אויך אַן אויסצוג פון לעאָן קאָברינס ראָמאַן „די אימיגראַנטן", וואָס איז אין 1909 געדרוקט געווען אין דער „וואָרהייט" און וואו עס ווערט באַווײנט די אָפּגעפרעמדקייט פון די אידישע קינדער, ווען עס ווערט, דאַקעגן, געפּריי־דיקט אידיש־קולטורעלע דערציאונג. אומזיסט האָט זיך ש. ניגער געגראָבן אין דעם דאָזיקן עטוואָס־פאַרלעגערטן אָרט, וואו דער געדאַנק איז נאָך דערצו אַביסל אויפגעבלאָזן, אין דער צייט, וואָס ער האָט די טראַגעדיע פון אָן־אידישער קינדער־דערציאונג געקענט געפינען גאָר אַ סך שאַרפער געשיל־דערט אין קאָברינס „געזאַמלטע שריפטן" אין דער דערציילונג „וואָס איז ער ?", וואָס שטאַמט אַן ערך פון יאָר 1907. דאָס טראַגישע העלדעלע פון דער דערציילונג, וואָס איז אַ מאַמעס אַ טאָגבוך, הייסט ניקאָלאַי טשערני־שעווסקי, און נישט נאָר איז ער קיין טשערנישעווסקי נישט און אַפילו נישט זיינער קיין לאַנדסמאַן נישט, נאָר ער איז אַפילו נישט קיין איד און נישט קיין אַמעריקאַנער. און קומט ווייַנאַכט, יאָמערט זיין קליין הערצעלע אומזיסט נאָך אַ ווייַנאַכט־בוים און קומט פסח, קלאָגט זיין לב׳ל נאָך פּסחדיקע מלבושימ־לעך. און גרעסער נאָך איז די טראַגעדיע פון דער מאַמען, וואָס שרעקט זיך, וואָס פאַר אַ מענטש וועט פון איר ניקאָלאַי גאַווריל אָוויטשל אויסוואַקסן.

עס איז, שליסלעך, ווידער אַמאָל אַ שאָד ש. ניגערס מי, אין זיין וואָרצלען־זוכעניש, צו גראָבן זיך אַזויפיל אין די כראָניקעס פון די ווילנער אָוונט־קורסן פאַר דערוואַקסענע פון יאָר 1915 און פון ענלעכע אינסטיטוציעס אַנדערש־וואו. אַ שאָד דערפאַר, ווייל מען האָט דאָס אַלץ, און פיל מער נאָך דערצו, געקענט געפינען גאַנץ פון אויבן־אויף און אויך אַ סך פריער, פיל, פיל בענטער — טאַקע אויף איסט־בראָדוויי, אָרטשאַרד־גאַס, פערטע גאַס און מעדיסאָן עוועניו. זיינען דען די לעקציעס פאַר אַרבעטער, וואָס דאָ אין אַמע־

ריקע האָבן זיי זיך צעשפּונען אין אַ ריזיקער סיסטעם פון דער פּרעסע, די יוניאָנס, די פּאַרטייען, זיינען די דאָזיקע לעקציעס נישט געווען קיין קורסן פאַר דערוואַקסענע „באַוואוסטזיניקע״ אַרבעטער? איך רייד שוין נישט פון די גלענצנדיקע לעקציעס אויף רוסיש און די פייערדיקע פאַרטראָגן אויף דייטש, די ערשטע פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטן, די צווייטע פון די אַנאַרכיסטן, כאָטש איןביידע פאַלן זיינען די צוהערער געווען פאַקטיש אויסשליסלעך מזרע קודש בני ישראל. אָבער די אידישע, אַפילו אין סעריעס געבונדענע לעקציעס פון די פּאַרטיי־צווייגן, פון די אומ־צייליקע קלובן און פאַראיינען, אַרבעטער רינג־צווייגן און ליטעראַרישע און פּאָליטיש־עקאָנאָמישע אָרגאַניזאַציעס. אַרום דעם יאָר 1906 גייען די ריין־ליטעראַרישע קלובן אַזויפיל אַריין אין דער מאָדע, אַז מען קען טרעפן עטלעכע זייערע פונקציאָנירנדיק פאַקטיש אין דער זעלבער צייט, אויף אַ גאַנץ קליינעם שטח. און עס געדויערט נישט לאַנג, און די דאָזיקע פאַראיינען ווידמען זיך אינגאַנצן צו דער אידישער ליטעראַטור און דראַמע. און טאָמער פאַרבענקט זיך עמעצער נאָך שולן, — שולן, ממש, מיט בענקלעך, מיט טאָוולען, מיטן גאַנצן קלאַפּער־געצייג, מעג ער זיך באַרואיקן. אויך דאָס געפינט זיך אין דער כראָניקע פון דער אידישער קולטור־טעטיקייט פון אַמעריקע, אין דער פאַר־געשיכטע פון דער נייער אידישער דערציאונג. נעם איך אַרויס בלויז עטלעכע.

אין יאָר 1896 גרינדעט זיך, אין איין זונטיק, אויף אַ מיטינג פון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער געזעלשאַפט, דורך יעקב גאָרדינען און זיינע פריינט, „די פרייע אידישע פאָלקסבינע״, וואָס הויבט גלייך אָן געבן לעקציעס שיער נישט אויסשליסלעך וועגן אידישער דראַמע און ליטעראַטור און לויט אַ פונקט אין דער קאָנסטיטוציע בלויז אויף אידיש. די „בינע״ האָט אָפּגעלעבט גוטע צוויי יאָר, מיט גרויסע ליטעראַריש־דראַמאַטישע אַרויסטריטן און מיט מער מאָל וועכנטלעכע לעקציעס פאַר גאַנץ היפּשע עולמ׳ס, מייסטנס פון גאַנץ יונגע מענטשן. די לעקטאָרן זיינען יעקב גאָרדין, מייק וויניקייט, לעאָן קאָברין, דר. ה. זאָלאָטאַראָוו, דר. אב. קאַספּע, דר. גירזשדאַנסקי, ל. בודיאַנאָוו־בודין, א. אַנד.

אַרום יאָר 1898 וואַקסט אַרויס, אפשר גאָר דורך איר שפּאַלטונג, די פּרום־סאָציאַליסטישע אַרבעטער־בילדונג־שולע, טאַקע אַ שולע ממש, יעדע נאַכט אין דער וואָך, מיט שול־בענקלעך און שילער און שילערינס, יעדער

מיט אַ בוך און אַ העפט אין דער האַנט. ווערליק אַ פּרום־סאָציאַליסטישע שולע, זיינען די ערשטע פונקטן אויף איר פּראָגראַם סאָציאַליזם (מאַרקסיזם), פּאָליטישע עקאָנאָמיע, סאָציאַלע אינסטיטוציעס (אין ענגלאַנד), קולטור־געשיכטע. עס ווערט אויך געלערנט היסטאָריע און נאַטור־וויסנשאַפט. די לערער זיינען, יעדער לויט זיין ספּעציאַליטעט — יעקב גאָרדין, ש. פּעסקין, דר. ס. אינגערמאַן, דר. אַננאַ אינגערמאַן, דר. אברהם קאַספּע, אַ יונגער סאָציאָלאָג סטאָן און אַנדערע. איך קום אָן, אין אַ פּאָר וואָכן אַרום נאָך דער גרינדונג, אַלס לערער פון ענגליש און ענגלישער ליטעראַטור, וואָס וואָלט מען הסתם אויסגעברייטערט געוואָרן אויך אין אידישער ליטעראַטור, ווען עס וואָלט אַלץ געגאַנגען כשורה. די לערן־שפּראַך איז אויך דאָ געווען בלויז אידיש. די שילער און שילערינס — צומייסט יונגע מענטשן, ערשט אַריבער דעם קינדער־עלטער.

קומט דאָ אויך פאָר אַ שפּאַלטונג, אפשר טאַקע אַלס ווייטע נאָכווייעניש פון דער שפּאַלטונג אין דער „פרייער אידישער פּאָלקסבינע", און פון דער שפּאַלטונג ווערט אַרום 1899 געבוירן די „עדיוקיישאָנאַל ליג". די אַרבעטער בילדונג־שולע מאַטערט זיך נאָך אָפּ אַביסל צייט, אָבער די ליג צעוואַקסט זיך אין אַ גרויסן פּאָלקס־קאָלעדזש, באַלד טאַקע אין אַן אייגן הויז, אויף 143 מעדיסאָן גאַס (דאָס אייגענע הויז, וואו אין אַ קנאַפּן צענדליק יאָר אַרום עפנט זיך די ערשטע נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע שולע). דער קורס איז דאָ זייער אַ ברייטער. צווישן די לערער זיינען פאַראַן גוטע ספּעציאַליסטן. די שילער און שילערינס זיינען יונגע אַרבעטער און אַרבעטערינס, וואָס קומען אַמאָל לערנען טאַקע גלייך פון דער אַרבעט. נאַטירלעך איז די אונטעררריכט־שפּראַך ווידער אַמאָל אידיש. לסוף ווערט, מיט מיין אָנקומען פאַר אַ לערער, אין דער עדיוקיישאָנעל ליג אויך איינגעפירט דער לימוד פון אידישער ליטעראַטור. די קלאַסן פון דער עדיוקיישאָנעל ליג האָבן זיך פאַרמאַכט ערשט נאָך יעקב גאָרדינס טויט, אין יאָר 1909.

צום אויבּיקן צעטל, מיין איך, דאַרף מען אויך צוגעבן דעם „פּראָגרע־סיוו־דראַמאַטיק קלוב", געגרינדעט אין 1903, פאַרמאַכט אין 1912. דער פּראָגרעסיוו־דראַמאַטיק קלוב פלעגט טאַקע געבן קאָנצערטן און פאָרשטע־לונגען (אויף לעקציעס) פאַרן גרויסן עולם. דאָס איז אָבער נאָר געווען אויף דער סצענע. הינטער די קוליסן פלעגן אַ פּאָר מאָל אין דער וואָך די גאַנצע ניין יאָר אָנגיין צוגרייטונגס־אַרבעטן, פּראָבעס און פשוט קנעלן.

מען פלעגט פאַר דער גרויסער צאָל מיטגלידער לייענען פּיעסן און זיי דיס־קוטירן. מען פלעגט די פּיעסן צום שפּילן אַנאַליזירן און איינשטודירן מיט די ראָליסטן. מען פלעגט מיט דער גרויסער צאָל דעקלאַמאַטאָרס און פאָר־לייענער איינשטודירן די לידער און דערציילונגען, אין וועלכע זיי פלעגן דאַרפן אַרויסטרעטן. עס איז צומייסט געווען אַ פאָלקס־עלעמענט און מען פלעגט פאַר זיי אַמאָל דאַרפן טייטשן אַ וואָרט און אָפט דערקלערן אַ מיין. אייניקע אַזעלכע ערב־דעקלאַמאַטאָרס, פאָרלייענער אָדער שפּילער זיינען געווען זייער יונגע מענטשן, ערשט אַריבער דעם קינדער־עלטער.

מעגן זיין מיינונגען וועגן דעם ווי ווייט דאָס אַלץ איז פון אמתער אידישער קינדער־שול. עס טאָר אָבער קיין שום ספק נישט זיין וועגן דער גרויסער השפּעה, וואָס די אַלע אינסטיטוציעס און זייער אַרבעט האָבן געהאַט סיי אויף די לערער און סיי אויף די שילער בנוגע אידיש־קולטורעלער, וואָס מיינט אין אמתן — אידיש־נאַציאָנאַלער פּאַרטיפונג.

## ב. דער אָנהויב

### 1. דער וואוקס פון אידישן נאַציאָנאַליזם

די „אידיש־שפּרעכלעכקייט", הגם זי איז געווען, דאַרף אָבער, ווי איך האָב שוין אָנגעוויזן, גענומען ווערן, ווי דער אַמעריקאַנער זאָגט, נישט מיט קיין קערנדל זאַלץ, נאָר טאַקע מיט אַ גאַנצן טאָן. כ'וועל דערנאָך צוגעבן אַ פּאָר קליינע פּרטים'לעך פון באַווייזן.

דער אַרבעטער־רינג, וואָס זיין סאַמע ערשט רינגעלע איז אויסגעשמידט געוואָרן אין יאָר 1892, האָט אין זיין קאָנסטיטוציע בשום־אופן נישט באַ־וואָרנט, אַז דאָס איז דווקא אַ אידישע אָרגאַניזאַציע. דאָך זיינען פּאַקטיש אין אים קיין נישט־אידן נישט אַריינגענומען געוואָרן. איין מאָל, העכסטנס מיט איין מאָל מער, איז אין אים מיט פאַראַד אַריינגענומען געוואָרן — אי דאָס איז אפשר געווען מער סימבאָליש אידער פּאַקטיש — יודזשין וו. דעבס. די ליבשאַפט און דאַנקבאַרקייט פון אידישן אַרבעטער פון אָפּגעשפּאָלטענעם „פאָרווערטס"־לאַגער, אין די לעצטע ניינציקער און אָנהויב צוואַנציקער יאָרן,

צו דעבס'ן, זיינען געגוג דערקלערונג פאַר דעם. וואָס איז שייך פּראָסטע, אומבאַוואוסטע און קאָמפּס־פאַרדינסטפולע נישט־אידישע מענטשן, געדענק איך נאָר איין פאַל, פון די ערשטע יאָרן פון 20סטן יאָרהונדערט, ווען אַ קריסט זאָל האָבן באַלאַנגט צום אַרבעטער־רינג. דער באַטרעפנדיקער פאַל איז געקומען אין דער רעדאַקציע פון „פאָרווערטס", וואו איך בין געווען אָדער דער סעקרעטאַר אָדער אַזוי אַן אינעווייניקסטער שרייבער, מיט אַן אָנקלאָג, אַז די „פריינט" באַהאַנדלען אים נישט גוט, „דיסקרימינירן" קעגן אים, ווי מיר וואָלטן היינט געזאָגט, „באשר ער איז אַ קריסט".

אין יענע יאָרן, מער אָבער נאָך אין די פריע נײַנציקער יאָרן, פלעגט נאָך טרעפן ביי אָנפירנדיקע אידיש־סאָציאַליסטיש־אַנאַרכיסטישע פאַמיליעס, אַז מען פלעגט די אינגלעך נישט מל זיין. אַרום דער אייגענער צייט, ווי די מעשה מיט יענעם קריסט, האָט געטראָפן אַזאַ מין „סקאַנדאַלכל": ביי אַ „פריינט" איז געשטאָרבן אַ אינגל, נישט קיין גע'מל'טער. מען האָט אים געבראַכט אויף דער קרקע, אָבער פאַר דער סאַמע קבורה האָט אים, העכסט־וואַרשיינלעך — דער קברות־איד — מל געווען מיט אַ שטיקל גלאָז. עס האָט מיט דעם „סקאַנדאַלכל", וואָס איז, נאַטירלעך, באַשטאַנען נישט אין דעם נישט־מל זיין דאָס קינד, נאָר אינעם קברות־אידנס יאָ מל זיין, אָפּגע־הילכט אין דער רעדאַקציע פון „פאָרווערטס", מיט אַ טאָן פון תרעומות קעגן די פירער. דאָך ווייטער פון די ווענט פון דער רעדאַקציע איז דאָס „סקאַנ־דאַלכל" נישט אַרויסגעטראָגן געוואָרן.

מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער, אַן ערך, האָבן די פירער פון אַרבעטער־רינג, העכסט־וואַרשיינלעך פון דאַון־טאַונער צווייג, זיך געווענדט צו א. ליעסינען מיט דער ביטע, ער זאָל פון זייערטוועגן אָנשרייבן עטלעכע פערזן אויפן שוואַרצן צודעקל פון זייער מיטה. ליעסין האָט די פאַרלאַנגטע שורות אָנגע־שריבן נאָך מער ווי גערן. איך ווייס נישט, וועלכע צערעמאָניעס דער אַרבע־טער־רינג פלעגט אין יענע צייטן פראַווען ביי לוויות, אָדער צי האָט ער בכלל געהאַט צערעמאָניעס, אָבער דאָס שוואַרצע צודעקל אויף דער מיטה, מער נאָך דער פאַקט וואָס גראָד צו ליעסינען, צום „אידישן און סאָציאַליסטישן" פּאָעט, האָט זיך דער צווייג נאָך אַזעלכע שורות געווענדט, איז פאַר מיר, לכל־הפחות, נישט גאָר אָן באַדייטונג.

איך פיר דערצו, אַז מען איז וואָס ווייטער אַלץ מער אידישער, אומ־דירעקט — נאַציאָנאַליסטישער געוואָרן. שוין דער „פאָרווערטס", וואָס איז

געגרינדעט געוואָרן אין מאַי, 1897, איז פונעם באַקעמפטן „אָבענד־בלאַט" אי אידישער, אי אומדירעקט אַ קווינט נאַציאָנאַליסטישער געווען. פיליפּ קראַנץ — און ממילא אויך זיינע ציטונגען — איז טאַקע געווען, לכל־הפחות, אין די ערשטע סטאַדיעס פון דער אַפּערע — אַ האַרעלע קילבלעך צו דרייפוסן, נאָר אפשר האָט אין דעם געשטעקט קראַנצ׳ס הייסער פראַנצויזישער „פּאַטריאָ־טיזם". אָבער אויך בנוגע דעם פרייהייטס־קאַמף פון די קובאַנער קעגן שפּאַניע, וואו די אידן האָבן אין זייער סימפּאַטיע צו די קובאַנער אויך אַריינגעבראַכט אַ קערנדל פון נקמה קעגן דעם לאַנד פון אינקוויזיציע און גירוש, איז פיליפּ קראַנץ, אין די ערשטע סטאַדיעס לכל־הפחות, געווען אַביסל איינגעהאַלטן. דער „פאָרווערטס" דאַקעגן איז, שוין אין זיין ערשטער אויסגאַבע, אַרויס מיט אַ גרויסן קאָפּ: „בראַוואָ, קובאַנער!". דער „פאָר־ווערטס" האָט פון סאַמע אָנפאַנג אַרויסגעוויזן מער אידישלעכקייט, זאָל זיין כאָטש מיט זיינע „קוואַרטאַל־אַרטיקלען" — אַרטיקלען וועגן זיטן, מאַנירן און טיפן (ווי למשל, שדכנים) פון אידישן קוואַרטאַל. עס האָט לאַנג נישט געדויערט און קאַהאַן האָט אָנגעהויבן אַרויסווייזן אינטערעס אין חזנים, אין אידישער נגינה בכלל, אין פסחדיקע סדרים (אין זיינע ענגלישע בעלעטריס־טישע זאַכן האָט קאַהאַן דעם דאָזיקן אינטערעס אַרויסגעוויזן נאָך מיט יאָרן פריער). זייער כאַראַקטעריסטיש איז די דעמאָלטיקע שטעלונג פון „פאָר־ווערטס" צום ציוניזם. זייענדיק שטאַרק ווייט פון אַ „יאָ־זאָגער" (אָפּילו ליעסין פלעגט אין זיינע ערשטע אַרטיקלען אָפּלאַכן אויב נישט פון ציוניזם, איז פון אַמעריקאַנער ציוניסטן — חובבי־ציון — פון כתריאל צבי שרה׳זאָנס, דעם „טאָגעבלאַטס" חדר), איז ער אָבער זעלטן אָדער כמעט קיינמאָל נישט געווען קיין שאַרפער, ווער רעדט, ביטערער באַקעמפער. דער ערשטער, וואָס האָט אין דער אַמעריקאַנער סאָציאַליסטישער פּרעסע קאָרעספּאָנדירט פון אַ ציוניסטישן וועלט־קאָנגרעס און דר. הערצלען, איז געווען דער באַ־וואוסטער בונדיסטישער אינטעלעקטואַל דר. בלומשטיין (אויב איך געדענק ריכטיק, האָט ער טאַקע געשריבן אין „פאָרווערטס"). שוין ער, כאָטש אַ בפירושער קעגנער, האָט אָבער געשריבן אָן פאַרביסנקייט. אומגעפער דאָס זעלבע דאַרף געזאָגט ווערן אָפּילו וועגן צביונען (דעמאָלט נאָך אין אייראָפּע). ביי ביידן האָט מען צווישן די שורות געקענט אַרויסלייענען אַ געוויסן ער־פורכט סיי פאַר דער פּערזאָן הערצל און סיי פאַר דעם קאָנגרעס גופא. איבעריק צו זאָגן, אַז ס׳איז שוין געווען אָפּילו פיל וואַרעמקייט ביי די

וויטערדיקע קאָרעספּאָנדענטן א. ליטווין און א. פרומקין. דער אוגאַנדאַ־קאָנגרעס איז, אַ חוץ אַ קאָרעספּאָנדענץ, אויך „געדעקט" געוואָרן דורך בילדלעך און סצענקעס, וואָס איך האָב מיט מיטגעריסנקייט און מיט קאַהאַנס וואָרעמער גוטהייסונג צונויפגעקליבן אין די שילדערונגען פונעם לאָנדאָנער ציוניסטישן „דזשואיש קראָניקל".

אַריבערשפּרינגענדיק די צייט, לאָמיר דעם דאָזיקן עניני'דל ענדיקן מיט דר. הערצלס טויט, אין 1904. קומענדיק גאַנץ פרי אין דער רעדאַקציע שרייבן די נייעסן פון טאָג און נישט האָבנדיק אַפילו מיט וועמען זיך מיישב צו זיין, האָב איך די נייעס וועגן הערצלס טויט אָנגעשריבן אין אַ גרעסערן אַרטיקל אויף דער ערשטער זייט, „ווי ביי מיר אויפן האַרצן איז געלעגן", מיט טיפן טרויער איבער דעם גרויסן פאַרלוסט און דער אידיש־נאַציאָנאַלער טראַגעדיע און מיט הויכער פאַרערונג און ליבע צו דער פּערזאָן פון פאַרשטאָרבענעם פירער. איך געדענק נישט אַקוראַט מיט וויפיל, אָבער זיכער מיט אַביסעלע איבערראַשונג בין איך באַלד געוואויר געוואָרן, אַז דער נייעס־אַרטיקל האָט אַרויסגערופן די גרעסטע, די וואָרעמסטע צופרידנקייט נישט נאָר ביים רעדאַקטאָר, נאָר אויך פאַקטיש ביים גאַנצן קרייז אינטימערע „גענאָסן" (איך ווייס נישט פון די וויטערע). דאַקעגן דר. פאַרנבערגס אַ בייזער לייט־אַרטיקל וועגן הערצלען האָט אַרויסגערופן אַנטריסטונג ביי די „גענאָסן" און אַן אויסרייד פון רעדאַקטאָר צו מיר פאַר אַריינגעבן אים. איך בין דעמאָלט אָפּט געווען דער סעקרעטאַר פון דער רעדאַקציע.

דער „פאָרווערטס" איז געוואָרן אַלץ אידישער, אַפילו נאַציאָנאַליסטישער. אַפילו אויב ש. ניגער טרייבט איבער אַביסל ליעסינס נאַציאָנאַליזם אין זיין פּאָזיע און איר נאַציאָנאַליסטישער ווירקונג אויף דער גרויסער „פאָרווערטס"־משפחה, קען דאָך אָבער נישט איבערגעטריבן ווערן זיין ווירקונג, אין דעם פרט, מיט זיינע אַרטיקלען וועגן דעם „בונד" (דאָ איז ליעסין נישט נאָר געווען דער ערשטער, נאָר טאָקע יאָרן, יאָרן־לאַנג דער איינציקער) אין זיין אידיש־העלדישן, זיין מאַקאַבייער־גייסט, און מער נאָך אפשר מיט זיינע איבערזעצונגען אָדער באַאַרבעטונגען פון בונדישע צירקולאַרן, קאָרעספּאָנדענצן און פשוטע בולעטין־כראָניקעס.

ליעסין איז נישט געווען דער איינציקער. אַרום יאָר 1902 האָט א. ליטווין זייער פרוכטבאַר אָנגעהויבן און אין משך פון יאָרן נאָך פרוכטבאַרער פאַר־געזעצט מיטצואַרבעטן אין „פאָרווערטס". אין 1902 בין איך, צום צווייטן

מאָל, אַריינגעטראָטן „אינעווייניק״ אין „פאָרווערטס״, אַריבערגייענדיק וואָס ווייטער פון בעלעטריסטישן פעלד אויף צום פּובליציסטישן.

און ריידן מיר פון דער בעלעטריסטיק פון „פאָרווערטס״, האָט פון איר די אידישקייט אַרויסגעשיינט נאָך ליכטיקער, נאָך געדיכטער און, אַרום און אַרום — נאָך פריער. אַזעלכע זיינען געוועזן, סוף יאָרהונדערט, די אייגענע און די איבערגעזעצטע (פון נתן נטע סאַמועל), פון י. פעפערן, אַזאַ איז געווען די גאַנצע פון „איד״ איבערגעדרוקטע בעלעטריסטיק פון פרצ׳ן (צווישן איר אויך פרצעס גאַנצער ציקל „חסידישע מעשהלעך״) און פון שלום עליכמען. אַזאַ איז גאָר באַזונדערס געווען יהואשס פּאָעזיע, דער עיקר טאַקע אויף תנ״כ׳יקע און בכלל „אידיש־ראָמאַנטישע״ מאָטיוון. (מען דאַרף אין זינען האָבן, אַז פון נאָך די ערשטע חדשים אין „פאָרווערטס״ ביז 1899־1900 האָט דער „פאָרווערטס״ קיין אַלזייטיקן רעדאַקטאָר נישט געהאַט, אָבער דער אויספיר־רעדאַקטאָר און דער עיקר דער בעלעטריסטישער רעדאַקטאָר איז אין לענגסטן פעריאָד פון דער צייט געווען דער אַנאַרכיסט מ. קאַטץ. איז אַ דאַנק אים האָט עס דער פאַרזונקן געוועזענער יהואש צוריק אויפגעטויכט. און פון „פאָרווערטס״ איז יהואש אויך אַריבער אין דער „צוקונפט״, אַז זי איז, אין 1900־1901, תחית־המתים אויפגעשטאַנען). צו יענער צייט האָבן אויך אָנגעהויבן אָנקומען פון רוסלאַנד אברהם רייזענס דערציילונגען און בלויז אין אַ דריי יאָר אַרום — אַש׳ס.

די אידיש־אַמעריקאַניש ליטעראַרישע און בכלל אידיש־אינטעלעקטועלע וועלט איז אַלץ אידישער, אַפילו נאַציאָנאַליסטישער געוואָרן, ביז אין 1903, תיכף נאָכן קישינעווער פּאָגראָם, ווערט די דאָזיקע וועלט גלוטיק צעצונדן מיט אידיש־נאַציאָנאַלע געפילן און עטוואָס שפּעטער — אַפילו מיט אַ ברייט־ציוניסטישן גלויבן. אַלע אָנגעזעענע מיטאַרבעטער אין „פאָרווערטס״, אפשר מיט א. ליעסינען אין פאָראויס, צעלאָזן זיך מיט אייגענע און איבערגעזעצטע פון אייראָפּע אַרטיקלען, עסייען, האַרץ־אויסגוסן. דר. הירש זאָלאָטאַראָוו, אַמאָל אַן „עולמ׳ניק״, אָבער שפּעטער דער אַנאַרכיסטישער זקן שבחבורה, קומט אַרויס („ערנסטע פראַגעס״, „פרייע אַרבעטער־שטימע״ פון 23טן מאַי, 1903) מיט אַ ווידוי און חשבון־הנפש, וואו נאָך אַ שמערצלעכן געפיל־אויסגוס ווייזט ער אָן דעם באַנקראָט פון דער ציוויליזאַציע, אַפילו פון די אידעאַלן פון פרייהייט און גלייכהייט בנוגע אָפּהאַלטן די פאַרפאָלגונגען און לינדערן די ליידן און שמערצן פון אידישן פאָלק, און, נישט אָפּזאָגנדיק זיך פון

אַנאַרכיזם און פּרייהייטס־קאַמף, זאָגט ער זיך אַרויס פאַר סאָלידאַרישקייט מיטן אידישן פאָלק, פאַרן אידישן נאַציאָנאַליזם. געוויס זיינען אויך געווען קעגן־שטימען (למשל, פון אַנאַרכיסטישן פירער דר. מייקעל קאָהן אין דער זעלבער „פרייע אַרבעטער־שטימע״), זיי ווערן אָבער וואָס ווייטער אי זעל־טענער אי שוואַכער. יוסף באַראָנדעס, פריער אַן אַנאַרכיסט, אַ סאָציאַליסט, און יעקב גאָרדין, קומען צו נאָענט צום „בונד״, העלפנדיק אין שאַפן זיינע פאָנדן. אין זומער 1904 קומט אַהער אַן דר. זשיטלאָווסקי, און נאָך אַ לאַנגן אָפּרו אויף רוסיש־רעוואָלוציאָנערער פּראָפּאַגאַנדע נעמט ער אויסשפּרייטן זיין אידיש־נאַציאָנאַלע אויפקלערונג. עס גרינדן זיך אַרום 1905 די פּאַרטייען סאָציאַליסטן־טעריטאָריאַליסטן (אין רוסלאַנד — „ציוניסטן־סאָציאַליסטן״) און פועלי ציון. די ערשטע ברענגען אַהערצו אַראָפּ דר. נחמן סירקינען און גרינדן זייער וואָכנשריפט „דאָס פאָלק״ (מיט מ. קאַטץ, דר. זאָלאָטאַראָוו און דר. זשיטלאָווסקי, לעאָן עלבע אַלס מיטאַרבעטער), בשעת די פועלי ציון גרינדן אין 1906 דעם „אידישן קעמפּער״. (וואָס איז שייך בעלעטריסטיק, גרינדעט דער „פאָרווערטס״ נאָך אין יאָר 1904 דאָס וואָכנבלאַט „דער צייט־גייסט״, וואו נישט נאָר אַש דרוקט גרעסערע דערציילונגען („די שיינע מאַרי״), נאָר עס דערשיינען אַפילו זאַכן פון מיכה יוסף בערדיטשעווסקי).

דאָס וויכטיקסטע אָבער, רייך־נאַציאָנאַליסטיש און ציוניסטיש גערעדט, איז דאָס דערשיינען, אין יאָר 1906, פון לואיס מילערס טעגלעכער „וואַרהייט״. עס איז די צייט פון די שרעקלעכסטע פּאָגראָמען און הריגות פון נאָך דער מפּול׳דיקער רוסישער רעוואָלוציע, די צייט פון אידישע טרויער־מאַרשן און דעמאָנסטראַציעס איבער די גאַסן פון ניו־יאָרק, די צייט פון אַנהויב פונעם קאַמף צווישן אידן און „יהודים״ פאַר סאָלידאַרישקייט און אידישער שוץ און הילף. אָט אין דעם פּסיכאָלאָגישן מאָמענט שווימט לואיס מילער אַרויס אין זיין גרויסער שיף, איינשפּאַנענדיק אין אירע זעגלען די ווינטן פון דער צייט. נישט אויפהערנדיק צו זיין ליבעראַל־סאָציאַליסטיש, ווערט לואיס מילער איצט גאָר היפשלעך אידישלעך, טיילווייז נאַציאָנאַליסטיש און ברייטלעך ציוניסטיש, און אויב זיין אייגענער טאָן וואָלט דאָ נישט גענוג קרעפטיק געווען, ווערט ער אָבער פיל פאַרשטאַרקט פון זיינע מיטאַרבעטער. גרופּירן זיך דאָך אַרום אים אַזעלכע סאָציאַליסטיש־אַנאַרכיסטישע קרעפטן ווי מ. קאַטץ, דר. פאַרנבערג, לעאָן עלבע און דער שרייבער פון די שורות. עס איז געווען אַ פּסיכאָלאָגישער מאָמענט. די שטימונגען און וויאונגען פון דער

ציַיטונג זיַינען אויך געווען די שטימונגען און וויַיאונגען פון די דעמאָקראַ־טישע טיילן פון אידיש־אַמעריקאַנישן פאָלק. אַזוי אַז אַרום 1908 האָט שוין דער טיראַזש פון דער נייַער ציַיטונג, געבוירן אין אָפּאָזיציע צום מעכטיקן „פאָרווערטס״, דערגרייכט צו פיל צענדליקער טויזנטער.

דער ריזיקער דערפאָלג פון דער „וואַרהייט״ האָט מילערן אַלץ מער דערמוטיקט נאָך וויַיטער צו גיין אויפן זעלביקן וועג. די „וואַרהייט״ ווערט אַלץ אידישער און נאַציאָנאַליסטישער און, אין יאָר 1909, איז זי די ערשטע און אַ ציַיט לאַנג די איינציקע, וואָס אויף אירע זיַיטן קלינגט אויף די אַגי־טאַציע און מאָנונג פאַר דער נ י י ע ר א י ד י ש ע ר ד ע ר צ י א ו נ ג.

## 2. נאַציאָנאַליזם אין דער אַמעריקאַנער לופט

קיין לאַנד, אַ חוץ רוסלאַנד, איז נישט געווען אַזוי פאַרשידנפעלקערדיק, ווי אַמעריקע. צו די איינגעבוירענע, אין „רעזערוויישאַנס״ איינגעקאַרצערטע אינדיאַנער, די ערשטע אַנגלאָ־סאַקסן די אַזוי־גערופענע אַמעריקאַנער, די שקלאַפן־אייניקלעך פון די נעגערס, די האָלענדער און פראַנצויזן און איר־לענדער, זיַינען אין דעם אייביק נישט־איבערגעריסענעם שטראָם פון אימיגראַ־ציע, וואָס ביזן יאָר 1924 האָט ער אויף זיך קוים געטראָגן די דאָמבע פון געזעץ — צוגעקומען פאַקטיש אַלע פעלקער און שטאַמען פון איי‍ראָפּע און אַזיע. זיי, די אַלע „פרעמדע״, זיַינען עס נאָכן סאַמע ערשטן אָנהויב, דער־הויפּט נאָך די בירגער־קריג־יאָרן, געווען די דאָזיקע, וואָס האָבן אויפגעבויט דאָס לאַנד, אַרונטערגעשניטן די בערג און זיי דורכגעשניטן מיט שאָסייען, אויסגעהאַקט וועלדער, אויסגעגלייכט טייכן, אויסגעבויט באַנען, אויסגעגראָבן קאַנאַלן און אונטערבאַנען, אויסגעגראָבן די קוילן, אויסגעגראָבן און אויס־געשמאָלצן די מעטאַלן, די לאַנד־מיוחסים באַקליידט און באַשוכט, באַנייט און באַשפּונען. אָבער דעם דאַנק פאַר דעם אַלעמען האָבן טאַקע זיי, די מיוחסים, די אַנגלאָ־סאַקסן באַקומען. זייענדיק די ערשטע, האָבנדיק באַ־צוואונגען די אינדיאַנער, אַריינקריגנדיק אין זייערע הענט די אָפּנסטע אוצרות פון לאַנד, לייגנדיק דעם פונדאַמענט פון דער רעגירונג, האָבנדיק אין זייער גייסטיקן פאַרמעג די שפּראַך פון לאַנד, די ליטעראַטור און קולטור, זיַינען זיי געוואָרן די „האַרן פון לאַנד״ פּאָליטיש, קולטורעל און אַדמיניסטראַ־טיוו. שאַרנדיק קאָשטאָנעס פון פייער מיט די הענט פון דעם גרויסן אַנאָנים,

דעם „אימיגראַנט”, איז געלעגן אין זייערע אינטערעסן דעם דאָזיקן שקר פון אַנאָנים אויך ווייטער אָנצוהאַלטן, אים פּאַראַייביקן. און אַזוי איז אַמעריקע פאַרבליבן דאָס לאַנד פון די אַמעריקאַנער, ד. ה. פון די אַנגלאָ־סאַקסן, איינ־שליסנדיק די פרעמדע פעלקער אין די פאַבריקן, די קוילן־ און מעטאַל־גרובן, די קאַנאַלן און די פעלדער — און איבערקאָכנדיק זייערע קינדער אין די שולן, צייטונגען, זשורנאַלן און ביכער. שוין אָליווער ווענדל האָלמעס (1894—1809) האָט אָנגערופן אַמעריקע דאָס גרויסע לאַנד פון ציוויליזאַטאָרן. אַרויסשטעלנדיק פון פאָרנט די אינדיאַנער מיט די נעגערס, האָט ער מיט זיי איידל פאַרשטעלט אַמעריקעס אימפּעריאַליסטישן הינטערגרונט. נישט אומ־אימפּעריאַליסטיש אַפילו רייןּפאָליטיש, איז אָבער גייסטיק אַמעריקע דאָס סאַמע אימפּעריאַליסטישע לאַנד אין דער וועלט.

אין דער קאָנספּיראַציע פון פאַרלייקענען און פאַרשווייגן דעם פרעמדן הויבן אין אָנהויב יאָרהונדערט זיך אָן דורכרייסן דורכבראָכן. צוערשט קומט עס ליטעראַריש. אין יאָר 1892־93, באַזוכנדיק די שיקאָגער וועלט־אויסשטע־לונג, פאָרט וולאַדימיר קאָראָלענקאָ, דער רוסישער שריפטשטעלער, פאָלקס־רעוואָלוציאָנער און מענטשן־פריינט, דורך דאָס לאַנד און זעענדיק זיך אין ניו־יאָרק מיט יעקב גאָרדינען, מאַכט ער אים אַן איידעלן אויסרייד, הלמאי ער, גאָרדין, שאַצט נישט אָפּ ווי געהעריק זיין אייגענע אַרבעט, זיין שרייבן פאַרן אידישן טעאַטער. „און דאָס — דאָס שרייבן דראַמען פאַר די אַמע־ריקאַנישע אידן” — שטעלט דער „ערנסט־פאַרזאָרגטער רוסישער מענטש” אָן זיינע גרויסע, טרויעריקע אויגן אויף גאָרדינען — „דאָס איז נישט קיין נאַראַד, קיין אַרבעטן פאַרן פאָלק?” און יעקב גאָרדין ווערט געפּלעפט, פאַרשעמט. פאַרברענגענדיק אין ניו־יאָרק און אין ברוקלין און אין דער מידל־וועסט, שרייבט קאָראָלענקאָ אָן, אויפן גרונט פון זיינע אָבסערוואַציעס, זיין היפּשע נאָוועלע „אָן אַ לשון”, וואו דער הויפּט־העלד איז אַ סלאַווישער אימיגראַנט אין אַמעריקע, אַן אַרבעטער. ווערט די נאָוועלע בליץ־שנעל איבערגעזעצט אויף ענגליש (אויך אויף אידיש) און רופט אַרויס נישט קיין קליינעם אינטערעס אין דעם רוסיש־סלאַווישן אימיגראַנט. בלויז מיט אַ יאָר פריער דערשיינט אָב. קאַהאַנס גרויסע נאָוועלע „יעקב, אַ מעשה פון דער אידישער געטאָ” אין ניו־יאָרק און רופט אַרויס נאָך אַ גרעסערן אינטערעס. פאַר דעם און דערנאָך קומען אָב. קאַהאַנס קלענערע און גרעסערע ענגלישע דערציילונגען און נאָוועלן פון אידיש־אימיגראַנטישן לעבן אין אַמעריקע.

אָן אמתן רעש, לכל הפחות אין דער אינטעלעקטועל־ליטעראַרישער וועלט, מאַכן פון יאָר 1897 ביזן סוף יאַרהונדערט מאָריס ראָזענפעלדס פּאָעמעס אין פּראָפעסאָר לעאָ ווינערס איבערזעצונג און זיינע, דעם פּראָפעסאָרס, שריפטן וועגן ראָזענפעלדן און דער אידישער ליטעראַטור בכלל.

אין יאָר 1905, אַן ערך, דערשיינט אפטאָן סינקלער׳ס גרויסער סאָציאַלער ראָמאַן „די דזשאָנגל״ (די וואַלד־געדיכטעניש), אַ ראָמאַן פון פּראַצע און טומל און יסורים און קאַמף, אין און אַרום די שיקאַגער „סטאַק יאַרדס״, וואו דער הויפּט־העלד, יורגיס, איז אַ סלאַווישער אימיגראַנט.

אפטאָן סינקלער׳ס ראָמאַן, דורכגעדרונגען מיט אַ סאָציאַליסטישן וועלט־בליק און מענטשלעכן פּאַטאָס, וועקט אינטערעס צום אַרבעטער, איבערהויפּט צום אימיגראַנטישן אַרבעטער און גאָר באַזונדערס צום סלאַווישן, אין דער ליטעראַטור און פּרעסע. וועגן די סלאַווישע אַרבעטער ווערט פיל געשריבן אין די פּאַך־זשורנאַלן. זיי באַקומען שוין אַ ספּעציעלן נאָמען — „די האָנקס״.

אַמעריקע רייסט ברייט אויף די אויגן. עס זיינען דאָך, הייסט עס, אַ חוץ אַמעריקאַנער, נאָך אַנדערע מענטשן פאַראַן אין אונזער „שיינער מדינה אָן קלאַסן״, ווי טעאָדאָר רוזוועלט פלעגט ליב האָבן זיך צו באַרימען אין די גרויסע פּאָליטיש־פייערלעכע טעג.

געהאָלפן אויפרייסן די אַמעריקאַנער אויגן האָבן אויך די „סעטלמענטס״. געגרינדעט אין דער וועלט־שטאָט (לייען: סלאַוויש־אידיש־אַמעריקאַנישער שטאָט) שיקאַגאָ דורך דער מענטשן־פריינטלעכער דזשין עדעמס, גייען זיי, באַזונדערס דורך דער אידיש־אַמעריקאַנישער ליליען וואַלד, און מיט דער געלט־הילף פון יעקב שיף, גרייכן זיי ניו־יאָרק און אַנדערע ערטער און צעוואַקסן זיך מיט גרויס דערפאָלג. שרייבנדיק וועגן די „סעטלמענטס״ אין יאָר 1906, אין דעם אַנאַרכיסטישן טאָגבלאַט „די אָרבעט־צייטונג״, האָב איך זייער אַרבעט דעפינירט „אַלס אַ גיין אין פאָלק אויפן אַמעריקאַנער באָדן״. און וואָס הייסט דען „גיין אין פאָלק״ אין אַמעריקאַנער שטעט, אויב נישט גיין צווישן די אַרבעטער, דערהויפּט די פרעמד־פעלקערדיקע אַרבעטער? אַזוי איז געשען, אַז די „סעטלמענטס״, ווערנדיק געפירט פון דער שענסטער אַמעריקאַנער אינטעליגענץ, דערהויפּט פרויען־אינטעליגענץ, האָבן זיך אויך מאָראַליש, אינטעלעקטועל און פּאָליטיש אָנגעהויבן אינטערעסירן און וועקן אינטערעס אין די „פרעמד־נאַציאָנאַליטעטן״ אין אַמעריקע. און פון די „סעטלמענטס״ דרינגט דער אינטערעס אַריין אין דער פּרעסע און ליטעראַטור. אַרום 1905

דערגרייכט דער דאָזיקער אינטערעס זיין העכסטע הויך, וועקנדיק אויך אַ מין נאַציאָנאַליזם צווישן די „פּרעמדע" גופא.

עטלעכע גרויסע פּאַסירונגען קומען פאָר פון אַרום 1909 ביז אַרום 1911, פּאַסירונגען, וואָס זייענדיק אפשר פּועל־יוצא׳ס פון די פריער־אויסגערעכנטע רעגונגען, אינטערעסן און געשעענישן, ווערן זיי אָבער, פאַרקומענדיק, אַליין סיבות פון ווייטערדיקע וויכטיקע געשעענישן.

אַרום 1907 פאַרמירן זיך אין די גרויסע און קליינע שטעט די קאַרנעגי־ביבליאָטעקן. דער פילאַנטראָפּ אַנדרו קאַרנעגי, זייענדיק אַליין אַ „פרעמדער", אַ שאָטלענדער, און האָבנדיק צונויפגענומען זיינע אומגעציילטע מיליאָנען אין זיינע שטאָל־גיסערייען, באַטריבענע פון פרעמדע, צום גרעסטן טייל סלאַוון, האָט גרינדנדיק זיינע ביבליאָטעקן, אפשר טאַקע ספּעציעל אין זינען געהאַט די פרעמד־פעלקערדיקע אַרבעטער־מאַסן. הגם זיי זיינען עלטער ווי 1907, ווערן אָבער די ביבליאָטעקן דאָס יאָר פיל פאַרמערט און פאַרגרעסערט. און צי דאָס איז אין זיי פריער אויך געווען, אָדער ס׳איז טאַקע אַ נייעס — די ביבליאָטעקן זיינען נישט בלויז ענגלישע, אַפילו נישט קיין דייטש־פראַנצויזיש־רוסישע, צו וואָס אויך אַפילו אַזעלכע יהודים האָבן זיך געקענט דערהויבן, נאָר טאַקע פ ר ע מ ד ־ ש פּ ר אַ כ י ק ע בכלל. און דאָ קומט אַ ישועה, אין גייסטיקן זין, אַן אמתער „מעבדות לחרות" אויך פאַר דער פאַר־רופענער, באַזידלטער באַשפּאָטער אידישער איסט־סייד. אין יאָר 1907 עפענען זיך אַ צאָל קאַרנעגי־ביבליאָטעקן אויך אין דער אידישער איסט־סייד און אין אַלע אַנדערע אידישע קוואַרטאַלן, און אין די דאָזיקע ביבליאָטעקן — הערט און שטוינט! — געפינען זיך זייט בײַ זייט מיט די ענגלישע, דייטשע, רוסישע א. אַז. וו. און אַפילו העברעאישע ספרים — אויך א י ד י ש ע ביכער!

עס איז געווען אַ רעוואָלוציע — אמת, אַ רעוואָלוציע פון אויבן, אַ רעוואָלוציע פון נצחון מיט הייליקער נקמה אין איינעם — און אָפּגעשפּילט אַמקענטיקסטן און אַמרעדעוודיקסטן אין דער גרעסטער פון די אַלע ביבליאָטעקן — אין דער קאַרנעגיע־ביבליאָטעק אויף איסט בראָדווי, ראָג דזשעפערסאָן גאַס, פּונקט קעגנאיבער דעם טעמפּל פון יהודימשער אַסימילאַציע, און אַפּירשיינענדיק אים, דעם „עדיוקיישאָנאַל עלייענס", לעבעדיקערהייט.

דער יהודימשער־אַסימילאַטאָרישער עדיוקיישאָנעל עלייענס, האָבנדיק זיך געעפנט אין יאָר 1892, און האָבנדיק איבערגענומען די ביבליאָטעק פון דעם קליינעם, פּריוואַט־פאָלקלעכן היברו אינסטיטוט פון וויזאַווי און ווערנדיק,

ווי איך גלויב, אויך סובסידירט פון דער שטאַטישער באָרד אָוו עדיוקיישאָן, האָט אָבער אויף אידישע ביכער, אויף דער שפּראַך, געהאַט אַרויפגעלייגט דעם גרויזאַמסטן חרם. אינעם „לייען־צימער", פאַרן פאָלק פון גאַס־מענטשן, זייט ביי זייט מיט דער ביבליאָטעק האָט מען דאָך געקענט קריגן אַ אידישע צייטונג, אַפילו אַ זשורנאַל. אָבער אין ביבליאָטעק, וואו אַ חוץ ענגלישע און העברעאישע, האָט מען געקענט קריגן ביכער אויף אַלע לשונות, וואָס האָבן נאָר געקענט האָבן דעם ווייטסטן און סאַמע שוואַכסטן אָפּקלאַנג אויף דער איסט־סייד, האָט מען אָבער אויף אידיש קיין בוך, קיין זשורנאַל, קיין שורה נישט געקענט קריגן. דאָס באַליידיקן דאָס אידישע בוך, דעם אידישן לשון איז ביי די פירער, די דירעקטאָרן פון דער עלייענס און די דירעקטאָרן פון ביבליאָטעק, דער „יהודי" דר. העברי מ. לייפּציקער (אין אַנדערע זאַכן אַ מענטש אַ געבילדעטער און אַפילו אַ ברייטהאַרציקער) און זיין שוועסטער פריילין לייפּציקער — דאָס איז ביי זיי געווען אַ פּרינציפּ־זאַך, אַן ענין פון חוזק־מאַכן און זיך איזדיעקעווען איבער אידיש־אידן. אַלע בקשות, טענות ותביעות און אַרויספאָדערונגען פון אידישע לערער האָבן זיך אָנגעשטויסן אָן אַ האַרטן פעלז פון גראָבקייט, טעמפּקייט און שמאָלהאַרציקייט. אויף אַלע אונזערע רייד און מאָנענישן האָבן די אומוויסנדיקע, אַליין אידיש־איסט־סיידער ביבליאָטעק־דינערס אונז געענטפערט מיט אַ חוצפּהדיק־טריאומפירנדיקן: „אידיש איז קיין שפּראַך נישט". און פּונקט ווי די אַנדערע מיידלעך, בלויז אפשר מיט אַ האָר וויניקער חוצפּה, האָט זיך געהאַלטן אויך די פריילין סימפּסאָן (כאָטש געווען איז זי די שוועסטער פון אַן אָנגעזעענעם אידיש־סאָציאַליסטישן לערער־פירער און געשטאַמט האָט זי פון דעם געוועזענעם פאַלקלעכן היברו אינסטיטוט).

און זעט וואָס פאַר אַ גליקלעכע מעטאַמאָרפאָזע; פּונקט ווי־זאָווי דעם עדיוקיישאָנאַל עלייענס עפנט זיך די גרויסע קאַרנעגי־ביבליאָטעק, אַריבער־ציענדיק צו זיך אַלע ביכער פון דער עדיוקיישאָנעל עלייענס און לעבן זיי און צווישן זיי ווערט געמאַכט פּלאַץ פאַר דער ריזן־פולסטער קאָלעקציע פון אידישע ביכער, און פאַר דער עפענונג ווערט די נייעס שטאַרק באַקאַנט געמאַכט אין די פאַרשפרייטע אידישע צייטונגען, און די אידישע לעזער ווערן האַרציק פאַרבעטן צו קומען און לעזן און אַרויסנעמען ביכער, אידישע צוגלייך מיט אַנדערע, און אַז די לעזער קומען, דערפרייטע און באַהאַרצטע, קומען נאָך ביכער, — ווער מיינט איר שטייט זיי אַנטקעגן און נעמט זיי אויף מיטן

ברייטסטן שמייכל? טאַקע די אייגענע, איצט שוין הויפּט־ביבליאָטעקאַרין — פריילין סימפּסאָן!

און נאָך אַ וואונדערלעכע זאַך, וואָס זיך אָנהויבנדיק ווי אַ שטילער דונער אין סלאַווישן שיקאַגאָ און אין וואַשינגטאָן און זיך ענדיקנדיק מיט אַ דווקא מעלאָדישן קראַך אין אידישן ניו־יאָרק און בכלל אין דער גאַנצער אידישער אַמעריקע, טרעפט אין סוף ערשטן יאָרצענדליק. אַרום דעם יאָר 1909, ערב דעם צענזוס־יאָר 1910, נעמען זיך צונויף די פּאָליאַקן, טשעכן און די אַנדערע סלאַוון פון שיקאַגאָ און שטעלן אַרויס אַ פאָדערונג צו דער וואַשינגטאָנער רעגירונג, אַז אין דער בעפאָרשטייענדיקער פאָלקס־ציילונג זאָלן די געציילטע מער נישט פינסטערן אַזוי ווי טונקעלע יחידים פון איין גרויסער אַמעריקאַנער נאַציע, נאָר יעדער איינער זאָל שיינען מיטן ליכט פון אָנגעהעריקן פאָלק. אַז דער פּאָליאַק זאָל אויפטרעטן ווי אַ פּאָליאַק, דער טשעך ווי אַ טשעך, דער ליטווינער ווי אַ ליטווינער, דער דייטש ווי אַ דייטש און אַזוי ווייטער. כאָטש עס איז זיי, די סלאַוון, נאַטירלעך מער געגאַנגען וועגן זייערע אייגענע נאַציאָ־נאַליטעטן, האָבן זיי דאָך אָבער, פאַרשטייט זיך, די פאָדערונג נישט געקענט אַרויסשטעלן אַלס אויסנאַם אָדער פּריווילעגיע פאַר זיך, נאָר ווי אַן אַלגע־מיינעם פּרינציפּ פאַר אַלע איינוואוינער פון לאַנד, און ממילא אויך פאַר אונז, אידן. זעלבסטפאַרשטענדלעך זיינען די שיקאַגער סלאַוון די ערשטע זאַך מיט זייער פאָדערונג געגאַנגען צו זייער רעפּרעזענטאַנט אין וואַשינגטאָ־נער קאָנגרעס, קאָנגרעסמאַן סאַבאַט. סאַבאַט, אַלס טשעכישער „יהודי״, וועלכער האָט פאַרטראָטן אין קאָנגרעס אויך אַ טייל פון די שיקאַגער אידן, איז נאַטירלעך פאַרבונדן געוועזן מיטן אָרגאַניזירטן יהודים׳טום. איז ער, ווי מען האָט פון זיין נאַציאָנאַל־בלינד־נעלמ׳ישער פּאָליטיק געקענט דערוואַרטן, אַרויס קעגן דער סלאַווישער פאָדערונג מיט אַ געוואַלט. מען וועט אין צענזוס אַקוראַט אַרויסשטעלן אַ גרויסע צאָל אידן? מען וועט פּינקטלעך אָנווייזן, ווער עס איז אַ איד? הימל, עפּן זיך! געריסן פון די סלאַוון אין איין זייט, פון די „יהודים״ אין אַן אַנדער זייט, האָט זיך דער אָרע־מער קאָנגרעסמאַן סאַבאַט קיין עצה נישט געקענט געבן. און פּונקט אַזוי הילפלאָז איז געווען דער הער דוראַנט, דער שעף פון דעם וואַשינגטאָנער צענזוס־ביוראָ. צום גליק איז אָבער דעם הער דוראַנט איינגעפאַלן צו פרעגן אַן עצה ביי אונזער יצחק אייזיק הורוויצן, וועלכער האָט דעמאָלט געאַרבעט אַלס סטאַטיסטיקער אין דער ביוראָ. האָט הורוויץ געגעבן אַן עצה, אַז, נישט

פרעגנדיק אין די אַנקעטעס, ווער צו וועלכער נאַציע ס׳געהערט, זאָל מען אָבער פרעגן ביי יעדן איינעם, וועלכע איז זיין מוטער־שפּראַך, וועט מען אי וויסן, ווער צו ווער עמען עס געהערט, אי די סלאַוון וועלן צופרידן זיין, אי דער יהודימשער כעס וועט זיך אַביסל אָפּקילן. וכך הוה. עס האָט נישט לאַנג געדויערט און מיר, אין ניו־יאָרק, האָבן געקראָגן צו וויסן, אַז אין דעם קומענדיקן פאָלקס־צענזוס שטייט פאַר אַ ריזיקע נאַציאָנאַלע פּראָבע פאַר די אידן פון לאַנד — צי וועלן זיי זיך מיחס זיין מיט אידיש (און מיט זייער אידישן פאָלק) אָדער זיי וועלן זייער אידיש און אידישקייט פאַרלייקענען. די ערשטע און די שטאַרקסטע טרעוואָגע האָט אויפגעהויבן די ציימונג „די וואַרהייט״, דער עיקר דורך מיר און מיין חבר לעאָן עלבע. מיט שיער נישט פאַרצווייפלטע קולות האָבן מיר געשריגן: „אידן, אין צענזוס פון 1910 זאָלט איר נישט פאַרלייקענען אייער אידישע שפּראַך און אידישע נאַציע! אידן, זייט נישט קיין נאַציאָנאַלע נעלמים, קיין נאַציאָנאַלע פּחדנים!״ אַזוי האָבן מיר געשריגן אין דער „וואַרהייט״ און אַזוי האָבן די אַנדערע אידישע צייטונ־גען, ווער געגרן און ווער נישט קענענדיק מעיז זיין, ווער העכער און ווער נידעריקער, אָבער פאַקטיש אַלע האָבן מיטגעשריגן. און אין אַ יאָר אַרום, אַן ערך, אַז דער צענזוס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן, האָבן מיר געהאַט אונזער גאָלדענעם שניט. נישט נאָר אין ניו־יאָרק, נאָר פאַקטיש טאַקע אין גאַנצן לאַנד, האָבן העכער ניינציק פּראָצענט פון די אידן אין לאַנד אָנגעגעבן אידיש אַלס זייער מוטער־שפּראַך (אַ קליינטשיקע צאָל האָט אָנשטאָט „אידיש״ אָנגעגעבן „היברו״, אָבער יעדער איינער האָט פאַרשטאַנען די באַדייטונג און ביי יעדן פאַל האָט עס געמיינט, אַז די מענטשן האָבן אָפן אַרויסגעשטעלט זייער אידישקייט!).

די סאַמע לעצטע געשעעניש פון אָט דער גרופּקע איז געשען אפשר מיט אַ יאָר שפּעטער און ווידער אַמאָל אין דער סלאַווישער שיקאַגאָ. איינע אַ פּאַבליק־סקול סופּער־אינטענדענטין — איך בין נישט זיכער, צי איז זי אויך פאַרבונדן געווען מיט די שיקאַגער סעטלמענטס — אַ געוויסע מרס. עלאַ יאַנג, האָט אין אַ שול אָדער שולן אין שיקאַגער פּוילישן קוואַרטאַל איינגעפירט פּויליש אַלס לימוד־פּונקט אין דער שולס „קוריקולום״. ווייטער־דיקע באַריכטן האָבן געמעלדעט, אַז דער לימוד האָט אויך גוט געדינט.

אַ נאָכשלוס נאָך אָט דער נייעס איז געווען אַ ידיעה, וואָס האָט זיך שטאַרק געטראָגן אין די קרייזן פון אידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד און פּועלי

ציון, אַז זייענדיק באַווירקט פון דער יאַנג׳ס אויפטו אין שיקאַגאַ, האָבן אונזערע חברים אין מילוואָקי זיך גענומען דאָס זעלבע אויך צו פועלן וועגן אידיש (אָדער אידיש און העברעאיש) אין זייער שטאַט, אין זייער אידישן קוואַרטאַל. און זיי האָבן שוין זייער ציל שיער געהאַט דערגרייכט, נאָר אין דער לעצטער מינוט האָט עפּעס אַ שעף, אָדער דער שעף פון דער אַרטיקער „באָארד", זייענדיק נישט נאָר אַ „יהודי", נאָר אויך אַן „איבערגעקערטער", די זאַך פאַרדאָרבן. אַזוי ווי די דאָזיקע געשיכטע איז דער עיקר נאָר אַ „מינדלעכע טראַדיציע", קען איך נישט קאָווירן פאַר די פּרטים, אָבער אַז די זאַך אַליין איז נישט קיין לעגענדע, שיינט צו זיין זיכער.

## 3. ווי איך קום דערצו

די נייע אידישע דערציאונג איז געבוירן געוואָרן אויפן שויס פון דעם אידיש־אַמעריקאַנישן סאָציאַליזם. איך דער ערשטער, וואָס האָט פאַר דער דאָזיקער דערציאונג גענומען אַגיטירן אין שריפט און מיטן מויל, בין געווען אַ אידיש־אַמעריקאַנער סאָציאַליסט; די אידישע אינטעליגענטן־שרייבער, וואָס האָבן מיר פּאָטאָקעוועט, זיינען געווען אָנגעהעריקע צו דער אידיש־אַמעריקאַנישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. די ערשטע צוויי קערפּערשאַפטן, וואָס האָבן זיך אָפּגערופן, און די אידייע פון דער נייער אידישער דערציאונג מן הכוח אל הפועל אַרויסגעבראַכט, דער אידיש־נאַציאָנאַלער אַרבעטער־פאַר־באַנד און די פּאַרטיי פועלי ציון, זיינען אויך צום גרויסן טייל, לכל־הפּחות, אַרויסגעוואַקסן, אויב נישט פון, איז א י ן דער אינטימסטער שכנות מיט דער אַמעריקאַנער אידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג.

„פאַרוואָס גראַד איר?" — אומגעפער אַזאַ פראַגע האָט מיך, מיט אַ צען יאָר צוריק פריער, געפרעגט חבר שלמה ווייסמאַן פון די מאָנטרעאַלער אידישע פאָלקשולן, אין פאַרהאַנדלונג מיט אַ שול־אויסגאַבע, וואָס ער האָט צוגעגרייט. גיב איך דאָ אומגעפער דעם ענטפער, וואָס איך האָב אים דעמאָלט געגעבן:

א) אַזוי ווי די מייסטע אידיש־סאָציאַליסטישע שרייבער, האָב איך אַרום דעם מיטן יאָרצענדליק זיך געהאַט אַנטוויקלט אין אַ הייסן אידישן נאַציאָנאַליסט;

ב) מער ביי מיר, ווי ביי אַנדערע, איז דער אידישער נאַציאָנאַליזם פאַרשאַרפט און פאַרטיפט געוואָרן דורך מיין ליטעראַריש־קולטורעלער אויס־

בילדונג, דורך די ווערק, וואָס איך האָב דעמאָלט געלייענט (גרעץ, זאַנגוויל, גוסטאַוו קאַרפּעלעס, סאָלאָמאָן שעכטער, איזראַעל אייבערעהעמס א. אַנד.) און דורך די אינטערעסן און אַרבעטן, מיט וועלכע איך בין געווען פאַרנומען, ווי למשל, מיינע לעקציעס וועגן אידישער ליטעראַטור און דראַמע, מיין אַרבעט אינעם „פּראָגרעסיוו־דראַמאַטיק קלוב" און מיין אַרבעט אין דער „וואַרהייט".

ג) מיין נאַציאָנאַליזם איז פאַרשאַרפט געוואָרן אין אַ מין שרעק פאַר אַסימילאַציע־אַמעריקאַניזאַציע. „מיר געפינען זיך אין דער לאַגע פון אַ מענטשן, וואָס טראָגט זיך איבערן ים אין אַ שיפל, וואָס אַט־אַט קערט זיך עס איבער" — אַזוי האָב איך דעמאָלט געענטפערט איינער אַן אַמעריקאַני־שער „סעטלמענט"־טוערין, בשעת זי האָט מיך געפרעגט, פאַרוואָס מיר „פיבערן אַזוי". אַן אַנדערס מאָל פלעג איך ענטפערן מיט דר. מאַגנעסעס געזעגענונגס־וואָרט צו זיינע בעלי־הבתים פון טעמפל עמנואל דעם זונטיק, ווען ער האָט רעזיגנירט פון זיין רבי'שאַפט אינעם טעמפל: „איך בין דער רבי פון אַ קהלה פון בעזדעטניקעס, אָן אַ נאָכפאָלגערשאַפט פון קדושה־זאָגער, פון „אמן ברוך הוא וברוך שמו"־אָפּענטפערער".

ד) איך בין פון כל ימי אָן, אפשר פון זיבנט איך געדענק מיך אַלס אינגל, געווען אַ לערער, לערנענדיק מיט חברים און פרעמדע, פרייוויליק אָדער פּראָפעסיאָנאַל, אין מיין געבורט־שטעטל, אין מאָסקווע און אין ניו־יאָרק (אויך אין די קלאַסן פון דער „אַרבעטער־בילדונג־שולע" און פון „עדיוקיישאָנאַל ליג") — העברעאיש, תנ"ך, גמרא, ענגליש און ענגלישע און אידישע ליטעראַטור.

אַן ערך אין מיטן די ניינציקער יאָרן האָב איך מיך שטאַרק פאַראינטע־רעסירט מיט פּעדאַגאָגיע, לייענענדיק פּעדאַגאָגישע ווערק און שריפטן. אַרום 1904־5 האָב איך אין „פאָרווערטס" געשריבן פּעדאַגאָגישע לייט־אַרטיקלען און אַנדערע אַרטיקלען;

ה) אין יאָר 1910 בין איך שוין געווען אַ טאַטע פון דריי קינדער און זייער דערציאונג און בילדונג אין די פּאָבליק סקולס און אינדערהיים האָב איך שטאַרק נאָכגעפאָלגט און „מיטגעמאַכט". האָב איך גוט געזען וואָס די פּאָבליק סקול מאַכט פון זיי פון אידישן און אידיש־נאַציאָנאַלן שטאַנדפּונקט, און מיין שרעק פאַר דער אַמעריקאַניזאַציע איז געוואָרן אַ גאַנץ „היימישע".

דאָס איז, בכן, געווען מיין „הכשרה", מיין צוגרייטונג צו זיין דער ערשטער אידישער שרייבער אין אַמעריקע מכוח דער נייער אידישער דערציאונג. לײדער שרייב איך איצט אָן דאָקומענטן, מיך פאַרלאָזנדיק מערסטנטייל אויף

מיין זכרון, וואָס, אמת, ער גאָרט מיך זעלטן אָפּ. ציטירנדיק ש. ניגערן (אין דעם דערמאָנטן בוך), וועלכער ציטירט מיך, האָב איך מיין ערשטן אַרטיקל וועגן דעם ענין געשריבן אין דער „וואָרהייט" דעם 18טן אַפּריל, 1909. ווערליק איך געדענק, האָב איך, אַלס סאָציאַליסט, „פריידענקער" און אידישער נאַציאָנאַליסט, זיך געווענדעט צו אידן מער־ווייניקער מיין גלייכן און האָב פאַר זיי אויפגעשטעלט די פאָלגנדיקע טעזיסן:

א) זיי זיינען נישט נאָר אידן, נאָר ביז אַ געוויסן גראַד אַפילו אידישע נאַציאָנאַליסטן. לעבן זיי זיך דאָך אויס אין דער אידישער פרעסע, אידישער ליטעראַטור און אידישן טעאַטער. זיי האָבן אויך אַ געוויסע באַציאונג כאָטש צו געוויסע אידישע ימים־טובים. זיי זיינען אויך נישט אינגאַנצן גלייכגילטיק צו אַ אידישער צוקונפט.

ב) דאָס אַלץ איז אידישקייט. רעליגיע איז זיכער נישט די גאַנצע אידישקייט;

ג) די אויבן־אויסגערעכנטע פּונקטן זיינען פאַרן אידישן סאָציאַליסט אָדער אַנאַרכיסט אַזוי טייער, אַז זיי וואָלטן וועלן, אַז זיי זאָלן האָבן אַ המשך אין זייערע קינדער;

ד) איז דערפון געדרונגען, אַז דער אידישער ראַדיקאַל איז נישט פּטור פון דער מצווה אָדער דעם חוב צו געבן זיין קינד אַ אידישע דערציאונג;

ה) די פּאָבליק סקול, נישט נאָר קען זי אין דעם פּרט נישט צופרידנ־שטעלן, נאָר פאַרקערט, זי דאַרף פון אונז אין דער הינזיכט באַטראַכט ווערן ווי אַ גרויסע פאַרדאַרבונג. שטרעבנדיק אונזער קינד צו אַמעריקאַניזירן, אַנטנאַציאָנאַליזירט זי עס, גראָבט זי אויס נאָך טיפער דעם אָפּגרונט צווישן אונז און אונזערע קינדער;

ו) דאַרפן מיר אונזערע קינדער שיקן אין אַ אידישער שול. אָבער אין וועלכער? דער חדר און די תלמוד־תורה זיינען נישט פאַר אונז. זיינען מיר דאָך פריידענקער און די דערציאונג פון חדר און פון דער תלמוד־תורה איז דאָך געגרינדעט אויף רעליגיע, אויפן גלויבן. אויך די מאָדערנע, די העברע־אישע שול, אויפן שטייגער פון דעם אייראָפּעאישן חדר־מתוקן, איז אויך נישט גאָר צוגעפּאַסט פאַר די מייסטע קינדער פון ראַדיקאַלע עלטערן, זייענדיק ציוניסטיש אָדער גאַנץ אויסגעשפּראָכן נאַציאָנאַליסטיש;

ז) איז בכן דאַרפן די ראַדיקאַלע אידישע עלטערן גרינדן פאַר זייערע קינדער אַ נייעם סאָרט אידישע שולן מיט אַ נייער אידישער דערציאונג.

אַזוי אומגעפּער האָב איך אָנגעהויבן. העכסט־וואַרשיינלעך האָב איך מיט דער צייט מיין אַגיטאַציע אויסגעברייטערט, ווענדענדיק זיך נישט דווקא צו ראַדיקאַלן, נאָר אַפילו צו סתם אידן (איין מאָל יענעם יאָר, געדענק איך, האָב איך זיך געווענדעט צו אידישע אָרדנס בכלל) און פון דער אַנדער זייט מאַכנדיק מער בולט דעם נאַציאָנאַליזם.

באַלד נאָכן ערשטן אַרטיקל האָב איך געשריבן אַ צווייטן, אין וועלכן איך האָב שוין אויפגעוואָרפן אַ פּראָגראַם פון לימודים אין די ניי־פּאָרגע־שלאָגענע שולן:

א) די אידישע שפּראַך און די אידישע ליטעראַטור;

ב) די העברעאישע שפּראַך און ליטעראַטור;

ג) אידישע היסטאָריע;

ד) תנ״ך;

ה) סאָציאַליזם (וואָרעם אויך דאָס ווערט דאָך אין דער פּאָבליק סקול נישט נאָר נישט געלערנט, נאָר טאַקע טויט־געשוויגן);

ו) געשיכטע פון דער אידישער רעליגיע;

ז) כאָטש איך געדענק עס נישט גענוי, קען איך זיך אָבער בשום־אופן נישט פאָרשטעלן, אַז איך זאָל האָבן אויסגעלאָזט פון מיין פּראָגראַם אַ ידיעה און אַ ליבשאַפט צו אידישע ימים־טובים.

איך האָב מיין אַגיטאַציע אין דער „וואָרהייט״ אָנגעפירט נישט אָן עקשנות, שרייבנדיק וועגן דעם ענין ביי יעדער געלעגנהייט. איין מאָל, ווי שוין דער־מאָנט, האָב איך זיך אַפילו געווענדט צו בעל־הבתישע אידישע אָרדנס. דאָס איז געווען בשעת אַ געוויסער אָרדן האָט געהאַט זיין יערלעכע קאָנווענשאָן.

אָנהאַלטנדיק אַזוי מיין אַגיטאַציע אַריבער אַ יאָר, האָב איך, לסוף, אין פרילינג פון 1910 זיך געווענדט גאַנץ אויסדריקלעך צו די אידישע ראַדיקאַלע אָרדנס, אָנרופנדיק בפירוש דעם אַרבעטער־רינג און דעם אידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד.

## 4. די דערעפענונג פון דער ערשטער נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלער שול

ווי עס ווייזט אויס, איז מיין לעצטע ווענדונג טאַקע געווען דער כוח־הדוחה, די שטויס־קראַפט, וואָס האָט געפירט צו דער געבורט פון דער נייער אידישער דערציאונג.

דער אידיש־נאַציאָנאַלער אַרבעטער־פאַרבאַנד איז געגרינדעט געוואָרן אין 8־1907 אַלס קעגן־וואָג קעגן דעם אַרבעטער־רינג, ד. ה. ער איז געגרינ־דעט געוואָרן צוליב דעם אַרבעטער־ציוניזם, אָבער גאָר באַזונדערס צוליב דעם אידישן נאַציאָנאַליזם, צו באַקעמפן די אַסימילאַציע־אַמעריקאַניזאַציע און צו נאַציאָנאַליזירן די אַמעריקאַנער אידישע גאַס. דער אידיש־נאַציאָנאַלער אַרבע־טער־פאַרבאַנד איז געווען גאַנץ מסוגל צוצוהערן זיך צו דער אַגיטאַציע פאַר אידישע נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע שולן. האָט ער דאָך בלויז אַ קורצע צייט נאָך דער דערעפענונג פון די נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע שולן, דורך זיינע חברים אויף די ערטער, געפּועלט אין אַלע קאַרנעגי־ביבליאָטעקן אויף דער פּראָווינץ, דאָרט וואו דער פאַרבאַנד האָט געהאַט צווייגן, אַז זיי זאָלן ביי זיך איינפירן אויך קאָלעקציעס פון אידישע און העברעאישע ביכער. איז פּרי אין יאָר 1910 האָט זיך אין פאַרבאַנד־קרייזן שוין אָנגעהויבן אַ רעדעריי וועגן גרינדן אידישע שולן פון דעם טיפּ, וואָס איך האָב פאָרגעלייגט. דער ערשטער גרעסערער צוזאַמענפאָר פונעם פאַרבאַנד איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין זומער 1910 אין דער שטאָט ראָטשעסטער. די דיסקוסיע וועגן דער גרינדונג פון די נייע שולן איז אַריבערגעטראָגן געוואָרן אויך אויף דער קאָנווענשאָן, מיטן רעזולטאַט, אַז עס איז פייערלעך באַשלאָסן געוואָרן צוצוטרעטן צו דער אַרבעט פאַר דער גרינדונג פון די שולן.

דעם 20סטן אָקטאָבער פון זעלביקן יאָר איז אין מאָנטרעאַל אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ קאָנווענשאָן פון דער פּאַרטיי פּועלי ציון. דער פאַרבאַנד מיט דער פּאַרטיי זיינען דעמאָלט נאָך מער איידער איצט געווען אַ שטוב מיט אַ קאַמער. קען מען זיך פאָרשטעלן, אַז די דיסקוסיעס וועגן דעם ענין האָבן זיך געצויגן ווי אַ שותפותדיקער שטראָם צווישן די צוויי אָרגאַניזאַציעס. אפשר האָט דר. חיים זשיטלאָווסקי אין די דיסקוסיעס אויך אַ האַנט געהאַט. יעדנפאַלס אויף דער קאָנווענשאָן פון די פּועלי ציון איז דר. זשיטלאָווסקי געווען (העכסט־וואַרשיינלעך האָט מען אים איינגעלאַדן, ווי די פּועלי ציון האָבן אים אויך ביי אַנדערע געלעגנהייטן איינגעלאַדן, נישט זייענדיק נאָך קיין פּאַרטיי־מיט־גליד) און ער האָט שטאַרק אַגיטירט פאַר די שולן. עס זיינען געווען קעגנער, אָבער דר. זשיטלאָווסקי האָט געזיגט. די רעזאָלוציע פאַר די שולן, וואָס דער פאַרבאַנד־צוזאַמענפאָר האָט דורכגעפירט אין ראָטשעסטער, איז אין מאָנטרעאַל אָנגענומען געוואָרן קענטיק מיט נאָך מער פייער. (איינער פון די באַזיגטע קעגנער, דער דעמאָלטיקער רעדאַקטאָר פון „אידישן קעמפער", האָט

זיך דאָך נישט אונטערגעגעבן. קומענדיק קיין ניו־יאָרק, האָט ער נאָך אין נעקסטן נומער „קעמפער“ געפּרואווט אַריינגעבן אַ רעדאַקציאָנעלע נאָטיץ קעגן די שולן, אָבער אַ פּאָר יאָ־זאָגער האָבן זיך „געקליגט“ און די נאָטיץ באַצייטנס אַרויסגענומען).

פאַר חנוכה איז די ערשטע נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע שולע פון די פּועלי ציון מיטן אידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד געעפנט געוואָרן אויף נומער 143 מעדיסאָן סטריט. (דאָס איז נישט געווען קיין צופאַל. דער דאָזיקער נומער איז געווען דאָס הויז פון דער אָקאָרשט־פאַרשטאָרבענער עדיוקיישאָנעל ליג, אין וועלכער דר. עלסבערג האָט געהאַט אַ גרויסע דעה, און דר. עלסבערג, אַלס דר. זשיטלאָווסקיס פריינט און הייסער פאַרערער, איז טאַקע באַלד געוואָרן אַ שטאַרקער טוער אין די שולן). איך ווייס נישט פיל פון יענער ערשטער שול אין איר ערשטער סטאַדיע, בלויז דאָס, אַז דער בראַנזווילער דר. גלאָבוס, וואָס איז שפּעטער געוואָרן אַ זייער אַקטיווער מיטאַרבעטער אין דער „פרייע אַרבעטער־שטימע“, איז באַשטימט געוואָרן אַלס אָנפירער אָדער פּרינציפּאַל פון דער שול. אויך אַז די שול האָט אָפּגעלעבט אַ פּאָר וואָכן איידער איך בין גערופן געוואָרן זי איבערצונעמען.

ווינטער, חנוכה, איז אין ניו קלינטאָן האָל, 141 קלינטאָן סטריט, פאָרגעקומען אַ מאַסן־מיטינג וועגן דער שול און דער נייער אידישער דערציאונג בכלל. ה. עהרענרייך, דער דעמאָלטיקער סעקרעטאַר פון די פּועלי ציון, האָט מיך איינגעלאַדן אַלס רעדנער יענעם אָוונט. איך געדענק נישט די אַנדערע רעדנער, אויסער דר. זשיטלאָווסקין, מיט וועמען, ווען מיין ריי איז געקומען, איך האָב פּאָלעמיזירט. ביי מיר האָט זיך געהאַט באַקומען דער איינדרוק, אַז דר. זשיטלאָווסקי אַגיטירט פאַר אַ ציוניסטישער שול. איך בין אָבער געווען קעגן אַ ציוניסטישער שול און פאַר אַ נאַציאָנאַלער. דר. זשיטלאָווסקי, וואָס איז משמעות אויך געווען דער פאָרזיצער, האָט מיך, ווי איך פאַרשטיי, געפּרואווט „באַרואיקן“. איך בין באַלד דערנאָך אַוועק, אָבער אין עטלעכע טעג אַרום בין איך גערופן געוואָרן צו אַ זיצונג וועגן דער שול ביי דר. עלסבערגן אין הויז. דאָרטן האָב איך געטראָפן, אַ חוץ דר. עלסבערגן און דר. זשיטלאָווסקין, אויך ברוך צוקערמאַנען און, אויב איך געדענק ריכטיק, אויך ה. עהרענרייכן און מאיר בראַונען.

דער סוף פון דער זיצונג איז געווען, אַז אויף מיר איז אַרויפגעלייגט געוואָרן דער זייער ליבער חוב צו זיין דער פּרינציפּאַל פון דער שול. דעם

קומענדיקן שבת נאָכמיטאָג (ס'איז געווען אַ שבת־ און זונטיק־שול) בין איך שוין געווען אויפן פּאָסטן.

די שול־אַרבעט איז אַוועק מיט אַן אינטענסיוון טעמפּ.

## ג. די ערשטע פיר יאָר. — די ערשטע צוויי צוזאַמענפאָרן

### 1. נחת'דיקע צרות

פון אַלע מיינע אַרבעטן — און איך האָב שוין דעמאָלט געהאַט נישט ווייניק — איז דאָס געווען די גליקלעכסטע. עס איז געווען אַ ברכה אין דער אַרבעט, און זי איז ליכטיק אויפגעגאַנגען פאַר מיינע אויגן, אַזוי ווי אַ בלומען־גאָרטן גייט אויף אונטער די אויגן פונעם גערטנער, וואָס האָט אים פאַרפלאַנצט. קיינמאָל פריער און אפשר אויך קיינמאָל נישט שפּעטער, בין איך זיך אַזוי נאָענט און שיין נישט צונויפגעקומען מיט מענטשן, מיט מיט־אַרבעטער, ווי ביי יענער אַרבעט.

עס איז געווען אַ פילפאַכיקע, לכל־הפחות אַ פירפאַכיקע אַרבעט; אַ ריין־לערעריש־פּעדאַגאָגישע, אַן עקאָנאָמיש־חיונה'דיקע — פון פשוט אויפהאַלטן די שול אָדער שולן, אַ פּראָפּאַגאַנדיסטיש־אָרגאַניזאַטאָרישע — פון צוקריגן פריינט און אָפּשלאָגן זיך פון שונאים און אויסברייטערן דעם שול־וועזן אין אייגענע קרייזן און פאַרפלאַנצן אים אין ווייטערע קרייזן, און אַ ליטעראַריש־אויפקלערערישע פון שאַפן לערן־ביכער, פּעדאַגאָגישע שריפטן און נישטערן און זוכן און שאַפן אויף נאָענטע אידישע קולטור־פעלדער. עס האָט זיך געפאָדערט אַ סך מענטשן, אַרבעטער, און דער גוטער גאָט האָט זיי אונדז צוגעשיקט אָדער פון פּאַרטיי־קרייזן, אָדער פון די פּאַראַנענע ליטעראַרישע קרייזן.

עס זיינען באַלד געשאַפן געוואָרן אַ צוויי־דריי קאָמיטעטן: איינער אַ קליינער, אַן ענג־פּעדאַגאָגישער, וואָס האָט באַדאַרפט אָנפירן מיט דער שול אויף מעדיסאָן סטריט און אין וועלכן איך געדענק אַממייסטן, אַ חוץ מיך אַליין, הירש עהרענרייך, דעם דעמאָלטיקן סעקרעטאַר פון די פּועלי ציון, און אין זיין אָפּוועזנהייט פון שטאָט — זיין דעמאָלטיקע כלה (און שפּעטערדיקע

פרוי) חברה ראַסקין; דערנאָך שמואל גאָלדשטיין (אין די צוואַנציקער יאָרן דער סעקרעטאַר פון אידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד) און דוכט זיך אויך זיין פרוי אָדער כלה; אַ ברייטער פּעדאַגאָגישער קאָמיטעט, וואָס האָט אויך באַדאַרפט אָנפירן די קאָרעספּאָנדענץ און זען שאַפן פון דער איינציקער שול אַ שולן־באַוועגונג. און אין וועלכן עס געדענקען זיך מיר אַממייסטן ברוך צוקערמאַן, שוין דעמאָלט דער וויכטיקסטער, לכל־הפחות, טוער אין דער פּאַרטיי פּועלי ציון; מאיר בראַון, דעמאָלט דער סעקרעטאַר פון פאַרבאַנד; דער זעלבער הירש עהרענרייך, און אַביסל שפּעטער, חיים ליבערמאַן, וואָס איז שוין דערווייל געוואָרן אַ לערער אין דער שול אויף מעדיסאָן סטריט, און קלמן וויטמאַן, דער העברעאישער לערער־פּעדאַגאָג, וואָס איז דעמאָלט געווען אַ חבר אין דער פּאַרטיי פּועלי ציון. צום פּראָפּאַגאַנדיסטיש־עקאָנאָמישן קאָמיטעט (אַרבעט איז געווען, און נאָך ווי, דער ספק איז נאָר מכוח דער אויסגעטיילטקייט פון די פונקציעס) האָבן פּראָמינענט געהערט די פריער־דערמאָנטע דר. זשיטלאָווסקי, דר. עלסבערג און אפשר אויך יוסף קאָפּעלאָוו, דער אַנאַרכיסט, וואָס איז קורץ נאָך דר. זשיטלאָווסקיס אָנקומען, געוואָרן זיינער אַן אוהב נאמן און הייסער נאָכפאָלגער. דער דריטער פלעגט מיט דר. זשיטלאָווסקין און די אַנדערע נישט פאַרפעלן קיין איינעם פון די אָפּטע באַנקעטלעך און אָוונטלעך פאַר דער שול. ער האָט גאָר אַ סך געאַרבעט אין 1917, אַז דער לערער־סעמינאַר איז געגרינדעט געוואָרן, און אויך יאָרן שפּעטער, ביים שאַפן געלט פאַר דער מעדיסאָן סטריטער שול. דער גרעסטער געלט־שאַפער פאַר איר איז דעמאָלט געווען דר. עלסבערג, בעת דר. זשיט־לאָווסקי פלעגט אויף די אָוונטן און די אָוונטלעך און אויך אויף די גרעסערע אַרויסטרעטונגען האַלטן זיינע גייסטררייכע געדאַנקען־רעדעס און רעפע־ראַטן. דאָס איז דעמאָלט געווען אונזער באַגייסטערנדיקסטע, אויפהויבנדיקסטע פּראָפּאַגאַנדע. איך אַליין, כאָטש איך בין צו מיין נאַציאָנאַליזם און אידישער דערציערישקייט צוגעגאַנגען אָן אים (זיינע אַרבעטן אין „דאָס נייע לעבן" האָב איך, צי ווייל איך האָב קיין צייט נישט געהאַט, צי ווייל איך האָב עס אָפּגעלייגט אויף אַ מער בהרחבה'דיקער געלעגנהייט, נישט געלייענט) — אָבער זיינע דעמאָלטיקע רעדעס און רעפעראַטן האָב איך מיר אָנגעאייגנט, שפּי־גענדיק פון זיי אַפילו לאָזונגען פאַר מיינע אייגענע פאַרטראַגן. (עס געדענקט זיך מיר איבערהויפּט אַ מעשהלע פון סאַלטיקאָוו־שטשעדרינען מכוח דעם פאַרפאַלענעם אמת, וואָס מען האָט צוריקגעפונען אין האַרץ פון אַ קינד,

וואָס ער האָט געבראַכט פאַר אַ משל צום אידישן קינד און דעם פאַרפאַלענעם אמת פון דער אידישער פאָלקלעכקייט).

די פעדאַגאָגישע אַרבעט אין דער שול גופא האָט זיך צומיינסט אָראָפּ־געלאָזט אויף מיינע פּלייצעס און אויף די פּלייצעס פון שול־סעקרעטאַר, הירש עהרענרייך, און די לערער, וואָס האָבן נאָר אַרויסגעצייגט זייער ווילן אונטערצושטעלן די פּלייצעס. דער לימוד פון אידיש איז געווען דער שווערסטער — ווייל דער נייעסטער, אָן דעם מינדסטן שטעג פון דערפאַרונג. עס זיינען געווען אַרום 40 קינדער, וואָס מען האָט זיי געמוזט איינטיילן אין דריי קלאַסן, און דאָ זיינען נישט געווען קיין לערער, נישט קיין ביכער, נישט קיין מעטאָדן. איך דערמאָן מיך, מיט טרויעריקן געלעכטער, ווי איך האָב דעמאָלט געזוכט לערער (איך אַליין האָב, מחמת מיין ציטונגס־אַרבעט, געקענט אַהיימלויפן נאָר שבת אויף אַ ווייל און נאָר זונטיק האָב איך געלערנט). איין מאָל, זוכנדיק און פאָלגנדיק אַ נאַרישע רעקאָמענדאַציע, בין איך אַריינ־געפאַלן צו אַ לערער פון ענגליש און מאַטעמאַטיק. אַז איך האָב אים אַרויסגע־זאָגט מיין וואונטש, ער זאָל ביי אונז זיין אַ אידיש־לערער, האָט ער מיך אָנגעקוקט ווי משוגע, פון וואָס איך אַליין האָב זיך אָנגעקוקט ווי אַ נאַר. ווי אַזוי לערנט מען עס אידיש ? אידישע ליטעראַטור ? מיט דער פראַגע האָבן אונז כסדר באַגעגנט מענטשן, פון דער אינטעליגענץ אַפילו.

אַ סך „צום גליקן" האָבן אונז צוגעשפּילט. אויף אויסצולערנען די קינדער לייענען האָב איך אָנגעווענדט די פאָנעטישע (די קלאַנגען־) מעטאָדע. (איך האָב די דאָזיקע מעטאָדע — לאַכט נישט! — אַליין דערפונדן אַרום 1889, ערב מיין אַנהויבן אין מאָסקווע לערנען מיט קינדער העברעאיש, נישט וויסנדיק ווי די מעטאָדע הייסט, נישט וויסנדיק, אַז די דאָזיקע מעטאָדע איז שוין לאַנג פאַראַן אויף דער וועלט און ווערט שוין לאַנג פּראַקטיצירט). אַ צווייטער גליק איז געווען, וואָס דער באַוואוסטער ארץ־ישראלדיקער דר. שמעון בענדערלי איז דעמאָלט אַריבערגעקומען קיין ניו־יאָרק און דאָ אָנגע־הויבן זיין אַרבעט צווישן די תלמוד־תורות. צווישן זיינע „עצמים" האָט ער אויך געהאַט אַ ברעט מיט אַ קלעצלדיקן, באַוועגלעכן אַלף־בית („אותיות מדולדלות"). נעמענדיק ביי אים דעם „אַפּאַראַט" פאַרן העברעאישן לימוד, האָבן מיר אים אויך באַנוצט פאַרן לימוד פון אידיש. און דער דריטער „צום גליק" איז געווען, וואָס גראָד דעמאָלט האָבן אויך אָנגעהויבן אָנקומען אידישע לערן־ביכלעך פון רוסלאַנד און מען האָט זיי אין אַ היפּשער צאָל

ביכער־קרעמלעך אויף קאַנאַל סטריט געפונען זייט ביי זייט מיט די העברע־אישע לערן־ביכער. (היינט, ברוך השם, שטייט צווישן די צוויי אַ מחיצה פון בייזקייט און דערוויטערטקייט). האָבן מיר געפונען עטלעכע ביכלעך פאַר אָנהויב אידיש (צווישן זיי אויך פאַלק האַלפערינס ביכל „אונזער שפּראַך" — אויב ס׳האָט אַזוי געהייסן). האָב איך נאָך דעמאָלט פונעם שיינעם מחבר גאָרנישט געוואוסט, אָבער פונעם קינדער־ביכל האָט אַרויסגעאָטעמט אַ סך ליבשאַפט צו אידיש. ס׳איז נישט געווען לערעריש־בהדרגה׳דיק צונויפגע־שטעלט. ס׳האָט געהאַט היימישע שפּראַך־קוריאָזן („פיר פאַר פאַרצילייענע פאַרפורקעס"), וואָס דאָ אין אַמעריקע, כאָטש די קינדער האָבן מייסטנס גע־רעדט אידיש, האָט עס פאַר זיי געמוזט קלינגען שיער נישט קאָמיש. מיר האָבן דאָך געפונען דאָס ביכל פאַר דאָס בעסטע און מיר האָבן עס פּראָוויזאָריש איינגעפירט. פאַרן צווייטן קלאַס האָבן מיר געפונען קרינסקיס (דעם באַוואוסטן העברעאיש־אידישן פאַרלעגערס) אַ ביכל, מיט זייער אַ קליינער שריפט און צייכענונגען, אָבער מיט אַ צאָל ליב־שיינע הגדה־מעשהלעך. און פאַרן דריטן קלאַס, וואָס איך האָב אַליין איבערגענומען, האָבן מיר גענומען אברהם רייזענס כרעסטאָמאַטיע. עס האָט געהאַט די שרעקלעכסטע טיפּאָגראַפיע־ און אײנ־האַלטלעכע פעלערן. געמאַכט פאַר רוסישע אַרבעטערישע אָוונט־קורסן, איז אין איר, למשל, אַ היפּשער טייל פון מאַטעריאַל באַשטאַנען פון באַוואוסטן רוסישן פּאָפּולאַריזאַטאָר רובאַקינ׳ס נאַטור־שמועסן, וואָס איז פאַרן היגן קינד, וואָס גייט אין פּאַבליק־סקול און היי־סקול, געווען איבעריק. האָב איך זי טאָקע אַריינגענומען ווידער נאָר פּראָוויזאָריש, העלפנדיק זיך אַמאָל אַפילו מיט עפּעס צופעליקס (אַ פּאָר מאָל, געדענק איך, האָב איך זיך אַפילו אַרויסגע־האָלפן מיט אַנכי׳ס „ר׳ אַבא", וואָס איז דעמאָלט גראָד אָנגעקומען פון רוסלאַנד).

מיט העברעאיש איז, נאַטירלעך, דער ענין צוגעגאַנגען אַ סך גרינגער. ביכלעך, אמת, מער שלעכטע איידער גוטע, זיינען געווען לרוב, און לערער האָט מען געקענט קריגן. אויב עס זיינען פאָרגעקומען רעדערייען, איז עס נאָר געווען וועגן דער צייט פון לימוד און וועגן די מעטאָדעס.

אונזער ערשטער העברעאישער לערער איז געווען דער שוין־דערמאָנטער קלמן ווייטמאַן (די אַנדערע לערער צו אים, אָדער נאָך אים, פלעגן מיר טאָקע קריגן דורך אים). אַלס פּאַרטיי־חבר, אפשר אויך מיט אַ צוטריט צום צענטראַל־קאָמיטעט, איז ער געווען אַן אייגענער מענטש און מען האָט זיך מיט זיין

מיינונג גערעכנט. אָנגעמענדיק אַ נייעם לערער, האָט ער אים געשטעלט אַלס באַדינג, אַז ער זאָל לערנען „עברית בעברית״, אָדער מיט דער „שיטה טבעית״, ווי זי האָט דעמאָלט אָפּט געהייסן. איך האָב קיינמאָל, ווי עקשנותדיק איך בין אָפּט נישט געווען, שטאַרק זיך נישט געשפּאַרט בנוגע מעטאָדן. האָב איך, אמת, נישט גערן איינגעוויליקט. אין מויל פון אַ לעבעדיקן לערער, אַט ווי וויטמאַן אַליין, איז די מעטאָדע נאָך געווען עפעקטיוו, אין די מיילער פון די אַנדערע — ווייניקער ווירקזאַם. איז אָבער געווען נאָך אַ „צום גליק״, וואָס דער „עברית בעברית״ איז קיין עברית בעברית נישט געווען, וואָרעם אַפילו דער שטרענגסטער לערער פלעגט בשעת הדחק, ווי צווישן די ציין, אַרויסוואַרפן אַ אידיש וואָרט און פאַרטייטשן דאָס נישט־פאַרשטאַנענע העב־רעאיש. אַ סך מאָל, כאָטש דער פּרינציפּ איז געווען: „בײדע שפּראַכן גלייכבאַרעכטיקט״, האָבן אָבער די העברעער געטענה׳ט, אַז העברעאיש איז שווערער און אידיש קומט דאָס לעבן אַליין צו הילף — איז וועגן העברע־אישדיקן וויפל געווען אַ סך רייד. לסוף האָבן זיך די העברעער באַרואיקט דערמיט, וואָס העברעאיש האָט זיך אָנגעהויבן פונקט גלייך מיט אידיש (דער סדר איז געווען: שבת — אידיש, און פונקט אויף מאָרגן, זונטיק — העברע־איש), און אויך מיט דער קעגנזייטיקער פאַרשטענדיקונג, אַז העברעאיש מעג געלערנט ווערן מער אינטענסיוו. און איך זאָג עדות, אַז צווישן די לשונות גופא פלעגט נישט פאַרקומען קיין קאָנפליקט. בפרט, אַז די העברעער, אַלס עברית־בעברית׳ניקעס, פלעגן גאָר אָנהויבן מיט ר ע ד ן. און פון דער אַנדערער זייט, פלעגט דער ענין „תנועות״ גאַנץ גוט צוניץ קומען אויך אין אידישן לימוד, בפרט אין העברעאישע ווערטער.

וואָס שייך די אַנדערע לימודים, האָבן מיר געהאַט (און האָבן נאָך איצט) גרויסע צרות מיטן לימוד פון געשיכטע. אויף העברעאיש זיינען שוין פון לאַנג געווען געשיכטע־לערן־ביכלעך, אויף אידיש זיינען נאָר געווען, אין אָנהויב, צוויי דינע ביכלעך, אויב נישט גאָר „פאַרזעצונגס״־העפטלעך, איינע פון איינעם אַ מייערסאָן, די צווייטע פון איינעם אַן אפרת, און ביידע זיינען נישט געשריבן געוואָרן פאַר קינדער. אין יאָרן אַרום, אַז ס׳איז אַרויס ח. ליבערמאַנס און מ. ליוושיצעס דובנאָוו־געשיכטע, זיינען די צרות בלויז עט־וואָס געמילדערט געוואָרן. (אַפילו אַז ס׳איז, מיט 12 יאָר צוריק, אַרויס דובנאָווס געשיכטע פאַר קינדער, איז דאָס פּראָבלעם נאָך אַלץ נישט געלייזט געוואָרן אינגאַנצן, בפרט אַז אין אַ קורצער צייט אַרום איז דאָס בוך פאַר־

שוואונדן פון מאַרק). גוואַלדיק אינטערעסאַנטע דערפאַרונגען האָבן מיר געהאַט מיטן געזאַנג־לימוד. האָבנדיק, משמעות, פאַרגעסן דעם פּונקט אַריינ־צושטעלן אין מיין דערמאָנטן פּראָגראַם־אַרטיקל אין דער „וואַרהייט“, בין איך געווען גליקלעך איבערראַשט, ווערנדיק דער פּרינציפּאַל, אַז די חברים האָבן מיר אָנגעזאָגט, אַז מען לערנט אין שול געזאַנג. דער לימוד האָט זיך גוט אָנגעהויבן מיט אידישע (און ווען־נישט־ווען אויך העברעאישע עכטע אָדער כמעט) פאָלקס־לידער. דער ערשטער געזאַנג־לערער איז געווען אַ יונגער־מאַן מיטן נאָמען יאַקובאָוויטש, פון אַ געזאַנג־פאַראיין, וואָס די איסט־סיידער פּועלי ציון האָבן פאַרמאָגט זייער אייגנס. אין נאָענטער אַקטיווער פריינט־שאַפט מיטן געזאַנג־פאַראיין, זיינען דעמאָלט געשטאַנען דער באַוואוסטער מוזיקער, קאָמפּאָזיטאָר פּלאַטאָן ברונאָוו און זיין הייסער תּלמיד־פאַרערער ה. לעפקאָוויטש. ברונאָוו און לעפקאָוויטש האָבן יאַקובאָוויטשן, וואָס זיין רייכסטער מוזיקאַליש־פּעדאַגאָגישער פאַרמעג איז געווען זיין שיינע שטימע, באַזאָרגט מיט לידער (פון ברונאָווס אויסגאַבן און אַנדערע), אפשר אויך מיט עצות. אין אַ קנאַפּן יאָר אַרום איז טאַקע לעפקאָוויטש געוואָרן אונזער געזאַנג־לערער, און דער לימוד איז געוואָרן מוזיקאַליש־פּעדאַגאָגישער, אָנציִענדער און דערציערישער. דאָס קינדערישע זינגען, אַ חוץ וואָס ס׳איז געווען אַזוי צוועק־מעסיק, אין אונזער דערציערישן פּראָגראַם, האָט עס באַ־גייסטערט צו דער אַרבעט אונז אַליין (די ערשטע צייט פלעגט זעלטן טרעפן, אַז הערנדיק די קינדער זינגען „נישט קיין געבעטענע“ אָדער „אַמאָל איז געווען אַ מעשה“, זאָלן זיך מיינע אויגן נישט אָנפילן מיט טרערן) און איז געווען אפשר אונזער רירנדיקסטער פּראָפּאַגאַנדע־מיטל פאַר דער וועלט.

מיר האָבן נישט געהאַט קיין פעסטן פּראָגראַם, ווי אַזוי צו פייערן די אידישע ימים־טובים, אָבער מיר האָבן פון אָנפאַנג („אין סעזאָן“) אָפּגעהיט אַלע ימים־טובים, די האַלבע ווי די גאַנצע, און מיר האָבן אויך זיך געמיט אַריינצוברענגען אין שול די פאַסיקע ימים־טובים־סימבאָלן: באָקסער — חמשה־עשר, דריידלעך — חנוכה, גראַגערס — פּורים. דער עיקר פון דער פייערונג (אויב נישט מיט אַן אַרויספאַר) איז באַשטאַנען פון פאַראַדנע רעדעס לכבוד די ימים־טובים. די רעדעס זיינען געווען ווי דערקלערונגען און באַ־גייסטערנדיקע דערהויבונגען. מערקווירדיק איז געווען וואָס, ווי ווייניק מיר זיינען געווען רעליגיעז, פלעגן מיר דאָך, אַזוי ווי צוזאַמענגערעדטערהייט, אין אונזערע רעדעס קיינמאָל נישט פאַרפעלן צו דערקלערן די קינדער אויך די

אָרטאָדאָקסיש־רעליגיעזע — נישט דווקא די נאַציאָנאַלע — פאַרשטענדעניש פון יום־טוב.

מיר פלעגן אויך פייערן דעם ערשטן מאַי. אַמאָל, דוכט זיך, אויך אַן אַנדער אַרבעטער־יום־טוב אָדער געשעעניש. דאָס איז געווען אַ טייל פון סאָציאַליזם, וואָס מיר האָבן די קינדער געלערנט; — אים געלערנט צוערשט דורך רעדעס, שפּעטער־צו אָבער אויך דורך מעשהלעך און לידלעך אין אונזערע לערן־ביכלעך. די רעדעס ביי פאַרשידענע ·געשעענישן — אַ יום־טוב, אַ שול־שמחה, אַ גאַסט אַז עס פלעגט קומען — האָבן געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין אונזער פּראָגראַם. אַפילו ווען דער רעדנער האָט זיך נישט גאָר צוגעפּאַסט צו די קינדער, ווען זיין שפּראַך איז זיי געווען נישט דורכאויס־צוגענגלעך — פלעגן זיי דאָך זעלטן פאַרפעלן צו מאַכן אַ רושם אויף די קינדער.

שליסלעך, פלעגן מיר, דערהויפּט אין די פריערדיקע יאָרן, האָבן אָפטע אַרויספאָרן פון איין שול אין דער צווייטער, אין אַ גרויסן קאָנצערט־זאַל און דער עיקר — טאָקע אין די פּאַרקס. (ל״ג־בעומר און דעם ערשטן מאַי פלעגן מיר אַלעמאָל אַרויספאָרן אין פּאַרק, ס׳זיינען אָבער אויך געווען סתם אַרויספאָרן — זומער־צייט, נאַטירלעך). זיינען דאָס געווען שוין איינמאָל ימים־טובים, שוין איינמאָל אַ דעמאָנסטראַציע פאַר דער נייער אידישער דערציאונג. נישט נאָר אין פּאַרק גופא, פאַר אַ גרויסן עולם, אידישע און ניט־אידישע צוקוקער און צוהערער, בשעת דער דורכפירונג פון דעם אויס־געשטעלטן פּראָגראַם, האָט מען די פרייד, די אידישע פרייד, געקענט שפּן אין הויפּנס, נאָר אפשר גאָר נאָך מער — דאָס פאָרן צו און פון דעם פּאַרק, אין טראַם אָדער עלעוויטעד (ווען־נישט־ווען גאָר אין אַ געדונגענעם גרויסן וואָגן) איז געווען איין פייער־צוג פון התלהבות׳דיקער אידישקייט. די קינדער און די לערער פלעגן רעדן, שפּאַסן און זינגען אויף אידיש אָדער העברעאיש, גליקלעך לאַכנדיק און פילדערנדיק, און דאָך קיינעם נישט שטערן. נישט נאָר אידישע קינדער, נאָר אויך ניט־אידן פלעגן פריינטלעך, פריידיק זיך צוקוקן, צוהערן.

## 2. פּיאָנערן און מאַרטירער

דערמאָנענדיק פריער אונזערע צרות, נישט האָבניק קיין לערער, וועל איך איצט אויסרעכענען אונזער גליק, אַז מיר האָבן זיי געקראָגן. איך וויל

נישט אויסרעכענען אַלע אָדער אַ סך, נאָר די ערשטע פיר פּיאָנערן, וואָס האָבן גאָר אַ סך, אַ סך בייגעשטייערט נישט נאָר אין קלאַס, נאָר אויך קול־טורעל־געזעלשאַפטלעך. אַ פּאָר פון די פיר זיינען אויך געווען ביי אונז העברעאיש־לערער, דער עיקר זיינען זיי אָבער געווען אידישע לערער (איך דערמאָן נישט קיין העברעאישע לערער, ווייל גייענדיק אויף אַן אויסגעטראָ־טענעם וועג, איז זייער מאַרטירערשאַפט נישט געווען אַזוי גרויס, און דערפאַר ווייל פון זיי האָט זיך זעלטן־ווער אינגאַנצן איינגעלעבט מיט אונז אין איין שול־משפחה).

דער ערשטער פון די פיר — איך גלויב, אַז ער איז טאַקע געווען דער ערשטער אידישער לערער — איז געווען חבר קאַזדאַן (איך געדענק אַפילו נישט זיין ערשטן נאָמען). געקומען איז ער לויט זיין איבערצייגונג אַן ס.־ט.׳ניק, און געבראַכט צו אונז האָט אים מן־הסתם ברוך צוקערמאַן, וואָס איידער ער איז אַריבער צו פּועלי ציון, האָט ער געברענט און געגליט אין דער אַמעריקאַנער ס.־ט. דער עיקר אָבער, בין איך זיכער, האָט אים גע־בראַכט צו אונז זיין ליבשאַפט צו אידיש (אין ליבשאַפט צו אידיש האָט אים אַפילו לעאָן עלבע נישט איבערגעשטיגן). זיכער האָט אים צו אונז נישט געבראַכט דער לוין פאַר זיין שווערער מי, וואָס איז אין וויניק פאַלן געווען אַ יאָמערלעכער עפּעס, אין מער פאַלן — אַ טרוקענער גאָרנישט. זיינען מיר דאָך געווען אַזוי מיזעראַבל־אָרעם! חבר קאַזדאַן (אַרום 1919 האָט ער גע־ענדיקט אויף דענטיסט און געוואָרן דר. קאַזדאַן) איז, אַנקומענדיק צו אונז, געווען קוים אַריבער די יונגע יאָרן. מיטל־וואוקסיק (אפשר נאָך עטוואָס דערונטער), עטוואָס ברייטלעך (דער געבוי פון אַ פאַלקס־מענטש) מיט קאַש־טאַנע האָר און עטוואָס רויטלעכן פּנים (אַביסל אַ פאַרדעכטיקע רויטקייט; איך האָב מורא, אַז ער איז שוין דעמאָלט געווען עטוואָס „אָנגעגריפן" פון דער „פּראָלעטאַרישער קרענק", אַ חוץ וואָס נישט־זעלטן איז ער העכסט־וואַרשיינלעך געווען ניט־דערעסן). אַ מענטש אַ שווייגנדיקער, אַן ערנסטער, אָבער אַ האַרציקער, פלעגט ער אָבער זייער שטאַרק אויפלעבן אין קלאַס אָדער אויף דער פּלאַטפאָרמע.

ער גראָד האָט זיך וויניק געגוויטיקט אין מעטאָדן. אפּנים, ער האָט זיינע געגנשטאַנדן ערגעץ פריער געלערנט. אָבער אַפילו אַז נישט — האָבן אים זיין ליבשאַפט און אינטעליגענץ דורכגעטראָגן. די קינדער האָבן אים ליב געהאַט, פאַר אים גרויס דרך־ארץ געהאַט און טיכטיק געלערנט. קיין

„צרות מיט די קינדער" נישט געהאַט און איך אַליין האָב קיין נויט נישט געפילט צו באַזוכן זיין קלאַס, וויסנדיק, אַז אַלץ גייט ביי אים צו אין דער בעסטער אָרדענונג און אַז זיינע קינדער וועלן קענען. איך האָב זיך נישט גענאַרט.

נישט געקוקט אויף זיין קענטיקער קרענקלעכקייט, איז ער געווען אַ שטאַרקער רעדנער. לעבנדיק אַזוי נאָענט מיט פועלי ציון (אַפילו איך, נישט זייענדיק דעמאָלט קיין פּאַרטיי־חבר, נישט קיין מיטגליד אין פאַרבאַנד, האָב דאָך פאַרזשמורעט אַן אויג, אַז די חברים פלעגן „אַריינ'גנב'ענען" אַ ברעקל ציוניזם. אַ שטייגער, דאָס זינגען „התקוה", דאָס אויסצירן די מיידלעך אויף אַ פּאַראַד־קאָנצערט אין ווייס־בלויע קליידלעך), איז ער דאָך פאַרבליבן אַן ס.־ט.'ניק נישט נאָר אויף דער פּלאַטפאָרמע, נאָר איך האָב מורא אין לימוד פון געשיכטע. און עס פרייט מיך צו זאָגן, אַז ס'האָט אונז קיינעם נישט געאַרט. אָפּט, ביי אַ יום־טוב, חנוכה צי פּורים, אַ שטייגער, פלעג איך נאָך מיין רעדן אים רופן צום וואָרט. פלעגט ער זיך אַוועקשטעלן און קראַפּט־פול רעדן. און ווייל מיר, אין אונזער רעדן, פלעגן אָפּט אונטערשטרייכן ארץ־ישראל, פלעגט ער, איידל און אַזוי ווי צווישן די שורות, אונז אויס־רעדן, הלמאי מיר דערמאָנען נישט דעם פאַרשוויגענעם העלד פון דער אידישער געשיכטע — דעם גלות. קוקט נאָר, זעט נאָר — פלעגט ער אַרויס־שרייען מיט שטיקער האַרץ, — מיליאָנען אידן, צעשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט, אומעטום ליידנדיק, אומעטום קעמפנדיק, אָבער אומעטום לעבעדיקע אידן, אַ לעבעדיק אידיש פאָלק. איך בין מודה, אַז איך, וואָס מיר אַליין אָנבאַלאַנגט, פלעג די דאָזיקע „נזיפה" מקבל זיין מיט דאַנק, שיער נישט מיט פרייד.

חבר קאַזדאַן איז מיט אונז מיטגעגאַנגען אין די „פּונקטן וואָס מיר האָבן דעראָבערט". אַז מיר האָבן אַן ערך אין אַ האַלב יאָר אַרום געעפנט אונזער שול אין האַרלעם, איז ער מיט אונז מיטגעגאַנגען לערנען אויך אַהין. דאָס זעלבע, אויב איך געדענק ריכטיק, איז דוכט זיך אויך געווען אַביסעלע שפּע־טער, אויך אין דער ערשטער בראָנקסער שול.

אין עטלעכע יאָר אַרום איז חבר קאַזדאַן, מיט יסורים, אָנגעקומען אין קאַלעדזש. אַרום 1918 האָט ער געענדיקט און זיין שילדל — „דענטיסט" — האָט געשיינט אויף קענמאָר סטריט, די אַנדערע, די נאָך־די־באַוערי־זייט, עק דעלענסי סטריט, וואו אַ איד טרעט זעלטן אַרויף (מן הסתם איז דאָרט דאָס

דירה־געלט געווען אַמביליקסטן). לאַנג האָט זיך דר. קאַזדאַן דאָרט נישט געפרייט. די שווינדזוכט האָט אים רעכט פאַרכאַפּט. דורך דער שתדלנות פון דר. עלסבערג האָט מען אים צוגענומען אין אַ שטאָטישן אַנשטאַלט. איין פרימאָרגן אין 1920, בשעת איך בין געזעסן אין דער רעדאַקציע פון דער „צייט" און געאַרבעט, האָט מיין חבר ראובן פּלאַטראָט מיך שנעל אָוועקגע־רופן צו חבר קאַזדאַנס לויה אין אונזער שול, דעמאָלט שוין אַ טעגלעכע, אין אַן „איגן הויז" אויף לודלאָו סטריט. אַ לויה — דער עלנט אַליין וואָלט קיין עלנטערע לויה נישט געקענט האָבן. אַן עלנטער מענטש געווען. ערגעץ־וואו האָט ער געהאַט אַ שוועסטער. איך געדענק נישט, צי זי איז געקומען. מען האָט אַריינגעטראָגן דעם אָרון אין דער שול. אַ חוץ מיר און חבר פּלאַטראָטן — אפשר נאָך אַ פּאָר מענטשן. איינער, איך געדענק נישט, צי סעקאַדער צי טאַלמאַי, איז געקומען פון דער ס.־ט.. גערעדט האָט ער אָבער נישט. אין מיטן מיין הספד, זיך באַגיסנדיק מיט טרערן אויפן עלנט פון אידישן לערער, פון אידישן אינטעליגענט, הויב איך אויף די אויגן און דערזע — ביים אָרון שטייט אַ איד, אַ ברייטלעכער איד, מיט אַ ברייטלעכער באָרד. איך האָב מיך דערפרייט — געקומען אַ מענטש פון פאָלק. נישט באַשערט געווען לאַנג די אילוזיע. „ווער איז דער איד?" — פרעג איך חבר פּלאַטראָטן. „דאָס איז דער דזשעניטאָר פון אונזער שול".

דער צווייטער, אויב נישט דער צווילינג־לערער — אַ צווייטער לכל־הפחות אין צייט, — איז געווען חבר חיים ליבערמאַן. (עס האָט מיך שרעקלעך פאַרדראָסן, און ווען נישט דאָס וואָס דער מענטש איז מיינער אַ טיילווייזער פריינט, וואָלט איך זיך נאָך פיל האַרבער אויסגעדריקט, — ווען, פאַראַיאָרן אַן ערך, האָט ב. צ. גאָלדבערג, אין דער „אייניקייט", אַטאַקירנדיק ליבער־מאַנען פאַר אָנגרייפן דעם טויטן דר. זשיטלאָווסקין, געוואָרפן אַ שוואַרצן שאָטן אויף ליבערמאַנס טעטיקייט אין אידישן לערער־סעמינאַר און אַפילו אין אונזערע שולן. איך זאָג דאָ עדות מיט דער גאַנצער הייליקייט, וואָס איך פאַרמאָג, אַז נישט נאָר האָב איך נישט באַגעגנט קיין ריינערע, קיין שענערע, קיין מער־אידעאַליסטישע אַרבעט, אין סעמינאַר, דערהויפּט אין די שולן, אויף מיין לעבנסטאָג, נאָר איך האָב זיך קיין ריינערע און אַזוי ווייטער קיינמאָל נישט פאַרגעשטעלט אַפילו אין מיין ליכטיקסטן חלום).

חיים ליבערמאַן איז געווען מיינער אַ פריינט, אפשר אַ תלמיד פון מיינע לעקציעס אין ליטעראַרישע פאַראיינען. דערהערנדיק, אַז די ערשטע נאַציאָ־

נאַל־ראַדיקאַלע שול האָט זיך געעפנט און אַז איך בין איר פּרינציפּאַל, איז ער געקומען צו לויפן און זיך אָנגעבאָטן אַלס לערער. פאַרשטייענדיק רוסיש, קענענדיק העברעאיש, און נישט נאָר קענענדיק, האָבנדיק אויך אַ חוש פאַר די באַזונדערע פיינקייטן און געשמאַקהייטן פון אידיש, דערצו נאָך האָבנדיק געהאַט לערערישע דערפאַרונג, איז ער געווען וואונדערלעך־מסוגל פאַר די גלענצנדיקע אַרבעטן, וואָס ער האָט אין דער שולן־באַוועגונג שפּעטער גע־לייסטעט.

ליבערמאַן איז געווען אַן אויסגעצייכנטער לערער אין אידיש און אויך אַ גאַנץ גוטער לערער אין העברעאיש. שטייענדיק אין קלאַס, פלעגט ער איבערגעבן די קינדער זיין רייכן, געשמאַקן, פאָלקלאָריסטישן אידיש. „פאַר־וואָס רעדסטו נישט אַרויס דעם דלד?", פלעגט ער פרעגן אַ קינד, וואָס האָט דעם בוכשטאַב שוואַך אַרויסגערעדט. „ביסטו מיט אים ברוגז?". ער האָט געלערנט שיער נישט אין אַלע אונזערע פיר ניו־יאָרקער שולן. ער האָט מיט די שולן פאַראינטערעסירט מיטגלידער פון זיין משפחה, אַפילו קינדער. ער האָט אַגיטירט פאַר אידישע תלמוד־תורות. ער האָט (ווערנדיק דורך די שולן אַ פּועלי ציון און פאַרבאַנד־מיטגליד) געהאַלטן וועגן דער נייער אידישער דערציאונג רעדעס און לעקציעס. ער איז געוואָרן אַ מיטגליד אין אונזער גרויסן שולן־קאָמיטעט און זיך באַטייליקט אין די ערשטע צוויי שולן־צוזאַמענפאָרן מיט צוויי רעפעראַטן („די אידישע רעליגיע אין דער נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלער דערציאונג", אָנווייזנדיק ווי וויכטיק רעליגיע איז פון נאַציאָנאַלן שטאַנדפּונקט אויך פאַר אונז ראַדיקאַלן און ווי נויטיק זי איז אין דער דער־ציאונג, פאַר דער פאַרשטענדעניש פון דעם אידישן יחיד, פאַר דעם אידישן כלל; און אַ צווייטער רעפעראַט וועגן דער וויכטיקייט פון דער אידישער ליטעראַטור אין דער אידישער דערציאונג, סיי נאַציאָנאַל און סיי ריין־דערציערישׂ). וועגן ליבערמאַנס אַלגעמיין־אויפקלערערישער אַרבעט פאַר דער אידישער דערציאונג, וועל איך רעדן אַביסל שפּעטער. דאָ וועל איך נאָר דערמאָנען זיין ריזיקע און אפשר טאַקע אויך ריזיקאַלישע אַרבעט צו שאַפן פאַר אונזערע שולן אַ אידישע געשיכטע. זיכער איז עס געווען צום טייל ריזיקאַליש ביים צושטאַנד, אין וועלכן אונזער ליטעראַרישער אידיש האָט זיך געפונען אין 1916־17, צו וועלן דעמאָלט איבערזעצן דובנאָווס גימנאַזיע־קורס אין אידישער געשיכטע. עס איז אויך געווען ריזיקאַליש צוליב דער קנאַפּער צייט, וואָס ליבערמאַן, דעמאָלט אַ באַשעפטיקטער צייטונגס־

מענטש, האָט פאַרמאָגט. ליבערמאַן האָט זיך פאַר די דאָזיקע גרויסע מניעות נישט דערשראָקן. פאַראינטערעסירנדיק אין דער אַרבעט זיין כּלה מייטע ליוושיץ, אַ זעלטן־שיינער טיפּ פון אַן אינטעליגענט־נאַציאָנאַליסטישער אידי־שער טאָכטער, האָבן זיי די אַרבעט אָנגעפאַנגען און אין אַן ערך אַ יאָר אַרום זי געענדיקט, און ווי האַרטלעך די שפּראַך איז ערטערווייז געווען, און ווי פון איין שטיק זי איז געווען מיט דעם דעמאָלט־גילטיקן זשורנאַ־ליסטישן נוסח, האָט דאָך דאָס פיר־בענדיקע ווערק אַפילו שפּראַכלעך פאַר־מאָגט פיל אויסגעצייכנטע שטעלן און האָט אין אַ גאַר היפּשן גראַד דער־גרייכט זיין ציל. דאָס בוך איז אויפגענומען געוואָרן אין אַלע אונזערע שולן. עס פאַרנעמט נאָך היינט אַ פּלאַץ אין אונזערע שולן.

דער דריטער לערער אונזערער, וואָס איז געקומען בלויז מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער, איז געווען ש. שאַפּיראָ. אויך ער איז געווען מיינער אַ גוטער באַקאַנטער דורך מיינע לעקציעס און מיין אַרבעט אין פּראָגרעסיוון דראַמאַטיק קלוב. און אויך ער, זייענדיק שוין פריער אַ חבר אין אונזער אָרגאַניזאַציע, איז געקומען און זיך אָנגעבאָטן פאַר אַ לערער. צו די נויטיקע ידיעות און לערערישער דערפאַרונג האָט ער נאָך פאַרמאָגט אַ לערערישן טאַלאַנט. איך קען זיך גאָרנישט פאָרשטעלן אַ קלאַס, וואָס זאָל אים נישט ליב האָבן. אַ חוץ אידיש, דייטש און ענגליש, האָט נאָך שאַפּיראָ פאַרמאָגט ליטעראַרישע געשליפנקייט. און טאָמער האָבן אים געפעלט העברעאישע און אַלגעמיינע אידישע ידיעות, האָט ער זיך אין זיי באַרייכערט אַרום אונזערע שולן.

מיט דער צייט איז ש. שאַפּיראָ געוואָרן אַ לעקטאָר און רעדנער פון דער נייער אידישער דערציאונג. ער איז אויך געוואָרן אַ שרייבער און אַ רע־דאַקטאָר. אַרום 1915 האָט ער צוזאַמען מיט מיר און ב. י. ביאַלאָסטאָצקי רעדאַקטירט דעם ערשטן אידישן קינדער־זשורנאַל אין אַמעריקע, אונזער „קינדער־וועלט". אַ צווייטן מאָל, אין 1930, האָט ער דעם זשורנאַל רעדאַק־טירט אַליין. אין די 20ער יאָרן האָט ער פאַר אונזער צענטראַלן שולן־קאָמיטעט צוזאַמענגעשטעלט אַ בוך מיט יהודה שטיינבערגס אידישע דער־ציילונגען. אַרום יענער צייט איז ער אויך געווען אונזער שולן־דירעקטאָר.

אין יאָר 1917 איז ש. שאַפּיראָ, צוזאַמען מיט חיים ליבערמאַן, יהודה קויפמאַן און מיר, געווען אַ גרינדער און אַן עפענער פון דעם אידישן לערער־סעמינאַר. האָבנדיק געווען אַ לערער אין פיל שולן, גרויסע און קלענערע, און אויך תלמוד־תורות, איז ער איצט דער לערער פון דער פילאַדעלפיער

יהודה שטיינבערג־שול, וואו ער גיט אויך פון צייט צו צייט אַרויס קינדער־זשורנאַלן און אַנדערע שול־אויסגאַבן, און וואו ער האָט אויך, גאָר לעצטנס, אַרויסגעגעבן פאַר אונזער צענטראַלן שול־קאָמיטעט אַ ניי אידיש אָנפאַנגער־בוך.

דער פערטער און לעצטער פון דער גרופּע איז ווידער אַ הייליקער מאַרטירער, לעאָן עלבע. עס איז ביי מיר קוים פאַראַן אַ ספק, אַז פאַר זיין ליבע צו אידיש און דער נייער אידישער דערציאונג האָט לעאָן עלבע באַצאָלט מיט זיין יונג לעבן. ער איז געווען אַ מענטש נישט קיין געזונטער, האָבנדיק אַ „געררייצט״, „נערוועז״ האַרץ. ער האָט זיך נישט געקענט קאָנטראָלירן. דערקלערנדיק עפּעס אַן ענין, פלעגט ער זיך דערהיצן, רעדן אויף אַ הויכער אָקטאַווע (אפשר איז עס אים געקומען פון דעם, וואָס דינענדיק אין רוסישן מיליטער, איז ער געוואָרן אַ קאַזאַרמע־לערער און האָט געלערנט די רעקרוטן לייענען און שרייבן). לעאָן עלבע האָט אפשר נישט געטאָרט זיין קיין לערער, אָבער אַז מיר האָבן געעפנט אונזער שול אין בראָנקס און עס האָט אונז דאָרט געפעלט אַ אידישער לערער, האָט ער אונזער אָנטראָג דערפילט. אָפּלערנענדיק אַ זמן, לערנענדיק הויך און היציק, ווי זיין שטייגער איז געווען, איז ער קראַנק געוואָרן אויף שווינדזוכט אין האַלז.

איך וועל דאָ נישט אויסרעכענען די מורא׳דיקע אומגליקן, וואָס זיינען עלבען דעמאָלט און נאָכדעם באַפאַלן (זיין פרוי, אַ זעלטן־שיינער מענטש, אַן ענערגישער מענטש, וואָס וואָלט אים אפשר נאָך געקענט ראַטעווען, איז פאַרברענט געוואָרן אין אַן אויטאָמאָביל־אומגליק). עלבע האָט זיך פאַר־אייביקט אין דער געשיכטע פון דער אידישער אַמעריקאַנער שול מיט זיינע קינדער־ און לערן־ביכער, וואָס זיינען דאָס בעסטע אין אונזער דאָזיקער ליטעראַטור, און כמעט אַלץ דערפון האָט ער געשאַפן, אַרומטראָגנדיק די „ווייסע פעסט״ אין זיין האַלז.

אָנגעהויבן האָט ער אין יאָר 1913 מיט זיין אָנפאַנגער־ביכל „די אידישע שפּראַך״. נישט צופרידן, ווי קיינער פון אונז איז נישט געווען, מיט די רוסישע לערן־ביכלעך, האָט ער, זיך באַראָטנדיק מיט מיר, צוזאַמענגעשטעלט דאָס לערן־ביכל. עלבעס ליבע צו אידיש און די געזונטע לויטערקייט פון זיין שפּראַך זיינען געווען אַ שם־דבר. דאָס ביכל צייכנט זיך אויס מיט אַ רייכער פאָלקלאָריסטיק. אין מיין הקדמה צום ביכל האָב איך טאַקע געשריבן, אַז אין זיין לייען־שטאָף ליגט שוין דער גרונט־עלעמענט פון אַ אידישן

קינדערגאָרטן־מאַטעריאַל. (אינטערעסאַנט! אַרויסגעגעבן דאָס ביכל האָט דר. גורעוויטש, אַן אָנגעזעענער בונדיסטישער פירער).

אַלס צווייט לייען־בוך האָבן מיר אין 1914 באַנוצט דאָס רוסישע י. לעווינס, י. לינקאָווסקיס און ש. הורוויצעס (זאַלקעס) „אונזער נייע שול", וואָס איז טאַקע דעמאָלט געווען דאָס בעסטע. אָבער אָט איז אויסגעבראָכן די מלחמה און דאָס בוך איז מער נישט געווען צו קריגן. ביי עלבען איז דעמאָלט געבוירן געוואָרן דער געדאַנק צו שאַפן אַן אַמעריקאַניש־אידיש לערן־בוך און כרעסטאָמאַטיע. ער האָט זיך פאַר מיר פאַרטרויט, און ביי אונז איז געבליבן, דאָס בוך צו מאַכן בשותפות. אַ צוויי יאָר האָט זיך די אַרבעט געצויגן און, פאַרשאַפנדיק דעם קראַנקן אַזוי פיל גליק וויפל ער האָט נאָך געקענט פאַרטראָגן, איז עס ביי מיר געבליבן איינע פון מיינע זיסטע דעראינערונגען. עס איז אין דער אַרבעט געווען אַ זעלטענע האַר־מאָניע. דער אַלגעמיינער פּלאַן איז גיכער געווען מיינער. די אויספירונג און די פּרטים זיינען צומייסט געווען זיינע. אָפטמאָל האָב איך אָנגעוויזן דעם אַריינקומענדיקן שטאָף, דער צושטעלער איז אָבער אַלעמאָל געווען ער. עלבע דער פאָלקלאָריסט האָט צוגעשטעלט די מאַסע ווערטלעך און שפּריכ־ווערטער אין בוך, אָבער אַלע אָפּטייטשונגען אין בוך, אויף אידיש און ענגליש, זיינען געשריבן געוואָרן פון מיין דיקטאָט. (ליידער האָט אָבער אויך די דאָזיקע אַרבעט אַביסל געדריקט אויף מיין געוויסן. עלבע האָט, מחמת זיין קראַנקייט, געוואוינט שרעקלעך ווייט, לעבן דייקמאַן סטריט; פלעגט ער אָפט מוזן אַרויפקלעטערן צו מיר אויפן פערטן שטאָק, אויף דער 112טער גאַס).

אַרום 1919 איז אַרויס מיין מעשה־ביכל „פון פאָלקס מויל". עלבע האָט אין ביכל געזאָלט זיין מיט מיר אַ גלייכער שותּף. זיין קראַנקייט האָט דעם פּלאַן צעשטערט. פיר מעשיות פאַרן בוך האָט ער מיר דאָך געגעבן. דערנאָך איז געקומען זיין בוך מיט מעשהלעך (דערשיינענדיק פריער אין „טאָג") — „פאַר אונזערע קליינע קינדערסוועגן". רעצענזירנדיק דאָס בוך אין דער „צוקונפט", האָב איך דעמאָלט וועגן אַ צאָל מעשהלעך אויסגערופן: „ווי וואָלט זיך לעוו טאָלסטאָי'ס האַרץ מיט די מעשהלעך דערפרייט!". לעאָן עלבעס לעצט קינדער־בוך איז געווען דאָס קלאַסיש־געוואָרענע „אינגעלע־רינגעלע", דערשינען צוערשט אין „קינדער־זשורנאַל", אַרויסגעגעבן פון שלום־עליכם־אינסטיטוט.

## 3. די פּראָפּאַגאַנדע פאַר און אַרום די שולן

מחוץ דער ליטעראַרישער אַרבעט אין די שולן גופא, האָבן מיר, די קאָמיטעטן און די יחידים, אויך אָנגעפירט אַ גרויסע שריפטלעכע פּראָפּאַגאַנדע אַרום די שולן. איך אַליין האָב אָנגעשריבן וואָסערע זעקס היפשלעכע בראָשורלעך. באַרעכנט פאַרן פשוטן אידן, פאַר דער גאַס, האָבן זיי, קודם־כל, אָנגעוויזן אויף דער אידיש־פאַרדאַרבלעכער ווירקונג פון דער פּאָבליק סקול, וואָס דערפון איז געדרונגען די נויטיקייט פון אַ אידישער דערציאונג אַלס קעגן־וואָג צו דער פּאָבליק סקול. דערנאָך איז געווען אָנגעוויזן אויף דער נויטיקייט פון אַ נאַציאָנאַליסטישער אידישער דערציאונג און אויף דער וויכטיקייט פון אַזעלכע לימודים ווי אידיש, אידישע ליטעראַטור, אידיש געזאַנג, א. אַז. וו., וואָס זיינען די כוחות צוריק גאַנץ צו מאַכן די צעבראָכענע אידישע פאַמיליע, דאָס צעריסענע אידישע לעבן. אַלס מאָטאָ האָט אָפט געדינט דער פסוק „להשיב לב אבות אל בנים ולב בנים אל אבותם“. נאַטירלעך האָב איך ביי יעדער מעגלעכקײט אויך פאַרגעזעצט מיינע אַרטיקלען אין דער „וואַרהייט“ און אין די אייגענע פאַרבאַנד־ און פועלי ציון־אויסגאַבן.

חיים ליבערמאַן האָט אומגעפער אין דעם זעלבן גייסט, נאַכדריקנדיק דערהויפּט אויף דער אַסימילאַטאָריש־אַמעריקאַניזאַטאָרישער ווירקונג פון דער פּאָבליק סקול, פאַרעפנטלעכט אַ לאַנגע רייע אַרטיקלען אין „טאָגעבלאַט“, מיט וועלכן ער איז דעמאָלט — אַמאָל לויזער, אַמאָל ענגער — געווען פאַרבונדן. דערנאָך זיינען די אַרטיקלען — דוכט זיך, טאָקע פון פאַרבאַנד — אַרויס אין אַ ביכל.

אין דער אייגענער צייט איז לעאָן עלבע דער סאַטיריקער־הומאָריסט געפאַלן אויפן פּלאַן צו שאַפן אַ קאַריקאַטור פון אַן אַמעריקאַנער מלמד, וואָס האָט זיך שנעל צוגעפּאַסט צו דער אידישקייט־סחורה אין דער אַמעריקאַנער גאַס און צום אַמעריקאַנער אידיש־לשון. די שאַרפע, הגם אַן ביטערקייט, סאַטירע אויפן אַמעריקאַנער חדר איז מיט גרויס דערפאָלג לאַנג געגאַנגען אין דעם וויצבלאַט פון דער „וואַרהייט“ און אין 1914 איז עס אַרויס אין אַ ביכל.

בקרוב האָבן, סיי עלבע אין דער „וואַרהייט“ און סיי ליבערמאַן אין „טאָגעבלאַט“, אָנגעהויבן אָנפירן מיט קינדער־אָפּטיילונגען אין זייערע צייטונגען. באַלד האָט זיי דער „מאָרגן־זשורנאַל“ נאָכגעטאָן, און פון די דריי

האָבן זיך קינדער־אָפּטיילונגען פאַרשפּרייט אויך אויף פּראָווינץ־צייטונגען. אַ קינדער־אָפּטיילונג, אָנגעפירט פון ש. שאַפּירא, איז געגאַנגען אין „טאָג" גאַרנישט אַזוי לאַנג צוריק. די היינטיקע קינדער־אָפּטיילונג, יעדן פרייטיק אין „מאָרגן־זשורנאַל", איז אַ ירושה פון יענער רווישיקער צייט.

צו דער פּראָפּאַגאַנדע אַרום די שולן דאַרף מען אויך צורעכענען די עקסקורסיע, וואָס איך האָב אין יאָר 1910, אין משך פון חדשים, געמאַכט איבער די גרויסע ניו־יאָרקער תלמוד־תורות, חדרים און אידישע „בוירסע־ריס". איך געדענק שוין איצט נישט אַקוראַט וואָס איך בין דעמאָלט אויסן געווען מיט מיין שפּאַציר. אַוודאי האָב איך קודם אין זינען געהאַט די נייע אידישע דערציאונג. פונדעסטוועגן האָב איך אויך נישט כסדר „אַרונטער־געריסן" די תלמוד־תורות. עס זיינען געווען פאַלן, וואו איך האָב כסדר אַגי־טירט פאַר אַן איידעלערער באַנעמונג צו די קינדער. איך האָב באַזונדערס אַגיטירט פאַרן לימוד פון אידיש אין די תלמוד־תורות. אין איין זאַך בין איך זיכער: איך האָב אויפגעטרייסלט דאָס געמויזעכטס, אין וועלכן די תלמוד־תורות זיינען געווען אַנטדרימלט געוואָרן. נאָך מיינע אַרטיקלען האָט זיך בפירוש אָנגעהויבן אַ יערונג און אַן אויפרירונג אין די תלמוד־תורות. (אגב איז דאָס אויך געווען די צייט, ווען דר. שמשון בענדערלי האָט געפּרואווט אויסשפּרייטן זיינע רעפאָרמעס איבער די תלמוד־תורות).

## 4. די שולן פאַרשפּרייטן זיך איבערן לאַנד

דער פּראָפּאַגאַנדע־קאָמיטעט פון די פּועלי ציון און פאַרבאַנד האָט דערווייל געטאָן זיין אַרבעט בשלמות. איך שטעל זיך פאָר, אַז באַלד נאָכן באַשלוס פון אָקטאָבער 1910 זיינען פון דער פּאַרטיי און פאַרבאַנד אַרויס־געשיקט געוואָרן צירקולאַרן איבערן לאַנד און קאַנאַדע וועגן דער גרינדונג פון שולן. דער פּועלי ציוניסטיש־פאַרבאַנדישער עולם האָט זיך זשעדנע אָפּגערופן. עס איז אויך געגרינדעט געוואָרן אַ שול אין פּיטסבורג, וואו חבר פּנחס קרוזאַ, און מסתמא אויך די חברים סיגאַל, זיינען געווען די מתעסקים. עס איז געגרינדעט געוואָרן אַ שול אין דעטראָיט, וואו גבריאל ביסקין, עליו השלום, און זיין שוועסטער לאה׳קע האָבן געלערנט. עס איז געגרינדעט געוואָרן אַ שול אין קליוולאַנד, וואו אויך מיינע טעאַטער־מיטאַרבעטער אין פּראָגרעסיוו דראַמאַטיק קלוב האָבן מיטגעהאָלפן. עס זיינען געגרינדעט

געוואָרן שולן אין אַ היפּשער צאָל אַנדערע שטעט, ווי למשל, אין דער וועבעריש־פּוילישער פּעטערסאָן. אין 1913 איז געגרינדעט געוואָרן די י. ל. פּרץ־שול אין מאָנטרעאָל. (די מאָנטרעאַלער פאָלקשול, מער ציוניסטיש, מער העברעאיש, איז פון יהודה קויפמאַן און זיינע נאָכפאָלגער געגרינדעט געוואָרן אין 1914). צוזאַמען מיט די פיר ניו־יאָרקער שולן (אויף דער איסט־סייד, אין האַרלעם, אין בראַנזוויל און אין דער בראָנקס) האָבן מיר שוין געבילדעט אַ היפּשע שול־משפּחה.

אָבער קורץ נאָך דער גרינדונג פון די פאַרבאַנד־ און פּועלי־ציון־שולן האָבן די קאָנקורירנדיקע ס.־ט.׳ניקעס אויך אָנגעהויבן גרינדן זייערע שולן — אין טאָראָנטאָ, אין שיקאַגאָ, אפשר אויך אַנדערש־וואו. אונזער קאָמיטעט האָט אָבער געוואָלט, עס זאָל זיין איין שולן־באַוועגונג. ער האָט ווירקלעך נישט איינגעזען קיין גרונט פאַר דער גרינדונג פון אָפּאָזיציאָנעלע שולן. האָט זיך אָנגעהויבן אַ קאָרעספּאָנדענץ מיט די טעריטאָריאַליסטן פאַר פאַראיי־ניקונג. מיך, אַלס „אומפּאַרטייאישן", האָט מען באַשטימט צו זיין דער דורכ־שרייבער מיט די קעגנער. געדענק איך מיין קאָרעספּאָנדענץ מיט א. גלאַנצ׳ן, דעמאָלט, דוכט זיך, אין טאָראָנטאָ. איך האָב געבעטן: ס׳טייטש? אונזער פּראָגראַם דאַרף אויך צופרידנשטעלן די ס.־ט.׳ניקעס. זיינען דאָך אונזערע שולן נישט קיין ציוניסטישע, נאָר נאַציאָנאַלע. לערנט מען דאָך ביי אונז טיכטיק אידיש און אידישע ליטעראַטור א. אַז. וו. גלאַנץ איז אָבער געווען האַרט ווי קיזלשטיין. אויף אַלע מיינע בקשות האָט ער געפונען אָפּווערנדיקע תירוצים. לסוף, אַז איך האָב אויך זיי ווידערלייגט, איז געקומען דער אָפּנ־האַרציקער ענטפער, אַז זיי, די טעריטאָריאַליסטן, ווילן נישט העלפן די פּועלי־ציוניסטן אַריינשטעקן אַ פּעדער אין זייער פּאַרטיי־קאַפּעליוש.

די קאָרעספּאָנדענץ האָט זיך אָפּגעהאַקט. די קאָרעספּאָנדענץ בכלל, ברענגענדיק פון ציט צו צייט מערקווירדיקע קוריאָזן, האָט נישט אויפגע־הערט. איין שיינעם פרימאָרגן, למשל, האָבן מיר געקראָגן אַ בריוו פון אַרבעטער־רינג־צווייג פון שיקאַגאָ און פון וויסקאָנסין, בעטנדיק אינפאָרמאַציע מכוח גרינדן אַ שול. אין יאָר 1912 האָבן מיר געקראָגן אַ בריוו פון אַרבעטער־רינג צווייג פון שטעטל גלאָווערסוויל (די הענטשקע־שטאָט, די שטאָט פון די צוויי גרויסע הענטשקע־פאַבריקן פון די יהודים ליטאָוער און אַדלער), אַז מיר זאָלן קומען אַהין גרינדן פאַרן צווייג אַ שול. אַרויספאָרנדיק אַהין שבת פאַרנאַכט, נאָכדעם ווי איך בין פאַרטיק געוואָרן מיט דער אַרבעט אין דער

צייטונג, בין איך אָנגעקומען שפּעטלעך אין אָוונט. איך בין גלייך געוואָיר געוואָרן, אַז כאָטש די אַגיטאַטאָרן אויפן אָרט זיינען געווען אַ פּאָר חברים, איז אָבער דער וואונטש אַן עכטער און ער ווערט גאָר פיל פאַרשטאַרקט דורך דעם פאַקט, וואָס אין דער גאַנצער קהלה איז נישטאָ אַפילו קיין סימן פון אַ תלמוד־תורה. אויף מאָרגן האָב איך זיך באַקאַנט מיט די אַרבעטער־רינג־מענטשן און אין אָוונט האָב איך גערעדט פאַרן צווייג. שלאָגנדיק אויפן פונקט, וואָס עס איז דאָרט אַפילו קיין תלמוד־תורה נישטאָ און די קינדער וועלן זיכער אָוועק פון אידן און אידישן לעבן, האָב איך זיך צעוויינט און געמאַכט וויינען אויך פיל פון עולם. נאָך מיין רעדן איז באַשלאָסן געוואָרן צו גרינדן אַ שול (אַ פּלאַץ האָט דער צווייג געהאַט אַ פּאַרטיקן) און אַז, קומענדיק קיין ניו־יאָרק, זאָל איך צושיקן אַ לערער קיין גלאָווערסוויל. יענע נאַכט, פאָרנדיק אין וואַגאָן, בין איך טאַקע נישט געשלאָפן. איך בין אָבער געווען צופרידן. תיכף נאָך מיין צוריקקומען האָבן מיר אַרויסגעשיקט קיין גלאָווערסוויל ב. אָסטראָווסקין, דעמאָלט אַ פּועלי ציון און אונזערס אַ לערער, און דאָס שטעטל האָט געקראָגן אַ אידישע שול. אָפּלערנענדיק אַ געוויסע צייט אין גלאָווערסוויל, איז דער אייגענער ב. אָסטראָווסקי אָוועק קיין בעיאָן, ניו־דזשוירזי, און דאָרט געגרינדעט אַ שול ביים אַרבעטער־רינג און ער איז אין איר געווען דער לערער. אומגעפער אין דער אייגענער צייט וואָס אין גלאָווערסוויל האָט מען פון אונז פאַרלאַנגט אַ רעדנער אין אָלבאַני, ניו־יאָרק, איך בין געפאָרן. אין דער דיסקוסיע האָט זיך היפּשלעך געטומלט איינער אַן אַלעקסאַנדער, אַ זייער וויכטיקער מענטש אין צווייג. אין איינע 3־4 יאָר אַרום איז אין אָלבאַני שוין געווען אַ פּועלי ציון־שול, אָבער מענטשן פון אַרבעטער־רינג און, דוכט זיך טאַקע, אויך דער אייגענער אַלעקסאַנדער, האָבן געהאָלפן אין דער אַרבעט. ענלעכס איז געשען אין וואוסטער, מאַסס. באַלד נאָך מיין רעדן איז קיין שול טאַקע נישט געגרינדעט געוואָרן, אָבער אין איניקע יאָר אַרום איז דאָרט אָדער אין אַ נאָענטסטן שטעטל שוין געווען אַ פּועלי ציון־שול, אַרום וועלכער עס האָבן זיך גרופּירט אויך אַנדערע אידן.

אונזערע בעסטע פּראָפּאַגאַנדיסטן זיינען געווען אונזערע קאָנצערטן מיט די קינדער. די אידישע פאָלקס־לידער, וואָס די קינדער האָבן עפנטלעך געזונגען, האָבן אויפגעטאָן וואונדער. עס פלעגן זיך אָפּשפּילן סצענעס פון אַנטציקונג, מיט טרערן פון פרייד, פון אמתן פּאַטאָס, סיי פון יחידים און סיי פון גאַנצע עולמס.

און די סאַמע בעסטע פון אַלע בעסטע זיינען געווען די אייגענע קינדער. די קינדער פון אונזערע שולן זיינען, פאַרשטייט זיך, געווען אידישע, שכנישע קינדער. אַלס אַזעלכע פלעגן זיי זיך שפּילן, חברן און אויך באַזוכן קינדער פון אַרבעטער רינג־אידן. זיך שפּילנדיק, פלעגט זיך ביי זיי אַרויסכאַפּן אַ אידיש וואָרט, אַ אידיש ליד. האָבן דאָס די טאַטעס און די מאַמעס פון אַרבעטער רינג דערהערט און האָבן זיך פאַרבענקט נאָך אַזעלכעס אויך אין זייערע הייזער, אויך ביי זייערע קינדער. און תא שמע — אָט זיינען עטלעכע פאַקטן פון ניו־יאָרק: אונזער האַרלעמער שול האָבן מיר געגרינדעט אין יאָר 1911, אין סאַמע האַרץ פון דער מלוכה פון אַרבעטער־רינג צווייג 2. זיך פאַרזאַמלענדיק מיט די קינדער, אָדער מיט זיי מאַרשירנדיק אַ שבת אָדער אַ זונטיק, האָבן אייניקע אַרבעטער־רינג־אידן, וואָס האָבן מיך געקענט, אונז באַמערקט און ס׳איז זיי טשיקאַווע געוואָרן. אַ פּאָר פון די אַרבעטער־רינג־אידן האָבן טאַקע מיט מיר אינאיינעם געאַרבעט אין דער „אַרבעטער בילדונג־שולע״. געוואויר־ווערנדיק, אַז איך האַלט אַ לעקציע וועגן אונזער דערציאונג ביים האַרלעמער פאַרבאַנד־צווייג, זיינען זיי געקומען און מיט מיר דעבאַטירט. אַ צווייטן מאָל האָבן זיי מיך איינגעלאַדן צו האַלטן די לעקציע טאַקע ביי זיי גופא. איך געדענק אויך אַן אַרבעטער־רינג־מענטשן אַלס אַ פּאַרוואַלטער אין אונזער דאַון־טאַונער שול, אַן ערך אין 1916. ווידער אַמאָל אין האַרלעם אין יאָר 1917 האָבן מיר אין אונזער שול צווישן די פאַרוואַלטער געהאַט אַ פּאָרל פון אַרבעטער־רינג. אַרבעטנדיק מיט אונז, האָבן זיי אָבער מיט אונז דעבאַטירט וועגן העברעאיש און ענלעכע ענינים, לסוף האָבן זיי זיך אָפּגעשפּאָלטן און געגרינדעט די האַרלעמער אַרבעטער־רינג־שול. און ס׳איז אַ פאַקט — די האַרלעמער אַרבעטער־רינג־שול איז געווען די ערשטע אין ניו־יאָרק.

## 5. צוויי צוזאַמענפאָרן

אונזער ערשטן שולן־צוזאַמענפאָר האָבן מיר אָפּגעהאַלטן אין ניו־יאָרק אין 1912. עס זיינען געקומען דעלעגאַטן פון אַלע פיר ניו־יאָרקער שולן, אויך פון דער בראָנקסער שול, כאָטש דאָרט איז אויך געווען אַן עלעמענט פון ס.־ט.׳ניקעס און אַ פּאָר אידן מיט גרויס חשק צו שרייען „דאָלאָי — אַרונטער!״ אַפילו קעגן אַזעלכע, וואָס האָבן נישט קיין חשק, נישט קיין כוח זיך אַרויפ־

צוהויבן אין דער הויך. נאָך שווערער מי איז אָבער דאָרט שלום געוואָרן. דער דעלעגאַט אָדער איינער פון די דעלעגאַטן איז געווען אַ געוויסער שטאָם, אַן אַמאָליקער אַנאַרכיסט און שפּעטערדיקער זשיטלאָווסקיאַנער, וועלכער האָט אויך געבראַכט מיט זיך אַ געוויסן ה. שאָליט, אַ באַוואוסטער זשורנאַליסט, און ס. טיניק פון רוסלאַנד. די צוויי האָבן זיך אַביסל געבונטעוועט קעגן מיין רעפעראַט (וועגן דער שרעק פון אַמעריקאַניזאַציע, וועגן נישט־איגנאָרירן די אידישע רעליגיע אין אונזער דערציאונג, וועגן אידיש און העברעאיש). עס איז אויך געקומען דער דעמאָלט נאָך אַן ס.־ט.׳ניק, משה כץ. אָבער זייענדיק בלויז אַ פּאָליטישער „באַאָבאַכטער", האָט ער געשוויגן (נאָכן צוזאַמענפאָר האָט ער אָבער געהאַט אַ קאָרעספּאָנדענץ אין „פריינט", וואו ער האָט זיך פון דער קאָנפערענץ אויסגעלאַכט). אויף דעם צוזאַמענפאָר האָט עס חיים ליבערמאַן געהאַלטן זיין רעפעראַט וועגן רעליגיע. הירש עהרענרייך האָט געבראַכט אַ קאָנסטיטוציע וועגן אַ שולן־פאַרבאַנד (אַ זעלבסטשטענדיקן), אָבער מיט מיט־אַדמיניסטראַטאָרן פון פאַרבאַנד און די פּועלי ציון. די קאָנסטיטוציע איז אָנגענומען געוואָרן. איינע פון די וויכטיקסטע צווישן די אָנגענומענע רעזאָלוציעס איז געווען מיינע, אַז מיר האָבן אַן אַנטראָפּאָלאָגישע, ד. ה. אַ וויסנשאַפטלעך־פּאָזיטיווע שטעלונג צו דער אידישער רעליגיע.

דער צוזאַמענפאָר האָט זיך געעפנט מיט אַ מאַסן־מיטינג אין „פאָר־ווערטס"־האָל, אויף וועלכן די קינדער פון איין שול אָדער מער האָבן געזונגען. איך געדענק די רעדנער דר. נחמן סירקין, איך און לעאָן עלבע. דר. סירקין האָט אויף זיין שטייגער געפּרואווט מינימיזירן אידיש. איך און עלבע האָבן אים אָפּגעענטפערט. איז חבר קאַזדאַן צו מיר דערנאָך צוגעלאָפן אַזאַ זיך רויטלענדיקער, אַזאַ שעמעוודיק־גליקלעכער, אַז מען האָט געקענט מיינען, אַז דער מענטש האָט גאָר קיינמאָל נישט געוואוסט פון נויט, הונגער און קראַנקייט. צום שלוס פון צוזאַמענפאָר איז געווען אַ „ליאַמע". איך געדענק נישט, צי האָט מען דאָרט עפּעס געגעסן. איך געדענק אָבער, אַז איך און חבר פּנחס קרוזאָ און נאָך חברים, ניו־יאָרקער און אויסנשטאָטישע, האָבן געטאַנצט.

די הייליקסטע נצחון־פרייד האָבן מיר איבערגעלעבט אין יאָר 1914, אויפן צווייטן צוזאַמענפאָר, ווידער אין ניו־יאָרק. דעלעגאַטן זיינען געקומען פון וויט און פון נאָענט. עס איז געקומען אַ דעלעגאַטקע אַזש פון סינסינעטי, כאָטש די שטאָט האָט זיך קיינמאָל נישט אויסגעצייכנט, נישט אויפן געביט

פון אידישיזם, נישט אויפן געביט פון שולן. עס איז געקומען די שענסטע אינטעליגענץ פון ניו־יאָרק, אַלטע און נייע. אַלכסנדר האַרקאַווי האָט רעפּערירט וועגן אידיש און געשאַפן אַ נייעס, אַז די אַסימילאַנטן האַלטן אידיש פאַר אַן אומשפּראַך. חיים שויס, דעמאָלט אַ נייער מענטש, ערשט פון שיקאַגאָ, האָט רעפערירט וועגן דעם לימוד פון אידישער געשיכטע. דער עיקר אָבער זיינען געקומען יעקב לעווין און דער אייגענער משה כץ אַלס דעלעגאַטן פון דער ס.־ט., מיט דער אַנטשלאָסנקייט צו זען בלייבן. זיי האָבן נאָר געזוכט אויסצוקעמפן, אַז דער לימוד פון העברעאיש זאָל נישט זיין קיין ביטערער צוואַנג. און דער קריזיס פון צוזאַמענפאָר איז טאַקע געווען דער מאָמענט פון דער דעבאַטע וועגן אָט דער רעזאָלוציע: „זיי עס באַשלאָסן, אַז פון צווייטן יאָר אָן מוז דאָס קינד ביי אונז אָנהויבן לערנען העברעאיש". זיינען די ס.־ט.׳ניקעס אויפגעשפּרונגען מיט אַ פּראָטעסט: קיין מוז! עס טאָר נישט זיין קיין צוואַנג. דער גאַנצער זאָל איז געווען געשפּאַנט. זיי גייען נישט אייך. ס׳וועט חלילה ווידער בלייבן אַ צעשפּאָלטענע שולן־באַוועגונג. ווי זאָגט זיך ביי פּרצ׳ן — עס איז געווען אַזוי שרעקלעך־שטיל, אַז מען וואָלט געקענט הערן ווי אַ שפּילקע פאַלט אַראָפּ צו דער ערד. בלויז פיין־פילנדיקע נשמות האָבן געקענט הערן ווי די נשמה פון דער אידישער דערציאונג צאַפּלט זיך אין אַגאָניע. פּלוצים מיין אויסגעשריי צו די ס.־ט.׳ניקעס געווענדט: די רעזאָלוציע זאָל זיך לייענען נישט „מוז", נאָר „זאָל". „מסכים!", האָט אָפּגעענטפערט משה כץ. אַ גליקלעכער אַפּלאָדיסמענטן־שטורעם, אַ גליק, אַ פריידּ אַזש צום וויינען האָט אָנגעפילט דעם זאָל.

עס איז געווען אַ פּראַקטישער צוזאַמענפאָר. די שול־עקזעקוטיווע האָט געבראַכט אַ פאָרשלאַג, אַז מען זאָל אָנהויבן אַרויסגעבן אַ קינדער־זשורנאַל. איז ער אָנגענומען געוואָרן. איך אַלס פאָרזיצער פון דער עקזעקוטיווע האָב געבראַכט אַ רעזאָלוציע צו עפענען דעם אידישן לערער־סעמינאַר פון און פאַר אונזערע שולן. איך האָב אויך געבראַכט דעם פאָלגנדיקן לימודים־פּראָגראַם פאַרן סעמינאַר. עס זאָל זיין אַ פיר־יאָריקער קורס מיט:

א) אידיש און העברעאיש, די שפּראַכן און זייערע פילאָלאָגיעס;
ב) ביידע ליטעראַטורן;
ג) ענגליש און די ענגלישע ליטעראַטור;
ד) היסטאָריע, אידישע און אַלגעמיינע;
ה) סאָציאַליזם און פּאָליטישע עקאָנאָמיע;

ו) די געשיכטע פון מאַטעמאַטיק און נאַטור־וויסנשאַפטן;
ז) פסיכאָלאָגיע און פעדאַגאָגיק;
ח) אַ צוויי־יאָריקער קורס אין תלמוד (אַנטשטייאונג און געשיכטע, מעטאָדאָלאָגיע, שפּראַך, שפּראַך־סטיל און טעקסטן);
ט) מאָדערנע אידישן פּאַרטייען און באַוועגונגען פון די עלטסטע ביז צו די פּועלי ציון.

בלויז אין א. טשעריקאָווער, אַ גאַסט אויפן צוזאַמענפאַר, האָט דעם פּראָגראַם געפונען פאַר דילעטאַנטיש. די דעלעגאַטן האָבן אים אָבער איינשטימיק אַנגענומען און באַאויפטראַגט די שולן־עקזעקוטיווע צו גרינדן דעם סעמינאַר (אין 1917 איז ער טאַקע געגרינדעט געוואָרן).

דער שלוס־באַנקעט איז געווען אַזוי פול מיט גליק און חדוה, אַז אַ צווייטע פייערלעכקייט אַזאַ איז פאַר מיר שווער זיך צו דערמאָנען אויף די ימים־טובים, וואָס איך האָב מיטגעפייערט.

פון די רעדעס אויפן באַנקעט ברענג איך נאָר שלום אַש׳ס מעשהלע וועגן דעם יחוס פון אידיש, וואָס איך האָב צענדליקער מאָל ציטירט אין מיינע רעדעס און נאָר איין מאָל פאַרשריבן אין אונזערן אַ קינדער־זשורנאַל:

„אַמאָל איז געווען אַ שלאַכט. איין ראָטע איז שוין געווען אינגאַנצן אַ צעקלאַפּטע. די אָפיצירן זיינען געווען דער׳הרג׳עט. די פאָן איז געווען אַ פאַרנומענע פון שונא. אַ צאָל סאָלדאַטן איז שוין געווען טויט, אַ צאָל אַנטלאָפן. און די רעשט איז שוין באַלד אויך געווען גרייט צו אַנטלויפן.

פּלוצים שטעלט זיך אויף אַ סאָלדאַטל, פון די רייען, און זיך ווענדנדיק צו די, וואָס זיינען גרייט צו אַנטלויפן, שרייט ער אויס:

„סאָלדאַטן, שטייט, אַנטלויפט נישט. סאָלדאַטן, קעמפט פאַר אייער ראָטע, פאַר איר כבוד! סאָלדאַטן, שטייט און קעמפט! איר האָט קיין אָפיצירן נישט, וועל איך, פּראָסטער סאָלדאַט, זיין אייער אָפיציר. איר האָט קיין פאָן נישט, אָט נאַט אייך אַ פאָן!"

און ער בויגט זיך איין צו דער ערד און הויבט אויף די ערשטע בעסטע שמאַטע און שרייט אויס:

„דאָס וועט זיין אייער פאָן! וואָס? קיין פאַרב? אַ פאָן דאַרף האָבן אַ פאַרב? איז אָט!"

און ער נעמט זיין שווערד און שניידט זיך איבער די אָדערן פון דער האַנט און באַפאַרבט די פאָן מיט בלוט.

און עס האָט געווירקט. די סאָלדאַטן האָבן זיך געוואָרפן אין קאַמף. די ראַטע איז געראַטעוועט געוואָרן. די שלאַכט איז געוואונען געוואָרן.

אָט דאָס איז אידיש! טאַקע נישט קיין גרויסער יחוס. גאָר קנאַפּ אָקעגן העברעאיש. אָבער אין אידיש האָט דאָס אידישע פאָלק זייט פיל הונדערטער יאָרן אַריינגעוויינט זיין געוויין, אַריינגעלאַכט זיין לאַך, אַריינגע׳חלומ׳ט זיין חלום, אַריינגעשלוכצט זיין האָפענונג און בענקשאַפט, אַריינגעגאָסן זיין בלוט.

דער העכסטער, דער הייליקסטער יחוס!"

אידיש נאַציאָנאַלער אַרבעטער פאַרבאַנד זאַמעלבוך, 1946

# די אידישע פאַלקשול

## א. דער אידישער נאַציאָנאַליזם

**א**ונזער אידישע פאַלקשול, וואָס דעם קומענדיקן אָקטאָבער ווערט זי פערציק יאָר אַלט, איז אַרויסגעוואַקסן פון איין הויפט־אידייע — דער אידישער נאַציאָנאַליזם.

אמת, די מייסטע גרינדער (נישט די טעאָרעטישע באַגרינדער נאָר די פּאַקטיש־פּראַקטישע אויפבויער) זיינען געווען נישט סתם אידישע נאַציאָנאַליסטן, נאָר בפירוש טאַקע ציוניסטן און בפירושער נאָך פּועלי־ציוניסטן (די פּאַרטיי פּועלי־ציון און דער אידיש־נאַציאָנאַלער אַרבעטער־פאַרבאַנד), אָבער זיי האָבן פאַרמאָגט גענוג פּעדאַגאָגישע פאַרשטענדעניש און זיי זיינען אויך געווען ביי זיך גענוג באַוואוסט פון דער נאָך אַלץ באַשיידענער פּאָזיציע פון דער פּאַרטיי פּועלי־ציון מיטן פאַרבאַנד אויף דער אידישער גאַס, נישט צו טראַכטן פון דער ניי זיך שאַפנדיקער שול ווי אַ פּאַרטיי־שול.

די הויפט־אידייע פון דער נייער שול איז געווען דער אידישער נאַציאָנאַליזם, וואָס זיין תמצית האָבן מיר, די באַגרינדער און פיל פון די גרינדער און די טוער פון דער נייער שול, אָט ווי פאַרשטאַנען:

אַלע אידן זיינען ברידער, קינדער פון דעם אידישן פאָלק. אַלע אידן, פון אַלע לענדער, אַלע ימים און מדבריות, זיינען צווישן זיך פאַראייניקט. אַלע אידן „פון אונטער גאָטס גאַנצן הימל״, סיי די וואָס זיינען איצט פאַראַן, סיי די וואָס זיינען אַמאָל געווען און סיי די נאָך נישט־געבוירענע, פון דער נאָך נישט־געבוירענער צוקונפט. אַלע זיינען פאַראייניקט אין איין ברודער־שאַפט, און פרייט זיך אַ איד אין איין עק וועלט, פילן די פרייד אַלע אידן, אין אַלע עקן וועלט, און ווייטיקט אַ איד אין איין וואו־עס־איז, דערשפירן דעם ווייטיק אַלע אידן פון אַלע וואו־עס־איזן. פּונקט ווי עס איז פאַר אונז אמת די לעגענדע, אַז אויך אַלע נישט־געבוירענע אידישע נשמות זיינען גע־

שטאַנען ביים באַרג סיני, פונקט אַזוי איז ביי אונז אויך אמת דער מאמר חז״ל, אַז כל ישראל ערבים זה בזה — און נישט בלויז אין אַ רעליגיעז־פּאָליטישן, נאָר טאַקע אויך אין אַ מענטש־אידישן זין.

ווייטער האָט דעמאָלט, אַזוי ווי איצט, דער אידישער נאַציאָנאַליזם באַטייט, אַז אַזוי ווי די אידן זיינען, ביי דער אמתער אָדער לעגענדאַרישער יציאת מצרים, געוואָרן אַ פאָלק, אַזוי האָבן זיי אַ פאָלק, אַ נאַציע קיינמאָל נישט אויפגעהערט צו זיין. מיר זיינען געבליבן דאָס לעבעדיקע אידישע פאָלק, נאָך אַלע חורבנות און נאָך אַלע גלותן פון אונזער אידישער היסטאָריע.

מיט דער טיפסטער פאַראַכטונג קוקן מיר אַראָפּ אויף דעם פסק־דין פון די ערשטע קריסטן און די קירכלעכע פאָטערס, וואָס האָבן אונזער פאָלק אָפּגעזאָגט דאָס לעבן ווי אַ פאָלק. פונקט אַזוי קימערן מיר זיך נישט אום דער באַשטעטיקונג פון דעם דאָזיקן אורטייל, וואָס רינט טעאָלאָגיש־וויירעכ־דיק אַראָפּ פון די בלעטער פון די מאָדערנע קריסטלעכע היסטאָריקער, און מיר מאַכן זיך אויף דאָס מינדסטע נישט אויס פון דער קנעכטישער צובאַמ־קעניש צו יענע אורטיילן און באַשטעטיקונגען, דורך אונזערע אייגענע איבער־לויפער, גאַנצע אָדער האַלבע אַפּאָסטאַטן, פון דער צייט פון נאַפּאָלעאָן דעם ערשטן און זיין פאַררופענעם סנהדרין, ביז צום היינטיקן טאָג.

מיר האָבן אויף קיין איין מאָמענט נישט אויפגעהערט צו זיין דאָס לעבעדיקע אידישע פאָלק אָדער נאַציע. האָבן מיר קיינמאָל נישט אויפגע־הערט צו שאַפן, קאָלעקטיוו און ווי יחידים, יעדער פאַר זיך אַליין, איינער פאַר אַלעמען און פאַר מענטשהייט, ציוויליזאַטאָריש און קולטורעל. האָבן מיר דורך דעם גאַנצן לאַנגן מיטלאַלטער און דער נייער צייט נישט אויפגעהערט צו שאַפן און צו בויען און איבערצובויען אונזער לעבן. טויטערהייט, לויט דעם קריסטלעך־געלערנטן פסק־דין, האָט דאָס אידישע פאָלק, שוין נאָך דער אָפּשליסונג פון אונזער תורה שבכתב, באַשאַפן דעם אַכט־הונדערט־יאָריקן בנין פון תורה שבעל־פה; האָבן מיר, צווישן אַ סך אַנדערעס, אויסגעהאָדע־וועט נייע שפּראַכן, אי דעם אידישן אַראַמעאיש, אי אידיש; האָבן מיר באַ־שאַפן אַ אידישע פילאָזאָפיע, אַ אידישן מיסטיציזם (קבלה און חסידות); האָבן מיר באַשאַפן, פון סוף 8טן יאָרהונדערט אָן, צוויי נייע ליטעראַרישע שפּראַכן און צוויי נייע ליטעראַטורן — ניי־העברעאיש און ניי־אידיש און די ניי־העברעאישע און די ניי־אידישע ליטעראַטור.

דאָס טויטע פאָלק, לויט דער עגאָאיסטיש־פּאַלשער קריסטלעכער אויפ־פאַסונג, האָט אין דער נייער צייט זיך איבערגעבויט פּאָליטיש, פילאָזאָפיש־עסטעטיש, נאַציאָנאַליסטיש און עקאָנאָמיש־אינדוסטריעל. אין ניינצנטן יאָר־הונדערט האָט דאָס לעבעדיק־קעמפערישע (ביי דער קריסטלעכער קירכע און היסטאָריע טויטע) אידישע פאָלק, דורך דער עמאַנציפּאַציע, זיך דער־וואָרבן בירגערלעכע רעכט אין כמעט דער גאַנצער ציוויליזירטער וועלט. דורך דער השכלה האָט זיך עס שיינענדיק איינגעבירגערט אין דעם ניי־וועלטיקן אייראָפּעאישן געדאַנק, ליטעראַטור און קונסט. און דורך דער חבת ציון און דעם הערצלשן ציוניזם האָט די אידישע אומה, וועמען די קריסטלעכע חכמים און די אידישע אַוועקלויפער האָבן אָפּגעזאָגט אי פון לעבן אי פון אַלטן פאָטערלאַנד, די אַלטע ארץ־ישראל אָנגעהאָפּטנקייט קוואַליק אָפּגע־פרישט אין אַ מעכטיקער היים־בענקשאַפט און באַוועגונג (וואָס, אין אונזערע טעג, איז זי טאַקע מקוים געוואָרן אין דער באַנייטער אידישער מלוכה — ישראל).

גלייכצייטיק האָט דאָס כלומרשט טויטע אידישע פאָלק זיך אַליין געוואַל־טיק איבערגעבויט, איבערגעפלאַנצט, דורך פרייוויליקע (נישט דורך גירושים ווי אין מיטלאַלטער) וואַנדער־גלותן, אַריבערוואַרפנדיק זיך פון מזרח אין מערב, פון די סלאַווישע און דערבייאיקע לענדער, אין צענטראַלער און דרומדיקער אַמעריקע און אין אָריענט (אַ חוץ ארץ־ישראל), וואו מיר האָבן זיך אַליין איבערגעבויט פון הענדלער און לופט־מענטשן אין גרויס־געשעפט־לער, אינדוסטריעלער, פּראָלעטאַריער און ערד־אַרבעטער.

נאָר, לעבנדיק און קעמפנדיק און שאַפנדיק און זיך אַליין איבערבויענדיק ווי אַ לעבעדיק פאָלק — איז זיך אָבער דער אידישער נאַציאָנאַליזם גאַנץ גוט באַוואוסט, אַז דאָס אידישע פאָלק איז נישט קיין נאָרמאַל פאָלק און אומ־נאָרמאַל איז זיין פאָלקס־לעבן. אָן אַן אייגענער פּאָליטישער היים, איז עס אַפילו מיט זיין פיזישן לעבן נישט זיכער, און אָן זעלבסט־באַשטימונג, נישט האַלטנדיק זיין גורל אין זיינע אייגענע הענט, איז עס אַפילו נישט באַוואָרנט קעגן די גרויזאַמסטע מלחמות פון איין טייל פון אידישן פאָלק קעגן צווייטן, די אידן פון איין לאַנד קעגן די אידן פון צווייטן. צעזייט און צעשפּרייט אין לענדער און אונטער רעגירונגען, איז אמתע אחדות פון אידישן פאָלק בלויז אַ ווייטער חלום. לעבנדיק אונטער פרעמדע הערשאַפטן און קולטורן, מוז

אין אונז זיך אַריינרייסן די פוילעניש פון נאַציאָנאַלער נאָכקרימעניש, מוז די אַסימילאַציע פון אונז אָפּרייסן שטיקער.

דאָס אידישע פאָלקס־לעבן איז נישט נאָרמאַל, נישט זיכער, נישט גאַנץ אין קולטורעלער הינזיכט. דער ערשטער, דער הייליקסטער חוב פון יעדן אידישן נאַציאָנאַליזם, איז דעריבער צו קעמפן, צו אַרבעטן דערפאַר, דאָס אידישע פאָלקס־לעבן צו נאָרמאַליזירן, עס צו זיכערן, גאַנץ צו מאַכן.

ווי אַזוי? מיט אַלע העכסט־מעגלעכע און ווייניקער מעגלעכע מיטלען, וואָס קענען פירן דערצו, מיט אַלע מיטלען וואָס זיינען שוין פאַראַן און מיט אַלע מיטלען וואָס דאָס לעבן און די צייט קענען פאַר אונז אַנקייקלען. אין דער ערשטער ליניע דורך אַ אידיש־נאַציאָנאַלער, פּאָליטיש־זעלבסטשטענ־דיקער היים אין ארץ־ישראל (ווי עס איז טאַקע אין די לעצטע צוויי יאָר אין אַזאַ ריזיקער מאָס פאַרווירקלעכט געוואָרן), אָבער אויך צום טייל כאָטש, דורך נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע, וואָס פאַר אירן אַ פראַגמענט — נאַציאָ־נאַלע רעכט — האָבן אַלע ציוניסטן פון איירָאָפּע און אַמעריקע (דורך דעם אַמעריקאַנעם אידישן קאָנגרעס) געקעמפט און אים טאַקע אויסגעקעמפט, נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, פאַר די אידן פון אַ צאָל איירָאָפּעאישע לענדער.

## ב. די פּראָגראַם פון דער אידישער פאָלקשול

די פּאָגראַם פון דער אידישער פאָלקשול גליסט אַרויס פון איר הויפּט־אידייע, דער אידישער נאַציאָנאַליזם. אַלץ וואָס בויט, וואָס פאַראייניקט, וואָס מאַכט געזונט, וואָס מאַכט גאַנץ, נעמען מיר אַריין אין אונזער פּראָגראַם; אַלץ וואָס פאַרמינערט, וואָס צערייסט, וואָס שוואַכט אָפּ, פרעמדט אָפּ, וואַרפן מיר אָוועק אָן פאַרדראָס און חרטה.

מיר באַגרינדן די דערציאונג פון דער אידישער פאָלקשול אויף דער אידישער שפּראַך, וואָס ביז צו דער צווייטער וועלט־מלחמה איז זי געווען די לעבעדיקע, די גערעדטע שפּראַך פון דעם גרויסן רוב מנין און רוב בנין פון די זיבעצן מיליאָן אידן, ד. ה. פון דעם גאַנצן אידישן פאָלק, פון אַלע קאָנטינענטן און אַלע לענדער, זייער קענטיקסטער נאַציאָנאַלער סימן, דער קענטיקסטער סימן פון זייער אָנגעהעריקייט צום לעבעדיקן אידישן פאָלק, זייער בריק פון צונויפקומען זיך, צונויפריידן זיך, צונויפשרייבן און צונויפ־לייענען זיך. און אַפילו איצט, נאָך דער היטלערשער (אונטער דעם גרויס־

און־קליין־פעלקערלעכן פאַרקוועטשטן אויג) זעקס־מיליאָניקער אויסראָטונג פון אונזערע ברידער, צווישן וועלכע וואָסערע פינף מיליאָן זיינען געווען פוילישע, אוקראַינישע, ווייס־רוסישע, ליטווישע, רומענישע, אונגאַרישע און באַלטישע אידן, זיינען נאָך אַלץ געבליבן אַרום צען מיליאָן אייראָפּעאישע, אַמעריקאַנישע און ישראלדיקע אידן, וואָס מער ווי אַ העלפט פון זיי לעבט ברייט און טיף אויף אידיש און אַפילו די אַנדערע האָבן צו אידיש די טיפסטע, די שטאַרקסטע שייכות. אידיש איז די שפּראַך, וואָס אין גאַנצן, לחלוטין פּרעמד איז זי אפשר קיין אידן נישט (מיט דער העכסט וואַרשיינלעכער אויסנאַם פון די אומגעפער אַנדערהאַלבן מיליאָן ספרדישע און אָריענטאַלישע אידן).

מיר גרונטפעסטיקן אונזער דערציאונג אויף דער אידישער שפּראַך, ווייל, האָבנדיק געווען די שפּראַך פון די אשכנזישע אידן (ד. ה. פון אַלע אידן אויסער דער גאַנץ קליינער צאָל ספרדים און אָריענטאַלן) לכל הפּחות זייט אַכט הונדערט יאָר, צווישן וועלכע עס זיינען געווען די בלוטיקסטע, יאָמער־לעכסטע, די טראַגישסטע, אָבער אויך די ליכטיקסטע, די האָפענונגפולסטע און די אויפגעוועקטסטע תקופות פון אונזער היסטאָריע, איז זי אויך, ווי עס האָט געזאָגט שלום אַש (אין זיין מעשהלע, וואָס ער האָט משמעות פאַרטראַכט אויף אונזער צוויטן שולן־צוזאַמענפאָר, אין ניו־יאָרק, אין יאָר 1914 און וועלכע איז זייט דעמאָלט ביי אַ צאָל פון אונזערע שול־טוער געוואָרן אַ ליבלינג), די שפּראַך פון אונזער שענסטן יחוס, די שפּראַך פון אונזער העכסטער הייליקייט. ווייל, אַכט הונדערט יאָר האָט דאָס אידישע פאָלק אין איר אַריינגעוויינט זיינע יאָמערלעכע געוויינען, אַריינגעשלוכצט זיינע טיפסטע יסורים, אַריינגעלאַכט זיינע גליקלעכסטע, פרישסטע געלעכטערס, אַריינגעזונגען זיינע זיסטע, הייליקסטע געזאַנגען, אַריינגעשריגן, אַריינגע־קרעכצט, אַריינגעשאַלט, אַריינגעברומט — זיין ביטערניש, זיין ווייי, זיין העכסטע התלהבות, זיין דערהויבנסטע דבקות.

נאָר אפשר דער סאַמע העכסטער ווערט פון דער אידישער שפּראַך, אין דעם אידישן לעבן בכלל און אין דער אידישער דערציאונג בפרט, איז דאָס וואָס זי האָט אויסגעטראָגן און געבוירן אַ ליטעראַטור, וועלכע איז דער אינטימסטער, דער כּישופדיקסטער שפּיגל פון אידישן לעבן, וועלכע איז דער פולסטער, רייכסטער, ריידעוודיק־זינגעוודיקער אוצר־ברונעם סיי פון אַמאָליקן און סיי, מער נאָך, פון ניי־צייטיקן אידישן לעבנס־גורל.

אין דער נייער אידישער ליטעראַטור איז אויסגעגאָסן אי אונזער גלויבן פון אַמאָל אי אונזער גלויבן־שמאַכטעניש פון היינט; אי אונזער צאַרט־זינגענדיקע פאַנטאַסטיק פון „פאַרלוירענע צייטן" אי אונזער האַרט־קאַרביקע היינטיקע רעאַליטעט; אונזער ליבע און אונזער האַס; אונזער הויכע הימלש־קייט און אונזער שפּל־מענטשלעכע ערדישקייט; אונזער צאַרטקייט און אונזער ביטערקייט; אונזער געדאַנקען־שטאָלצקייט און אונזער פאַרוווירטע משוגעת; אונזער אידל־פּשוטע תמימותדיקייט און אונזער כיטרע איבערגעשפּיצטקייט. וואַרעם־האַרציק נאָבל און ווי קיזל־שטיין אומברחמנותדיק. קעמפעריש — און אונטערטעניק. פאַרגרעבעריש — און נקמה־דורשטיק. ליבנדיק־פּאָעטיש — און פּראָזאַאיש־קאַלט. דאָ האָפנדיק, גלויבנדיק, מיט ליכטיקע וויזיעס איבערגעפליצט און דאָ — ביטער־פאַרצווייפלט, איוב׳דיק פאַרקריגט און קהלת׳דיק אָן טרייסט.

דאָס אַלץ גיסט זיך אויס אין אַ ים מיט בילדער, אין אַ וועלט מיט געשטאַלטן, אין אַ נאַציאָנאַל און אינטערנאַציאָנאַל צעגאָסענער שפע פון געדאַנקען און חלומות, פון מחשבות און מעשים, פון גיין און שטיין, פון וואַקלעניש, בלאָנדזשעניש און וואַנדערונגען.

אידיש איז אין אונזערע צייטן געוואָרן די שפּראַך פון אונזער גורל. אפשר גאָר — מיט איר שטייען מיר, אָן איר פאַלן מיר. און פאַדערט מען ביי אונז פאַר אידיש אַ דורכגאַנג־פּאַס אין אונזער צוקונפט אַריין, קענען מיר ענטפערן מיט די ווערטער פון אברהם רייזענס מעשהלע.

לויפט אַ איד, אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין אַ קידוש־השם־שליחות.

נאָר אָט איז אַ רוסיש־יעוואָנישע וואַך. זיין גאַנג ווערט אָפּגעהאַקט.

„סטאָי!" — שרייט דער יוון, מאָנענדיק אַ דורכגאַנג־שייַן.

„פאַראָן!"

„פון וועמען?"

„אָט סאַמאָווא וויסשאָווא קאָמאַנדיראַ!" (פונעם סאַמע העכסטן קאָ־מאַנדיר) — רופט אויס דער משולח מיט אַ הויך־אויפגעהויבענעם אָרעם.

דעם יוון באַפאַלט אַ פחד פון ערפורכט. דער קידוש־השם־איד גייט דורך.

**
*

איבעריק אין דער איצטיקער קאָניוקטור מאריך צו זיין וועגן די טעמים, פאַרוואָס העברעאיש אין אונזער פאַלקשול.

אויב אידיש פאַראייניקט כמעט אַלע אידן אין כמעט אַלע צעשפּרייטקייטן, פאַראייניקט העברעאיש טאַקע אַלעמען. אויב אַ איד פאַרשטייט נישט די שפּראַך, האָט ער כאָטש פון איר אַ שטיקל השגה, פון די הייליקע תפילות, אין ערגסטן פאַל פון וואָכעדיקן אידישן געשפּרעך, וואָרעם אויך אין אים זייט זיך וואו נישט וואו אַריין אַ העברעאיש וואָרט. וואָס איז שייך דער הייליקייט פון דער שפּראַך, ליגט זי דאָך פאַרן אידן אַזוי אויבן־אויף, אַלס די שפּראַך פון תנ״ך, אַלס די שפּראַך פון אַלטן ארץ־ישראל און פון נייעם ישראל. פאַר מיר בלייבט דאָ נאָר צו באַטאָנען, אַז דער צויבער פון העברעאיש איז — ווי שפּראַך און ליטעראַטור בכלל — אומצעשיידבאַר פונעם כישוף פון תנ״ך, אַז העברעאיש איז טאַקע אַזוי אָנגעהאָפטן אין ארץ־ישראל, אַז קיין צוואַנג און קיין געזעץ וואָלט זיי נישט געקענט אָפּרייסן, אַז דער אויפקום פון העב־רעאיש אַלס אַ גערעדטע שפּראַך אין ארץ־ישראל, פון מיטן די אַכציקער יאָרן אין 19טן יאָרהונדערט, איז אַזוי וואונדערלעך, אַז נאָר מיטן נאָמען נס קען מען עס באַצייכענען. און ווער וויל עס און צו וואָס דאַרף מען עס אויסלעשן אַ נס?

וואָס שייך דער ניי־העברעאישער ליטעראַטור, איז אויב זי איז נישט אין אַלע פּרטים אַזוי פלאַם־פייערדיק אידישלעך דורכגעבאַקן ווי די נייע אידישע ליטעראַטור, האָט זי אָבער, אין אַנדערע פּרטים, אַזאַ הייליק ליכט, אַז די אידישע ליטעראַטור ווערט אין זיי בלייך קעגן איר. אויב די ניי־אידישע ליטעראַטור איז אַזוי אידיש־אינטים, אַזוי צאַרט פאָלקסטימלעך, שוועבט אָבער אויך איבער דער ניי־העברעאישער ליטעראַטור די קדושה פון תנ״ך, אי טאַקע צוליבן נאַטירלעכן תנ״כישן המשך, אי אויך ווייל אַפילו נישט־ווילנדיק מוז די מאָדערנע ליטעראַטור דעם תנ״ך נאָכדיכטן, ווי עס האָבן אים נאָכגעדיכטעט די תפילות פון דאַווענען, דער פּיוט פון יום־טוב און ימים־נוראים און די העברעאישע פּאָעזיע פון מיטאַלטער. ריין ליטעראַריש־פילאָזאָפיש־סאָציאַל איז דער ניוואָ פון דער ניי־העברעאישער ליטעראַטור אי הויך אי אייגנאַרטיק, מיט איר פשוטער פאָלקסטימלעכקייט, ווי ביי בער־דיטשעווסקין, יהודה שטיינבערגן און עגנונען, מיט איר אידיש־פּסיכאָלאָגישן

חשבון הנפש ווי ביי י. ח. ברענערן און ביי הלל און אהרן צייטלין, אי היסטאָריש אומפּאַרבייטלעך אַלס די הויפּט־ליטעראַטור פון דער השכלה־עפּאָכע און די קרוין־עפּאָפּייע פון חבת ציון און פּאָליטישן ציוניזם.

צוליב איין ביאַליקן אַליין, צוליב זיין תנ״כישן שימער־גלאַנץ, צוליב זיין רחמנות־ליבע און רחמנות־האַס, צוליב זיין קללה׳דיקייט, צוליב זיין נבואה — מוז אַ אידיש קינד לערנען און קענען דעם תנ״ך און די שפּראַך פון תנ״ך.

לערנען מיר אין אונזער פֿאָלקשול (באַזונדערס, נאַטירלעך, אין איר העכערן בנין, די מיטלשול) אי דיביידע שפּראַכן, אי דעם תנ״ך, אי די ביידע ליטעראַטורן. איך דאַרף נאָך בלויז צוגעבן, אַז דעם תנ״ך לערנען מיר מיט אונזערע קינדער פשוטו כמשמעו, אויב איר ווילט — הדריש (נאָר מיט בעסערן וויסן), אָרטאָדאָקסיש, לויטן פּירוש המלות און לויטן דקדוק. מיר זוכן אַרויסצובריינגען די גאַנצע שיינקייט און די גאַנצע הייליקייט פון טעקסט, אָבער מיר קאָמענטירן נישט. מיר לערנען די נסים פון תנ״ך, אָבער מיר ראַציאָנאַליזירן זיי נישט. אַפילו נישט דאָרט וואו די מיטלאַלטערלעכע פילאָזאָפישע קאָמענטאַרן האָבן זיי שכלדיק איינגעזעצט. לאָז דער צוויבער־מן בלייבן איינגעהילט אין זיין זילבער־פּרעסטלדיק־פינקלדיקער הילע.

נאַטירלעך, לערנען מיר אין אונזער פֿאָלקשול די אידישע היסטאָריע. אָבער מיר לערנען דעם לימוד אַנדערש, סיי פון דער תלמוד־תורה און סיי פון אַנדערע אַזוי־גערופענע וועלטלעכע שול־ריכטונגען. אַנדערש פון דער ערשטער, דערמיט וואָס מיר לערנען זי טאַקע פון אָנהויב ביזן סוף. אַנדערש פון די צווייטע, וואָס מיר לאָזן נישט אויס אַפילו די עלטסטע לעגענדאַרסטע טיילן. אַנדערש פוןביידן דערמיט, וואָס וועדליק פולבלוטיקע נאַציאָנאַליסטן שטעלן מיר דעם שטאַרקסטן טראָפּ אויף די נייערע, מיט נאַציאָנאַלן שטורם־און־דראַנג אָנגעלאָדענע פּעריאָדן און עפּאָכעס.

## ג. לערע און דערציאונג

כאָטש לערע און דערציאונג גיסן זיך צונויף, זיינען זיי אָבער צוויי (הגם נישט אַלע מאָל) באַזונדערע זאַכן. לערע טוט דער עיקר אינפאָרמירן, אויפקלערן, בשעת דערציאונג בילדעט אויס כאַראַקטער, פלאַנצט איין געוואוינהייטן.

מחמת איר סאַמע נאַטור און שטרעבן, שפּילט די דערציאונג אין דער אידישער פאָלקשול, אויב נישט אַ גרעסערע איז לכל הפּחות נישט קיין קלענערע ראָל פון דער לערע.

געגרינדעט פון סאָציאַליסטן און געמיינט לכתחילה פאַר קינדער פון סאָציאַליסטן, האָבן מיר אונזער שול דערקלערט פאַר אַ ס אָ צ י אַ ל י ס ט י ש ־נאַציאָנאַלער. אפשר האָבן מיר טאַקע אויך אין זינען געהאַט, אַז אונזער דערציאונג זאָל בילדן אַ קעגן־וואָג קעגן דעם מגושמדיק־פּאַטריאָטישן, בורזשואַזנעם גייסט פון דער פּאַבליק סקול. דערצו זיינען מיר וואָס ווייטער אַלץ מער דורכגעדרונגען געוואָרן מיטן געדאַנק פון נחמן סירקין און אַנדערע דענקער, אַז די גרונט־פּרינציפּן פון סאָציאַליזם ליגן שוין פאַרוואָרצלט אין „תורת משה״.

האָבן מיר אין אונזערע אָנפאַנגער־ביכלעך און כרעסטאָמאַטיעס געהאַט לידלעך און מעשהלעך נישט נאָר וועגן די אָרעמע, נאָר אויך, אויפן רוסישן שטייגער, וועגן די „דערנידעריקטע און באַליידיקטע״, נישט נאָר וועגן סתם ליידנדיקע, נאָר אויך וועגן אַזעלכע וואָס ווערן געפּלאָגט פון קלאַסן־פּאַרטיי־לונג. מיר האָבן אַפילו אָפּגעהיט סאָציאַליזם אין דער פּראַקטיק. צוזאַמען מיט די אידישע לוח־ימים־טובים האָבן מיר אויך געפייערט דעם ערשטן מאַי, מיט געזאַנג און פאָרלייענען, צומאָל מיט אַ שפּיל אין שול־זאַל און, ווען מעגלעך, אַפילו מיט אַן אַרויספאָר אין שטאָטישן פּאַרק. מיר פלעגן אויך פון צייט צו צייט אַרויסשיקן סאָציאַליסטישע צירקולאַרן פון צענטער צו די שולן.

אין די לעצטע יאָרן האָבן מיר די סאָציאַליסטישע פייערונגען אין אונ־זערע שולן בדרך כלל אָפּגעשטעלט. שולדיק אין דעם איז אַוודאי די סאָציאַ־ליסטישע אָפּגעקילטקייט אין אונזער נאָענטסטער אומגעבונג, וועלכע, ווידער, איז אַוודאי דער פועל־יוצא פון דער סאָציאַליסטישער אָפּשטאַרבונג אויף דער אידישער גאַס. מיר ווילן אָבער באַגריסן די געלעגנהייט די סאָציאַליסטישע פייערונגען אין אונזערע שולן צו באַנייען.

פונקט דער היפּוך איז עס, אין אונזער שול, געגאַנגען אונזערע אַלט־אידישע ימים־טובים. זיי זיינען זיך צעוואַקסן אַלץ שענער, פולער און פייער־לעכער. אין אונזערע ימים־טובים־פייערונגען איז פאַראַן אַ קעגנזייטיקע פאַנאַנדערוואָרעמונג און אויפשטייגונג. אונזערע לערער פילן בחוש, ווי אונ־זערע קינדער קריגן אונזערע ימים־טובים אַלץ מער ליב. פאַר אונזערע קינדער וואַקסט אַלץ מער אויס די גרויסקייט פון יום־טוב און די ליבשאַפט

צו דער שול, וואָס פייערט אים. אַמאָל ווערט גאָר פון דער קעגנזייטיקייט אַ דרייזייטיקייט. אין אונזערע ערשטע שול־יאָרן פלעגט אונז נישט גרינג אָנקומען אַריינקריגן די עלטערן צו אונזערע ימים־טובים; היינט קומען זיי צו אונז באַלד „אין מאַסן״. אין אַזעלכע טעג ווערט אונזער געגאַרטער אידעאַל — „די שול אַ משפחה״ — באַלד דערגרייכט.

מער נאָך ווערט דער אידעאַל דערגרייכט נאַציאָנאַל. אינעם נוסח פון אונזערע פייערונגען ווערן אונזערע ימים־טובים (און טרויער־טעג) פאַר־וואַנדלט אין צויבערלעכע הענג־בריקן, אַריבערגעוואָרפענע איבער די ימים און מדבריות פון דער צייט, איבער טויזנטער דורות, וואו די גאָלדענע דראָטן ציען זיך פון משה רבינו ביז טעאָדאָר הערצל, פון ירמיהו ביז טרומפעלדאָר, און אונזערע קינדער שפּאַנען איבער זיי אַריבער פונעם ניו־יאָרקער אַספאַלט צו די גערטנער פון יריחו, פונעם גראָבן הו־האַ פון דער גרויס־שטאָטישער גאַס צו דער ערדיש־שטערנדיקער שמחת בית השואבה־פרייד אויפן הר־הבית אין די צייטן פון רבי שמעון בן שטח און הלל הזקן.

גאָר אַ גרויסער פאַקטאָר אין אונזער דערציאונג, אין איר פּלאַקער־פייערדיקער נאַציאָנאַליזם, איז דאָס געזאַנג, דאָס געזונגענע אידישע אָדער העברעאישע ליד. אַזוי באַצויבערנדיק איז דאָס אידיש־העברעאישע ליד, אַז אונזערע קינדער ווערן נישט מיד עס צו זינגען פון קלאַס צו קלאַס, פון יאָר צו יאָר. אַזוי רירנדיק, אַז אַפילו אונזערע אַלטע שול־טוער קענען עס זעלטן הערן אָן טרערן אין די אויגן. אַזאַ כישוף שטעקט אין דעם, אַז עס האָט פאַר אונזערע שולן אויסגעטראָטן אַ וועג אין די דערווייטערטסטע, אָפּגעפרעמדסטע קרייזן.

און ווידעראַמאָל איז עס דער כוח פון נאַציאָנאַליזם, פון צונויפשליסן דורות, פון צונויפקלינגען רופן דורך געאָגראַפישע און היסטאָרישע מרחקים.

והראיה — דעם הייסעסטן אָפּרוף האָבן אין אונזער שול, צוערשט, אויפ־געוועקט די פאָלקס־לידער און פאָלקס־ניגונים און די פאָלקסטימלעכע געזאַנ־גען (ווי מ. מ. וואַרשאַווסקיס, אַ שטייגער), דערנאָך, אין פיל יאָרן אַרום, די ארץ־ישראלדיקע אַרבעט־און־נאַטור־לידער. אָנגעהויבט פון די זיידעס מיט די באָבעס האָבן, אין ערשטן פאַל, אַפילו די יונגינקע אייניקלעך פאַרנומען דעם אָפּקלאַנג פון דער דאָרפיש־שטעטלשער אידיליע; געוועקט פונעם באַרגיקן עכאָ און ים׳יקן רוישן, האָבן, אין צווייטן פאַל, אַלע אינאיינעם דערשפּירט די סודות פון די כנענישע נעכט („יפים הלילות בארץ כנען״),

דערהערט דעם וועק־רוף פון קלינגענדיקן סערפּ אין פעלד און קלאַפּנדיקן פּיאַש אין טאָל.

ווערלנדיק צופירן אונזער דערציאונג צו דער זאַכלעכער טאָג־טעגלעכקייט האָבן מיר מיט העכער צוואַנציק יאָר איינגעפירט שמועסן אין אונזערע שולן — וועגן געזעלשאַפטלעכע און אַרבעטער־נייס, וועגן קאַמפּן קעגן טיראַניי און פּאַר באַפרייאונג, וועגן די גזירות און חרמות קעגן אונזער פאָלק און זיין פּאַסיוון און אַקטיוון ווידערשטאַנד קעגן זיי, וועגן די קאַמפן און מסירת־נפש און אויפבוי און דערגרייכונג פון דעם אידישן מענטשן, בפרט דעם אידישן אַרבעטער אויף די בערג פון יהודה, אין גליל און אין נגב, ביי דער כנרת און ביים מיטללענדישן ים. מיר האָבן אונזערע קינדער פון אַלץ דערציילט — פונעם גאַנצן בלוטיקן שפּיל און אָפּשפּיל פון די לעצטע צען יאָר. ווי מיר וואָלטן נישט וועלן שאַנעווען זייערע יונגע הערצעלעך, האָבן מיר אָבער געפילט ווי זינדיק מיר וואָלטן געווען ווען מיר נעמען זיי נישט משפּחהדיק אַריין אויך אין אונזער ביטערסטן יאָמער ווי אין אונזער העכסטער פרייד — פירנדיק זיי אין די פאַרפּעסטעטע געטאָס, אין די אין בלוט־דורכגעווייקטע קאָנצענטראַציע־לאַגערן, אין די מיטן טויט־געדויך פאַר־שטיקטע קרעמאַטאָריעס — אָבער אויך אין די פּאַרטיזאַנען־בונקערס אין פּוילן, ליטע און ווייס־רוסלאַנד, אין די מוראַדיק־העלדישע אויפשטאַנדן אין וואַרשע און אין ביאַליסטאָק — אָבער אויך צו די חלוצים, צו די אין פּאַראַ־שוטן, גלייך אונטערן טיראַנס שווערד, שפּרינגענדיקע חנה סענעשעס און ענצאָ סערעניס, צו די דורך מוראַדיקע סכנות זיך אין „ארץ" אַריינ'גנב'ענדיקע „מעפּילים" און צו די מיט בלוט און טרערן אין היסטאָרישן שטערן־גלאַנץ געזאַלבטע און געקרוינטע גבורים פון דער הגנה.

ווייט נישט זייענדיק קיין פּאַרטיי־שול, נישט זייענדיק אַפילו אויסגע־שפּראָכן ציוניסטיש, האָבן מיר אָבער, מיט אונזער לערע ווי מיט אונזער דערציאונג, דורכן תנ"ך, דורך דער ליטעראַטור איןביידע שפּראַכן, דורך דער היסטאָריע, דורך דער פייערונג פון די ימים־טובים, וואָס אייניקע פון זיי, ווי חמשה עשר בשבט, ל"ג בעומר און שמחת בית השואבה, האָט אונזער שול, אפשר טאַקע צוליב ארץ־ישראל, שיר נישט אַזוי ווי פון פאַרגעסנקייט אַרויסגעהויבן. דורכן געזאַנג, דורך די שמועסן, האָבן מיר ארץ־ישראל ביי אונזערע קינדער אין אַזאַ ליבעפול־הייליקער בענקשאַפט אויסגעקנאָטן, אַז פיל פון זיי זיינען געוואָרן די פּיאָנערן פונעם יוגנטלעכן חלוציזם אין אַמעריקע,

אַרבעטנדיק, בויענדיק, קעמפנדיק אין פאַרשידענע קבוצות און קיבוצים.

און מיט דעם דאָזיקן וועג זיינען מיר אַנטשלאָסן ווייטער צו גיין און, זיך רעכענענדיק מיט דער נויט פון מאָמענט, מיט דעם דריגענדיקן רוף פון די אָנפירנדיקע חברים פון ישראל, וועלן מיר אויך אונזער שפּרייז אויף דעם וועג נאָך פאַרגרעסערן, אונזער וואָרט זאָגן דרייסטער, אונזער רוף דורכ־ברענגען נאָך הייסער.

און ווי מיר האָבן געטאָן מיטן ציוניזם, אַזוי האָבן מיר אויך געטאָן בנוגע רעליגיע. אמת, מיר זיינען אין אונזער שול קיינמאָל נישט געווען אַנטי־רעליגיעז, קיינמאָל נישט דערלויבט זיך קיין אומ׳תרבות׳דיק וואָרט בנוגע דער רעליגיע פון אונזערע קינדערס עלטערן. אָבער מיר האָבן זיך צוערשט פאַרנומען בשום אופן נישט אַריבערצוטרעטן די קוים אָנזעעוודיקע גרענעץ.

אינגיכן האָבן מיר זיך אַרומגעזען, אַז די גרענעץ צווישן פרייען געדאַנק און רעליגיעזע שטימונגען איז אַזוי אומקאָנטיק, אַז עס איז אוממעגלעך זי נישט אַריבערצושפּרייזן. אַביסל שפּעטער האָבן מיר זיך אויך אַרומגעזען, אַז מיר האָבן דעם ענין פון אָנהויב נישט גענוג דורכגעטראַכט אַז וועלנדיק אָנהאַלטן די אחדות פון אונזער אומה, קענען אויך מיר זיך נישט אָפּזאָגן פונעם מאמר „אל תפרוש מן הצבור״; אַז גייענדיק אונטער דער פאָן פון אידישן נאַציאָנאַליזם קענען מיר נישט איגנאָרירן דעם פאָלק־פאַראייניקנדיקן כוח פון דער אידישער רעליגיע. דערציענדיק אונזערע קינדער אויף אידישן געזאַנג און אידישע ימים־טובים, האָבן מיר זיי אַריינגעזעצט אין רעליגיעזע שטימונגען. לערנענדיק רעליגיעזע עפּיזאָדן אין דער ליטעראַטור, האָבן מיר די קינדער איבערגעגעבן דעם רעליגיעזן ציטער. לערנענדיק תנ״ך און היס־טאָריע, האָבן מיר די קינדער, נישט פאַרלייגנדיק זיך אויף דערויף, דאָך זיי אָנגעפּילט מיט ערפורכט פאַר די באַשאַפער פון דער אומה און אירע גבורים און זייער אייביק־פעסטן גלויבן.

און עס זיינען געקומען שטאַרקע פאָדערונגען פון די עלטערן און עס איז געקומען אַ רירנדיקע בענקשאַפט פון די קינדער, און מיר האָבן געמאַכט אַמאָל ווילנדיקע און אַמאָל אַרויפגעצוואונגענע, אַמאָל אָפענע און אַמאָל אַפּאָקריפיש־פאַרהוילענע, הנחות.

לעצטנס האָבן מיר איינגעפירט טיילן פונעם סידור, אין פאַרבינדונג מיטן העברעאישן לימוד. בר־מצוה ווערט אַמאָל געפּראַוועט, אויב נישט דירעקט אין שול, איז אַרום איר. מיר האָבן גערן איינגעפירט דעם לימוד

פון „פיר קשיות״, דעם „קבלת שבת״ און דעם „עונג שבת״, און מיר האָבן נישט אַרויסגעוויזן קיין ווידערווילן, ווען לערער האָבן אַרום זייער שול גע־פּראַוועט אַ סדר.

מיר קענען נישט זאָגן, אַז מיר האָבן דאָס פּראָבלעם געלייזט. מיר שיפן זיך צווישן די צוויי מיטאָלאָגישע קעסל־גריבער סילאַ און כאַריבדיס — דער פרייער געדאַנק און דער נאַציאָנאַליסטישער „אַל תפרוש״. די טענדענץ איז פאַרן אידישן ריטואַל. אפשר ווען מיר אים, אָדער גרעסערע טיילן פון אים, מיט דער צייט איינפירן אין דראַמאַטישער פאָרעם, זיך שיצנדיק אונטער דער טעאַטראַלישער אילוזיע, וועלכע כאָטש אויך אַ מין גלויבן, איז עס אַ גלויבן אַן עסטעטיש־פּסיכאָלאָגישער, אָבער נישט קיין גלויבן פון געדאַנק, פון איבערצייגונג, פון אמונה.

„אידישער קעמפער״, אויגוסט 1950

# אונזער אידישע דערציאונג

## נאַציאָנאַליזם און ליטעראַטור — דער קוואַל און דער שפּרודל

— 1 —

פון צוויי פאַנטאַנען שעפּן מיר אונזער אידישע דערציאונג, פון אַ קוואַל און פון אַ שפּרודל.

דער קוואַל, דאָס איז אונזער אידישער נאַציאָנאַליזם. דער שפּרודל, דאָס איז אונזער, אין סאַמע ברייטסטן זין, ליטעראַטור. דער קוואַל איז לויטער, קלאָר. דער שפּרודל קלערט זיך און וועט זיך נאָכמער אויפקלערן, אין פאַרלויף פון איצטיקן אַרטיקל. און פיל, פיל מער נאָך, אין משך פון אונזער שולס לעבן און שאַפן. אַזוי האָט זיך דאָך אויסגעקלערט אונזער גאַנצע טעאָריע. האָט זיך פאַנאַנדערגעוויקלט אונזער גאַנצע פּראָגראַם.

קלערנדיק אַלץ ווייטער, קען מען אַפילו זאָגן, אַז אונזער אידישער נאַציאָנאַליזם און אונזער אידישע ליטעראַטור (ס'מיינט אונזער ליטעראַטור אויף העברעאיש, אויף אידיש און אויף אַלע אונזערע ניי־באַשאַפענע און אָנגעאייגנטע שפּראַכן) זיינען גאָר נישט קיין צוויי באַזונדערע זאַכן, נאָר איין גרויסע זאַך.

אין אונזער פּראָגראַם, וואָס פליסט אַרויס הן פון קוואַל און הן פון שפּרודל, נעמען מיר אַריין אַלץ וואָס איז נאַציאָנאַל, אַלץ וואָס קען פאַרשטאַרקן, וואָס קען באַרייכערן, וואָס קען פאַרטיפן אונזער אידישן נאַציאָנאַליזם.

און ריידן מיר פון אידישן נאַציאָנאַליזם, איז לאָמיר ריידן קלאָרע „דברים כדרבונות" — דאָך נישט האַמעטנע טשוועקעס, נאָר דימענט־שפּילקעס.

לויטן נוסח פון קווינט־עסענץ, מיינט אידישער נאַציאָנאַליזם: מיר זיינען דאָס לעבעדיקע אידישע פאָלק. ווי דאָס לעבעדיקע אידישע פאָלק האָט אונז גאָט דער האַר און זיין קנעכט משה אָוועקגעלאָזט איבער דער

וועלט ביי יציאת מצרים (אמתדיק אָדער לעגענדאַריש, אַלץ איינס) און ווי דאָס לעבעדיקע אידישע פאָלק ציען מיר זיך דורך דער גאַנצער אַלמענטש־לעכער און אידישער היסטאָריע ביז צום היינטיקן טאָג. און ווי דאָס לעבעדיקע אידישע פאָלק, וואָס האָט קיינמאָל נישט אויפגעהערט צו זיין, אַזוי, האָפן מיר און גלויבן מיר — און הערן נישט אויף צו קעמפן — אַזוי וועלן מיר אויך קיינמאָל נישט אויפהערן צו זיין, ביז אין דער סאַמע ווייטסטער אייביקייט אַריין.

זיינען מיר אין אונזער נאַציאָנאַלן גלויבן אַזוי אייזנפעסט, אַזוי גיב־ראַלטאַר פעלזיק, אַז מיר דאַרפן פאַר אים גאָר קיין שום ראיות נישט. פאַר די אָבער, וואָס צווייפלען אָדער מאַכן זיך, אַז זיי צווייפלען, האָבן מיר ראיות אין די הונדערטער.

מיר האָבן אין די קנאַפּע צוויי־טויזנט יאָר, פון זינט די אַרומיקע קריסטלעכע וועלט האָט, ווי אַ פאָלק, אונז (אין די לעצטע הונדערט־און־פופציק יאָר, אויך מיט דער הכנעהדיק־שקלאַפּעריש'ער צובאַמקעריי פון הייפעלעך אייגענע „איבערלויפער״), דערקלערט פאַר טויט, אונז דערקלערט פאַר אויס פאָלק, נישט אויפגעהערט צו שאַפן, פאַר זיך און אויך פאַר דער וועלט; נישט אויפגעהערט צו בויען און איבערבויען, פּאָליטיש, סאָציאַל און עקאָנאָמיש, זיך אַליין און אַנדערע פעלקער — ווידער די וועלט. דאָס אידישע פאָלק, וואָס פון זינט דעם תנ״ך, עקזיסטירט עס, לויט די קריסטלעכע חכמים, נישט מער, האָט תיכף ווי עס האָבן פאַרהילכט די לעצטע ווערטער פון די לעצטע נביאים אָדער כראָנישע אָדער פילאָזאָפישע שריפטן פון די כתובים־שרייבער, אָנגעהויבן בויען דעם אַכט־הונדערט־יאָריקן (אָדער מער) בנין פונעם תלמוד און מדרשים, אַ בנין פון גייסטיקן קרי־שטאָל, וואָס אַ חוץ זיין אויסטייטשונג, באַלייכטונג, פאַרמענטשלעכונג, פאַרגייסטערונג און פאַר־זעצונג פון דער פון אַלעמען אָנגענומענער אַלטער תורה, גיט ער אויך אַ סאַמע רייכן צושטייער צו דער קולטור־וועלטס יוריספּרודענץ־ און גערעכטיקייט־געפילן (די הלכה), צו איר עטיק און צו איר פּאָעזיע (די אגדה).

און טויטערהייט, ווי עס הייסט ביי די קריסטלעכע טעאָלאָגן און היסטאָ־ריקער, האָט דאָס אידישע פאָלק, מיט אַ טויזנט יאָר אויף צוריק, אָנגעהויבן, און נישט אויפגעהערט ביז צום היינטיקן טאָג, פון ר׳ סעדיה גאון און ר׳ שלמה בן גבירול, ביז צו אחד העם און הערמאַן קאָהען, צו שאַפן אַ פילאָזאָפיע, וואָס גיסט זיך אַריבער פון אירע אידישע ברעגן אין די אַלמענטשלעכע

פילאָזאָפיע־טייכן. האָט זי אויך, אין אַ קיימא־לן פון אַ האַלבן יאָר־טויזנט, אָנגעהויבן און כסדר געוועבט אַ מיסטיק, וואָס, אין פּאָעטישער שיינקייט און שטראַליקייט און אין גלוטיקער מענטשלעך־געטלעכער נשמהדיקייט, איז נישט נאָר ווערט זי נישט פאַרטונקלט, נאָר גיכער איבערגלאַנצט זי נאָך די מיסטיקס פון אַנדערע איצטיקע און פאַרצייטיקע פעלקער. און, לסוף, אין די נייסטע הונדערט־מיט־פופציק יאָר, לערך, האָט דאָס, נישט מער לעבעדיקע, פון דער וועלט־סצענע לאַנג־לאַנג אַראָפּגעשטויסענע אידישע פאָלק, אויפן פונדאַמענט פון דער אידישער שפּראַך און ליטעראַטור, וואָס עס האָט נאָך מיט אַ טויזנט יאָר פריער זיך אָנגעהויבן שאַפן, איצט אויסגעבויט אַ פיל־קאָלירנדיקע, פיל־פּנימדיקע און גרויסאַרטיקע נייע אידישע ליטעראַטור. גלייכצייטיק, אויפן יסוד פון דער אַלטער העברעאישער שפּראַך און ליטע־ראַטור, וואָס דורכן גאַנצן לאַנגן מיטלאַלטער האָט עס זיי נישט אויפגעהערט צו פּילנעווען, האָט דאָס אידישע פאָלק פון זיך אַרויסגעגעבן אַ, דורך דער השכלה, מיט פרעמדע איינפלוסן באַהויכטע, אָבער דורך נאַציאָנאַליזם און ציוניזם, די אַלטע ווייענישן און בענקשאַפטן אויסגעצייטיקטע — אַ באַפרוכ־פערנדיק־באַצויבערנדיקע און גראַנדיעזע ניי־העברעאישע ליטעראַטור.

און נישט נאָר אומבאַמערקלעך, נאָר אין אַ סך פאַלן אַפילו גיגאַנטיש גרויס זיינען דאָך די שאַפונגען, די צושטייערס צו דער קולטור און ציוויליזאַציע פון דער וועלט פון די אידישע יחידים, וואָס יעדער אמתער בר־דעת מוז דאָך אין זייערע לייסטונגען זען די אַקומולירונג און קריסטאַליזירונג פון ד ו ר ו ת אידיש מוח'ן, גריבלען און זוכן און פאָרשן און מעדיטירן און טרוימען און דיכטן און מוזיצירן און מאָלן און מאָדעלירן. מוז דאָך יעדער אמתער בר־דעת לייכט דערשפּירן הינטער די ערליכס און די וואַסערמאַנס און די איינשטיינס פון היינט, דעם קאָלעקטיוו פון די פיזיקער און אַסטראָ־נאָמען און בלוט־ריייניקער און בלוט־איבערגיסערס פון אַמאָל; און אויף די פלייצעס פון די היינעס און בערטאלד אויערבאַכס און יעקב וואַסערמאַנס מוז ער דערזען די איינזאַמלונג פון אידישע דיכטער פון אַלטע און נייערע צייטן; און אַרום און אַרום די איזראַעלסעס און די אַנטאָקאָלסקיס און די דייווידסאָנס פון אונזער צייט, מוז ער דערבליקן גאַנצע מחנות פריערקע, סיי נאָמענלאָזע און סיי באַקאַנטע אידישע צייכענער, מאָלער און סקולפּטאָרן; און הינטער, און גאָרנישט ווייט פון די מייערבערס און הלויס און די מענדעל־סאָנס און אָפּענבאַכס און רובינשטיינס (געדענקענדיק דעם אַלט־תלמודישן

כלל פון „ישראל אף על פי שחטא ישראל הוא") און די גאָלדמאַרקס און די מאַהלערס, וועט ער מוזן פאַרנעמען דעם גרויסן אַנאַנים פון דורות חזנים און מנגנים.

זיינען מיר, הייסט עס, אימער און תמיד אַ לעבעדיק, שעפעריש פאָלק און אונזער שטענדיקע שעפערישקייט איז טאַקע דער שטאַרקסטער באַווייז, — דער שטאַרקסטער אַפילו פאַר די טעמפסטע, אַפילו פאַר די איינגע־עקשנטסטע, אויב זיי זיינען נאָר ערלעך, — אַז מיר ז י י נ ע ן אַ לעבעדיק פאָלק. און אַ טייל פון אונזער יונגער לעבעדיקייט און שעפערישקייט, איז טאַקע דאָס וואָס אימער און תמיד זענען מיר אין — און מיר האָבן קיינמאָל, פון זינט מיר האָבן אָנגעוואוירן אונזער אַלטע, אָריגינעלע היים און אונזער נאַציאָנאַלע זעלבסטשטענדיקייט, נישט אויפגעהערט איינצוזען די נישט־נאָרמאַלקייט פון אונזער נאַציאָנאַלער לאַגע און מיר האָבן טאַקע קיינמאָל נישט אויפגעהערט צוצופאַסן אונזער נאַציאָנאַל לעבן צו די נייע לענדער און ערטער און באַדינגונגען פון אונזער צעשפּרייטונג. און נישט נאָר צו־צופאַסן, נאָר טאַקע אויך נאָרמאַליזירן און רעהאַביליטירן.

ליגט דאָך אַ טיפער זין אין דער מדרש־לעגענדע, אַז אין דעם טאָג, ווען דער בית־המקדש איז חרוב געוואָרן, איז משיח געבוירן געוואָרן. אין סאַמע אָנהויב פון דער זעלבסטשטענדיקלאָזיקייט און צעשפּרייטונג האָבן זיך אָנגעהויבן די נאַציאָנאַלע באַמיאונגען, וואו באַוואוסטערהייט און וואו אומבאַוואוסט, זיך צוצובויען, זיך איבערצובויען, זיך פון דאָס ניי אויפבויען — עקאָנאָמיש, סאָציאַל־קולטורעל און פּאָליטיש. אומעטום, אויף זיינע וואַנדערונגען און צעשפּרייטונגען, האָט אונזער פאָלק זיך געמיט און נישט צו זעלטן אויך געקראָגן, אָדער באַלד־באַלד געקראָגן די מעגלעכקייטן צו פאַרנעמען זיך אָדער מיט זיינע אַלטע, אין זיי איינגעלעבטע באַשעפטיקונגען, אָדער מיט באַשעפטיקונגען אָנגעוואונקענע פון די נייע ערטער און באַדינגונגען. אימער אויף זיינע וואַנדערונגען און אין זיינע נייע באַזעצונגען האָט אונזער פאָלק געשטרעבט און מייסטנטיילס אויך באַקומען, אַמאָל מער אַמאָל ווייניקער, דאָס רעכט, גייסטיק־קולטורעל, ד. ה. אין רעליגיעזן, נאַציאָנאַל־סאָציאַלן, קינדער־דערציערישן, און אַפילו געריכטלעכן זין צו לעבן זיין אייגן, אויטאָ־נאָמיש־פרייען לעבן.

עס איז אויך גאַנץ קענטיק, אַז חלומנדיק, שטרעבנדיק, אונטערהאַנדלענ־דיק מיט די מאַכט־ און לאַנד־האָבערס, מכוח אַ ניי אָרט, וואו זיך צו באַזעצן,

האָבן די אָבות זיך געפּלאָנטערט אין געדאַנקען, האָפענונגען וועגן אַ ד י ר ת ק ב ע נישט נאָר פאַר זייערע אייגענע משפחות, נאָר אויך פאַר די זייעריקע אין ברייטסטן זין, האָבן זיך זיי געפּלאָנטערט אַזעלכע שאָטנס פון חלומות און מחשבות, וואָס אין שפּעטערדיקע צייטן, וואָלטן מיר זיי גערופן שאָטנס פון חלומות וועגן אידישע טעריטאָריעס. אַ סימן פון אַזעלכע חלומות, דאַכט מיר, געפינען מיר אַפילו אין דער לעגענדע וועגן „פּוילן".

אַז אונזערע עלטערן, הייסט עס אין דער לעגענדע, האָבן די ערשטע נאַכט אַריבערגעטראָטן די דייטשע גרענעץ און אַנגעצויגן אויפן פּוילישן פעלד, אונטערן ביינאַכטיקן שוץ־און־שאָטן פון די פּוילישע וועלדער, האָבן די אבֿ־משפחות אויסגעגלייכט זייערע רוקנס, אַרומגעשמעקט די לופט, באַ־קוקט די געגנט און באַפּוילן זייער פלייש־און־בלוט, אַרונטערצולאָזן די קלומיקעס, זיך אויסשפּרייטן אויפן גראָז און מאַכן נאַכט. „פּה־לין", האָבן זיי צו זיי געזאָגט, דאָ, הייסט עס, וועלן מיר נעכטיקן.

און אַזוי איז פון דעמאָלט אָן — לייגט צו די לעגענדע — דער נאָמען פונעם נייעם מקום פאַרבליבן „פּוילן" עד היום הזה.

און דערביי האָבן די אָבות, אין דער צייט אָדער אין יענער, אין דעם נייעם מקום אָדער אין יענעם, נישט אויפגעהערט צו חלומען, לכל הפּחות וועגן דער מעגלעכקייט פונעם חלום פון „לשנה הבאה בירושלים". אַז אַזוי איז עס געווען, וויזט זיך אויך אַרויס פון די נישט־זעלטענע אַרויסזאָגונגען פון אַ הערשער אָדער שר און אַ פּאָליטיקער אָדער דענקער דאָרטן, אַז עס וואָלט געווען אַ יושר די אידישע אומה צוריק צו באַשטאַטן אין איר אור־אַלטער היים. עפּעס גלויבט זיך נישט, אַז אַזעלכע אַרויסזאָגונגען זאָלן האָבן געקומען פון־פּלאַט, גאָר אָן אַ „יד ישראל באמצע".

דערהויפּט מערן זיך די ביישפּילן פון אידישן באַמיען זיך צו נאָר־מאַליזירן זייער לעבן, אין די אויבן־אויסגערעכנטע פאָרמען און וועגן, אין די צייטן פון גרויסע פאָלקלעכע קאַטאַסטראָפעס. די שניידיקסטע ביישפּילן האָבן מיר ביי די דריי גרעסטע אידישע קאָנטיגענטן פון סוף מיטלאַלטער און אָנהויב נייער צייט — שפּאַניע, די ריין־פּראָווינצן און פּוילן. אויסוואַנ־דערנדיק, דורך די קרייצוגן, פון גערמאַנישע לענדער קיין פּוילן און איטאַליע, בויען אונזערע עלטערן דאָרט אויס אַ נעסט, פאַר זיך אַליין און זייערע פאָלקס־ברידער, וואָס ביי איר גאַנצער אָפּטער מאַטעריעלער וואַרעמקייט, איז זי גאָר באַזונדערס וואַרעם אין רוחניותדיקער הינזיכט, אין דער הינזיכט

פון רעליגיעז־קולטורעלער אויטאָנאָמיע. נאָך גירוש־שפּאַניע האָבן די שפּאַ־ניש־פּאָרטוגעזישע אידן געזוכט און געפונען היימען אין פיל לענדער. איבער־הויפּט האָבן זיי אָבער געטראָפן מיט האָלאַנד, טערקיי און אַנדערע האַלב־אָדער גאַנץ אָריענטאַלישע לענדער. אין טערקיי ווערן דורך מעכטיקע אידישע פּערזענלעכקייטן אָפּן געשפּונען פּעדים פאַרן אידישן צוריקקער קיין ארץ־ישראל. און נישט קיין צו ווייטע דערשיינונג פון דעם זיינען די נישט־זעלטענע משיח־באַוועגונגען, אין יענע יאָרהונדערטער, צווישן די שפּאַניש־פּאָרטוגע־זישע אידן. און דאָס זעלביקע פּאַסירט אין אוקראַינע און אַנדערע פּוילישע פּראָווינצן, באַלד נאָך דער גזירת ת״ח ות״ט.

די העלסטע, די פלאַמענדיקסטע (צייטנווייז אויך די בלוטיקסטע) און די זוניק־הערלעכסטע אילוסטראַציע פון אידישן נאַציאָנאַליזם, פון אידישער פאָלק־לעבעדיקייט, פון אידיש־נאַציאָנאַלן קאַמף, פון אידישן בוי און איבער־בוי אויף אַלע געביטן, מאַטעריעל און גייסטיק, פּאָליטיש, עקאָנאָמיש און סאָציאַל, פון אידישער נאָרמאַליזירונג, אויסגלייכונג און באַפרייאונג־רעהאַ־ביליטירונג גיבן אונז די לעצטע הונדערט־און־פופציק יאָר, דערהויפּט טאַקע די לעצטע אַכציק יאָר.

דעם גאַנצן ניינצנטן יאָרהונדערט, קען מען זאָגן, האָט די אידישע שיף געזעגלט אונטער דעם צייכן פון קאַמף פאַר אידישער גלייכבאַרעכטיקונג, און ווי מען זאָל זיך נישט מאַטערן, מוז מען דאָך אין דעם קאַמף פאַר גלייכע רעכט אויך דערזען די אידיש־נאַציאָנאַלע יאָדרע וואָס שטעקט אין אים, וואָרעם דער אַסימילאַנטישער פויגל, וואָס באַהאַלט זיך אונטער פרעמדע פע־דערן, פאַר אים זיינען דאָך גלייכע רעכט אַן איבעריקע משא.

אין די ערשטע אַכציקער יאָרן, נאָך די ערשטע גרוילהאַפטע, צאָלרייכע רוסישע פּאָגראָמען, הויבט זיך אָן די ריזיקסטע אויסוואַנדערונג אין דער לאַנגער אידישער וואַנדער־געשיכטע. אַ זאָאָלאָגישער, אַ סטיכישער (אַזוי ווי פון אַ נאַטור עלעמענט, פון דונער און בליץ) פּראָצעס. אַזוי ווי פויגלען אין דער לופטן, אַזוי ווי היהלעך־אינזעקטן איבער שטרעקעס, אַזוי וואַרפן זיך אַריבער אין בלויז געציילטע יאָרן מיליאָנען אידן, פון פּוילן און אירע געוועזענע פּראָווינצן, פון רומעניע, אונגאַרן, בוקאָווינע, און בעהמען, קיין ענגלאַנד, צפון־אַמעריקע, דרום־אַמעריקע און דרום־אַפריקע.

צוויי הויפּט־שטראָמען — הויפּט צוליב זייער הויכער מאָראַלער באַ־דייטונג — ציען זיך אין די פאַראייניקטע שטאַטן און אין ארץ־ישראל, אָב־

געפירט פון צוויי גרופּעס אידישער אינטעליגענץ,ביידע נישט אין דער סאַמע העכסטער גייסטיקער אַריסטאָקראַטיע, נאָר מער־וויניקער נענטער צו דער פאָלקס־אינטעליגענץ, ביידע מיט תנ״כיקע מאַטאָס, עם עולם און ביל״ו (בית יעקב לכו ונלכה). מיט צילן, וואָס זיינען גאָרנישט געווען אַזוי קעגנגע־ריש איינס צום צווייטן. דער „עם עולם״ האָט געגרינדעט ערד־אַרבעטערישע קאָלאָניעס אויף קאָלעקטיווע יסודות, האָפנדיק אַז זיי וועלן דינען אַלס אָנרעגנ־דיקע ביישפּילן פאַר אַנדערע געיאָגטע און געפּלאָגטע אידן, זיי זאָלן קומען און נאָכטאָן. איז פון די קאָלאָניעס טאַקע גאָרנישט אַרויסגעקומען, אָבער זיך אומקערנדיק אין די שטעט ביים אַטלאַנטיק, האָבן דאָרט די גרינדער, צווישן אַנדערע אידישע אימיגראַנטן, געגרינדעט אידישע אַרבעטער־יוניאָנס, פאַר־פלאַנצט אַ אידישן סאָציאַליזם, פאַרזייט אַ (ליטעראַרישע) אידישע שפּראַך, פאַרלייגט, אַזוי ווי אַ פייער, אַ אידישע פּרעסע, ליטעראַטור, פאַנאַנדערגע־האָדעוועט אַ אידיש טעאַטער. און אפשר נאָך מער. דורך זיי און אַרום זיי, האָבן זיך איבערגעבויט מיליאָנען אידן — אַ אידיש פאָלק. פון קליינשטעטל־דיקע — גרויס־שטאָטיקע, פון לופט־מענטשן — פּראָלעטאַריער, פון אַלט־מאָדיש אָפּגעשטאַנענע, אַפּאַטישע — מיטן ריטם פון נייצייטיקער אינדוסטריע וויבּרירנדיקע מענטשן.

אַנדערש איז צוגעשטעלט אויסגעפאַלן דער גורל פון די „ביל״ויצעס״ אין ארץ־ישראל. זייער נאָכפאָלגערשאַפט איז געווען קליין און קליין זיינען אויך געווען, איבערן דערדריקנדיקן קלימאַט, שווערער, נישט־געוואוינטער אַרבעט און קליינעם צושטראָם פון שטיצע, זייערע דערגרייכונגען אין זייערע קאָלאָניעס. גרויסע זאַכן זיינען דערווייל געשען אין רוסלאַנד. עס איז זיך צעוואַקסן די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג און אין איר און אַרום איר איז אויך אויפגעקומען אַ אידישע סאָציאַליסטישע און רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג. וואָס גלייכצייטיק מיטן אויפקום פון הערצלס פּאָליטישן ציוניזם, האָט זי אין זיך שאַרף דערפילט איר אידישע אָנגעהעריקייט און אידישן חוב. און אָפּשפּאַלטונגען פון די דאָזיקע גרופּן זיינען אַוועק קיין ארץ־ישראל און, באַנייענדיק די אַרבעט פון די „ביל״ויצעס״, האָבן זיי אין איר איינגעזיגלט דעם קלסתר פּנים פון סאָציאַליסטישן ציוניזם. די „צווייטע עליה״, ווי אָט דער צווייטער שיכט אימיגראַנטן קיין ארץ־ישראל האָט שפּע־טער אַ נאָמען געקראָגן, אויב זי האָט נישט פיל אויפגעטאָן מאַטעריעל, האָט זי אָבער גאָר אַ סך דערגרייכט מאָראַליש־סאָציאַל. אָנפירנדיק אַ קאַמף פאַר

אידישער אַרבעט מיט די אַלטע אידישע קאָלאָניסטן, וועלכע האָבן מחמת מאַטעריעל־פּסיכאָלאָגישע טעמים פאָרגעצויגן אַראַבישע אַרבעטער, האָבן זיי, די ציוניסטן־סאָציאַליסטן, האַבנדיק געזען, אפשר טאַקע זיך אַליין באַטייליקט אין דער אידישער „זעלבסט־פאַרטיידיקונג״ בשעת די נייע צאַרישע פאָגראָמען אין רוסלאַנד, איצט זיך אַליין אָרגאַניזירט אין אַ אידישער מיליץ — „השומר״ — קעגן רויבערישע אַראַבישע אָנפאַלער אויף די קאָלאָניסטן, און צולייגנדיק אַ האַנט און אַ צונג צו דער שאַפונג פון אַן אַרץ־ישראלער העברעאישער ליטעראַטור און אַ גערעדטן העברעאיש, האָבן זיי אָבער זייערע גרעסטע כוחות, מיט גאַנץ אָרעמער הילף פון אויסלאַנד, אַוועקגעגעבן דער גרינדונג פון „קבוצות״, קאָמונעס, אָן אַ סימן פון פּריוואַט אייגנטום, נאָר מיט געמיינשאַפטלעכער אַרבעט, געמיינשאַפטלעכן געניס פון דער אַרבעט און בכלל מיט אַ געמיינשאַפטלעכן צוזאַמענלעבן. און אַ וואונדער איז געשען, די קבוצות, עטלעכע אין צאָל, זיינען געלונגען. דאָס וואָס די וועלט־באַרימטע סאָציאַליסטישע אוטאָפּיסטן, די ראָבערט אָוענס און אַנדערע אין אַמעריקע, די פראַנצויזישע אין פראַנקרייך, האָבן אויף זייערע פעטע פּרוכטבאַרע באָדנס נישט געקענט דורכפירן, האָבן די יונגע ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע בחורים אויף דער האַרטער, פאַרדאַרטער ערד אין ארץ־ישראל באַוויזן. ליידנדיק פון הונגער און מאַלאַריע, האָבן זיי אָבער זייער מוט נישט פאַרלוירן, זייער ליבע חברשאַפט איינס צום צווייטן האָט זיך נישט אויסגעוועפּט. דינענדיק אַלס באַגייסטערנדיקער ביישפּיל פאַר אַנדערע, ביז אין — 1919־1920, איז דער עמק יזרעאל אַריינגעקומען אין די הענט פון נאַציאָנאַל פאָנד און איז פאַרזייט געוואָרן מיט גאַנצע און האַלבע סאָציאַליסטישע קאָמונעס (מושבים) און זיי זיינען מיטן גרעסטן דערפאָלג אַריין אין אידישן און אַלוועלטלעכן לעבן.

***

נאָך פיל דערהויבונגען און קאַטאַקליזמען, אין ארץ־ישראל, אַמעריקע, פוילן און דער גאַנצער וועלט, דערהויבונגען, וואָס האָבן דאָס אידישע פאָלק צעמענטירט און געמוטיקט, און קאַטאַקליזמען וואָס האָבן אונז אויסגעשאָכטן אויף אַ גאַנצן דריט־חלק און מינוטנוויז, אין פאַרצווייפלונג, שיער נישט אויסגעשטיקט אונזער גאַנצן מוט און גלויבן — זיינען געקומען אמת־נסימדיקע ישועות. די פאַראייניקטע פעלקער, גאָר פאַרגעסנדיק דעם אַלטן קריסטלעכן ווערדיקט, אַז מיר זיינען נישט דאָס אַמאָליקע אידישע פאָלק, אָנערקע־

נענדיק די דערגרייכונגען פון דער אידישער אַרבעטערשאַפט, האָט אונז צוריקגעקערט ארץ־ישראל ווי די נחלה פון אונזערע אָבות. די אָרגאַניזירטע אידישע אַרבעטערשאַפט פון ארץ־ישראל האָט אַרויסגעשטעלט דאָס גרעסטע היסטאָרישע וואגעניש און, נישט וואָרטנדיק אויף אַן ענדגילטיקער, פאָרמע־לער דערקלערונג פון די פאַראייניקטע פעלקער, דערקלערט ארץ־ישראל אַלס ד י א י ד י ש ע מ ל ו כ ה. און אַז הונדערטער טויזנטער אַראַבישע איינוואוינער פון ארץ־ישראל האָבן אויפגעהויבן אַ בונט קעגן די אידן און זייערע שכנים און קרובים פון וואָסערע זעקס אַרומיקע אַראַבישע לענדער האָבן דעם בונט פאַרוואַנדלט אין אַ מלחמה, האָט די אידישע אַרבעטערשאַפט אָרגאַניזירט אַן אַרמיי, וועלכע האָט געקעמפט מיט זעלטענער העלדישקייט און מוראדיקסטער ריזיקאַנסטווע און האָט די אַלע צאָלרייכע שונאים באַזיגט און פאַרטריבן.

און אַזוי האָבן, מיטן כוח פון אידישן נאַציאָנאַליזם, פאַסירט די גרעסטע וואונדער אין דער אידישער אַלוועלטלעכער געשיכטע. אין איטאַליע זיינען אויסגעקויפט געוואָרן נאַציאָנאַלע נדרים — „אירידענטאָס" — פון צענדלי־קער יאָרן. סלאַווישע פעלקער אין רוסלאַנד, אין עסטרייך און אין דייטש־לאַנד, זיינען צוריק באַפרייט געוואָרן נאָך הונדערטער יאָרן. ביי אונז איז אַ צוויי־טויזנט־יאָריקער חלום פאַרקערט געוואָרן אין אַ זון־פלאַמיקער טאָג־טעגלעכקייט. אַ צאַנקנדיקע, באַלד־דערשטיקטע בענקשאַפט איז געוואָרן אַ הערלעכע רעאַליטעט. אַ צעקוועטשט, צעמורשט פאָלק, וואָס האָט ניינצן הונ־דערט יאָר קיין שווערד אין האַנט נישט געהאַלטן, האָט זיך אויפגעהויבן ווי אַ לייב און זיך דעראָבערט לעבן און פרייהייט.

און דאָס אַלץ האָט אויפגעטאָן דער אידישער נאַציאָנאַליזם. און דאָס איז וואָס מיר לערנען, זאַפּן אַריין, מיט אונזער דערציאונג, אין אידישן קינד.

***

אומעטום, ביי אַלע אַנדערע, ווערסטו דיין גאַנץ לעבן זיין אַ פרעמדער, בלייבן אַליין. בלייב ביי אונז, לעב מיט אונז, לעב און קעמף. מיר זיינען אַ לעבעדיק פאָלק, מיט אָן אַ שיעור האָפענונגען, שטרעבונגען, חלומות און פראָבלעמען. דאָס אידישע לעבן איז אַ גרויסער, ברייטער, אָפענער ים. די כוואַליעס רוישן. דער שטראָם רייסט. דער ווייסער שוים בלענדט. זיי אַ שווימער. שפּרינג אַריין. שווים אַריין ביז צו אַ ליכטיקן אידישן צוקונפטס־ברעג.

# סאָציאַליזם, אידיש און ווידער פאָלקס-קולטור

קוקנדיק אַזוי געוואַלטיק הויך אויף דעם אידישן נאַציאָנאַליזם, אין אונזער דערציאונג, אַזוי הויך אַז ער ווערט באַלד איר סינאָנים, אויב נישט גאָר איר שפּיגל, מוז איך אָבער מודה זיין, אַז נישט אַלע מאָל האָב איך די זאַך אַזוי גרינגלעך פאַרשטאַנען. אפשר האָב איך גאָר וועגן איר ווייניק געטראַכט. שטייענדיק צוקאָפּנס ביי דער ניי־געבוירענער אידישער דער־ציאונג — אַזאַ איז געווען דער „קאַפּריז פונעם גורל" מיך דאָרט אָוועקצו־שטעלן — בין איך אָנגעפּילט געווען מיט שרעק — די שרעק פאַרן אונטער־גאַנג. טראַכטנדיק וועגן שיקזאַל פון די ספרדישע אידן, וואָס זיינען, אין אַמעריקע, שוין אונטערגעגאַנגען און וועגן גורל פון די דייטשע אידן, וועלכע איך האָב געזען, אַז זיי גייען איצט אונטער, האָב איך מיט פּחד געפילט אַז אין גיכן וועט אָנקומען אויך די ריי פון די רוסיש־פּוילישע אידן אונטערצוגיין. מען דאַרף זיי ראַטעווען, האָב איך געטראַכט, דאָס הייסט ראַטעווען זייערע קינדער. ווי אַזוי? דורך געבן זיי אַ אידישע דערציאונג. אָבער וועלכע? וואָס פאַר אַ פּראָגראַם? וועלכע לימודים?

גייט יעדער לויט זיין קרייז. וואָס איז געווען מיין קרייז? איך בין געווען אַ סאָציאַליסט און אַ אידישער נאַציאָנאַליסט. די געדיכטעסטע וועלט אַרום מיר איז באַשטאַנען פון סאָציאַליסטן, אַביסל אַנאַרכיסטן און אַ סך אידישע אַרבעטער, אָרגאַניזירטע אין די יוניאָנס. הצד השווה פון די דריי איז, ברייט גערעדט, געווען, זייער סאָציאַליסטישקייט און זייער דערווייטערטקייט פון שול, פון שולחן־ערוך, פון דער אויטאָריטעט פון רעליגיע (שפּעטער־צו האָב איך מיין מיינונג וועגן דער נישט־רעליגיעזקייט פון די דריטע אַ היפּש ביסל איינגעשמעלט). הינטער די דריי, אָפּגערוקט פון זיי און אַזוי ווי אין אַ טומאַן, האָב איך געזען — גיכער זיך אָנגעשטויסן אַז איך זע זיי — אַ גרויסע מאַסע אידן, שול־אידן. אָבער אַפילו ווען איך וואָלט זיי גוט געזען, וואָלטן זיי מיר אויך ווייניקער זאָרג פאַרשאַפט. האָב איך דאָך געוואוסט, אַז זיי שיקן זייערע קינדער אין חדרים (דעמאָלט זיינען זיי נאָך געווען שיער נישט די הויפּט־אידישע לערן־אינסטיטוציעס) און אין תלמוד־תורות. אמת, ביידע זיינען נישט געשטאַנען צו־הויך אין מיינע אויגן (כאָטש פון אייגענער אָבסערוואַציע האָב איך זיי דעמאָלט נאָך נישט געקענט) אָבער, האָב איך געטראַכט, בעסער ווי גאָרנישט זיינען זיי דאָך (שפּעטער האָב איך אָבער געדרונגען, אַז אַ שלעכטע תלמוד־תורה קען גאָר זיין נאָך ערגער איידער גאָרנישט). שלעכט איז, האָב

איך געטראַכט, מיט די ערשטע דריי. גאָר גאָרנישט — דאָס האָט אויף מיר אָנגעוואָרפן אַ שרעק. אידישע קינדער מיט אַזאַ קינדער־דערציאונג פון „גאָרנישט", האָב איך געוואוסט, וועלן זיכער אַוועק פון אונז, וועלן דערנענטערן אונזער טויט.

איך האָב זיך גענומען אויסשטעלן אַ פּראָגראַם פון לימודים פאַר שולן פון קינדער פון פריידענקערישע אידישע עלטערן.

איינס פון די ערשטע אויפן צעטל איז געווען — סאָציאַליזם (נאַטירלעך ווי פאַר קינדער). פאַרוואָס עפּעס? אמת, איך בין געווען אַ סאָציאַליסט, איך אַליין וואָלט מיינע אייגענע קינדער אויך געלערנט סאָציאַליזם. אָבער איך האָב געוואוסט, אַז מיט דעם וועל איך בעמען מיינע לעזער, די לעזער אין דער צייטונג, וואו איך האָב אָנגעפירט מיין אַגיטאַציע, וויסנדיק אַז דאָס וועט פאַר זיי זיין אַן אַטראַקציע (איבעריקנס איז דאָס געווען אַ קורצע צייט נאָכדעם ווי אין אידישע סאָציאַליסטישע שריפטן איז געפירט געווען אַ קליינע אַגיטאַציע וועגן סאָציאַליסטישע „סאָנדעי סקולס" פאַר אידישע יוגנטלעכע).

(שפּעטער־צו, פאַרטיפנדיק זיך אין די ווערק פון נחמן סירקין עליו השלום און, דורך זיי, אין די געדאַנקען פון משה העס און שטודירנדיק דעם ענין בכלל, אין פאַרבינדונג מיט מיין לערנען מיט אונזערע מיטלשול־קינדער אידישע עטנאָלאָגיע [געשיכטע פון דער אידישער רעליגיע], האָב איך איינגעזען די גרויסע וויכטיקייט פון די סאָציאַלע געזעצן אין תורה און נביאים און ס'איז מיר פאַרגעקומען גאָר נישט אַזוי ווייט דער געדאַנק, אַז אַפילו דער נייצייטיקער סאָציאַליזם ציט זיין ערשטע יניקה און זיין ווייטן המשך פון תורת משה און די מער סאָציאַלע נביאים.)

אָנגעכאַפּט זיך האָב איך אָבער אָן דעם לימוד פון אידיש, נאַטירלעך, מיט דעם גאַנצן קאָמפּלעקס זאַכן אַרום, דערהויפּט אָבער אָן ליטעראַטור.

מיין סאַמע ערשטער מאָטיוו איז געווען דאָס, וואָס דאָ האָב איך אויף מיין אוידיטאָריע געהאַט די אמתע אחיזה. דאָ האָב איך געוואוסט, האָב איך אין זיי וואָס אָנצונעמען, האָב איך קעגן זיי די שטאַרקסטע טענה.

איך האָב צו זיי גע'טענה'ט, אַלס די אָפּהיטער און פאַרשפּרייטער פון אידיש אין אַמעריקע, אַלס די באַשאַפער און אויפהאַלטער פון דעם וויכטיקסטן טייל פון דער אידישער פּרעסע; אַלס די דאָזיקע וואָס האָבן פאַרלייגט בייטן (אינעם גאָרטן פון דער אידישער קולטור) עס זאָל פון זיי אַרויסוואַקסן די

אידיש־אמעריקאנישע ליטעראטור; אלס דער עולם, וואס האט צוערשט גע־שאפן דעם באדן, „די בינע" פאר דעם ליטעראריש־פסיכאלאגישן און סאָ־ציאלן אידישן טעאטער און דערנאך האט ער איבער אים איבערגענומען די שמירה און די השגחה.

דאס אלץ, האב איך ווייטער גע'טענה'ט צו מיין אודיטאריע, איז א י י ע ר נ א צ י א נ א ל י ז ם. נישט נאר זייט איר אידן, נאר אידישע נאציאנאליסטן, דארף עס זיין אייער אנגעלייגטער חוב, מאכן אייערע קינדער אפ'ירש'ענען אייער נאציאנאליזם, אפ'ירש'ענען וואס אייך איז ליב און טייער, די אידישע ליטעראטור, די אידישע שפראך, די פרעסע, דאס טעאטער. נאכמער, מיר דאכט איך בין געגאנגען נאך ווייטער (און אויב נישט, וואלט איך באדארפט גיין) און געזאגט, אז די אידישע ליטעראטור, פונקט ווי דער אידישער נאַ־ציאנאליזם, איז אידישע רעליגיע; אנטהאלט זי דאך דאס צארטסטע, דאס איידלסטע, אפטמאל אויך דאס טיפסטע פון דער אידישער רעליגיע; גייט דאך צו איר אריבער, דורך ענגסטער, אינטימסטער באַרירונג, אויך פיל דער־פון, וואס דירעקט אנטהאלט זי נישט.

נאטירלעך האב איך דעמאלט אויך אנגערירט, הגם איך האב וועגן דעם נישט מאריך געווען, די גרויסע וויכטיקייט פון דער אידישער ליטערא־טור אלס די טיפסטע אריינדרינגערין אין הארץ פון אידישן לעבן אריין, אלס די שענסטע און צארטסטע מאלערין פון אידישער משפחהדיקייט, פון ימים־טובים, פון אידישן גלויבן.

וועדליק פאר יענער צייט און וועדליק פאר יענער אודיטאריע זיינען די דאזיקע רייד וועגן אידיש און אידישער ליטעראטור אפשר גענוג געווען, היינט אבער — כלל וכלל נישט.

איז, בכן, וועגן אידיש. וויניק וואס מיט אידיש קען מען נאך אפילו היינט (אפשר גראד היינט נאכמער איידער אין אנהויב יארהונדערט, איבער דער קאטאסטראפאל־פארגרעסערטער צעשפרייטונג) „אויספארן א וועלט"; וויניק וואס היינט, אפשר נאכמער ווי פריער, איז זי דער גאלדיק־טרערנ־דיקער בריק צווישן איין אידן און דעם צווייטן, צווישן איין פארוואָרפענעם אידישן ווינקל און דעם צווייטן, איז זי אונז דאך הייליק־טייערער געוואָרן אלס די אפגעראטעוועטע האלאוועשקע פון די קאלך־אויוון פייערן, אלס דער ירושה־אנדענק, פון דעם לעצטן „שמע"־אויסגעשריי פון די הייליקע אומ־געקומענע...

אידיש איז אונזערע אַן אַלטע אידישע שפּראַך. שוין אירע טויזנט יאָר שטעלן זי אַוועק אין אַ ריי נישט ווייט פון העברעאיש. יעדע נאַטירלעכע, נישט־פאַבריצירטע שפּראַך, איז נישט בלויז אַ כלי אויף אַריינצוגיסן און אַרויסצוגיסן ווערטער, אָדער אַפילו געדאַנקען און געפילן. זי איז אַ שמירה פאַרן לעבן, פאַרן אויסלעבן זיך פון פאָלק. אַ שפּראַך איז פאַרן פאָלק אַזוי ווי די פּליורא פאַרן מענטשנס לונגען. און אַזוי ווי די פּליורא אַז זי ווערט קראַנק, כאָטש אין פלוג איז זי נאָר אַ הייטל, ווערט דער גאַנצער מענטש קראַנק, אַזוי איז, ווען מען טוט שאָדן דער שפּראַך, ברענגט מען אויך אַ צרה אויפן פאָלק. די אידישע שפּראַך איז נאָכמער ווי שפּראַך, זי איז אידישער שטייגער; עס איז אין איר פּאַרזייט, עס איז אין איר איינגעקנאָטן אידישע היסטאָריע. די אידישע שפּראַך איז דער גרויסער אַנאָנים, די אונטערגעשפּרייטע טוך פון דער אידישער ליטעראַטור, אויף וועלכער זי טרעט, אויף וועלכער זי פּאַרט, וועלכע וויקלט זי אַרום ווי אַ „באָבע" אַ געווינערין, פילנעוועט זי ווי אַן אַם. די ווערטלעך און אידיאָמען און לאַך־אַוואַיעלעך פון דער אידישער שפּראַך זיינען דער „גילדענער שטויב" וואָס איז אויסגעשפּרייט איבער די גאַסן און שטרוזן פאַר דער בת־מלכה ליטעראַטור זיי פאַרבייצופאָרן. אַזעלכע ווערט־לעך, למשל, ווי „שווער ווי קריעת ים סוף", „קוקט ווי אַ האָן אין בני אדם", „ווייזן אַ היי אין סידור", „הערן אין טראַק" (טראַק, אַ שטאָט וואו קאַראַאימער, וועלכע הערן נישט דעם רב, האָבן געוואוינט), „פון כך היה אומר ביז וכך היה מונה פאַלט דער חזן זיבן מאָל כורעים" (פאַלן כורעים — מאַכן אַן אָנזעצל) — אַזעלכע ווערטלעך זיינען גילדענע קנעפּלעך פון אידישער היס־טאָריע, דימענטענע שפּילקעלעך פון אידישן הומאָר — זיינען זיי אַליין ליטעראַטור.

און רייד איך וועגן אידישער ליטעראַטור, מיין איך פּאַקטיש אַלץ פון די אַלטע ווי פון די נייע צייטן, אַלץ וואָס ביי אידן איז געשריבן, אויף אַלע שפּראַכן, בנוגע אידישן לעבן, דענקען, פילן, טראַכטן, חלומען און חלומען אויפן וואָר. פאַרקערט, פאַראַן אַלטע שריפטן, ווי צום ביישפּיל, די אַלטע אידישע מוסר־ און הייליקייט־ספרים, וועלכע זיינען באַזונדער ליב, ווייל פאַר זייער אינהאַלט האָבן זיי פאַרמאָגט דעם וואַרעמסטן, צאַרטסטן וואָרט און סטיל. יעדע שריפט איז, ברייט דעפינירט, ליטעראַטור, בפרט אַז עס איז אַ שיינע, שיין־געשריבענע, ווער רעדט, אַ הויכע שריפט.

דער תנ"ך, זאָגט אונזער יהואש, איז די העכסטע ליטעראַטור — ווייל

עס איז דאָס מענטשלעכסטע ווערק. אין אונזער אגדה, פון תלמוד און די מדרשים, פינקלט אַזוי אָפּט מיט נשמה־דימענטן, זייענדיק אַזוי שיין, אַזוי צאַרט, אַזוי פאַרשטענדנישפול. וואָרעם וואָס איז דען ליטעראַטור ? דאָך בלויז די קונסט וואָס מאָלט, פאַרמענטשלעכט, מאָראַליזירט און פאַרגייסטערט דאָס מענטשלעכע לעבן.

## וואוקס און פּאַנאַנדערוואוקס פון העברעאיש אין די אידישע שולן

דער וואוקס און פאַנאַנדערוואוקס פונעם לימוד פון העברעאיש, נישט נאָר אין אונזערע שולן, נאָר אויך אין די אַמעריקאַניש־אידישע שולן בכלל, איז געווען אַ מערקווירדיקער. עס זיינען געווען און אַוודאי זיינען פאַראַן מחלוקתן וועגן דעם פונקט; מערקווירדיק איז אָבער דאָס, וואָס וועגן דעם עצם ענין — נישט וועגן דעם סכום פון העברעאיש, אויך נישט וועגן דעם ווי אַזוי העברעאיש זאָל געלערנט ווערן, נאָר וועגן דעם, צי דאַרף העברעאיש יאָ אָדער נישט פאַרנעמען אַן אָרט אין קוריקולום — וועגן דעם זיינען קיין סכסוכים נישט געווען.

איך געדענק, אַז אין מיינע סאַמע ערשטע אַגיטאַציעס פאַר דער נייער אידישער דערציאונג, אין דער טעגלעכער צייטונג „די וואַרהייט״, האָב איך מאריך געווען וועגן דעם ענין אידיש. צי האָב איך אָבער, אַ חוץ דערמאָנען דעם ענין העברעאיש אין דער פּראָיעקטירטער פּראָגראַם, אויך פאַר דעם אַרגומענטירט, דאָס געדענקט זיך מיר נישט. אויב נישט אַגיטירט, אָדער אויב אַפילו נאָר פאַרבייגייענדיק אַגיטירט, האָט עס אַוודאי געמוזט זיין מחמת דער זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט פון דער זאַך. זעלבסט־פאַרשטענדלעך פאַר וועמען ? אַוודאי נישט־ווייניק זעלבסטפאַרשטענדלעך פאַר די פועלי־ציון און די מיטגלידער פון אידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד, וועלכע האָבן געבילדעט אַ היפּשן טייל פון מיין אוידיטאָריע. וואָס איז אָבער מכות די סאָציאַליסטישע, אַנאַרכיסטישע און יוניאָניסטישע עלעמענטן, אין וועלכע איך האָב געצילט ? איז עס פאַר זיי אויך געווען זעלבסטפאַרשטענדלעך ?

גלויב איך, אַז די דאָזיקע לעצטע זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט, איז צו מיר געקומען פונעם נאַציאָנאַליזם, וועלכער איז געווען מיין אויסגאַנג־פּונקט און אויף וועלכן איך האָב געזוכט צו שלאָגן אַגיטירנדיק צווישן יענע דערמאָנטע עלעמענטן.

העברעאיש איז די ערשטע און עלטסטע שפראַך פון אידישן פאָלק. העברעאיש איז די שפראַך פון אידישער היסטאָריע. נישט נאָר איז העברעאיש די עלטסטע אידישע שפראַך, נאָר זי איז אויך די שפראַך, וואָס דאָס אידישע פאָלק האָט אויף איר אָמלענגסטן געלעבט. לסוף, קענען אַפילו ראַדיקאַלן, אויב זיי זיינען נאָר נאַציאָנאַליסטן, נישט איגנאָרירן דעם פאַקט, וואָס העברע־איש איז פאַקטיש אויסשליסלעך די שפּראַך פון דער אידישער רעליגיע.

(דעם פאַקט, וואָס צו העברעאיש, טאַקע צוליב דער רעליגיע, האָבן אַלע אידן פון דער גאַנצער וועלט, כאָטש ע פ ע ס אַ שייכות — דעם דאָזיקן אַרגומענט האָבן מיר אָנגעהויבן צו געברויכן מיט יאָרן שפּעטער, און אפשר טאַקע אַלס קאָנטראַסט־אַרגומענט קעגן דער אידישער פאַרשפּרייטקייט.)

איז דאָס אַלץ בנוגע נאַציאָנאַליזם, דעם קוואַל פון וועלכן אונזער דערציאונג איז אַרויסגעפלאָסן. מיר האָבן אָבער, בנוגע אידיש, אויך גע־שעפּט, און מיט איבערגיסנדיקע הויפּנס, פון דער ליטעראַטור, וואָס איז אונזער אָנטרינקענדיקער שפּרודל.

העברעאיש, האָבן מיר נישט אויפגעהערט צו טענהן, איז די שפּראַך פון תנ״ך, וואָס זייענדיק צום היפשן טייל אַ פונדאַמענט פון אַלע היינט־וועלטיקע אייראָפּעאישע ליטעראַטורן, איז ער ביי אונז דער פאָנטאַן פון וואַנען מיר שעפּן אונזער העכסטע באַגייסטערונג, אין אַלע אונזערע ליטעראַטורן, דער פאָנטאַן וואָס טרינקט אָן, ביודעים אָדער בלא יודעים, אַלע אונזערע נישט־אויפהערנדיקע ליטעראַרישע שאַפונגען. העברעאיש איז די הויפּט־שפּראַך פון אונזער מיטלאַלטערלעכער ליטעראַטור, וועלכע, ווי גאָרנישט, האָט זי דאָך עטוואָס באַווירקט, אַפילו אונזער היינטיקע אידישע ליטעראַטור. העב־רעאיש איז די שפּראַך פון דער השכלה־ליטעראַטור, וועלכע האָט פאַקטיש דאָס גאַנצע אייראָפּעאישע אידנטום פון דער נייער צייט איבערגעקנאָטן אויף אַ נייעם טייג (מיר פאַרפעלן נישט אַפילו אָנצואווייזן, נישט אָן שטאָלץ, אַז גראָד אויף העברעאיש האָט צום סוף פון דער השכלה, און אַלס אירער אָן אָפּצווייג, דער אידישער סאָציאַליזם געמאַכט זיין ערשטן פאַרבויג אויף דער אידישער גאַס (אהרן ליבערמאַן, משה לייב ליליענבלום, מאָריס ווינטשעווסקי).

מיר האָבן אויך, אין שפּעטערדיקע צייטן, אמת, מער אין נענטערע קרייזן, קרייזן פון ציוניזם און העברעאיזם, אָנגעהויבן געברויכן אויך דעם אַרגומענט פון נ ס י ם. נחמן סירקין, עליו השלום, פלעגט זאָגן, אַז העברעאיש איז אַ נס. און אפשר ווייל ער פלעגט עס זאָגן אין אַ פאָלעמישער פראַזע,

פלעגן מיר אויף דערויף ענטפערן: אידיש איז אַ נס ב ת ו ך נס. אָבער אַפּילו דעמאָלט האָבן מיר נישט אויפגעהערט צו שפּירן עפּעס אַ הויך פון הייליקן ציטער פאַר דעם אוראַלטן אורשפּרונג פון העברעאיש און איר אייביקן לעבן און מיט אַ געפּיל פון וואונדער, נישט פיל קלענער פון יחזקאל׳ס וואונדער אין טאָל פון די טויטע ביינער, האָבן מיר געזען ווי אויף די בערג פון יהודה און אין די טאָלן פון ישראל ציען זיך די פאַרשטייפטע, פאַרדאַרטע ביינער פון העברעאיש אָן מיט פלייש און הויט, מיט אָדערן און מוסקולן, אין מויל פון אינטעליגענט און אַרבעטער, פון קינד און זקן, ציען זיך אָן מיט הויך און וואָרט, מיטן צויבער פון קלאַנג און לעבעדיקן ריטם.

נסים נישט נאָר אין דער לאַבאָראַטאָריע פונעם לעקסיקאָגראַף, נישט נאָר אין דער האַנט מיטן פּיאַש, אַפּילו נישט אין געצעלטל פון דער קינדער־שולכל, נאָר אויך אין די נייע ישיבות פון שם ועבר, אין די קוזניעס פון נייע און אַלט־נייע שרייבער, וועלכע האָבן גענומען אָפּדעקן לאַנג־פאַרשאָ־טענע ברונעמער אויף די פעלדער פונעם אַלטן לשון. ארץ־ישראל, האָבן די ניי־אָפּגעדעקטע ברונעמער זינגענדיק געבורבלט, איז דאָס לאַנד פון בענק־שאַפט, און דאָס לשון פון בענקשאַפט איז אויך די ניי־אַרויסגעגראָבענע און אַרומגעגראָבענע העברעאיש. צויבערלעך און הערלעך איז די שפּראַך פון חומש און נביאים און כתובים, אָבער סודותדיק־האַרציק און טאַטע־מאַמיש זיס איז דאָס לשון פון דער אגדה און פון די חורבן־לעגענדעס און פון די האָפענונג־ און נחמה־טראָפּנס, וואָס זיי טריפן אַריין.

עס איז אויפגעשטאַנען אַ דור פּאָעטן און שרייבער, ווי וואָלף יעבץ, ח. נ. ביאַליק און יהודה שטיינבערג, וואָס האָבן אַזוי אינטים־טרערנדיק צעגראָבן די תלמודיש־מדרשדיקע אגדה־בייטן, אַ טפח תנ״כיק, צוויי טפחים משנה׳דיק־אַראַמייאיש און פון אונטער זייערע רידלען האָבן אַרויסגעבליצט אַזעלכע ליכטיק־וואַרעמע פאַרהוילענע פונקען, און מיר האָבן דערשפּירט אין זייער וואַרעם־שיינענדיקן שעפּצען אַזאַ אינטים־וואַרעמען גרוס פון אַמאָליקער היים און היימישקייט, אַז עס לאָזט זיך אַזוי גרינג און פריש און צאַרט איינוויקלען און אַריבערגעטראָגן ווערן אין אונזערע היינטיק־היימישע, אידישע מאַמע־געצעלטן — פונקען און טריפן און שושקען וואָס אָטעמען און בלישצען אַרויס פון די חורבות וואו אליהו הנביא כאַפּט זיך אַריין אין די פאַרנאַכטן אָפּצו־דאַוונען אַ מנחה און מעריב און דער פאַר׳צער׳טער שכינה׳ס בת־קול ברומט ווי אַ טויב: „ווײ צום פאָטער וואָס האָט פון זיין טיש פאַרטריבן זיין ליבסטן

זון״, און פון רבי שמעון בן יוחאיס פאַרבאָרגענע קבלה־היילן שאַרכעט סודות־דיק אַרויס דער וואָלקן־דימענטיקער שלייער־זייל פון „תנא דבי אליהו״.

אויף אונזערע קעגנער, די מקורבים פון אונזער דערציאונגס־פּראָגראַם אָבער נישט צו נאָענטע, האָט די דאָזיקע נסים־שפּראַך, אמת, צוערשט קנאַפּ וואָס געווירקט, דערפאַר האָט אָבער אויף זיי גאַר שטאַרק געווירקט אונזער אַרגומענט, אַז אָן ה ע ב ר ע א י ש קיין אידיש. אָן העברעאיש, האָבן מיר גע׳טענה׳ט, איז אידיש אַ מין גערמאַנישער דיאַלעקט, אָבער נישט קיין אידישע שפּראַך. אָן דעם העברעאישן עלעמענט איז אידיש אַ שפּראַך אָן זאַלץ און אָן שמאַלץ. אידיש איז איינע פון די רייכסטע שפּראַכן אין הומאָר און וויץ, און ביידע ליגן זיי איינגעבאָרגן אין דעם העברעאישן עלעמענט פון אידיש. אָן דעם העברעאישן עלעמענט זיינען נישטאָ אַזעלכע פאָלקס־ווערט־לעך ווי „חוטא בייגל (בעגל) זייך״, „תורת לאָקשן״ (אָנשטאָט תורת משה), „מלך בגדוד״ — ווי אַ הונט אין קראָפּעווע אָדער „קאַנאָפּליעס״, ווערטלעך וועלכע מענדעלע מוכר ספרים און שלום עליכם האָבן נאָכגעדיכטעט און דערמיט געשאַפן אַ ניט־אויסשעפּלעכן אידישן פאָלקס־און־ליטעראַטור־הומאָר־פאַנטאַז. און אָן העברעאישן עלעמענט, האָבן מיר ווייטער אָנגעוויזן, וואָלט אידיש נישט פאַרמאָגט פיל פון אירע גראַמאַטיקאַלישע גרונט־פאָרמען, ווי אַ סך מער־צאָלן און איינצאָלן (רב — רבנים, שמש — שמשים, דאָקטער — דאָקטוירים, פאַקטער — פאַקטוירים), אַזעלכע ווי די ווייבלעכע ענדונגען מחותנתטע פון מחותן, גרטע פון גר, כלבטע (קלאַפּטע) פון כלב, משרתטע פון משרת און אַזעלכע בינד־ און אומשטאַנד־ווערטער ווי כ ד י און מ ח מ ת און ב ת נ א י און ב ש ע ת. און אָן העברעאיש, האָבן מיר ווייטער אָנגעוויזן, בלייבט דאָך אין דער אידישער שפּראַך דער מוראדיקער בלויז פונעם פעלן פון אַזעלכע גייסטיק־אַבסטראַקטע, שכלדיקע און פּסיכאָלאָגישע ווערטער, ווי ר ו ח נ י ו ת אנן ג ש מ י ו ת און ח ו מ ר און ר ו ח, גוף און נשמה, און צורה, שכל און שטות (חוסר דעה) און חקירה און ווערטער פון לאָגיק און אַרגומענטאַציע, ווי בשלמא און מילא און מהיכא תיתי און קשיא און תירוץ — און אַ סך, אַ סך אַנדערע ווערטער, פון דעם מין און פון אַנדערע מינים. דאָ האָבן אונזערע קעגנער פון די אַרבעטער רינג און פון די שלום עליכם שולן גלייך קאַפּיטולירט, באַשיצנדיק זיך נאָר הינטער דעם אָנמעכטיקן תירוץ פון: וואו נעמט מען צייט אַזויפיל צו לערנען? און זיך מאַכנדיק קוראַזש, האָבן זיי אונזער טענה פון העברעאיש אין אידיש נאָך געפּרוואוט קאַריקאַ־

טוריזירן מיטן געוויינטלעכן „אייער גנב און גזלן", אָבער תוך כדי דיבור האָבן זיי באַשלאָסן אַריינצונעמען אין זייער קוריקולום דעם לימוד פון אַ פּאָר הונדערט העברעאיש ווערטער. מיר האָבן זיי נישט אָפּגעלאָזט און אויפגע־וויזן, אַז אָפּרייסן ווערטער פון אַ שפּראַך, אָן גראַמאַטיק, אָן שפּראַכלעכער אחיזה (קאָנטעקסט) איז אַ באַרבאַרישער לימוד אָן זיכערקייט. און גלאַט ווער קען עס פיקסירן אַ סכום ווערטער אין אַ שפּראַך־פּראָצעס, וואָס האַלט אין שטענדיקן וואַקסן? אונזער קריטיק האָט ווייטער געווירקט. דער סכום ווערטער איז טאַקע געוואַקסן און אין אַ צאָל שולן האָט מען, אָפיציעל אָדער נישט אָפיציעל, העברעאיש בפועל ממש טאַקע געלערנט. און מיט עטלעכע יאָר פריער האָט מען ענדלעך אַראָפּגענומען די האַנט פון האַרצן און, לכל הפחות אין די מיטלשולן, און בפרט נאָכן אויפקום פון מדינת ישראל, סיי ביים אַרבעטער־רינג און סיי ביי די שלום עליכמניקעס, אָנגעהויבן לערנען העברעאיש.

ביי אונז אַליין זיינען קיין נייעס נישט פּאָרגעקומען. און באמתן האָבן זיי דאָך נישט געקענט פּאָרקומען. זיינען מיר דאָך פון סאַמע אָנהויב געגאַנגען ביז צום ווייטסטן גרענעץ. איז דאָך אונזער ציל פון אָנפאַנג אָן געווען — לערנען ביז צו קענען, אָדער לערנען ביז צופירן און אַריינפירן אין דער ליטעראַטור. האָבן מיר טאַקע געלערנט, אין אונזערע פאָלקשולן ווי אין אונזערע מיטלשולן, די שפּראַך מיט פיל פון איר דקדוק און מיר האָבן שוין פרי אין פאָלקשול אָנגעהויבן לערנען טיילן פון חומש און פאָרגעזעצט מיט געקליבענע טיילן פון נביאים און כתובים, אין אָריגינאַל, אין דער מיטלשול, פּרוּאווּנדיק, אַלץ אין אָריגינאַל, אַריינפירן די יונגינקע סטודענטן אונזערע אין פּרקי אָבות און תלמודישע אגדות און אין אייניקע קלאַסיקער פון דער נייער און מאָדערנער העברעאישער ליטעראַטור.

קורץ און גוט, מיר זיינען געווען פרום ווי די פרימסטע העברעער. מיר האָבן נאָכגעפאָלגט די בעסטע העברעאישע לערער און מעטאָדן דאָ אין אַמעריקע. מיר האָבן בלינד נאָכגעפאָלגט די אויטאָריטעט פון ארץ־ישראל. און אויב מיר האָבן אין דעם פּרט פון העברעאיש געזינדיקט, איז טאַקע אין אונזער נאָכפאָלגן די העברעער, בפרט אין אונזער בלינד נאָכפאָלגן ארץ־ישראל, געלעגן אונזער זינד. מיר האָבן אויך דאָ, פּונקט ווי מיר האָבן געטאָן אויף אידיש, געדאַרפט זוכן און פאָרשן נייע מעטאָדן, מחדש זיין נייע לערן־ביכער און פּרוּאוון באַשאַפן נייע סיסטעמען (זיינען דאָך אַלטע מעטאָדן עלול

צו זיין פעלערהאַפט, זיינען דאָך די באַדינגונגען פון ארץ־ישראל אַפּט פּונקט דער היפּך פון די באַדינגונגען אין אַמעריקע). פאַר דער דאָזיקער זינד האָבן מיר נאָר איין אַנטשולדיקונג: מקוצר רוח ומעבודה קשה — מיר האָבן קיין צייט נישט געהאַט, עס האָט אונז געפעלט די הרחבת הדעת און די זיכערקייט וואָס קומען פון פיזישער באַזאָרגטקייט און פון גייסטיקער האַרמאָניע און שלום מיט די קערפערשאַפטן און אינסטאַנצן, וואָס אונטער זייער באַשיצנדיקן שאָטן האָבן מיר געזאָלט אַרבעטן.

און אָט איז דער פינאַל.

ביים אויפקומען פון מדינת ישראל האָט אונז, ווי די גאַנצע אידישע וועלט, בפרט די ציוניסטישע, אָנגעכאַפּט אַ זיסער אייגענטלעך הייליקער פיבער. פילנדיק אַז מיר מוזן דער שעה, דער מינוט אויך ברענגען אונזער קרבן, האָבן מיר, פאַרשטייט זיך, אָן געהעריקן ישוב הדעת, יאָ אָפיציעל אָדער נישט אָפיציעל, בנוגע דעם לימוד פון העברעאיש אָנגענומען דריי באַשלוסן: א) לערנען העברעאיש, די שפּראַך פון מדינת ישראל, ווי אַ לעבעדיקע שפּראַך, ד. ה. לייגן געוויכט אויפן דבור עברי; ב) לערנען לויט דער מעטאָדע פון עברית בעברית, און ג) איינפירן די הברה הספרדית.

אָבער — פון איילעניש קומט קיין גוטס נישט אַרויס. די צוויי ערשטע באַשלוסן זיינען איבעריק, ווייל זיי זיינען שוין פאַראַן און ווערן שוין לאַנג פּראַקטיצירט, בשעת דער דריטער באַשלוס איז טאַקע שעדלעך. היות, מען לערנט ביי אונז העברעאיש אויף צו קענען, האָט דאָך גאָר קיין ספק נישט געקענט זיין, אַז קענען מיינט אַלץ, אי לייענען, אי שרייבן, אי ריידן. און ווירקלעך, מען האָט זיך אין אונזערע העברעאישע קלאַסן שטענדיק געמיט אַרויסצובאַקומען פון די קינדער העברעאישע ענטפערס אויף די לערערישע פראַגעס און אַפילו צו באַקומען פון זיי פּאַראַלעלע, מער־ווייניקער, זעלבסט־שטענדיקע ענטפערס. העכסטנס, קען דער נייער באַשלוס באַשטיין, אַז מען דאַרף דעם סכום פון דבור עברי פאַרגרעסערן, רעכענענדיק זיך דערביי מיט דער מעטאָדישקייט פון דער זאַך און מיטן טעקסט, וואָס מען האַלט אין לערנען.

עברית בעברית, אָדער די שיטה־טבעית, ווי מען פלעגט עס ביי אונז אַמאָל רופן, איז, ערשטנס, אַ מעטאָדע און נישט קיין פּרינציפּ און דאַרף רעגלאַמענטירט ווערן נישט פון טעמפּעראַמענטפולע צוזאַמענקונפטן, נאָר פון שטילע, באַדאַכטע לאַבאָראַטאָריעס. צווייטנס איז די ש י ט ה ביי אונז

איינגעפירט געוואָרן פון סאַמע ערשטן טאָג, אין דער סאַמע ערשטער פאָלקשול („נאַציאָנאַל ראַדיקאַלע שולע") אונזערער. ד. ה. היות, עס האָט אונז, אַ דאַנק דעם סאַמע תוך פון די אומשטאַנדן געפעלט יענע אָרעמע „מכשירים" וואָס פיל היגע העברעאישע שולן האָבן פאַרמאָגט, פלעגט ביי אונז, אַזוי ווי אין די אַנדערע שולן, דער לערער זיינע העברעאישע אַפּטייטשונגען, „בלחש" אויך באַגלייטן מיט אידישע אָדער ענגלישע איבערזעצונגען. און דער דאָזיקער „עברית בעברית" ווערט אין אונזערע שולן נאָך פראַקטיצירט עד היום הזה.

בנוגע הברה ספרדית, פאַרדאַרבט דער נייער באַשלוס אונזער אייגענעם צוועק (איבערקערנדיק אונזער אַמאָליקע טענה קעגן אַרבעטער־רינגניקעס און שלום־עליכמניקעס קעגן אונז אַליין). לויט דער הברה האשכנזית האָט אונזערס אַ קינד לייכט געקענט כאַפּן דעם זין פון הונדערטער העברעאישע ווערטער, פון קענען זיי, די ווערטער, פון אידיש, ווי למשל, אמת פון אמת, לשון פון לשון, חיה פון חיה, בית פון בית און אדם פון אדם — אָבער „עמעט", „לאַשאָן", „חאַיאַ", און „אַדאַם" וועט טאָקע אונזער קינד, כאָטש עס קען די ווערטער, נישט דערקענען. און עס איז דאָך אַ זינד קעגן די עלטערן פון די קינדער, וואָס מיר רופן זיי אויף אונזערע „שמחות" און לאָזן פאַר זיי זייערע קינדער דעקלאַמירן אָדער לייענען אויף העברעאיש. טאָמער האָבן זיי ביז איצט, אַ דאַנק זייער „אשכנזיש", כאָטש אַ האָר פאַרשטאַנען, רוקן מיר איצט, מיטן „ספרדית", דעם אמתן „בני אדם" זיי אין די אויגן אַריין.

נאַטירלעך, מדינת ישראל איז היינט דער אַקטועלסטער ענין און מיר מעגן, צום טייל, יעדעס קינד אונזערס באַטראַכטן ווי אַ קאַנדידאַט אויף צו פאָרן קיין ישראל. אָבער דער חילוק צווישן די צוויי אויסשפּראַכן איז דאָך אין אמתן אַזוי קליין, אַז מען קען דאָך אים באַמייסטערן אין איינע עטלעכע טעג פאָרן אָפּפאָרן, ווי אַ הכנה צווישן די אַנדערע הכנות פאַר דער רייזע, און אויפן שיף און אַפילו שווימענדיק צום חיפה'ער האַפן.

אויפן סאַמע ערגסטן פאַל, אויב שוין יאָ „ספרדית", דאַרף ער דאָך אָבער נישט זיין אויסשליסלעך. קומט דען טאַקע דעם „אשכנזית" אַזאַ חרם מוחרם, אַז ער טאָר דעם „ספרדית" אַפילו נישט באַגלייטן פון הינטן?

## דער ענין רעליגיע אין אונזערע פאָלקשולן

איבערהיפּנדיק דעם לימוד פון היסטאָריע אין אונזער פראָגראַם, כאָטש ביי אונז איז ער אַנדערש ווי אין אַנדערע שול־ריכטונגען, דערמיט וואָס, פון

איין זייט, הויבט ער זיך ביי אונז אָן פון די סאַמע ערשטע חומש־מעשיות און, פון דער אַנדער זייט, ווערן ביי אונז אין אים דערהויפּט אונטערגעשטראָכן די נייע, און, מער נאָך, די מאָדערנע עפּאָכעס און, איבערהיפּנדיק דאָ אויך די פייערונג פון ימים־טובים אין אונזערע שולן, ווייל דאָס ווערט אָנגערירט, אין ענין רעליגיע, וועל איך איצט פּרואוון אָנצייכענען טאַקע דעם גאַנג פון אידישער רעליגיע אין אונזערע שולן.

אין מיינע אַרטיקלען וועגן דער נייער אידישער שול אין דער „וואַר־הייט", אין 1909, האָב איך אין צעטל פון די לימודים אין דער געגאַרטער שול, אויך אַריינגעשטעלט די געשיכטע פון דער אידישער רעליגיע. אָפּט וואונדער איך זיך, פון וואַנען דער געדאַנק איז צו מיר דעמאָלט געקומען, בפרט נאָך אין אַ פּראָגראַם פון אַ שול פאַר קינדער פון אויסגעשפּראָכענע אידישע פריידענקער. סיידן איך זאָל אָננעמען, אַז דער געדאַנק פון וויסן איז דעמאָלט אַזוי הויך געשטאַנען אויף דער ראַדיקאָלער אידישער גאַס, אַז ער האָט מכפּר געווען אַפילו אויף אידישער רעליגיע. אָדער אפשר איז די אידייע פון דער „פּאָעטישער ווידערגעבורט פון דער אידישער רעלי־גיע" שוין דעמאָלט געווען אַזוי אָנגעקוואָלן אין די מוחות פון אידישע ראַ־דיקאַלן, אַז שוין מיט אַ קנאַפּן יאָר פאַר דר. זשיטלאָווסקיס באַרימטער סעריע אַרטיקלען אויף דער טעמע (וואָס זייער זין האָט דאָך געמוזט זיין, אַז די אידישע רעליגיע פאַרמאָגט איר פּאָעטישע שיינקייט אַפילו פאַרן נישט־גלויביקן) — אַז זי, די אידייע, האָט שוין דעמאָלט אַרומגעשוועבט אין דער לופט פון דער אידישער ראַדיקאַלער וועלט.

אויף דעם ערשטן, דעם גרינדונגס־צוזאַמענפאָר פון אונזערע שולן, אין ניו־יאָרק, אין 1912, איז אָנגענומען געוואָרן אַ רעזאָלוציע, לויט וועלכער אונזער שטעלונג צו דער אידישער רעליגיע איז אַן אַנטראָפּאָלאָגיש־פּאָזיטיווע, ד. ה. אַז איר געבורט איז געווען אַ קולטור־נויטווענדיקע און נישט עפּעס אַ נאַרעריי אָדער קאַפּריז, וועדליק ראַדיקאַלן קענען זיך אויסמאָלן. אויפן צווייטן צוזאַמענפאָר, אין 1914, האָט חיים ליבערמאַן געהאַלטן אַ רעפעראַט, אָנווייזנדיק נישט נאָר אויף דער שיינקייט, נאָר דער עיקר טאַקע אויף דער פונדאַמענטאַלישקייט און אומעטומיקער דורכדרינגלעכקייט פון דער אידישער רעליגיע אין דער אידישער קולטור און אידישן לעבן. און ווידעראַמאָל האָט דער צוזאַמענפאָר אָנגענומען אַ רעזאָלוציע, וואָס נישט נאָר אין גייסט נאָר אַפילו אין דער שפּראַך איז זי ענלעך געווען צו דער פריערדיקער. און אין

יענער צייט, כאָטש איך געדענק נישט ווען און וואו, האָט עס ביי אונז אויך געמוזט אָנגענומען ווערן אַ באַשלוס פאַר דער פייערונג און אָפּהיטונג פון די אידישע ימים־טובים אין און אַרום דער אידישער שול, אַ פייערונג און אַן אָפּהיטונג אַ נאַציאָנאַלע, אָבער אויך די רעליגיעזע זייט פון די ימים־טובים זאָל באַטירט ווערן. און איך געדענק גאַנץ גוט, אַז תיכף ביי די סאַמע ערשטע ימים־טובים נאָך דעם געהעריקן צוזאַמענפאַר, איז די פייערונג פון די ימים־טובים אַוועק אויף פּונקט אַזאַ וועג.

גייענדיק ווייטער אין דער דאָזיקער ריכטונג, האָב איך אויף אונזער צוזאַמענפאַר אין ראָטשעסטער, אין יאָר 1924, געפאָדערט „אַ ן אָ ר ט אונטער דער זון" פאַר רעליגיעזע שטימונגען אין אונזער שול־בליק, אָפּטיילנדיק זיי פון רעליגיעזיטעט ממש.

טראַכט איך איצט, וואָס איז דעמאָלט געווען מיין צוגאַנג און דער צוגאַנג פון אַנדערע חברים, מיטגרינדער און מיטבאַשאַפער פון דער נייער אידישער דערציאונג, צום ענין אידישע רעליגיע. און איך קום צום שלוס, אַז דער צוגאַנג, כאָטש נישט אויסגעשפּראָכן גענוג, איז געווען אַ צוגאַנג פון נאַציאָנאַליזם, פון אידיש־נאַציאָנאַלער גאַנצקייט און נאַציאָנאַל־דורכדרינגלעכער פאַרשטענדיקונג. דערמאָן איך זיך טאַקע, אַז אַרום יענער צייט, סיי אין מינדלעכער און סיי אין שריפטלעכער פּראָפּאַגאַנדע פון אונזערע שולן, פלעג איך גאָר אָפט באַנוצן אַלס מאָטאָ דעם שאַרפן, קלאָרן שפּרוך פונעם מוסטער־האַפטן אידישן ליבעראַל פּראָפעסאָר בערנאַרדי, פון אַרטור שניצלערס דראַמע „פּראָפעסאָר בערנאַרדי", וואָס איז אַרום יענער צייט געווען דערשינען. פּראָפעסאָר בערנאַרדי האָט דאָרט אַ וויכוח מיט זיין קעגנער, דער קאַטוילישער פּריסטער. זאָגט דער פּריסטער אַרויס זיין אויפגאַבע. און דער אידישער ליבעראַל ענטפערט:

„און אונזער פליכט איז צו פ אַ ר ש ט י י ן אַ פ י ל ו אָט די דאָזיקע וואָס ק ע נ ע ן א ו נ ז נ י ט פ אַ ר ש ט י י ן!"

אויף אַ צוזאַמענפאַר, אין עטלעכע יאָר אַרום נאָך דעם ראָטשעסטערער, אין פּעטערסאָן, בין איך אַרויס מיט אַ פאָדערונג פאַר אַ סיסטעמאַטישן קורס פון רעליגיע־קענטשאַפט אין אונזער קוריקולום. און ווי אַזוי האָב איך אָט די דאָזיקע פאָדערונג מאָטיווירט? די הויפּט־מאָטיווירונג איז געווען, אַז אָן אַזאַ קענטשאַפט איז נישט מעגלעך צו פאַרשטיין דאָס אידישע לעבן, מער נאָך די אידישע ליטעראַטור.

און אַזוי ווי די דאָזיקע פאָדערונג, אין פעטערסאָן, איז מיר נאָכגעגעבן געוואָרן נישט צו־גערן און אין לעבן האָט זי טאַקע נישט פונקציאָנירט, ביז איך, אויפן נעקסטן, ניו־יאָרקער שולן־צוזאַמענפאָר, אין סוף פון די צוואַנציקער יאָרן, פאָר איר פון דאָס ניי אַרויס, באַוואָפנט מיט אַ פאַרטיקער פּראָגראַם פון אידישער עטנאָלאָגיע (דאָס איז, בדרך כלל, די זעלביקע פּראָגראַם, וואָס ווערט זייט דעמאָלט געלערנט אין אונזער ניו־יאָרקער צענטראַלער מיטלשול). דעמאָלט איז מיין פאָרלאַנג מער גערן באַוויליקט געוואָרן, אָבער אין די דיסקוסיעס בשעת מעשה און פריער האָט אויף אונז אויך אַ רושם געמאַכט חיים גרינבערגס אַ געדאַנק, אַז נישט נאָר דאַרפן מיר אונזערע קינדער באַקענען מיט אידישער רעליגיע, נאָר אויך איבערגעבן זיי דאָס וויסן אַזוי אינטים, אַז זיי זאָלן אויך איבערלעבן אָט דעם דאָזיקן „רעליגיעזן ציטער", וועלכן מיר האָבן איבערגעלעבט אין אונזער קינדהייט.

פון יענעם צוזאַמענפאָר אָן האָט דער ענין רעליגיע גענומען אַ נייע ווענדונג אין אונזערע שול־דיסקוסיעס און שול־טראַכטענישן. פון איין זייט האָט זיך אָנגעהויבן אַ ראַנגלעניש אין אונזערע רייען פאַר אידישן ריטואַל אין און אַרום אונזערע שולן. אָפּגערעדט פון די „פיר קשיות" צום פּסחדיקן סדר. זיי האָבן עפּעס ווי פון זיך אַליין אָנגעהויבן אַרויסגעפרעגט ווערן, און, דאַכט זיך, נאָך פריער. אָבער איצט האָבן אויך אָנגעהויבן אַרויסשווימען, ווידעראַמאָל אַזוי ווי פון זיך אַליין, „קבלת־שבת׳ן", אַ מאָדערנע בר־מצוה, און זי, די „בר־מצוה", האָט זיך תיכף אָנגעהויבן שטיקן אין אירע „מאָדערנע" ווינדעלעך און דוקא געפאָדערט ריין־אָרטאָדאָקסישע תפילין און רצועות.

פון דער אַנדער זייט איז געקומען אַ בלעזלען און ברויזן נישט נאָר נאָך רעליגיעזע שטימונגען, נאָר אויך נאָך רעליגיעזע איבערלעבונגען. און אַפילו די לעצטע האָבן די בענקשאַפט נישט געשטילט. עס האָט זיך ממש געוואָלט אַ רעליגיעזע איבערלעבונג, וואָס זאָל גלייכצייטיק אויך זיין איינגעהילט, איינגעוויקלט אין רעליגיעזע צערעמאָניעס.

פון וואַנען איז די ענדערונג געקומען?

עס איז געווען איין גרויסע, אַלץ־אַרומכאַפּנדיקע אורזאַך, פון וועלכער עס האָבן, ווי צייכנס פון דער צייט, אַרויסגעשטראָמט פיל קלענערע אורזאַכן. עס איז כדומה למשל געווען ווי אַ הימל, פון וואַנען עס האָבן אַרויסגעשאָסן שטערן און שטערנדלעך.

די גרויסע אַלץ־אַרומכאַפּנדיקע אורזאַך, דער הימל — דער פאַרשטאַרק־

טער, פּאַרטיפּטער נאַציאָנאַליזם. פון איין זייט, די אַלץ גרעסער־ווערנדיקע, די אַלץ זיך מערנדיקע אידישע צרות; פון דער אַנדער זייט די פון דאָס ניי זיך אויפכאַפּנדיקע שרעק פון די ערשטע יאָרן פונעם יאָרהונדערט פאַרן אידישן אונטערגאַנג, דער פּחד פאַר דער אַסימילאַציע. האָט מען, אַזוי ווי שאָף, ביים אויסברוך פון אַ שטורעם, דערפילט אַ באַגער צונויפצוטוליען זיך, צונויפגיסן זיך מיט דער מאַסע. און וויבאַלד זיך צונויפגיסן, טאָ וועלכער כוח המושך איז פאַר דעם נאָך אַזוי מסוגל ווי די רעליגיע, די ירושה פון די אָבות?

איז דאָס געווען די גרויסע אָדער הויפּט־אורזאַך פון אונזער בליק אָדער באַציאונג צום אידישן ריטואַל, בשעת די קלענערע אורזאַך אָדער אור־זאַכן האָבן געמוזט זיין די פאָלגנדיקע:

ראשית, האָט זיך כסדר אָנגעהויבן פילן אַ דרוק נאָך אַ מער קאָנטיקער, מער זעעוודיקער און הערעוודיקער אידישקייט מצד די עלטערן פון אונזערע קינדער, וועלכע האָבן זיך אין משך פון דער צייט שטאַרק געביטן. אָנשטאָט אידישע ראַדיקאַלן זיינען געקומען סתם אידן, אויב נישט שול־אידן איז לכל הפּחות אידן פון קדיש און קידוש און ליכט־בענטשן און יאָרצייט און ימים־נוראים און אפשר אויך אַנדערע גרויסע ימים־טובים, טאַקע אין שול. און — וואָס איז דאָ צו לייקענען? — די ענדערונג האָט, ווי אַ פּאַרפּלייצונג בשעת דעם גאַנג פון קריעס, גענומען גרייכן צוערשט די קנעכלעך אָבער מיט דער צייט אויך די הערצער פון אונזערע אייגענע חברים, סימפּאַטיקער און טוער אַרום די שולן. עס האָט זיך צעצונדן אַ באַגער נאָך שטאַרקערע און טיפערע רעליגיעזע איבערלעבונגען. און — צי זיינען עס געווען אַלטע „אַטאַוויסטי־שע" בענקענישן פון אַמאָל, אָדער עס זיינען גאָר געווען פאַנאַנדערקלייבונגען פון רעליגיעזע אָפּקלאַנגען וועגן אידישע שרייבער און דענקער אין איירָאָפּע און אין זייערע ווערק, ווי אויך די אין די ווערק פון אָמעריקאַנער אידישע שרייבער (י. ל. פּרצס פעליעטאָנען אין „אין מיין ווינקעלע", ש. אַנסקי אין זיינע פאָלקלאָריסטישע זאַמלונגען און אין די אויף זיי געבויטע בעלעטריס־טישע ווערק, בעל דמיון, א. ווייטער, דוד איינהאָרן א. אַ. וו.) — די אַלע בענקענישן, גאַרונגען, לעכצונגען און געפיל־און־מחשבות־שפּינערייען האָבן זיך קריסטאַליזירט אין אַ שטאַרקן פאַרלאַנג נאָך ריטואַל אין אונזערע שולן.

האָבן מיר בנוגע ריטואַל שוין אַ סך נאָכגעגעבן. און מיר דאַרפן נאָכ־געבן נאָכמער. איי וואָס, ס'איז דאָך פּאַרט פּריקרע פאַר איינעם וואָס איז,

נאָך אַלעמען, אַ קנאַפּער גלויביקער און ער איז אויך נישט קיין מקובל, פּלוצים, פון דער העלער הויט, זיך נעמען „צעשאָקלען" און מתפּלל זיין צו אַ ווען, וואָס אַפּילו אַז מען „גלויבט" אין אים יאָ, איז אָבער דער „גלויבן" אַזוי אומבאַשטימט, אַזוי אַבסטראַקט, אַזוי אומפּערזענלעך — מתפּלל זיין צו אים, בענטשן אים, לויבן און דאַנקען און זיין מיט אים אַזוי באַלייבט חבר־לאַפּ? אַרויספירן פון אַזאַ מין קלעם, אויב ס'איז אַ קלעם, קען אונז ווידער די ליטעראַטור, די קונסט — דורך שטימונג, דורך אילוזיע, דורך רעליגיעזער שטימונג און רעליגיעזער אילוזיע.

אָט איז אַ ביישפּיל פון רעליגיעזער שטימונג.

דאָס איז געווען מיט אַ פּאָר צענדליק יאָר אויף צוריק, אַ פּריוואַטע פּאַרנאַכט, אין אונזערער אַ שול, אין אַטלאַנטאַ (דזשאָרדזשיאַ). דר. פיין, דער דעמאָלטיקער לערער, האָט דורכגעפירט אין דער שול אַ קבלת שבת. ס'איז קיינער נישט געווען אַחוץ מיר אַלס גאַסט, דער לערער און די קינדער, וואָס זיינען עקסטראַ און נישט אָן פייערלעכקייט געבראַכט געוואָרן אין אַ „באַס" אין שול אַריין. אַנגעצונדענע ליכט אָקעגן דעם דרומדיקן זון־אונטערגאַנג. אַ האַלב־מיסטישע שטילקייט האָט אַראָפּגעשוועבט פון די ווענט. דער לערער (הפּנים כדי צו געבן דעם יום־טוב אויך אַ שטיקל פּנים פון אַן „אַסעמבלי") האָט פאַרגעלייענט אַ קורצע כראָניקע פון דער שול־וואָך. אַ צען־יאָריק מיידעלע ביי דער פּיאַנאָ האָט אויסגעשפּילט שבת־ניגונים און אַזוי שול־לידער. דער לערער אָדער עמעצער אַנדערש האָט דערציילט אָדער פאַרגע־לייענט אַ מעשה וועגן שבת און דער מצוה פון שבת און אַ שבת־נס. און — „גוט שבת! — גוט יאָר!"

איך האָב איבערגעלעבט אַ קבלת־שבת שטימונג פון איין מין מיט יענע שטימונגען, וואָס איך פלעג איבעלעבן ביי אַ קבלת־שבת, העט־אַמאָל אין מיין קינדהייט. און קוקנדיק די קינדערלעך אין די פּנימלעך אַריין האָט זיך מיר געדאַכט, אַז אויך זיי האָבן איבערגעלעבט עפּעס ענלעכעס.

און אָט איז אַ רעליגיעזע אילוזיע.

איך בין — אויך מיט אַ סך יאָרן צוריק — אין דער אָפּערא. עס גייט „זשאַגליור (דער קונצנמאַכער) דע נאָטרדאַם" (איך געדענק נישט גענוי ווער עס די מוזיק, ווער עס די ליברעטאָ). אַן אָרעם בעטלער־אינגל, וואָס פלעגט זיך ווי עס איז דורכשלאָגן מיט זיין מיזעראַבעלער חיונה אַרום קרעטשמעס, ווי אַ קונצנמאַכער, ווערט קראַנק אויף זיינע וואַנדערונגען און ווערט, אויס

רחמנות, אַריינגענומען אין אַ מאָנאַסטיר. קומענדיק ביסלעכווייז צו זיך, קוקט ער זיך צו צום לעבן פון די מאָנאַכן. און איין טאָג זעט ער אַ יום־טוב אין קלויסטער, אַ יום־טוב צו דער מאַדאָנאַ. יעדער ברענגט איר אַ קרבן — פון דאָס טייערסטע, פון דאָס הייליקסטע וואָס ער איז ביכולת. איין מאָנאַך, אַ קאָמפּאָזיטאָר־זינגער, זינגט איר אויס זיין הימנע; אַ צווייטער, אַ מאָלער, מאָלט אויס איר געשטאַלט; אַ דריטער, אַ סקולפּטאָר, מאָדעלירט אויס איר פיגור. אַלץ, נאַטירלעך, מיט מוזיק און געזאַנג.

זעט עס צו דאָס אָרעמע אינגל און ווערט אָנגעצונדן מיטן עקסטאַז אויך צו ברענגען זיין קרבן צו דער ליבער, הייליקער מאַדאָנאַ. כאַפּט ער פון ערגעץ אַרויס זיינע „כלים״, זיין ראָגאָזשעלע, זיינע רייפלעך, זיינע שטריקלעך, זיינע שמאַטקעס און נעמט זיך מיט איבערמענטשלעכער התלהבות קוליען און ברעכן פאַר דער מאַדאָנאַ און פראַווען זיינע קונצן.

דערזעען עס די מאָנאַכן און גיבן זיך צו אים אַ לאָז, אים דורס צו זיין. „אַזאַ חילול השם!״ אָבער דאָ געשעט אַ נס! דער מאַדאָנאַס שטיינערנע אויגן ווערן אָנגעצונדן מיט צוויי גרויסע ליכט־פלאַמען און איר גאַנצער פּנים שטראַלט אומערדיש אויף און איר גאַנצע פיגור דערהויבט זיך הימלדיק אויף. אַ סימן, אַז דעם אָרעמען קונצנמאַכערס קרבן איז באַוויליקט געוואָרן מער פון אַלעמענס.

איך בין געזעסן ווי אַ צוגעשמידטער, קיינעם און קיינס נישט באַמערקט און נאָר געלעבט און איבערגעלעבט אינאיינעם מיט אַלץ און אַלעמען אויף דער סצענע.

און, נישט קיין קאַטאָליק, אַפילו נישט קיין גלויביקער (אין געוויינטלעכן זין), האָב איך דאָך אַלץ נישט נאָר געגלויבט (אפשר גאָר נישט שייך גלויבן ?!) נאָר אַלץ מיטן גרעסטן ענטוזיאַזם איבערגעלעבט און מיטגעלעבט.

אַ רעליגיעזע אילוזיע.

אַ רעליגיעזע אילוזיע איז אויך אַ גלויבן, אָבער פון אַן אַנדער מין. פון אַן אַנדער מין, פון ליטעראַטור, פון קונסט, און אין קיין שום איינשטימיקייט אָדער קאָנפליקט מיט דאָגמאַס און זייער גלייכן. אַ גלויבן נישט פון שכל נאָר פון „האַרצן״, פון דער פאַרשטעלונג. אַ גלויבן נישט פון מוח, פון דער „ראַציאָ״, נאָר עס וויקלט דיך, דיין נשמה אַרום אַזוי ווי אַ דורכזיכטיקער הימל־פליטערדיקער פּרוכת.

און אַזאַ מין ריטואַל, אַן אילוזירטן, אַ דראַמאַטיזירטן, אַ טעאַטערדיקן

האָבן מיר דאָך כמעט גרייט אין אונזער ליטעראַטור, אין אונזער פאָלקלאָר, אין אונזער טעאַטער. אָט למשל, אָט טאַקע די אייגענע מעשהלע מיטן פּראַנ־צויזישן קונצנמאַכערל, דערמאָן איך זיך אויפן מאָמענט, האָבן מיר גרייט אין צוויי נוסחאות, איינע אין שלום אַשס געשיכטע מיט אַ דאָרפס־יונג, וועמעס פייף ראש־השנה אין שול (ווייל דאַוועגען האָט ער נישט געקענט) איז אויפגע־נומען געוואָרן אין הימל גיכער פון אַלע תפילות, און די צווייטע אין יצחק אבנ'ס אַ חסידישער מעשה מיט אַ בעל־עגלה, וואָס זיין קנאַק מיט דער בייטש האָט הושענא רבה צעריסן דעם גזר־דין. און גיט נאָר אַ טראַכט, וועט איר דאָך גלייך איינזען, אַז דער אידישער ריטואַל, עס הייסט די עפנטלעכע רעליגיעזע צערעמאָניעס, אַנטהאַלטן אין זיך שוין סיי־ווי־סיי זייער פיל דערפון (יעדער ריטואַל, יעדע עפנטלעכע צערעמאָניע, פאַרמאָגט שוין אין זיך עפּעס טעאַטערדיקס).

דער ריטואַל, למשל, פון כל נדרי, כאָטש ער ווערט אויסגעשפּילט־אויסגעזונגען ווי אַ מין מאָנאָלאָג, איז אַפילו טראַגיש. נאָכמער דראַמאַטיש, נאָר אָפענער, כאָטש אַ היפשער טייל זיינער איז ווערטערלאָזע פאַנטאַזיע, איז דער פּסחדיקער סדר, וואו דער טאַטע, מיט זיין שטאָק און טאָרבע און קיטל, שפּילט דעם וואַנדערער. און סיי פייערלעך און סיי טראַגיש איז דאָך דאָס ריטואַל־שפּיל פון דער יום־כפּורדיקער עבודה, וואו דער חזן־בעל תפילה שפּילט דעם כהן גדול און קהל, אַזוי ווי דער כאָר אין דער פאַרצייטיקער גריכישער טראַגעדיע, שפּילט מיט — פאַלנדיק כורעים, ציילנדיק „אחת ואחת", „אחת ושתים"...

„אידישע דערציאונג", מאַי, 1954

# די שול און די היים

עס איז אַן אַלטער, פעסטער אידעאַל ביי דער פעדאַגאָגיע, אַז דעם קינדס שול און דעם קינדס היים זאָלן איינס זיין, אַז דעם קינדס היים, וואוהין עס קומט צוריק צו רוען, צו אַרבעטן און צו לעבן, זאָל זיין אַ נאַטיר־לעכע פאָרזעצונג פון דער שול, וואו מען האָט דאָס קינד געלערנט און דער־צויגן. אין תוך גענומען איז דאָך לערע אויך דערציאונג און אין דער היים ווערט דאָך דאָס קינד דערצויגן נישט ווייניקער, אויב גאָר נישט מער, ווי אין שול. טאָרן נישט זיין קיין צוויי דערציאונגען, טאָרן אוודאי קיין צווייערליי דערציאונגען נישט זיין, אַ פשיטאַ שוין, אַז עס טאָרן נישט געדאַכט ווערן אַזעלכע צוויי דערציאונגען, וואו איינע איז אַ סתירה, אַ ווידערשפּרוך צו דער אַנדערער.

אַ שול־דערציאונג וואָס האָט נישט צו זיך קיין פאָרזעצונג אין דער היים איז גאָר אָפּט, אַזוי ווי אַ געשריפטס מיט אַ טראָסטינע אינעם זאַמד אויפן ברעג ים, וואָס אַז עס לויפט אָן די כוואַליע, פאַרשווענקט זי די שריפט אינאיינעם מיטן שטעקעלע, וואָס האָט זי געשריבן; אַ שול־דערציאונג, וואָס ווערט אין דער היים נישט דערגענצט, איז געגליכן ווי „מען שרייבט מיט טינט אויף אַ צעקאַמקעטן פאַפּיר". אַ דערציאונג אין דער היים וואָס איז אַ סתירה, אַ ווידערשפּרוך צו דער דערציאונג אין שול, איז, אין בעסטן פאַל, ווי די אַרבעט פון צוויי בעלי־מלאכות, וואו איינער בויט און דער צווייטער וואַרפט איין און, אין געוויינטלעכן, נאָך ערגערן פאַל, ווי אַ גאַרטן, וואו איינער רייסט אויס דאָס וואָס דער צווייטער פאַרזייט און עס בלייבט נאָך אַן אומזיסט־אויסגעמאַגערטע ערד.

און אויב דאָס אַלץ איז אמת בכלל, אין דער אַלגעמיינער וועלט פון דערציאונג, היינט אויף וויפיל נאָך אמתדיקער איז עס אַלץ אין דער וועלט פון דער אידישער דערציאונג, באַזונדערס נאָך אין אַזאַ לאַנד ווי אַמעריקע, וואו אונזער קול תורה ווערט פאַרטויבט פון אַרומיקן, פרעמדן געפילדער; אונזער לעבנס־שטייגער ווערט פאַרטרונקען פון גרויסן, ברייטן שטייגער־לעבן פון

אַרום; אונזער קליינער אידישער מיעוט ווערט בטל בששים אין גרויסן אַרומיקן רוב, דאָ אין אַמעריקע, וואו נישט נאָר איז די גאַס פאַר אונז און אונזער אַרבעט נישט גינסטיק, נאָר זי איז בפירוש שעדלעך; וואו דאָס גרויסע נישט־אידישע לעבן בלענדט, באַכישופט און רייסט אַוועק ווי אַ ביסטרער טייך; וואו אונזער גאַנג אַקעגן פרעמדן שטראָם, איז אַזוי אָפט אַ העראָאיש איינשטעלעניש.

דערפאַר בעטן מיר און רופן צו אייך, אידישע עלטערן: העלפט אונז אין דער שווערער אַרבעט; זעצט פאָר אין דער היים, וואָס מיר טוען אין דער שול; דערגענצט קאָנטיק־קלאָר וואָס מיר אין שול באַווייזן נאָר אָנצו־ צייכענען; טוט איר, פון אייערע קינדערס וועגן, אין דער היים, בשעת מיר זיינען נישטאָ, דאָס וואָס מיר טוען פון זייערט וועגן אין שול, אין אייער אַפּוועזנהייט.

ב.

מיר בעטן און רופן, אַז איר זאָלט אונזער אַרבעט פון דער שול פאָרזעצן, באַפעסטיקן און פאַרענדיקן אין אייער און אייער קינדס היים. און בכדי איר זאָלט אונז גוט פאַרשטיין און זיך פאַרטראַכטן מכוח דעם, וואָס מיר זאָגן און אונזער בקשה אויף דערפילן, גיי איך איבער צו פרטים, ווייזנדיק מיט ביישפילן, ווי אַזוי איר קענט אונז העלפן און ווי אַזוי, נישט אויספירנדיק די דאָזיקע ביישפילן, צעשטערט איר אונזער אַרבעט, קעגן אייער אייגענעם ווילן.

וויפיל מאָל, ליבע עלטערן, בעטן מיר אייך, אין משך פון יאָר: קומט צו אונז אין דער שול, קומט צו אונזערן אַן אָוונט, אַ שמחה; קומט צו אונז אין אַ פאַראַדנעם טאָג, קומט צו אונז און פייערט אינאיינעם מיט אייער קינד און די אַנדערע קינדער אַ אידישן יום־טוב אָדער אַ פרייהייט יום־טוב; קומט צו אונז אין קלאַס אין דער וואָכן און זעט און הערט, ווי אַזוי אייער קינד לערנט, ווי אַזוי עס האַלט זיך, פירט זיך אויף; וויפיל מאָל, ליבע עלטערן, בעטן מיר אייך, איר זאָלט עס טאָן, און ווי ווייניק, ליידער, טוט איר דאָס!

מיר בעטן אייך, איר זאָלט קומען, ווייל מיר דאַרפן אייך האָבן. אייער קומען צו אונזערע אָוונטן וועט ווייזן אייער קינד, אַז איר מיינט גאַנץ ערנסט מיט דעם וואָס איר שיקט זיי צו אונז, אַז אויך איר, וואָס איר זייט ביי אייערע קינדער די גרעסטע אויטאָריטעטן, האַלט די שול פאַר זייער וויכטיק, פאַר אַן אינסטיטוציע וואָס קערט זיך אָן טאָקע מיט אייך אַליין. אייער זיין אויף אונזערן אַ שול־יום־טוב, ווער רעדט נאָך אייער מיטפייערן אים, וועט

דעם יום־טוב צוגעבן אַ סך חשיבות, גאָר אַ סך יום־טובדיקייט. אייער זיצן אין קלאַס בשעתן לערנען, נישט נאָר וועט עס די קינדער אַנטרייבן בעסער, מיט מער חשק צו לערנען, כל זמן איר זיצט דאָ דערביי, נאָר אויך אויף שפּעטער וועט עס ביי זיי ליב מאַכן די שול און איר אַרבעט, איבערצייגנדיק זיי, אַז זייער גיין אין דער שול איז ביי אייך, עלטערן, נישט קיין איבער־גייענדיקער קאַפּריז, נישט קיין שפּילכל, נאָר אַ טיף־איינגעוואָרצלטער ענין, אַ טייל פון אייער לעבן.

און נאָכמער איידער קומען אין שול, בעטן מיר אייך, עלטערן, בשעת מיר שיקן אייך אייער קינדס באַריכט־קאַרטע, אַז איר זאָלט זיך אויף איר אָפּרופן מיט אייער חתימה, מיט אייערער אַ באַמערקונג. און דאָך, ווי אָפט, בלייבט אויך די דאָזיקע ווענדונג פון אייך אומגעענטפערט, וואָס דאָס איז פּראָסט־פּשוט אַ וויטיק אין האַרצן, ווייזנדיק, אַז איר האָט גאָר קיין באַציאונג נישט, אַז עס קימערט אייך גאָרנישט אונזער שווערע אַרבעט פון אייערע קינדערס וועגן און זייער גלייכן און, נאָכמער, עס דעגראַדירט, מאַכט צו קליין געלט אונזער גאַנצע ביטערע מי אין די אויגן פון אייער קינד און דאָס טעמפּט אָפּ, פאַרסמט זיין חשק צו לערנען, זיין ליבע און דרך־ארץ צו דער שול.

נישט פיל בעסער איז, ליידער, אָפט אייער באַציאונג צום ענין היים־אַרבעט, כאָטש מיר ריידן מכוח דעם מיט אייערע קינדער טאָג־אויס און טאָג־איין און כאָטש אויך וועגן דעם בעטן מיר זיך ביי אייך אַזוי אָפט תחנונים, איר זאָלט דערפאַר זאָרגן.

היים־אַרבעט. אייער קינד לערנט ביי אונז דירעקט אידיש אָדער העב־רעאיש בלויז צוויי שעה אַ וואָך; אין די צוויי שטונדן דאַרף עס די שפּראַכן אי ריידן, אי לייענען, אי שרייבן. אַביסל עלטער ווערנדיק לערנט דאָס קינד אויך אַ שעה אין וואָך אידישע ליטעראַטור, חומש, ארץ־ישראל, פּאָליטישע עקאָנאָמיע און סאָציאַליזם און אידישע עטנאָלאָגיע און דעמאָגראַפּיע (אידי־שער לעבנס־שטייגער און אידישע עקאָנאָמישע און נאַציאָנאַל־פּאָליטישע פּראָבלעמען). און סיי גאָר יונגערהייט און סיי עלטער ווערנדיק לערנט עס אַ שטונדע אַ וואָך אידישע געשיכטע. גלויבט עמעצער, אַז די שעה אָדער אַפילו די צוויי שעה, וואָס מיר רייסן אַרויס פון דער גאַס, פון דער אַרומיקער פאַרווירונג זיינען גענוג? ווער, ווער, אָבער מיר ווייסן אַוודאי אַז דאָס איז ווייט נישט גענוג, און דערפאַר גיבן מיר אייער קינד אַרבעט צו טאָן אין דער היים. מיר פאַרגיבן אים, אין אידיש און אידישער ליטעראַטור, איינצו־

לערנען אַ פּאָעמע, איבערצוליייענען אַ מעשה, מאַכן איבונגען אין גראַמאַטיק, אָנשרייבן אַ בריוול. צונויפשטעלן אַ באַשרייבונג, דערציילן אָדער איבער־דערציילן אַ געשיכטע. דאָס זעלביקע פאַרגיבן מיר אים אין העברעאיש און אין חומש צו מאַכן אַן אָפּטייטשונג, אָנצושרייבן אַ קאָמפּאָזיציע, אָנצואווענדן די כּללים פון דקדוק. אין היסטאָריע פאַרגיבן מיר אים איינצוחזרן אַ קאַפּי־טעלע אין דעם היסטאָריע־בוך, איבערצוליייענען עפּעס אַ צוגאָב־מאַטעריאַל צום געשיכטלעכן טעקסט, אָנשרייבן אַ קאָמפּאָזיציע וועגן אַ געשיכטלעכן העלד, אַ פּאַסירונג, אַן אידייע, אַ באַוועגונג. דאָס זעלביקע בנוגע סאָציאַליזם אָדער ארץ ישראל אָדער עטנאָלאָגיע און דעמאָגראַפיע פאַרגיבן מיר זיי צו לייענען עפּעס אַ נאָענט־ליגנדיקן שטאָף אָדער אָנצוצייכענען אַ לאַנדקאַרטע.

דאָס אַלץ און פיל ענלעכעס איז די היים־אַרבעט פון אייערע קינדער. דאָס אַלץ איז נויטיק, אום צו באַפעסטיקן און פאַרטיפן אייער קינדס לערע. דאָס אַלץ איז נויטיק, אי אַלס קאָנטראָל פאַרן לערער, אַז אייער קינד לערנט טאַקע, דערוועבט וויסן, אי אַלס באַוואָרעניש, אַז דעם קינדס וויסן זאָל אויסגעברייטערט ווערן, זאָל אַקטיוו באַפרוכפּערט ווערן. דאָס אַלץ קען אַמאָל אפשר נאָך חשובער זיין איידער דעם קינדס לערנען אין שול — דערפאַר וואָס, אַ היפּש ביסל, איז עס זיינע אַ זעלבסטשטענדיקע אַרבעט, דערפאַר וואָס דאָס קינד איז דאָ מער־ווייניקער אַליין שעפעריש.

דערפאַר לייגן מיר אַזוי פיל געוויכט אויף דער היים־אַרבעט. דערפאַר בעטן מיר אַזוי און זאָגן אָן אייערע קינדער, זיי זאָלן די היים־אַרבעט מאַכן. נאָר אָפט, וואָס איז די פּעולה פון אונזער זאָגן און בעטן, אַז ביי אייך אין דער היים האָט איר, עלטערן, איבערן קינד דעם קאָנטראָל און נישט מיר? דערפאַר בעטן מיר זיך אַזוי ביי אייך, אַז איר זאָלט אייער קאָנטראָל אויס־איבן, אַז אייער קינד זאָל די פאַרגעבענע היים־אַרבעט מאַכן. און גליקלעך זיינען מיר, אַז איר האָט אייער קאָנטראָל ריכטיק אויסגענוצט און אייער קינד ברענגט אונז אין שול די פאַרגעבענע אַרבעט אין פיינער אָרדענונג. ווי אָפט, אָבער, פאַלט אונזער געבעט אויף אייערע טויבע אויערן, אייער קינד קומט אין שול, נישט קענענדיק די לעקציע, נישט האָבנדיק צוגעלייגט קיין פינגער צו אונזער אַזוי טייער געהאַלטענער אַרבעט. און ווי אומגליקלעך, ווי פאַרשעמט מיר פילן זיך דאַן און דער זאַמד פון ספקות, פון דערשלאָגנקייט לייגט זיך אַלץ געדיכטער אויף דער נשמה.

„יידישע דערציאונג“, יוני, 1938.

# פּראָגרעסיוו־נאַציאָנאַלע בילדונג פאַר דערוואַקסענע

(וועגן דעם נאַצ. אַרב. פאַרבאַנדס קורסן פאַר גרויסע)

דער נאַציאָנאַלער אַרבעטער־פאַרבאַנד האָט באַשלאָסן אײַנגיכן צו עפענען קורסן פאַר דערוואַקסענע, וואו עס זאָל געגעבן ווערן אונטער־ריכט אין דער אידישער שפּראַך, ליטעראַטור און געשיכטע, אין דער געשיכטע פון סאָציאַליזם און נאַציאָנאַליזם, פּאָליטישע עקאָנאָמיע וכדומה. אין אַזעלכע קורסן האָבן זיך אונזערע נאַציאָנאַליסטיש־סאָציאַליסטישע קרייזן שטאַרק געניטיקט. אַזעלכע קורסן וועלן אויך פאַרענדיקן די קייט פון אונזער דערציאונג־אַרבעט. די פּאַרטיי פּועלי־ציון און דער נאַציאָנאַלער אַרבעטער־פאַרבאַנד האָבן נאַציאָנאַלע־ראַדיקאַלע שולן פאַר קינדער, די פּועלי־ציון האָבן יוגנט־קלובן, וואָס זיינען פּראָגרעסיוו־נאַציאָנאַלע שולן פאַר דער אונטערוואַקסנדיקער יוגנט; און איצט וועלן מיר אויך האָבן פּראָגרעסיוו־נאַציאָנאַלע קורסן פאַר דערוואַקסענע.

אַז אַזעלכע קורסן פעלן אונזערע קרייזן, דאַרף דאַכט זיך זיין קלאָר פאַר יעדן, וואָס קוקט זיך צו צו אונזער „פאָלק" און צו אונזער פּראָפּאַגאַנדע. דאָס „פאָלק" איז רוילעך אין כמה וכמה ענינים, וואָס אַלס אידישע נאַציאָ־נאַליסטן־סאָציאַליסטן האָבן זיי אין זיי געדאַרפט זיין באַהאַוונט. און אונזער פּראָפּאַגאַנדע איז זייער אַ צרה'דיקע. אַמאָל אין אַ שמיטה רייסט זיך ביי אונז פון ערגעץ אָפּ אַ ביכעלע איבער אַן ענין, וואָס גייט אַריין אין קרייז פון אונזערע גייסטיקע אינטערעסן. דער צוועק ווערט אָבער מיט אַזעלכע ווערק קיינמאָל נישט דערפילט. ווי עס איז איבעראַל דער גורל פון פּראָ־לעטאַרישער פּראָפּאַגאַנדע, זיינען אונזערע ביכלעך אָדער צו־אַלגעמיין אָדער צו־פאַראייִנצלט; אָדער די פּרעציק־זייטיקע בראָשורקע וויל אַרומנעמען דאָס גאַנצע איצטיקע אידישע לעבן, אָדער זי באַהאַנדלט אַ קליינע, ענגע פראַגע, וואָס איז הויפּטזעכלעך אַן ענין פאַר ספּעציאַליסטן. וואָס איז שייך אונזער מינדלעכער פּראָפּאַגאַנדע, די לעקטשורס, ווייסט קיינער נישט זייער פעלער אַזוי גוט ווי דער לעקטשורער אַליין. צו די פעלערן וואָס חבר יצחק אייזיק

הורוויץ ווייזט אָן אין אונזערע לעקטשורס אין לעצטן נומער „איד. אַרב. שטימע", קען מען נאָך צוגעבן די פאָלגנדיקע:

1) זיי ווערן באַזוכט פון אַ פאַרהעלטניסמעסיק־קליינעם קרייז.

2) זיי ווערן געגעבן אַבסאָלוט נישט סיסטעמאַטיש, האָבן נישט קיין צוזאַמענהאַנג איינע מיט דער צווייטער און טראָגן כמעט אימער אַ צופעליקן כאַראַקטער.

3) זיי באַרירן זייער אַ קליינעם טייל פון ענינים, וואָס דאַרפן אונזער קרייז באמת אינטערעסירן און גייען מייסטנס מיטן שטראָם פון דער פאַר־שאָלטענער פאָפּולאַריטעט. ווען, למשל, אַן אַרטור שניצלערס אַ מין „בלויער פויגל", זאָל ווערן די סענסאַציע פון דער אייראָפּעאישער פרעסע און זאָל מיט פאַראַד אויפגעפירט ווערן אין אַמעריקע, וועלן אין אונזערע קרייזן איבער דער איין פיעסע אָפּגעהאַלטן ווערן גאַנצע צוואַנציק לעקטשורס, בשעת ווען וועגן דעם גאַנצן שניצלערן, וועגן זיינע פאַר צענדליק גרויסע און קליינע דראַמען, ראָמאַנען און דערציילונגען, וועגן שניצלער דעם דיכטער און שניצלער דעם אידן, האָט מען, כאָטש ער שאַפט שוין העכער אַ פאַר צענדליק יאָר, ביי אונז ביז איצט נאָך קיין איינמאָל נישט גערעדט.

4) דאָך, דער גרעסטער פון אַלע פעלערן אין אונזערע לעקטשורס איז דאָס וואָס זיי זיינען פאַסיוו. איך מיין דערמיט דאָס, וואָס זיי פאָדערן קיין שום טעטיקייט נישט פונעם צוהערער: ער דאַרף זיך נישט אָנשטרענגען, נישט פאַרבאַרייטן און נישט דערגענצן די אַרבעט. ער דאַרף בלויז הערן, ער ווערט קיינמאָל נישט אויסגעפרעגט וועגן דעם וואָס ער האָט געהערט, און ער ווערט נישט אויפגעפאָדערט וועגן דעם ענין ווייטער צו לעזן. אונזערע לעקטשורס ווערן דעריבער, אין בעסטן פאַל, בלויז אַן אונטערהאַלטונג פאַרן עולם, און דאָס וואָס דער לעקטשורער זאָגט, גייט אים, ווי דאָס פאָלק דריקט זיך אויס, אין איין אויער אַריין — פון צווייטן אויער אַרויס.

מיט אַזאַ פּראָפּאַגאַנדע, מינדלעכער און שריפטלעכער, קען מען, פאַר־שטייט זיך, נישט פיל אויפטאָן. ווייל מען דעם עולם אַ גרינטלעכע און מער־וויניקער סיסטעמאַטישע פּראָגרעסיוו־נאַציאָנאַלע בילדונג געבן, מוז מען פאַר אים טאַקע נאָר קורסן, אמתע שולן גרינדן.

נו, וועלן זיך אָבער, ווי דער סדר העולם איז, מסתמא ביי אונז אויך געפינען חכמים־סקעפּטיקער, וואָס וועלן זאָגן, אַז „עס וועט דערפון גאָרנישט אַרויסקומען". אונזער עולם, וועלן זיי זאָגן, וויל זיך נישט לערנען. אַזעלכע

זאַכן, וועלן אַנדערע זאַגן, זיינען נישט פאַר אונזערע כוחות, וכדומה.

אום איינצוזען די נישטיקייט פון די טענות פון אַזעלכע אייביקע הכמים (חכמים אויף נישט טאָן, מערקט איך), וועט זיין גענוג אַ קוק צו טאָן, וואָס עס ווערט אויף אָט דעם אייגענעם געביט אויפגעטאָן ביי די אומות העולם, און וואָס עס איז שוין, טאַקע אויף דעם אייגענעם פעלד, אויפגעטאָן געוואָרן ביי אונז אַליין.

די באַוועגונג פון קורסן פאַר דערוואַקסענע אַרבעטער — און איך מיין עפּעס ברייטער איידער די נאַכט־שולן פון אַמעריקאַנער שטעט — איז שוין אַ גאַנץ־אַלטע. זי איז באַוואוסט אונטערן נאָמען „יוניווערסיטי עקסטענשאָן" (די אויסברייטערונג פון דער אוניווערזיטעט) און ווערט דאָרט שוין גאַנץ לאַנג אַנגעפירט מיט דערפאָלג. עס ווערן אין די דאָזיקע קורסן פאַרן פאָלק געלערנט נישט בלויז ענינים, צו וועלכע עס פאָדערט זיך נישט קיין ספּעציעלע פאָרבאַרייטונג, נאָר אַפילו די נאַטור־וויסנשאַפטן, וואו אַן עלעמענטאַרע פאַרבאַרייטונג איז נויטיק, ווערן אויך געלערנט אין אָט די קורסן. עס ווערט, למשל, דערציילט וועגן די לאָנדאָנער יוניווערסיטי עקסטענשאָן קורסן, ווי אַזוי איינפאַכע קוטשערס זיצן און הערן דאָרט מיט אינטערעס אַ לעקציע איבער כעמיע אָדער אַן ענלעכן געגנשטאַנד.

ווי אין אַ סך שטאַטישע ענינים, איז אויך אין דעם פּרט אַמעריקע ביז נישט לאַנג צוריק געווען קאָנסערוואַטיוו. אָבער לעצטנס טרעט אויך אין אַמעריקע אין דעם פּרט אַריין אַן ענדערונג. מיר האָבן שוין דאָ היינט אין מערערע קאָלעדזשעס קורסן פאַר אַרבעטער און סתם מענטשן, וואָס קענען נישט זיין קיין רעגולערע סטודענטן. און איצט־אָ האָט אַפילו דער אַריסטאָקראַטיש־קאָנסערוואַטיווער קאָלומביאַ־אוניווערזיטעט געעפנט פאַרן פאָלק קורסן אין „סיטיזענשיפּ", ענגליש, פּאָליטישע עקאָנאָמיע און פּאָליטיק.

נאָך די אַלע פאַקטן איז לעכערלעך צו זאָגן, אַז אונזער עולם וויל זיך נישט לערנען. גאָר אַן אתה בחרתנו מעג מען זאָגן, אַז דער אידישער עולם דורשט נאָך בילדונג זיכער נישט ווייניקער איידער אַנדערע עולמס. די צאָל און דער סאָרט ביכער, וואָס ווערן אַרויסגענומען פון דער סיוארד פּאַרק לייברערי דאַרפן דאַכט זיך זיין אַ גענוגנדיקער באַווייז אויף וויפיל דאָס אידישע פּובליקום איז פאַראינטערעסירט אין אינטעלעקטועלע ענינים. אין דעם פּרט איז אויך כאַראַקטעריסטיש, וואָס די קאָלאָמביאַ־אוניווערזיטעט האָט טאַקע אירע ערשטע קורסן פאַרן פאָלק געעפנט נישט ערגעץ אין דער יענקישער

גרינוויטש ווילעדזש, נישט אין דער דייטשער פלעטבוש, און אויך נישט ערגעץ אין אײַרישן, איטאַליענישן אָדער טשעכישן קוואַרטאַל, נאָר אין דעם ברענטש פון דער עדיוקיישאָנעל אַלייענס, אויף סטייוועסאַנט קאָרנער ניינטע גאַס.

וואָס איז שייך דער פראַגע, צי האָבן מיר יאָ אָדער צי האָבן מיר נישט קיין כוחות וואָס זאָלן איינפירן אַזעלכע אַרבעטן און מיט זיי אָנגיין, וויל איך דאָ דערמאָנען אַ פּאָר אינטערעסאַנטע פאַקטן פון אונזער קוואַרטאַל־לעבן, מיט וועלכע אונזער נייער עולם איז אפשר נישט באַקאַנט. איך וויל דאָ ריידן וועגן אַ פּאָר אַזעלכע אונטערנעמונגען, מיט וועלכע איך האָב געהאַט דאָס פאַרגעניגן פערזענלעך צו זיין פאַרבונדן.

מיט אַ יאָר צוואַנציק צוריק האָבן מיר דאָ אין אידישן קוואַרטאַל געהאַט פונקט אַזעלכע קורסן פאַר דערוואַקסענע. דאָ איז געווען די „אַרבעטער־בילדונג שול", וואָס איז געווען געגרינדעט פון אייניקע פון די עלטערע און ערנסטערע אידישע סאָציאַליסטן, און האָט עקזיסטירט שיינע עטלעכע יאָר, האָט אויפגעטאָן גלענצנדיקע דערציאונגס־אַרבעט און ווערט נאָך עד היום דערמאָנט מיט ליבשאַפט און צערטלעכקייט פון די דעמאָלטיקע לערער און תלמידים. ווי דער נאָמען צייגט, איז דאָס געווען אַ שול פאַר אַרבעטער און אַרבעטערינס. און ווירקלעך, מענטשן פלעגן קומען אין די קלאַסן אַמאָל אַפילו גלייך נאָך דער אַרבעט. עטלעכע יאָר נאָכאַנאַנד האָבן מיר געהאַלטן אַ גאַנצן פלאָר (אויף סאָפאָלק סטריט, אויף הענרי סטריט א. אַז. וו.). די אַרבעטער און אַרבעטערינס פלעגן קריגן אונטערריכט אין דער ענגלישער שפּראַך און ליטעראַטור, אין די גרונט־פּרינציפּן פון סאָציאַליזם, פּאָליטישע עקאָנאָמיע, אַלטע און נייע געשיכטע, נאַטור־וויסנשאַפט, היגיענע א. אַז. וו. צווישן די לערער זיינען געווען אַזעלכע פערזענלעכקייטן ווי דר. אב. קאַספּע, דר. ס. אינגערמאַן, דר. אַננאַ אינגערמאַן, נ. סטאָון, דער סטאַטיסטיקער און עקאָנאָם דזשייק אָסבאָרן, דר. באָגען א. אַנד.

די „אַרבעטער־בילדונג־שול" איז געווען אַ גרויסער דערפּאָלג. פילע פון די תלמידים און תלמידות האָבן ווירקלעך פיל געלערנט; אַ פּעולה האָבן כמעט אַלע געהאַט. אין דער שול האָט געהערשט אַ זעלטענער גייסט, און די מיט־גלידער, ווי די תלמידים און תלמידות, האָבן די שול ליב געהאַט ווי דאָס לעבן.

אויב די שול איז שפּעטער אונטערגעגאַנגען, איז עס געווען צוליב די צוויי פאָלגנדיקע אורזאַכן: דאָס איז געווען אין רעכטן ברען פון דער מלחמה צווישן „אבענד בלאַט" און „פאָרווערטס", צווישן דער ס. ל. פּ. און

דער ס. פּ. די דאָזיקע מחלוקת האָט זיך אויך אַריינגעגנב׳עט אין דער שול און האָט זי נישט ווייניק אָפּגעשוואַכט. דערנאָך איז אָנגעשטאַנען אַ צייט פון פּוסטאָקראַטיע, פון „סנאָבישנעס". די אַרבעטער־בילדונג־שול איז פאַר מאַנכע פון די פירער און לערער געוואָרן צו־פּראָסט, צו פאָלקסמעסיק, און מען האָט זיך גענומען די שול איבערבויען אויף אַ גרעסערן און שענערן מאָסשטאַב.

פון אָט די איבערבויענישן איז אַרויסגעקומען די „עדיוקיישאָנעל ליג", וואו עס האָט שוין געפעלט יענער עכטער פאָלקס־כאַראַקטער פון דער אַרבעטער־בילדונג־שול, יענער גייסט פון אמתער דעמאָקראַטיע, יענע ליבע פון פאָלק צו עפּעס אַ זאַך וואָס איז זייערס, אַליין פון זיי געשאַפן. דאָך האָט די עדיוקיישאָנעל ליג אָפּגעלעבט שיינע עטלעכע יאָר, איז אין אַ סך פּרטים געווען אַן אמתע שול, אַ ווירקלעך קליינער אוניווערזיטעט. און אויב די עדיוקיישאָנעל ליג איז אונטערגעגאַנגען, איז עס הויפּטזעכלעך געווען איבער די צוויי פאָלגנדיקע אורזאַכן: דער טויט פון יעקב גאָרדין, וואָס איז געווען דער רוח חיים פון דער ליג, און די געענדערטע שטימונג אין קוואַרטאַל. דער אידישער קוואַרטאַל איז געוואָרן שטאַרק נאַציאָנאַליסטיש, די ליג איז געווען בלויז אַסימילאַטאָריש־אויפקלערעריש. נישט וועלנדיק צופּאַסן זיך צו דער צייט, האָט די ליג אויפגעהערט צו זיין אין איינקלאַנג מיטן גייסט פון קוואַרטאַל.

עס האָבן אַלזאָ פאַר אַזעלכע אונטערנעמונגען ווי די וואָס דער נאַציאָנאַלער אַרבעטער־פאַרבאַנד מאַכט איצט, אין אידישן קוואַרטאַל קיינמאָל נישט געפעלט, נישט קיין עולם און נישט קיין פירנדיקע כוחות. מיר קענען אויך לערנען פון די פריערדיקע פּראָבעס און אויסמיידן זייערע פעלערן. עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז אַ שול געגרינדעט פון נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד, מיט דער אויבן־דערמאָנטער פּראָגראַם, איז גאַנץ אין איינקלאַנג מיט דער געענדערטער שטימונג אין קוואַרטאַל.

צולעצט, האָבן מיר איצט זייער אַ גרויסן פאָרצוג, וואָס די פריערדיקע שולן האָבן נישט געהאַט. זיי האָבן לחלוטין קיין אידישע לערן־ביכער נישט געהאַט. מיר האָבן זיי איצט כמעט אַלע. די עדיוקיישאָנעל ליג האָט אפשר על פּי נויט — נישט האָבנדיק קיין אידישע לערן־ביכער, צום גרויסן טייל געלערנט אויף ענגליש. אין אונזערע טעג איז אַזאַ נויט שוין נישטאָ. מיר האָבן שוין היינט לערן־ביכער אויף אידיש אין קולטור־געשיכטע, פּאָליטישע עקאָנאָמיע, נאַטור־וויסנשאַפטן און פילע אַנדערע ענינים.

„די יידישע אַרבעטער שטימע", מערץ, 1916.

# אידישע אוניווערזיטעטן אין די גלות לענדער

װאָס איז שייך, הפנים, אונז אידן זיינען מיר פּאַרט דאָס גאָניאַלסטע פאָלק אויף דער גאַנצער וועלט. וואָרעם, ווער נאָך איז אַזאַ בריה אויף צו פאַרקרימען דאָס וואָס איז גלייך, אויף צו פאַרפּלאָנטערן דאָס וואָס איז איינפאַך?

וואָס קען דען זיין גלייכער און איינפאַכער ווי דער געדאַנק וועגן אַ אידישן אוניווערזיטעט?

אַפילו ווען עס וואָלטן קיין פאַרפאַלגונגען נישט געווען פון דעם אידישן סטודענט און דעם אידישן געלערנטן, איז דאַכט זיך קלאָר, אַז וויבאַלד מיר זיינען אַ באַזונדער פאָלק, מיט אַן אייגענער קולטור, מיט אַן אייגענער באַציאונג צום לעבן, איז דאָס נאַטירלעכסטע אַז מיר זאָלן, אַזוי ווי אַלע פעלקער, האָבן אונזערע אייגענע אוניווערזיטעטן, וואָס זאָלן זיין דער רעזערוואואַר פון אונזער קולטור, וואו דער אויסדרוק פון אונזער לעבנס־באַציאונג זאָל געפּלאַנצט ווערן אין דעם עתיד.

אָט איז מיט אַ יאָר זיבן צוריק פּראָקלאַמירט געוואָרן דער געדאַנק פון אַן אוניווערזיטעט אין ארץ ישראל. האָט זיך געפונען עמעצער, וואָס שטייט נאָר נישט מחוץ למחנה ישראל, וואָס האָט געהאַט וואָס אויסצוזעצן קעגן דעם דאָזיקן געדאַנק? און צי איז דען פאַראַן איינער, אַ חוץ יענע ציניקער וואָס האַנדלען מיט זייער ציניזם, וואָס באַדויערט נישט די לאַנגזאַמע טריט פון דער פאַרווירקלעכונג פון דעם דאָזיקן געדאַנק?

און אויב אין ארץ ישראל, פאַרוואָס־זשע נישט אויך אין חוץ לארץ? אויב די נויטיקייט אין אַ אידישן אוניווערזיטעט איז בכלל פאַראַן, וועט אייך־איינציקע הויכשול די דאָזיקע נויט פאַרענטפערן? אָדער פאַרוואָס זאָלן גאָר אידישע אוניווערזיטעטן אין קאָוונע, וואַרשע און ווילנע, אין לעמבערג, בערלין און וויען, אין ניו־יאָרק, פילאַדעלפיע און שיקאַגאָ, נישט זיין קיין צווייגן פון דעם אוניווערזיטעט אויפן הר הזיתים? אָדער צי וועט וועלכער ס'איז בר דעת, וועמעס מוח איז נאָר נישט פאַרטשאַדעט געוואָרן פון קיין

שמאָלן פּאַרטיי־ אָדער קלייזל־גייסט, האָבן די דרייסטקייט צו באַהויפּטן, אַז אין אַ צענטער פון קנאַפּע הונדערט טויזנט אידן, כאָטש ער איז מחויב אין דער באַלדיקער צוקונפט אַ סך, אַ סך גרעסער ווערן, איז אַ אידישער אוניווערזיטעט יאָ אַם פּלאַץ, בשעת אין די גלות־לענדער, וואו עס זיינען צעשפּרייט וואָסערע פּערצן מיליאָן אידן, איז אַזאַ אוניווערזיטעט אַן איבעריקע זאַך? אָדער אַז נאָר דערפאַר איז דער ארץ־ישראלער אוניווערזיטעט באַרעכטיקט, ווייל ער איז מחויב געפּירט צו ווערן אויף העברעאיש?

מיר זיינען אַן אָריגינעל פאָלק — אויף צו ש ט י י ן ק אָ ס ע צו דער וועלט. און שרייבן מיר איין אונזערע זין אין דער וועלט־סקאַזקע, מוזן מיר זיי אַלע מאָל איינשרייבן אָדער אינגער ווי זיי זיינען אָדער עלטער, אָבער קיין מאָל נישט נאָך די אמתע יאָרן. אַזוי דער איד פון גאַס, אַזוי דער בית־מדרש׳דיקער קלויזניק, אַזוי אויך דער פּיפּיקער פּובליציסט. און אָט דערפון שטאַמען די דקדוקי עניות מכח אַ אידישן אוניווערזיטעט.

ביי די אומות העולם, מיט זייער נאָרמאַלן חוש צו דער וועלט, איז מכח דעם קיין שקלא וטריא נישטאָ.

נישט נאָר האָט יעדעס פאָלק ביי די אומות זיין אוניווערזיטעט, נאָר אויך ביי יעדער אומה גופא, האָבן זיך באַזונדערע גרופּעס, וואָס האָבן זייער באַזונדערן רעליגיעזן, פּאָליטישן אָדער פילאָזאָפיש־וויסנשאַפטלעכן אני מאמין, זייערע באַזונדערע אוניווערזיטעטן. אָט, למשל, די קאַטאָליקן אין ניו־יאָרק, צי ווייסן זיי פון פאַרפאָלגונג, צי שטייען פאַר זיי נישט אָפן די טויערן פון די אַנדערע אוניווערזיטעטן? דאָך האָבן די ניו־יאָרקער קאַטאָליקן זייער אייגענעם פאָרדהעם אוניווערזיטעט. פאַרוואָס? ווייל זיי זיינען קאַטאָליקן און עס איז פאַר זיי וויכטיק זייער שטעלונג, זייער קוק אויף זאַכן, צו קאָנסערווירן און איבערגעבן זיי צו די יונגע מענטשן וואָס האַלטן אין פאַרענדיקן זייער בילדונג, איידער זיי טרעטן אַרויס אַלס גייסטיקע טוער אויפן מאַרק פון לעבן. פונקט אַזוי האָבן די רוסישע פריידענקענדיקע און רעוואָלוציאָנערע געלערנטע, וואָס האָבן פאַר דער רוסישער רעוואָלוציע זיך געפונען אין פּאַריז, דאָרט געעפנט — מען דאַרף אָננעמען מיט דער הילף פון דער רוסישער געזעלשאַפט — זייער רוסישן אוניווערזיטעט (און אויב זיי האָבן אים גערופן פ אָ ל ק ס־אוניווערזיטעט, איז עס דאָך נאָר געווען דערפאַר ווייל דער אינסטיטוט איז נאָך געווען צו יונג און צו אָרעם, אַז זיי זאָלן אים שוין אָנרופן א ו נ י ו ו ע ר־ז י ט ע ט). און פונקט אַזוי האָבן, אין דער צייט פון דער מלחמה, פיל

אַמעריקאַנער ראַדיקאַלע פּראָפעסאָרן, מיט דער הילף פון זייערע אַנהענגער אין דער געזעלשאַפט, דאָ אין ניו־יאָרק, אויסגעבויט זייער אייגענעם אוני־ווערזיטעט, כאָטש דערווייל גייט ער נאָך ביי זיי אונטער אַן אַנדער נאָמען, האָבנדיק זייער קוק אויף די — זאָל זיין אַפילו בלויז סאָציאַלע — וויסנשאַפטן, האָבן זיי געפונען פאַר נויטיק אויסצובויען פון זיינעט וועגן אַ באַזונדער בית המדרש.

דאָס איז ביי זיי, ביניהם, היינט אויף וויפיל מער איז נאַטירלעך אַ אידישער אוניווערזיטעט ביי אונז! ביי אונז, וואו אין די ליבעראַלסטע לענדער און אין די אָנשטענדיקסטע אוניווערזיטעטן (למשל, האַרוואַרד־אוניווערזיטעט אין באָסטאָן און קאָלומביאַ־אוניווערזיטעט אין ניו־יאָרק), כאָטש פון אויבנ־אויף איז מען דאָרט מיטן אידן אַזוי צירלעך־מאַנירלעך, איז שוין איצט דעם אידישן סטודענט באַלד אַזוי שווער אַריינצוקומען ווי דעם אָרעמען אימיגראַנט דורך די טויערן פון עליס איילאַנד, און אין דער צוקונפט וועט עס מסתמא ווערן אַזוי גרינג ווי דעם העלפאַנט דורכצוקריכן דורך דעם לאָך פון אַ נאָדל; ביי אונז, וואו אין אַלע גאַנץ־ און האַלב־סלאַווישע לענדער ווערט געבויט, אויב ס'איז שוין נישט פאַראַן, אַ הויכע ראָגאַטקע פאַר די אידישע סטודענטן; ביי אונז, וואו אין די גערמאַנישע אוניווערזיטעטן מוז דער אידישער סטודענט אַרומגיין תמיד באַוואָפנט, אין פשוטן פיזישן זין, ריכטנדיק זיך שטענדיק אויף אַ ברוטאַלן איבערפאַל פון זיינע קריסטלעכע „חברים", שוין נישט ריידנדיק פון די אייביקע אָפענע זלזולים און פאַרשטעלטע שטעך, סיי פון די קאָלעגן און סיי פון די פּראָפעסאָרן!

און וואָס עפּעס די סטודענטן? מוז דען אויך דער אידישער פּראָפעסאָר, דער אידישער געלערנטער נישט אָפּריכטן קיין גלות? און איז דען זיין לעבן נישט קיין אייביקע קייט פון גייסטיקע יסורים און פייניקונגען, אַפילו ווען ער איז דער גרעסטער אין זיין פאַך?

דאַכט זיך, ערשט נעכטן איז עס געווען, ווען אין רוסלאַנד האָבן זיך געקענט צוטוליען צום אוניווערזיטעט נאָר אַזעלכע אידישע געלערנטע, וואָס האָבן „אויסגעביטן דאָס רענדל" (איז דען דאָס נישט געווען די סיבה פאַרוואָס די זין פון אייניקע פון דער שענסטער אידישער אינטעליגענץ פון רוסלאַנד האָבן זיך געשמדט?); ווען אין דייטשע אוניווערזיטעטן האָבן בלויז געקענט זיין אידישע פּריוואַט־דאָצענטן, אָבער בשום אופן נישט קיין פולשטענדיקע פּראָפעסאָרן און אַפילו אַזאַ חד בדרא ווי איינשטיין האָט געמוזט אויסשטיין

זיין פּאַרציע באַליידיקונגען און פייניקונגען. און אַפילו ביי אונז אין אַמעריקע האָבן, פאַר די לעצטע פּאָר יאָר (איך בין נישט באַקאַנט מיט די סאַמע נייסטע צושטאַנדן דאָרטן), אין אַזאַ גרויסן אוניווערזיטעט ווי קאָלומביאַ נאָר געקענט זיין פ י ר צי פ י נ ף אידישע פּראָפעסאָרן, אי דאָס, אויב זיי זיינען געוועזן אידן, וואָס האָבן זיך לחלוטין נישט אָנגעקערט מיט זייער פאָלק און זיין גלויבן, זיינען זייערע קאַטעדרעס געוועזן סובסי־דירטע, נאַטירלעך פון אידישע קרייזן, אָדער אין סאַמע בעסטן פאַל (פּראָפעסאָר באָאַז, למשל) איז דאָס געוועזן אַ געלערנטער פון ערשטן ראַנג, אַזאַ איינער וואָס לאָזט זיך קוים פאַרבייטן מיט אַן אַנדערן; און אַפילו אין אַזעלכע פאַלן טראָגן זיך ניט־אויפהערלעכע קלאַנגען, אַז קאָלומביאַ מאַכט די באַטרעפנדע פיינלעך אויפמערקזאַם אויף זייער אידישן יחוס. און וואָס בלייבט שוין צו זאָגן וועגן די לעווינס און די יאַפעס, וואָס ענדיקן אַמעריקאַנער אוניווערזיטעטן מיט דער בעסטער אויסצייכענונג, וועלכע גיט דעם בעסטן „אַדרויף" אויף וויכטיקע וויסנשאַפטלעכע אויפטואונגען אין דער צוקונפט, דאָך עצה'ן זיי זייערע פּראָפעסאָרישע גוטע פריינט נישט צו לייגן זיך קיין פויגעלעך אין בוזעם, אַז זייער „אַלמאַ מאַטער" וועט זיי אַמאָל צוטוליען צו זיך — וואָרעם זייערע אידישע נעמען וועלן זיי אימער שטיין אין וועג?!

און צו לעצט — ווי קען עס אַ אידישער אינטעליגענט, מעג אַפילו זיין אינטעליגענץ זיין אַ גאַנץ באַשרענקטע, מעג אַפילו זיין וועלט־אַנשויאונג זיין אַ היפּש ביסל אַסימילאַטאָריש פאַרדאָרבן — נישט איינזען די נויטיקייט פון אַ אידישן אוניווערזיטעט צוליב דער אידישער קולטור, וואָס אין די הויכשולן פון די אומות העולם ווערט זי, מיט דער אויסנאַם פון אַלט־העברעאיש און ביבל־וויסנשאַפט, פּאַקטיש אינגאַנצן איגנאָרירט און אין די אידיש־רבנישע אינסטיטוטן, אויף וויפיל זי ווערט דאָרט אָנערקענט, ווערט זי אין זיי אַרומגעוויקלט מיט אַ וואָלקן פון טעאָלאָגיע? אדרבה, וויפיל זיינען פאַראַן קריסטלעכע אוניווערזיטעטן, וואו, שטודירנדיק דעם תנ"ך, זאָל מען שענקען אַביסל אויפמערקזאַמקייט דער אידישער טראַדיציע? וואו די אידישע היסטאָריע פון נאָכן חורבן זאָל געלערנט ווערן? וואו דער תלמוד און די קבלה און איבערהויפּט די שפּעטערדיקע פאַזן פון דער אידישער רעליגיע זאָלן נישט איגנאָרירט ווערן, אָדער וואו די ניי־העברעאישע שפּראַך און די ניי־העברעאישע ליטעראַטור זאָלן געלערנט ווערן? און וואו איז, אַפילו אין די בירגערלעכע א י ד י ש ע קרייזן, די אַקאַדעמיע, וואו די אידישע שפּראַך,

די אידישע ליטעראַטור, דאָס אידישע טעאַטער, אָדער דער אידישער פאָלק־לאָר זאָלן שטודירט ווערן?

מיטן שכל הישר איז טאַקע אוממעגלעך צו באַנעמען, ווי אַזוי צווישן אידן קען זיין אַ מיינונג קעגן אַ אידישן אוניווערזיטעט אין די לענדער וואו עס איז פאַראַן אַ גרויסער אידישער קיבוץ. נאָר שכל הישר אַהין, שכל הישר אַהער — ווי זאָגט דאָרט האַמלעט צו האָראַציאָ'ן: „עס זיינען דאָ אויף דער וועלט אַ סך מער זאַכן איידער דיר האָט זיך געחלומט אין דיין פילאָזאָפיע"? זיינען דאָ ציוניסטן וואָס זיינען קעגן אַ אידישן אוניווערזיטעט אין גלות — ווייל — יאָ, ווייל עס איז דאָ ביי זיי אַ תורה פון „שלילת הגלות", עס הייסט, זיי האָבן שוין לאַנג אַ מאַך געטאָן מיטן האַנט אויפן גלות און זיי דערוואַרטן פון אים קיין זאַך נישט — קיין זאַך נישט אַ חוץ געלט און מענטשן פאַר ארץ ישראל (זיי זעען נישט איין, די בלינדע, אַז אָן אַן אויפגעקלערטן נאַציאָ־נאַליזם, ד. ה. אָן אידיש־קולטורעלע אַנשטאַלטן אין חוץ לארץ, וועט דער גלות נישט געבן ארץ ישראל נישט קיין רכוש, נישט קיין נפש). זיינען דאָ אַסימילאַנטן, מיט דער אייביקער פאַרניינונג פון זיך אַליין און דעם אייביקן פחד פאַר פרעמדע, וועלכע דערהערנדיק וועגן אַ אידישן אוניווערזיטעט, מאַכן זיי פחדנישע קולות, אַז מען דאַרף זיך היטן פאַר די פלשתים, אַז עס רוקט זיך אויף אונז אַ נייע געטאָ.

(נאָך אַ ביישפּיל פון אידישער קרומקייט, פון שטענדיקן אידישן זיין נישט שוה בשוה מיט וועלט און לעבן — דאָס געפליגלטע ווערטל! בלויז אַ פאָלק מיט אַזאַ שוואַכן חוש פאַר רעאַליטעטן קען אַזוי באַהערשט ווערן פון דער פראַזע. געטאָ! גלייך ווי מיר אידן האָבן מיט אונזער אייגענעם ווילן די געטאָ באַשאַפן! גלייך ווי אין די פינסטערע צייטן פון געטאָ זיינען מיר אידן נישט געשטאַנען אין אַ פיל ענגערער באַרירונג מיט די ניט־אידישע קולטורן איידער די פעלקער איינס מיטן צווייטן; גלייך ווי אין אַ אידישן אוניווערזיטעט וועלן טיר און טויער זיין צוגעמאַכט פאַר נישט־אידישע קולטורן, סטודענטן און געלערנטע.)

לאָמיר אָבער האָפן, אַז פריער אָדער שפּעטער וועט אַפילו דער קרומער אידישער מוח ווייזן די פשוטע לאָגיק, אַז וויבאַלד עס זיינען דאָ אידישע סטודענטן, וואָס האָבן קיין פּראָפעסאָרן נישט און עס איז דאָ אידישע קולטור און עס זיינען דאָ אידישע פּראָפעסאָרן וואָס האָבן נישט קיין סטודענטן —

איז די נאַטירלעכסטע זאַך אַ אידישער אוניווערזיטעט, וואָס זאָל די אַלע דריי צונויפפירן, צוזאַמענברענגען.

דאַרף מען נאָך ענטפערן אויף דער פראַגע: וואו נעמט מען געלט?

אַזאַ פראַגע קען נאָר געמאָלט זיין ביי די האָטענטאָטן, אפשר אויך ביי די מאָנטענעגריער — אָבער אַפילו נישט ביי איינעם פון די סקאַנדינאַווישע פעלקער. און זיי אַלע צוזאַמען זיינען דאָך קוים גרעסער און קוים רייכער פון אידישן פאָלק — פון אידישן פאָלק, וואָס האָט אויף בלויזער מלחמה־הילף, צום גרעסטן טייל „די לעבעדיקע אויף ברויט, די טויטע אויף תכריכים" אויסגעגעבן אַ סך צענדליקער מיליאָנען.

מען דאַרף נאָר ווערלן. און דערצו איז די אידיש־נאַציאָנאַלע פובליציסטיק באַרופן — דעם פאָלקס ווילן צו וועקן!

„דער אידישער אַרבייטער", 1924

# דער אידישער לערער־סעמינאַר

(צום בעפאָרשטייענדיקן צוזאַמענפאָר פון די אידישע פאָלקשולן אין פילאַ.)

**א**יינע פון די הויפּט־פראַגן אויפן פערטן צוזאַמענפאָר פון די אידישע פאָלקשולן, וואָס עפנט זיך דעם זונטיק אין פילאַדעלפיע, וועט זיין מכח דעם אידישן לערער־סעמינאַר פון ניו־יאָרק. דער צוזאַמענפאָר וועט דאַרפן אויסהערן באַריכטן וועגן דעם סעמינאַרס טעטיקייט, פירונג און וואוקס. ער וועט אויך דאַרפן אויסהערן די פּלענער פון די פאַרוואַלטער פון סעמינאַר וועגן זיין צוקונפטיקער אויסברייטונג. דער עיקר וועט דער צוזאַמענפאָר דאַרפן באַשטימען די פאַרוואַלטונג פון סעמינאַר, וואָס דאָס איז זייער אַן ערנסטער און דעליקאַטער ענין.

דער סעמינאַר דאַרף האָבן אַ בעל־הבית. דער סעמינאַר איז צו אַ וויכטיקער אינסטיטוט אַז ער זאָל זיך געפינען אין דעם רשות פון יחידים. ער איז צו וויכטיק אַז ער זאָל בלייבן הענגען אין דער לופטן, זיין אָנגעוויזן מיט זיין עקזיסטענץ אויף צופעליקע ביישטייערונגען. ער איז אָבער, מער פון אַלץ, צו ערנסט און צו הייליק, אַז ער זאָל אויסגעשטעלט ווערן וועלכער ס'איז געפאַר פון אַ פלוצלונגער, ניט בהדרגה'דיקער ענדערונג פון זיין כאַראַקטער.

מען קען זאָגן, אַז דער לערער־סעמינאַר איז די היסטאָרישע פאַרווירק־לעכונג און פאַרריכטונג פון אַן אַלטן בילדונג־ און אויפקלערונג־חלום פון דער אידישער יונג־אַמעריקע. פּאָפּולערע, צופעליקע לעקציעס איבער סאָציאַ־ליזם, פּאָליטישער עקאָנאָמיע, קולטור־געשיכטע און דערגלייכן זיינען געגעבן געוואָרן אין די אידישע קוואַרטאַלן פון אַמעריקאַנער שטעט פון זיבט אידישע אינטעליגענטן האָבן אָנגעהויבן איינוואַנדערן קיין אַמעריקע. אין מיטן פון די ניינציקער יאָרן האָט זיך אין ניו־יאָרק אָנגעהויבן אַ באַוועגונג צו גרינדן קרייזלעך פאַר אַ מער סיסטעמאַטישער, פאַרגעשריטענער בילדונג צווישן דער אידישער יוגנט. אין די לעצטע ניינציקער יאָרן איז געגרינדעט געוואָרן די אַרבעטער בילדונג־שול, וועלכע, כאָטש הויפּטזעכלעך סאָציאַליסטיש,

האָט אויך געהאַט קלאַסן אין ענגליש, ליטעראַטור, היסטאָריע און אַנדערע געגנשטאַנדן. די עדיוקיישאַנעל ליג, וועלכע האָט אָפּגעֿירשנ׳ט די אַרבעטער־בילדונג־שול און האָט געגעבן אידישע אַרבעטער אַ ברייטע, סיסטעמאַטישע בילדונג, איז אונטערגעגאַנגען באַלד נאָך יעקב גאָרדינס טויט. פון דעמאָלט אָן איז קיין אידישער בילדונגס־אינסטיטוט פאַר דער אידישער יוגנט נישט געווען, ביז ס׳איז געקומען דער לערער־סעמינאַר און האָט פון דאָס ניי אָנגעהויבן די דורך יאָרן איבערגעריסענע, פאַרגעשריטענע אידישע בילדונגס־אַרבעט.

דער לערער־סעמינאַר האָט די אַרבעט אָנגעהויבן אין אַ נייער צייט, אין אַ צייט ווען די אידישע יוגנט קערט זיך אום צו איר אייגענעם אידישן שורש, אין אַ צייט פון טיפן אידישן באַוואוסטזיין און אַ שטאַרקן אינטערעס אין דער אידישער קולטור. און אַזוי איז דעם לערער־סעמינאַר באַשערט צו פאַרריכטן דעם היסטאָרישן טעות, וואָס האָט זיך אַריינגעֿגנב׳עט אין דער פּראָגרעסיווער אידישער בילדונגס־אַרבעט פון אַמעריקע. דער אידישער לערער־סעמינאַר ווערט געפירט דורכאויס אויף מאַמע־לשון. דער אידישער לערער־סעמינאַר, כאָטש ער האָט קלאַסן פאַר אַלגעמיינער בילדונג און די סאָציאַלע וויסנשאַפטן, וועלכע ווערן געלערנט אין אַ ראַדיקאַלן גייסט, איז ער אָבער באַזונדער פון פּראָגרעסיוו־נאַציאָנאַלע שטרעבונגען און האָט זיין הויפּט־אָנשפּאַר אין דער אידישער קולטור אין אַלע אירע צווייגן.

דער אידישער לערער־סעמינאַר איז דאָס קינד פון דער אידישער פאָלק־שולן־באַוועגונג. אַ קורצע צייט נאָך דער גרינדונג פון די ערשטע אידישע פאָלקשולן האָבן זייערע טוער איינגעזען, אַז אָן אַן אינסטיטוט, וואָס זאָל דערציען לערער, וועט די שולן־באַוועגונג אָפּשטאַרבן. צום צווייטן שולן־צוזאַמענפאָר, מיט אַ יאָר זעקס צוריק, איז שוין די עקזעקוטיווע פון שולן־פאַרבאַנד געקומען מיט אַן אָנוואָרף פון אַ פּראָגראַם פאַרן סעמינאַר. אויפן דריטן צוזאַמענפאָר, פאַר דריי יאָרן פסח אין סיראַקיוז, האָט די עקזעקוטיווע שוין באַריכטעט פון אַ פאַרטיקן סעמינאַר מיט עטלעכע־און־צוואַנציק סטו־דענטן און סטודענטקעס, מיט אַ דירעקטאָר (דר. יהודה קויפמאַן) און צו אים וואָסערע אַכט קאָמפּעטענטע לערער.

הגם, אַן אינסטיטוט אויף אַרויסגעבן לערער, האָט דאָך דער סעמינאַר געמוזט זיך אָוועקשטעלן אַנדערש ווי די לערער־אינסטיטוטן ביי די אומות־העולם. זייענדיק אַ פאָלק אָן אייגענע מיטלשולן און הויך־שולן, האָט אונזער

לערער־אינסטיטוט גלייך פון אָנפאַנג, צום טייל געמוזט אויך אויספילן דעם חסרון פון זיי ביידע. מען האָט מיט די צוקונפטיקע לערער געמוזט לערנען נישט בלויז ו ו י אַ ז ו י צו לערנען מיט קינדער, נאָר אויך טאַקע דאָס ו ו אָ ס זיי דאַרפן לערנען מיט די קינדער. זייענדיק קינדער פון אַ יוגנט וואָס איז ווייניק באַ׳הבנ׳ט אין דער אידישער קולטור בכלל און מיט אַ פּאַראורטייל — אין בעסטן פאַל איז זי גלייכגילטיק — צו פיל פון אירע צווייגן, האָט דער סעמינאַר זיך געמוזט מאַכן פאַר אַ חוב זיי די אידישע קולטור באַקאַנט און ליב צו מאַכן.

און אַזוי איז דער סעמינאַר גלייך פון אָנהויב געוואָרן נישט בלויז אַ לערער־אינסטיטוט, נאָר אויך אַן אַקאַדעמיע פון אידישן און אַלגעמיינעם וויסן. און אַזוי האָט דער סעמינאַר באַקומען זיין וואונדערבאַרע, אָריגינעלע נשמה.

האָבן מיר אין סעמינאַר, צום ערשטן מאָל אין דער אידישער היסטאָריע, אַ העכערן בילדונגס־אינסטיטוט, וואָס ווערט געפירט אויף דער אידישער פאָלקס־שפּראַך און וואו די מער פאָלקסטימלעכע צווייגן פון דער אידישער קולטור (דאָס פאָלקס־ליד, די אידישע שפּראַך, די אידישע ליטעראַטור און דראַמע א. אַ. וו.) ווערן שטודירט מיט ליבעפולער גרינטלעכקייט. האָבן מיר דאָ אַן אינסטיטוט — דער איינציקער פעסטער אינזל אין דעם ברויזנדיקן ים פון אידישיזם־העברעאיזם — וואו אידיש און העברעאיש ווערן געלערנט אָן קנאה־שנאה, מיט גלייכער ליבע און צוגעטועניקייט. האָבן מיר דאָ דעם איינציקן אינסטיטוט אויף דער גאַנצער וועלט, וואו תנ״ך, אידישע היס־טאָריע, תלמוד און אידישע פילאָזאָפיע ווערן געלערנט פריי פון וועלכן עס איז רעליגיעזן איינפלוס. בלויז פון קולטור־היסטאָרישן, ברייט־נאַציאָנאַלן שטאַנדפּונקט. האָבן מיר דאָ דעם איינציקן אידישן בילדונגס־אינסטיטוט, וואָס זייענדיק שטרענג־וויסנשאַפטלעך און פּראָגרעסיוו, שטייט ער אין אַ ריכטיקער היסטאָרישער פּערספּעקטיווע צו דער אידישער טראַדיציע, פריי פון רעליגיעזער פאַרערונג אָבער אויך פריי פון טעמפּער, עם־הארצ׳ישער פאַרשטאָפּונג. אָן דאָגמאַטישן יראת הכבוד, אָבער מיט אַ צאַרטער אָנער־קענונג פון אַלץ וואָס אין דער אידישער פאַרגאַנגענהייט איז שיין, דער־הויבנדיק און אויפבויענדיק.

צום ערשטן מאָל האָבן מיר דאָ אַ בילדונגס־אינסטיטוט, וואו דער אידי־שער סטודענט דאַרף זיך נישט צערייסן צווישן דעם אייביקן ויתרוצצו, צווישן „אייגענער״ און „פרעמדער״ קולטור, צווישן אידישן און נישט־אידישן וויסן,

וואו, פון איין זייט, די נישט־אידישע לימודים ווערן נישט אָפּגעשאַלאַמויזעט צווישן טאָג און נאַכט און וואו, פון דער אַנדערער זייט, די אידישע לימודים שטייען נישט פאַר די נישט־אידישע כעבדא כלפי מאריה. צום ערשטן מאָל אַן אינסטיטוט, וואָס דאַרף אַרויסגעבן ברייט־געבילדעטע, גאַנצע אידישע אינטעליגענטן, לערער און טוער, מיט אַ ידיעה וועגן קבלה און חסידות, ווי אין סאָציאַלע וויסנשאַפטן, אַ פאַרשטענדעניש פאַר די אידישע פּראָבלעמען פון אונזער צייט, ווי פאַר די אַלגעמיינע פראַגן פון דער מאָדערנער מענטש־הייט, מיט אַן עסטעטישער דערציאונג וואָס האָט אַן אויג פאַר דאָס שיינע אין דער אידישער, ווי אין דער אַלגעמיינער קולטור.

אַז די ברייטע אידיש־וועלטלעכע אָריענטאַציע פון סעמינאַר איז די ריכטיקע, ווייזט אויך זיין ריזיקער מאָראַלישער דערפאָלג. אין אַ יאָר אַרום נאָך דער געבורט פון סעמינאַר האָט זיך צו אים אַ לאָז געטאָן אַ מחנה אידישע יונגע מענטשן, יונגע און יונגינקע, אַנטשלאָסן צוווידמען זייער לעבן צו זיין אידישע לערער, דאָרשטנדיק נאָך תורה און חכמה. פון ווייט און פון נאָענט זיינען זיי געקומען און פון אַלע קרייזן. אַזוי פיל און אַזוי פאַרשידן זיינען זיי געווען, אַז די פאַרוואַלטער האָבן זיך געפונען געצוואונגען צוצובויען צום סעמינאַר אַ פראָ־סעמינאַר, וואָס איז אַן אָריגינעלע אידישע מיטלשול, וואו צווישן אַנדערעס לערנט מען מאַטעמאַטיק און די געשיכטע פון מאַטעמאַטיק, וועלט־ליטעראַטור, די ענגלישע שפּראַך און ליטעראַטור, העברעאיש און תנ״ך. און די ליבע צו דער אידישער קולטור און די אַלגעמיינע וויסנס־דאָרשט פון דער אַמעריקאַנער אידישער יוגנט האָבן זיך דורכן סעמינאַר אַזוי שיין אַרויסגעשטעלט, אַז די פאַרוואַלטער פון סעמינאַר אַרבעטן איצט אויס אַ פּלאַן דעם איצטיקן לערער־אינסטיטוט צו פאַרוואַנדלען אין אַ אידישן אוניווערזיטעט, וואו דער איצטיקער סעמינאַר זאָל בלויז זיין דער פּעדאַגאָגישער פאַקולטעט, לעבן וועלכן עס זאָלן אויסוואַקסן פיל אַנדערע פאַקולטעטן פון אידישן און אַלגעמיינעם וויסן.

די פאַרוואַלטער פילן זיך שטאַרק דערמוטיקט אין זייער פּלאַן דורך דער גליקלעכער דערפאַרונג וואָס זיי האָבן געהאַט מיט די איצטיקע לערער און סטודענטן. די לערער האָבן געטאָן זייער אַרבעט בשלימות, מיט דער צאַר־טעסטער ליבע און איבערגעגעבנקייט, און די סטודענטן — די יונגע־לייט ווי די מיידלעך — האָבן זיך אָפּגעגעבן זייער שטודיום מיט אמתער מסירת־נפש, האָבן אין זיך איינגעזאַפּט תורה און חכמה מיט אַזאַ ברען, וואָס האָט

צו זיך נאָר אַ גלייכן צווישן די אַלטע אידישע מתמידים. קוקנדיק אויף אַזאַ יוגנט און אויף אַזאַ התמדה, ווערט מען אָנגעפילט מיט דער ליכטיקסטער האָפענונג וועגן דער צוקונפט פון דער אידישער קולטור אין אַמעריקע.

אָט דאָס איז דער כאַראַקטער פון אידישן לערער־סעמינאַר און אָט דאָס איז זיין פאַרנעם. דער איצטיקער שולן־צוזאַמענפאָר וועט מוזן מאַכן זיין גרעסטע אָנשטרענגונג פאַר דער פאַרזיכערונג פון זיין צוקונפט, און נאָך ערנסטער וועט ער מוזן טראַכטן וועגן דער אָפהיטונג פון דער ריינקייט און שיינקייט פון זיין כאַראַקטער און וועגן דעם ווי אַזוי זיינע גרויסע און וואונדערלעכע מעגלעכקייטן אַרויסצוברענגען מן הכוח אל הפועל.

„די צייט", אַפּריל 1921

# דער לערער־סעמינאַר און דער פאַרבאַנד

דער אידישער לערער־סעמינאַר איז שוין העכער זעקס יאָר אַלט. זיין דערפאָלג, אַ מאָראַלישער נאַטירלעך, איז ווי אין אַ וואונדער־מעשהלע.

עטלעכע־און־דרייסיק יונגעלייט און מיידלעך האָבן דעם סעמינאַר שוין געענדיקט, נאָך עטלעכע און צוואַנציק דאַרפן אים ענדיקן אין קומענדיקן חודש יוני. די גוטע העלפט פון די געענדיקטע זיינען דערפאָלגרייכע לערער: ווער אין אַ פאָלקשול, ווער אין אַן אַרבעטער רינג שול, ווער אין אַ תלמוד־תורה און ווער געבענדיק שטונדן פריוואַט. אַ חוץ די עטלעכע און דרייסיק יונגע מענטשן, וואָס האָבן שוין געקראָגן דיפּלאָמען אין סעמינאַר און די עטלעכע און צוואַנציק וואָס דאַרפן זיי באַלד קריגן, האָבן זיך פאַר דער צייט איבערגעקערט אין סעמינאַר העכער אַ הונדערט יונגע מענטשן, וועלכע, אָדער זיי האָבן איבער עפּעס אַ סיבה דעם קורס נישט געענדיקט, אָדער זיי האָבן לכתחילה בלויז געוואָלט באַקענען זיך מיט איינעם אָדער עטלעכע פון די לימודים פון סעמינאַר. אָבער אַלע האָבן אין סעמינאַר געקראָגן אַ היפּשע מאָס אידישע און אַלגעמיינע בילדונג און כמעט אַלע זיינען איצט אידישע קולטור־טוער, פאַרשפּרייטנדיק יעדער אין זיין ווינקל, אין ניו־יאָרק אָדער אויף דער פּראָווינץ, דאָס וויסן וואָס זיי האָבן אין סעמינאַר דערוואָרבן, די קולטור־ליבע מיט וועלכער זיי האָבן זיך אין סעמינאַר אָנגעזאַפּט.

דער סעמינאַר האָט אויפגעטאָן וואונדער אין דער הינזיכט פון גרופּירן אַרום זיך די שענסטע און קאָמפּעטענטסטע אידישע אינטעליגענץ פון ניו־יאָרק און דער סביבה. עס האָט זיי צוזאַמענגעבראַכט די אידייע פון אַ פרייען, ברייטן אידישן בית תורה. צעטיילט ווי די אידישע אינטעליגענץ איז אויף פּאַרטייען און אָנשויאונגען, האָט זי דאָך געפונען די מעגלעכקייט, איבער דער אַקאַדעמישער הויך פון סעמינאַר, איבער דעם ריינעם גייסט פון לערנען און פאָרשן וואָס הערשט אין אים, צו פאַראייניקן זיך אין אים ווי אין דעם איינציקן עיר־מקלט פון פּאַרטיי־רייסערייען און ליידנשאַפטלעכער פּאָלעמיק. צווישן די לערער פון סעמינאַר זיינען געווען און זיינען פאַראַן נאַציאָנאַליסטן

און סאָציאַליסטן, אידישיסטן און העברעאיסטן, קאָמוניסטן און „סקאָלערס" — מענטשן וואָס ווידמענען זייער לעבן זייער תורה און אינטערעסירן זיך זייער ווייניק מיט פּאָליטיק אָדער גאָר ניט. און אין סעמינאַר איז יעדער לערער בלויז לערער: פאַרן שוועל פון סעמינאַרס קלאַס־צימער ווערט באַגראָבן יעדע פּראָפּאַגאַנדע, יעדע ליידנשאַפטלעכקייט, יעדער באַגער פון נשמה־פאַנגעריי. אַלע פילן, אַז פאַר דעם אַלעמען איז די ערד פון סעמינאַר צו הייליק.

נאָך מער דערפאָלגרייך איידער מיט די לערער איז דער סעמינאַר מיט זיינע סטודענטן. דער פאַקט וואָס אין צענטער פון סעמינאַר־קורס שטייט די אידישע קולטור — אידיש און העברעאיש, די אידישע ליטעראַטור און די העברעאישע, די אידישע היסטאָריע, תנ"ך, תלמוד, אידישע פילאָזאָפיע, מאָדערנע אידישע פּראָבלעמען און אידיש־העברעאישע פּעדאַגאָגיק — ווי אויך דאָס וואָס דער סעמינאַר האָט געהאַט דאָס גליק צו האָבן פאַר זיין הויפּט־דירעקטאָר אַ מענטשן מיט אַזאַ ברייטער בילדונג, מיט אַזאַ פיל־זייטיקער אידישער סימפּאַטיע, מיט אַזאַ אויסגעצייכנטער הסברה און מיט אַזאַ פיינער פערזענלעכער ליבלעכקייט ווי ח' יהודה קויפמאַן, האָבן גורם געווען דאָס שוין באַלד נאָך זיין גרינדונג איז דער סעמינאַר פּאָפּולער געוואָרן אין יענע יוגנט־קרייזן, וואָס אינטערעסירן זיך מיט אידישער קולטור. דער גוטער שם פון סעמינאַר האָט זיך פאַרשפּרייט ווייט און ברייט און פון אַלע ווינקעלעך פון לאַנד האָבן אָנגעהויבן קומען יונגע מענטשן צו שטילן אין אים זייער דורשט נאָך אידישער און וועלטלעכער תורה. און איז עס נישט העכסט־דערפרייענד וואָס אין אַזאַ שווערער, אומרואיקער צייט, אין אַ צייט ווען צווישן דער יוגנט הערן זיך אַזוי שטאַרק די קללות פון הפקרות און אידישער דערוויטערונג, געפינען זיך ביי אונז אַזוי פיל יונגע מענטשן וואָס שליסן זיך פרייוויליק איין אויף יאָרן־לאַנג צוליב זעלבסט־אַנטוויקלונג און גייסטיקער באַרייכערונג, און די הויפּט־צוציאונג צו אַזאַ שווערער זעלבסט־אָפּזאָגונג איז דווקא דער באַגער צו באַקענען און דורכזאַפּן זיך מיט די אידישע קולטור־אוצרות? און איז נישט דער לערער־סעמינאַר די גע־בענטשסטע אינסטיטוציע פון די אידיש־קולטורעלע שטרעבונגען און טואונגען פון דער אַמעריקאַנער אידישער גאַס דערמיט וואָס ער איז דער מיטל־פּונקט פון אַזאַ צאַרטער אידישער טרייקייט, פון אַזאַ שיינער אידיש־קולטורעלער בענקשאַפט און אָפּפערווויליקייט?

דער הייסער, ריין־אַקאַדעמיִשער תורה־דורשט, דער טיפער באַגער צו לערנען, נישט דווקא צוליב לערעריי אָדער וועלכן עס איז אַנדערן פּראַקטישן תכלית, וואָס אַנטפּלעקט זיך אַזוי שיין אין דעם סעמינאַר, ווי אויך דעם סעמינאַרס גרויסער דערפאָלג מיט זיינע לערער, האָבן פאַר די סעמינאַר־פירער געעפנט אַ נייע אויסזיכט — די האָפענונג, די מעגלעכקייט און אויך די נויטיקייט דעם אידישן לערער־סעמינאַר אויסצובוברייטערן אין אַ אידישן אוניווערזיטעט!

פאַרן ציניקער אַ שפּאַט, פאַרן קליינגייסטיקן אַ נישט־דערגרייכבאַרער באַרג, פאַרן טרוקענעם חשבונ׳ער אַ וועלט־ווייטקייט, איז אָבער אַזאַ אידעאַל, ביי אַ גוטן־ערנסטן ווילן, אין אמתן אין די גרענעצן פון נישט־ווייטער פאַר־ווירקלעכונג. האָט דאָך דער ציניקער אויך געשפּאָט פון געדאַנק פון אַ אידישער פאָלקשול און האָבן דאָך דער קליינגייסט און דער פּראַקטישער בעל־חשבון אָפּגעזאָגט דאָס לעבן אַפילו דעם איצטיקן סעמינאַר, נאָך איידער ער איז געבוירן געוואָרן. און זיינען דאָך פיל, גאָר פיל פון די איצט הערלעך־שיינענדיקע וועלט־אוניווערזיטעטן אין זייער אָנהויב געווען נישט גרעסער אין אומפאַנג און נישט רייכער אין גייסט איידער דער אידישער לערער־סעמינאַר. און זיינען דען סוף כל סוף נישט די גרויסאַרטיקע בנינים און נישט די רייך־איינגעריכטעטע לאַבאָראַטאָריעס און אַפילו נישט די הונדערטער טויזנטע טויטע ביכער די אמתע נשמה פון די אוניווערזיטעטן, נאָר די לעבעדיקע לערער און די לעבעדיקע תלמידים? די העכער זעקס־יאָריקע עקזיסטענץ פון אידישן לערער־סעמינאַר באַווייזט באַשיינפּערלעך, אַז די אידישע גאַס פון אַמעריקע איז נישט אָרעם אין לערער און איז גאָר רייך אין תלמידים.

**
*

ווי האָט דער אידישער לערער־סעמינאר די אַלע יאָרן געקראָגן זיין געלטלעכע אויסקומעניש? דאָס איז אַ פּאַזע פון סעמינאַרס לעבן, וואָס איז אי גרוי, אי טרויעריק. נאָר צו וואָס באַלעסטיקן דעם לעזער מיט דעטאַלן וואָס קענען אים נישט פאַרשאַפן קיין פרייד, נישט דערהויבן זיין גייסט? גענוג וועט זיין צו זאָגן, אַז די גאַנצע נויט, אָרעמקייט, קבצנות און וואָכעדיקע פיינלעכקייט האָבן דאָך קיינמאָל זייער ערנסט נישט געשטערט דעם סדר הלימוד; אַז זעלטן ווער פון די לערער — און אפשר טאָקע קיינער נישט —

האָט אים פאַרלאָזן איבערן מאַנגל אָדער אַפילו איבער דער טאָטאַלער אַפּוועזנקייט פון האָנאָראַר! געגוג וועט אויך זיין צו זאָגן, אַז עס איז נאָך נישט געווען קיין איין מאָל, סיי אין ניו־יאָרק און סיי אויף דער פּראָווינץ, ווען דער סעמינאַר האָט ערנסט געבעטן הילף און האָט זי נישט געקראָגן!

דער גרעסטער מעצענאַט פון אידישן לערער־סעמינאַר איז געווען דער אידיש־נאַציאָנאַלער אַרבעטער־פאַרבאַנד — מיט זיין צענטראַלער לייטונג, מיט זיינע קאָנווענשאָנס און מיט זיין מיטגלידערשאַפט איבערן לאַנד.

און דאָס איז אויך געווען די נאַטירלעכסטע זאַך אין דער וועלט. זיינען דאָך דער פאַרבאַנד און די פּאַרטיי פּועלי ציון געווען די ערשטע גרינדער פון די אידישע פאָלקשולן און פון אידישן פאָלקשולן־פאַרבאַנד, וואָס האָט דעם סעמינאַר געעפנט; זיינען דאָך די געענדיקטע און די געוועזענע, ווי די איצטיקע, סטודענטן פון סעמינאַר, די לערער און די טוער אין די פאַרבאַנד־שולן און די קולטור־טוער אַרום די פאַרבאַנד־אָרגאַניזאַציעס; זיינען דאָך די מענטשן וואָס זיינען ענג פאַרבונדן מיטן לערער־סעמינאַר אויך די קולטור־טרעגער אין און אַרום דעם איד. נאַצ. אַרב. פאַרבאַנד; האָבן דאָך די מיט־גלידער פון דער צענטראַלער לייטונג פון פאַרבאַנד דעם סעמינאַר געהאָלפן גרינדן און באַטייליקן זיי זיך דאָך עד היום אין זיין פאַרוואַלטונג.

זייט די לעצטע עטלעכע יאָר, דער עיקר אַ דאַנק ווענדונגען אויף די פאַרבאַנד־קאָנווענשאָנס מצד פירער פון סעמינאַר, גיט דער פאַרבאַנד דעם סעמינאַר אַ סובסידיע, וועלכע שוואַנקט פון 500 ביז אַן ערך טויזנט דאָלאַר אַ יאָר. אָבער אַ סך, אַ סך מער האָבן דעם סעמינאַר געהאָלפן די פאַרבאַנד־חברים פון לאַנד. פון זינט 1920 האָב איך אַליין — אַ חוץ קלענערע אַרויס־פאָרן — געמאַכט דריי לענגלעכע טורן פאַרן סעמינאַר איבערן לאַנד, צונויפ־זאַמלענדיק די סומע פון איבער צען טויזנט דאָלאַר. איז גאָר, גאָר אַ גרויסער טייל דערפון געקומען פון פאַרבאַנד־מיטגלידער. נאַטירלעך איז דאָס נישט געשען אָן דער מיטהילף פון אָרטיקע חברים.

אין משך פון די לעצטע פּאָר יאָר איז געלונגען צוצוציען צום סעמינאַר אייניקע פאַרמעגלעכע ניו־יאָרקער קולטור־טוער, און אַ דאַנק זייערע פּער־זענלעכע ביישטייערונגען, ווי אויך דורך זייער שתדלנות ביי אַנדערע, האָט דער סעמינאַר אין דער צייט געקראָגן עטלעכע טויזנט דאָלאַר שטיצע פון גאַנץ נייע קוואַלן.

*****

אַזוי אַרום האָט דער סעמינאַר אָפּגעלעבט העכער זעקס יאָר. זיין איצ־טיקער בודזשעט איז עטוואָס מער פון צען טויזנט דאָלאַר אַ יאָר. און כאָטש דער סעמינאַר טאָר ביי זיין איצטיקן בודזשעט נישט בלייבן, זייענדיק סיי מאָראַליש און סיי מאַטעריעל פאַרפליכטעט אויסצוצאָלן אַ היפּש ביסל חובות און מוזנדיק איינפירן אייניקע סאַמע נויטיקסטע אויסבעסערונגען, קען דאָך אַ סומע פון אומגעפער פופצן טויזנט דאָלאַר אַ יאָר דעם סעמינאַר לעת־עתה גאַנץ גוט אַוועקשטעלן. וואו אָבער וועט דער סעמינאַר די דאָזיקע סומע נעמען? און צי וועלן די פּאָר מענטשן, וואָס שטייען הינטער אים, אויך ווייטער האָבן געגוג ענערגיע, מוט און אויסדויער דעם סעמינאַר זיין חיונה צו שאַפן?

די סאַמע לאָגישסטע זאַך איז, דאָס דער אידיש־נאַציאָנאַלער אַרבעטער־פאַרבאַנד, וואָס האָט, אפשר צום גרעסטן טייל, דעם סעמינאַר אין לעבן געבראַכט, וואָס האָט זיכער מער ווי ווער עס איז אין אים די מייסטע צייט ביים לעבן דערהאַלטן — די סאַמע לאָגישסטע זאַך איז, דאָס דער פאַרבאַנד זאָל דעם סעמינאַר אינגאַנצן איבערנעמען!

זאָל דער פאַרבאַנד דעם סעמינאַר איבערנעמען און עס מאַכן פאַר זיין וויכטיקסטע אויפגאַבע די הויכע אידייען, וואָס זיינען אין סעמינאַר פאַר־קערפּערט, אַרויסצוברענגען מן הכח אל הפועל — מאַכן אים, אין ערשטן פּלאַן, פאַר אַ פאָלקאָמענעם אידיש־פאָלקלעכן פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט און, אין צווייטן פּלאַן, פאַר אַ ברייט־מאָדערנעם אידישן אוניווערזיטעט.

דאָס ערשטע קען דער פאַרבאַנד, אָן באַזונדערער אָנשטרענגונג, שוין איצט דערגרייכן — דאָס צווייטע, דאָס איז אַ ציל, וואָס אָן אָרדען ווי דער פאַרבאַנד מעג מאַכן פאַר זיך לעבנס־אויפגאַבע — אַ ציל וואָס קען אַזאַ אָרדען אויפהויבן אויף דער העכסטער מדרגה פון אידיש־פאָלקלעכער חשיבות.

„דער אידישער אַרבייטער", פעברואַר, 1924

# ליטעראַטור אין דער פאָלקשול

(רעפעראַט געהאַלטן אויפן 11טן צוזאַמענפאָר פון די אידישע פאָלקשולן
אין פילאַדעלפיע, אין 1938)

## א.

איך באַהויפּט, אַז ס'איז נישט נויטיק צו וואַרטן מיטן לימוד פון ליטעראַטור ביז צו דער מיטלשול. דער לימוד פון ליטעראַטור אין דער פאָלקשול איז נישט נאָר ווינטשנסווערט, נאָר טאַקע נויטיק. די מיטלשול איז אמת טאַקע באַשטימט געוואָרן, צום גרויסן טייל, צוליב ליטעראַטור, לײַדער אָבער קענען מיר דאָ אַמפּיינלעכסטן אָנווענדן די ווערטער פון פרק: „ואל תאמר לכשאפנה אשנה, שמא לא תפנה" — זאָג נישט, אַז איך וועל פריי זיין, וועל איך לערנען, וואָרעם טאָמער וועסטו נישט פריי זיין? טאָמער וועט דאָס קינד אין מיטלשול נישט גיין, זאָלן מיר עס אַרויסלאָזן פון אונז אָן ליבע, אָן אַן אינטערעס אַפילו אין אונזער ליטעראַטור?

ס'איז אמת, אונזערע קינדער טרעפן זיך אָן מיט מוסטערן פון די פאַרשידענע מינים פון אונזער ליטעראַטור שיר נישט באַלד נאָך די ערשטע טעלעכע וואָכן ווי זיי טרעטן אַריבער די שוועל פון דער שול. שוין אין אונזערע ערשטע לערן־ביכלעך באַגעגענען די קינדער אַ לידעלע פון שמעון פרוג אָדער פון אברהם רייזען. און אין די ווייטערדיקע ביכלעך באַגעגענען זיי שוין אויך לידער פון יהואָשן און איינהאָרנען און מאַני לייבן און אַפילו פון ליעסינען און ביאַליקן. און אַוודאי באַגעגענען זיי אויך געשיכטעס און דערציילונגען פון שלום עליכמען און פּרצן, פון רייזענען און אַשן, פון ליבינען און קאָברינען און אַפילו באַשרייבונגען פון מענדעלע מוכר ספרים. נאָר דאָס אַלץ ווערט דאָך ביי אונז לעת עתה געלערנט צוליב שפּראַך. איך אָבער לייג פאָר, אַז פון לעצטן יאָר פאָלקשול — צי ווען עס איז דאָס זעקסטע יאָר, צי אַפילו ווען עס איז דאָס פינפטע יאָר — זאָל מען אָנהויבן לערנען ליטעראַטור לשם ליטעראַטור.

מען זאָל אָנהויבן לערנען ליטעראַטור גופא, די ליטעראַטור ווי זי איז, נישט צוגעשניטן און צוגעפּראַוועט, ווי עס טרעפט אָפט אין אונזערע לערן־ביכלעך, ליטעראַטור לשם ליטעראַטור און נישט אין פאַרבינדונג מיט אַ יום־טוב אָדער מיט עפּעס אַן ענין, ווי אונזערע לערן־ביכער זיינען אויסגעשטעלט. איך וויל, אַז שוין אין דער פאָלקשול זאָלן אונזערע קינדער זיך כאָטש אָנהויבן באַקענען מיט דער שיינקייט און מיטן אמת (ביי די גריכן, זאָגט מען, איז דאָס געווען איינס) וואָס זיינען אַנטהאַלטן אין אונזער ליטעראַטור. די שיינקייט פון וואָרט, קלאַנג און בילד און דער אמת פון געדאַנק, גלויבן און איבערצייגונג.

דעריבער לייג איך פאָר, אַז אַנשטאָט וואָס ביז איצט האָבן מיר געהאַלטן פאַר אַ חוב דורכצוגיין אין פאָלקשול אַלע דריי ביכער פון שלמה וויסמאַנס „דאָס וואָרט״, זאָלן מיר זיך פון איצט אָן, אין גרונט, נאָר באַנוגענען מיטן ערשטן טייל און מיט די אַנדערע צוויי טיילן זאָלן מיר זיך נאָר באַנוצן צוליב עפּעס אַ דערגאַנצונג, ווי, למשל, ביים לימוד אָדער שמועס פון ארץ־ישראל אָדער אין פאַרבינדונג מיט עפּעס אַ סאָציאַלן שמועס אָדער אַ פייערונג.

ב.

נאָר לאָמיר זיך — איידער מיר גייען ווייטער — נישט מאַכן קיין פאַלשע אילוזיעס. און לאָמיר אויך נישט ריידן „גבוה, גבוה״, ווי חנה, שמואל הנביא׳ס מוטער דריקט זיך אויס. און רעדט מען פון ליטעראַטור, איז דאָך אַזוי גרינג זיך אין די הימלען אַוועקצולאָזן. זאָל פאַר אונז גילטן אַלס ריכט־שנור די באַשיידנקייט פון דעם דריטן פון די דריי שניידער, ווי עס גייט אינעם משל:

געווען אַמאָל דריי שניידער. האָט דער ערשטער אַרויסגעשטעלט אַ שילד: „איך בין דער גרעסטער שניידער אין דער גאַנצער מלוכה״. דער צווייטער: „דאָס איז דער בעסטער שניידער אין דער מדינה״. דער דריטער אָבער האָט עס געמאַכט פּשוט און היימיש: „דאָ זיצט דער בעסטער שניידער אויף אָט דער גאַס״.

לאָמיר, אַ חוץ דער באַשרענקטער צייט, וואָס מיר האָבן, אויך אין זינען האָבן, אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט גאַנץ יונגע קינדער, וועמעס ליטעראַ־רישער באַגאַזש, אַפילו שוין מיט דעם וואָס זיי באַקומען אין דער אַמעריקאַ־נער פאָלקשול, איז נישט קיין סך מער פון גאָרנישט. און כאָטש מיר לערנען

שוין דאָ נישט קיין שפּראַך, קענען מיר אָבער נישט צומאַכן קיין אויג אויף דער שווערקייט פון דער שפּראַך פאַר אונזערע היגע קינדער; און אַז אויך די אומגעבונג וואָס די קינדער וועלן אָנטרעפן אין דער ליטעראַטור, וואָס מיר לערנען מיט זיי, איז זיי אויך פרעמד אָדער פרעמדלעך און פאָדערט אַ דערקלערונג.

האָבנדיק דאָס אַלץ אין זינען, לייג איך פאָר, אַז דער קורס ליטעראַטור פאַר דעם יאָר, זאָל, אין דער פּאָעזיע, באַשטיין פון שמעון פרוגס און מאָריס ראָזענפעלדס לידער, ווי עס ווערט געגעבן אין מיינע „יידישע פּאָעטן" און, אין פּראָזע, פון אברהם רייזענען, פון באַנד „היימישע מענטשן", „פאַרלאָרן דעם קול", „שכר לימוד", „אין סאַד", „אויף מבינות", „די כלי־זמר", „איוב" און „דער קוש" און, פון אַנדערע בענדער, „דער בוים", „שטילע טריט", „פאַרמשכנט זיך אַליין" און „די פאַבריק" און פון די פאָלגנדיקע זאַכן אין י. ל. פּרצ'ס „פאָלקסטימלעכע געשיכטן": „דער זוג אָדער שרה בת טובים", „דער קונצנמאַכער", „דרשה־געשאַנק", „די תאוה צו קליידער", „ביים גוסס צוקאָפּנס", „דריי מתנות", „ס'אי גוט!", „דער בעל שם טוב פירט אויס אַ שידוך" און „דער אַרענדאַר". העכסטנס, אַז עס וועט סטאַיען צייט, קען מען נאָך צו דעם צוגעבן דאָס גאַנצע אָדער אַ טייל פון רייזענס פּאָעזיע אין „די יידישע פּאָעטן".

אויף די קלאָץ־קשיות: ווי אַזוי קריגט מען די אַלע ביכער? און, וואָס טוט מען מיט דער אָרטאָגראַפיע? קען איך נאָר ענטפערן מיט די אַלטע תירוצים: ערשטנס, וועלן מיר זיך „מוטשען", אַזוי ווי מיר „מוטשען" זיך אָפּט אין אונזער אַרבעט; צווייטנס, אפשר וועט מיט דער צייט אויך אין פּראָזע געשאַפן ווערן אַ פּאַסיקע אַנטאָלאָגיע אָדער ליטעראַרישע כרעסטאָ־מאַטיע; און דריטנס, דערקלערט מען די קינדער איינמאָל פאַר אַלעמאָל, אַז, בנוגע אויסלייג, דאַרפן זיי זיך נישט אָפּלערנען פון קיינעם און קיינס אַ חוץ פון טאָוול אין קלאַס און פון אונזערע לערן־ביכלעך.

## ג.

ראשית חכמה פון אַלע ראשית חכמות דאַרף מען מיט די קינדער פאַר־זעצן דאָס לייענען. לייענען אָן דערקלערונגען, נאָר לשם לייענען.

דער צוועק דערפון איז, פון איין זייט, נישט קיין ריכטיקע עברי (דאָס דאַרפן די קינדער שוין קענען פון פריער) און אויך נישט קיין דעקלאַמאַציע

אָדער רעציטאַציע (דאָס, אַז גאָט גיט יאָרן, איז אַ לימוד פאַר זיך), נאָר אינטעליגענט, פאַרשטענדיק לייענען, לייענען אַזוי, אַז נישט נאָר דאָס קינד אַליין נאָר אויך אַ צוהערער זאָל גוט און גרינג פאַרשטיין וואָס דאָס קינד לייענט.

מען דאַרף די קינדער, דורך באַמערקונגען, ביישפּילן און אַפילו דורך קאַריקאַטוריזירונגען, קלאָר מאַכן, אַז אַזוי ווי דער מאַמעס זופּ האָט נישט קיין טעם אָן זאַלץ, אַזוי וועט דאָס ליד אָדער די דערציילונג נישט האָבן קיין טעם, סיידן מען לייענט זיי געשמאַק און פאַרשטענדיק.

צוליב דעם איז, נאַטירלעך, קודם כל נויטיק צוגעוואוינען די קינדער אַרויסצופּאַנגען, אַזוי ווי פּערל פונעם ים, די סאַמע נויטיקסטע, די סאַמע וויכטיקסטע ווערטער פון זאַץ און זיי געהעריק באַטאָנען אָדער אַקצענטירן. דאָס מוז דער לערער פּראַקטיצירן לאַנג און אָפט, סיי בשעת ער לייענט און סיי אינעם לייענען פון די קינדער, לאַנג און אָפט, נישט געקוקט אויף דער סכנה פון ווערן שוין אַביסל מאַרודנע און אַפילו פון אַריבערכאַפּן די מאָס. אַז די געוואוינהייט וועט שוין ווערן איינגעפלאַנצט אין די קינדער, וועט די מאַרודנעקייט פאַרשווינדן און די צייט וועט אָפּשלייפן די שפּיצן פון דער איבערטרייבונג. צווייטנס, איז נויטיק איינצוגעוואוינען די קינדער גוט צו פאַרשטיין און אַרויסצוברענגען דעם ענין פון פּויזן. מען קען דעם ענין, פון איין זייט, שטאַרק איבערטרייבן, שיר נישט ביז צום געדאַנק פון יענעם דעקאַדענט, וואָס האָט געשריבן: „די פּויזע איז אין דער מוזיק אַזוי וויכטיק ווי דער טאָן. נו, שרייב איך אַ סימפאָניע פון לויטער פּויזן“. מען קען, פון דער אַנדער זייט, די זאַך דורכפירן אַזוי פּערפעקט און פיין, ווי ווען אַ גוטער בעל קורא לייענט די תורה.

די געוויינטלעכע פונקטואַציע איז אָבער קיין טראָפּ נישט און אַפילו איר ביסל אָרעמקייט ווערט זעלטן אָפּגעהיט און נאָך זעלטענער איינגע־לערנט. דאַרפן מיר, אין אָנהויב ליטעראַטור־לימוד, די קינדער גוט קלאָר מאַכן, אַז די אמתע, די אידעאַלע פּויזע איז דער פּונקט. אַז נאָך אים, און קירצער און שנעלער, איז דער שטריך־פּונקט (סעמיקאָלאָן), בשעת דער צווייפּונקט (קאָלאָן) איז אָדער דאָס זעלביקע וואָס דער שטריך־פּונקט אָדער, גאָר אָפּטער, ווייזט ער בלויז אויף ספּעציפיקאַציע, און איז גאָר קיין פּויזע נישט.

דער עיקר געוויכט אָבער דאַרף געלייגט ווערן אויף דער קאָמאַ, צו אונטערשטרייכן נישט איר וויכטיקייט, נאָר איר אומוויכטיקייט — אַלס פּויזע. אונזערע קינדער ברענגען אונז נעמלעך אַ געוואוינהייט אָפּצושטעלן זיך נאָך

אַ קאָמאַ. דאַרפֿן מיר זיי פֿון דער געוואוינהייט אַנטוואוינען, קלאָר מאַכנדיק זיי, אַז די קאָמאַ איז זייער זעלטן, כמעט קיינמאָל נישט קיין פּויזע, נאָר אין אמתן ווייזט זי גאָר אָן אויף אַ געוויסן איבערבויג, אויף אַן אַראָפּגליטשונג, אויף אַ געוויסן געלענקל אין דער שטימע פֿונעם לייענער.

מען דאַרף, אמת, אויסהיטן די קינדער, באַזונדערס ביים לייענען פּאָעזיע, פֿון אַריינפֿאַלן אין אַ זינג־זאָנג ניגון. מען טאָר אָבער גלייכצייטיק נישט פֿאַר־געסן, אַז עפּעס, אַ התחלה, אַ וואונק אויף געזאַנג איז אין יעדן גוטן לייענען פֿאַראַן. און דאָס מוז זיך אַלעמאָל באַקומען פֿון גוטער באַטאָנונג, ריכטיקער פּויזירונג און, דער עיקר, פֿון קולטיווירן אין די קינדער די געוואוינהייט צו פֿאַרשטיין, אַז אויך אין דעם פּראָזע־זאַץ, ווער רעדט נאָך אין אַ רעטאָריש־אָראַטאָרישן אָדער פּאָעטישן אָרט, איז פֿאַראַן אַ נויטיקע, אַן אומפֿאַרמיידלעכע „פּעריאָדישקייט", ווי מען רופֿט עס ביי די אומות, אָדער ריטם, ווי מיר רופֿן עס, אַ ריטם, וואָס טאָר נישט פֿאַרשוויגן ווערן.

און סיי אין פּראָזע, איבערהויפּט אָבער אין דער פּאָעזיע, איז נויטיק — בכדי צו פֿאַרענדיקן אָט דעם ענין — שאַרף, קאָנטיק אַרויסצוברענגען אָט די ווערטער, וואָס דער דיכטער האָט אויף זיי עקסטראַ געצילט, ווי אַ שטייגער די אַליטעראַציע אין דער פּאָעזיע, למשל אין רייזענס „וואָיעט ווינטן!", פּונקט אַזוי גוט דאַרפֿן אין דער פּאָעזיע גוט אַרויסגעבראַכט ווערן, אמת אָן איבער־טרייבונג, די גראַמען און די דאָפּל־גראַמען, אויב זיי זיינען פֿאַראַן, ווי, למשל, אין ליעסינס שורות:

„זיי שטייען צעשטראַלטע, באַוועגלאָזע קאַלטע,
דער טייך נאָר, ער רוט ניט, ער שטומט אַ מינוט ניט".
(„ביים טייך")

אָדער אין פּאָ'ס:

"Ah, distinctly I remember
It was in the bleak December."
(*The Raven*)

און שליסלעך, לייענענדיק פּאָעזיע, דאַרף דער לערער באַשטיין, אַז די קינדער זאָלן אַרויסברענגען די ספּעציפֿישע מוזיק, דעם ריטם פֿון ליד. דאָס מעג, אָפּטמאָל, אויך איינשליסן די צעזור, די מיטל־שורה'דיקע צעטיילונג, דאָס טאָר אָבער קיינמאָל נישט פֿאַרפֿעלן דעם מעטער, דעם מוזיקאַלישן געבוי פֿון פֿערז, לויט פֿוס און זילבע. אויך דאָ איז גרינג אַריינצופֿאַלן אין עקסטרעמען, אָבער מען קען און מען דאַרף זיי אויסמיידן. און אַוודאי ווען

דאָ נויטיק זיין צו געבן די קינדער דערקלערונגען וועגן דעם פערזון־געבוי, וועגן יאַמב, טראָכיי א. אַ. וו. איז זאָל מען עס, אָן איבערטרייבונגען, טאָן. וואָרעם היינט, פונקט ווי אַמאָל, איז נאָך אַלץ אמת, אַז די מוזיק אַנטהאַלט כאָטש אַ טייל פון דער נשמה פון ליד און, אויב מען ברענגט די מוזיק נישט אַרויס, באַגייט מען אַן אומגערעכטיקייט אַקעגן דעם פּאָעט. און מען טאָר קיינמאָל נישט פאַרגעסן, אַז נישט זעלטן ליגט די הויפּט־שיינקייט פון אַ ליד, ווי, למשל, אין ראָזענפעלדס „בלייכער אָפּרייטאָר", אין איר ריטם און אַז פונקט אַזוי אָפט, ווי, למשל, אין זיין „גלות מאַרש", ליגט אינעם ריטם די הויפּט־קראַפט פון ליד.

ד.

דאָס אַלץ זיינען, אַזוי צו זאָגן, בלויז די פּרעלימענאַריען. דאָס אַלץ האָט נאָך דערווייל נאָר צו טאָן מיט דער טעכניק פון פּאָעזיע און פּראָזע. נאָך דעם אַלעמען, אָדער אַפילו גלייכצייטיק מיט דעם, אָבער פּראָפּאָרציאָנעל פאַרטיילט, דאַרף קומען די פאַרשטענדעניש פאַר פאַרשידענע מינים פון פּאָעזיע און פּראָזע. אַוודאי האָלט שוין היינט קיינער נישט פון לערנען אַזעלכע זאַכן גלאַט אין דער וועלט אַריין, אַבסטראַקט. אָבער יעדעס מאָל אַז מען שטויסט זיך אָן אויף אַזאַ מין פּראָזע אָדער פּאָעזיע (אַמאָל דאַרף מען זי אַפילו אויסזוכן), דאַרף מען די זאַך דערקלערן, אָנווייזנדיק צו וואָס פאַר אַ מין עס געהערט. למשל, לערנענדיק שמעון פרוגס „הייס און קאַלט", שטעלט מען זיך אָפּ און מען ווייזט אָן אויף דער דראַמאַטישער פאָרעם פון דער פּאָעמע און אַז אין דער פּאָעזיע איז פאַראַן אַ ריזיקע רייע אַזעלכע פּאָעמען, וואָס זיינען דראַמאַטיש אין פאָרעם, דערמיט וואָס דער פּאָעט שטעלט זיך אַליין אַוועק אין הינטערגרונט און ער לאָזט אַנדערע פאַרשוינען ריידן. האַלטנדיק דערביי, דאַרף מען אויך אָפּרייסן אַ מינוט און אָנווייזן אויף דעם וואַריאַנט פון דער דראַמאַטישער פּאָעזיע, דעם דראַמאַטישן מאָנאָלאָג, ווי, למשל, י. ל. פּרצ'ס „פּאָלקס־מאָטיוו", וואו נישט פאַרשוינען ריידן נאָר איין פאַרשוין, וואָס דערפאַר קוקט דאָס ליד צום טייל אויס ליריש, אָבער ווייל ריידן רעדט אַ פאַרשוין און נישט דער פּאָעט — איז עס דראַמאַטיש.

גאַנץ פרי, לערנענדיק פּאָעזיע, וועלן די קינדער זיך אָנשטויסן אויף דער באַלאַדע אָדער אידיליע. דאַרף מען קורץ אָנווייזן דעם ליטעראַרישן יחוס פון די דאָזיקע מינים לידער און דערקלערן זייער נאַטור, אַז דער

ערשטער באַשטייט פֿון אַן איינפֿאַכער, פּשוט־פֿאָלקלעכער מעשה, מיט, אָדער אַפֿילו אָן אַן איבערנאַטירלעכן עלעמענט, און אַז דער צווייטער צייכנט זיך, אַ חוץ מיט זיין איינפֿאַכקייט, אויך אויס מיט זיין שטילקייט, האַרציקייט און היימישקייט.

אַוודאי דאַרף מען קודם כל קלאָר אָנווייזן אויף דער פּערזענלעכקייט אָדער כמו פּערזענלעכקייט פֿונעם לירישן ליד. אָבערביים דאָזיקן ליד שאַדט נישט, אַז מען זאָל, לכל הפּחות, אָנווייזן אויף דעם מ אָ ט י וו, דער סיבה, דערשיינונג אָדער געשעעניש, וואָס האָט דאָס ליד אַרויסגערופֿן אין לעבן פֿונעם דיכטער, און מען מעג דאָ, אַלס אילוסטראַציע, ברענגען אַ ביישפּיל פֿון דער וועלט־פּאָעזיע, ווי, למשל, לערמאָנטאָווס „זאָג מיר, דו צווייגעלע פֿון פּאַלעסטינע", וואָס איז געבוירן געוואָרן דורך אַ צווייגל אַ מתּנה אין דער האַנט, פֿון אַ פֿריינט אַ דיכטער, וואָס איז געקומען פֿון ארץ־ישׂראל, אָדער אויף לאָנגפֿעלאָוס „דער טאָג איז פֿאַרביי", וואָס איז פּשוט געקומען פֿונעם אָנקומען פֿון אָוונט.

אויף אַן ענלעכן שטייגער קען מען אין פּראָזע אָנווייזן אויף דער מעשה, ווי, למשל, י. ל. פּרצ'ס „דער אַרענדאַר", דער דערציילונג, ווי רייזענס „דער בוים", דער דראַמאַטישער דערציילונג אָדער מאָנאָלאָג־דערציילונג, ווי פּרצ'ס „ס'איז גוט", און אויף דער סקיצע, ווי רייזענס „איוב".

## ה.

לסוף וועלן מיר מוזן קומען צום שטודיום פֿון ליטעראַטור גופֿא, צו זיין עצם. דאָ וועט שוין מוזן אַריינקומען דאָס סאַמע וויכטיקסטע, דער תּוך פֿון ליטעראַטור. דאָ וועלן מוזן באַרירט ווערן אַזעלכע זאַכן ווי פֿאַרב, בילד און אילוזיע, כאַראַקטער און געשטאַלט, דרויסנדיקע באַשרייבונג, און אינע־ווייניקסטע צעגלידערונג און אויפֿבוי און פּסיכאָלאָגיע. דאָ וועלן מוזן אַנאַ־ליזירט ווערן געפֿילן, געדאַנקען און אידייען. דאָ וועט, לסוף, אויך מוזן אָנגערירט ווערן די העכערע, די מער אַרטיסטישע זייט פֿון טעכניק.

קיינער דאַרף זיך אָבער נישט שרעקן. וואָרעם קיינער מיינט נישט, אַז דאָס אַלץ דאַרף מען לערנען מיט קינדער, איבערהויפּט מיט קינדער וואָס הויבן ערשט אָן דעם לימוד פֿון ליטעראַטור.

וואָס מען מיינט יאָ, איז די קינדער צו פֿאַראינטערעסירן מיט דער אידישער ליטעראַטור, אויסלערנען זיי זי ליב צו האָבן. עס מיינט אַנטוויקלען

זייער געשמאַק, פאַנאַנדערוועקן זייער פאַרשטאַנד, פאַנאַנדערבינדן זייער צונג, זיי זאָלן קענען ענטפערן אויף אַ פראַגע וועגן ליטעראַטור מיט מער ווי אַ „יאָ" און אַ „ניין", זיי זאָלן קענען אויב עפּעס געפעלט זיי, אויב עפּעס „איז שיין", אָנווייזן פּ אַ ר וו אָ ס עס געפעלט זיי און אין וואָס ליגט די שיינ־קייט. מיט איין וואָרט, הגם דער אמתער ליטעראַטור־לימוד איז נאָך נישט פאַר אַזעלכע קינדער, דאַרף מען שוין אָבער אין זיי קענען אויסאַרבעטן, וואָס דער ענגלישמען רופט:

"An appreciation of literature."

ו.

בכדי קלערער צו מאַכן דאָס אויבן־געזאָגטע, ענדיק איך מיט אַן איבער־געבונג פון אַ רייע עקזאַמען־פראַגעס, וואָס איך האָב פאַראַיאָרן געגעבן דעם צווייטן קלאַס פון ניו־יאָרקער צענטראַלער מיטלשול. די פראַגעס האָבן זיך באַצויגן אויף פינף פון פרצ'ס „פאָלקסטימלעכע געשיכטן", וואָס מיר זיינען פריער דורכגעגאַנגען אין קלאַס און וועלכע מיר האָבן דעמאָלט באַ־שפּראָכן, לכל הפּחות אָנגעוויזן אויף די פּונקטן, וואָס די פראַגעס האָבן באַרירט. אויפן סמך דערפון האָבן די קינדער אויף די פראַגעס געענטפערט, נישט ערגער ווי זיי ענטפערן געוויינטלעך אויף אַנדערע עקזאַמען־פראַגעס, ד. ה. מער־וויניקער ביים וועג.

דערפון נעם איך מיר די דרייסטקייט צו רעקאָמענדירן, אַז אויך אין דעם לעצטן קלאַס פאָלקשול, ד. ה. אין ערשטן ליטעראַטור־יאָר, זאָלן די אַרומריידונגען און אָנווייזונגען אין די געלערנטע זאַכן געפירט ווערן אויף אַזאַ שטייגער. דער מהלך פון אַ לעצטן קלאַס פון אַ גוט־אויסגעשטעלטער פאָלקשול ביז אַפילו אַ צווייטן קלאַס מיטלשול איז, אין אמתן, נישט גרויס.

די פראַגעס זיינען געווען:

א. וועלכע פון די דורכגעגאַנגענע מעשיות אין די פאָלקסטימלעכע גע־שיכטן איז די אידישסטע?

נאָך אַביסל אַרומבלאָנדזשען האָבן די קינדער געענטפערט: „ס'אי גוט" — וואָס איז אייגנטלעך דער אמת, וואָרעם דער העלד, דער קאַנטאָניסט, איז זיך דאָך מוסר נפש, איז אַ מאַרטירער פאַר זיין אידישקייט, פאַר דער אידישער אמונה.

ב. אויף דער פראַגע: וועלכע פון אַלע איז די אַממייסטן סאָציאַלע,

האָבן זיי מיט ווייניק אָנשטרענגונג געענטפערט, אַז „ביים גוסס צוקאָפּנס״, וואָרעם דער העלד האָט רחמנות אויף אָרעמע, געפּייניקטע און באַליידיקטע און קלייבט אַליין אויס בעסער צו גיין, נישט אין גן־עדן, נאָר אין גיהנום, ווייל צווישן אַזוי פיל אומגליקלעכע וועט ער זיך דאָרט קענען ניצלעך מאַכן.

ג. אויף דער פראַגע, וועלכע איז די דראַמאַטישסטע, האָבן זיי, נאָך אַ לייכטער דערמאָנונג אויף די סצענעס פון בר־מצוה און פון פאַרהערן דעם חתן, געגעבן דעם אמתן ענטפער, אַז דאָס איז, „דער בעל שם טוב פירט אויס אַ שידוך״.

ד. אויף דער פראַגע: וואָס איז דער קלימאַקס פונעם „קונצנמאַכער״, האָבן די קינדער, וואָס לערנען גלייכצייטיק שוין אויך ענגלישע ליטעראַטור, געענטפערט, אַז דאָס איז דער מאָמענט, וואו דער קונצנמאַכער (וואָס איז אליהו הנביא) קומט אַריין פּונקט צום סדר, וואָס איז נאָך נישט געמאַכט געוואָרן, צו חיים יונהן און רבקה ביילען אין שטוב.

ה. און אויף דער פראַגע, וועלכע מעשה איז די פּסיכאָלאָגישסטע, ד. ה. די מ ע נ ט ש ל ע כ ס ט ע , וואָס פאַרנעמט זיך מיטן מענטשנס אינעוויי־ניקסטן לעבן, האָבן די קינדער, נאָך אַ קורצער אָנרעגונג מכוח אַזעלכע זאַכן ווי בענקעניש, חרטה, חשבון הנפש און גייסטיקער צעשטערונג, געענט־פערט, אַז דאָס איז „דער אַרענדאַר״.

ז.

אויף אַזאַ אופן אַנאַליזירנדיק און אַרומריידנדיק דאָס געלייענטע, קען מען, שפּינענדיק דעם לימוד ווייטער, אָנווייזן די קינדער, אַז, למשל, רייזענס „דער בוים״ אַנטהאַלט אַן אידייע, וואָס דריקט זיך אויס אינעם לייט־מאָטיוו, וואָס הזרט זיך אַ פּאָר מאָל איבער אין דער דערציילונג און דאָס איז, אַז מענטש און בוים זיינען ענלעך אינעם שיקזאַל, וואָס באַגלייט זיי — דער שיקזאַל פון אויפקומען און אויפלעבן, און אַלט ווערן און פאַרגיין. דאָס־גלייכן, דאַרף מען די קינדער גרינג קענען געבן צו פאַרשטיין, אַז „די פאַבריק״ איז אַ סאָציאַליסטישע דערציילונג, אַן אָנקלאָג אויף דעם קאַפּי־טאַליסטישן סטראָי, וואָס פאַרמיאוסט דאָס לעבן, מקריב זייענדיק דאָס שיינע און לוסטיקע צוליב נוצן און פאַרדינסט, אָט ווי די פאַבריק אין שטעטל האָט דאָס שיינע טייכעלע, וואָס האָט קליין און גרויס אַזוי פיל פרייד און גליק פאַרשאַפט, פאַרבלאָטיקט און פאַרשוועבלט.

„יידישע דערציאונג״, מערץ, 1939

# יהודה שטיינבערג פאַר דער אידישער שול*)

די פאָלקשולן־אָרגאַניזאַציע פון אידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד (איצט שוין אויך פון דער פּאַרטיי פּועלי ציון) האָט נאָך שפּעט אין ווינטער באַשלאָסן אָפּצודרוקן די קלאַסיקער פון דער אידישער ליטעראַטור אין אַ ספּעציעלער אויסגאַבע, צוגעפּאַסט פאַר די קינדער פון דער אידישער שול, פון די העכערע פאָלקשולן־קלאַסן און פון דער מיטלשול. דער פּלאַן נעמט אַריין וואָסערע אַכצן בענדער: די אידישע פּאָעזיע, מענדעלע, שלום עליכם, פּרץ, רייזען, אַש, פּינסקי, יהודה שטיינבערג, קאָברין, א. א. וו. מחמת דעם וואָס זומער זיינען די שולן צוגעמאַכט און זומער איז בכלל נישט זייער קיין גינסטיקע צייט ביכער אַרויסצוגעבן, איז די אויספירונג פון דעם פּלאַן אָפּגעלייגט געוואָרן ביז איצט; און מחמת דעם וואָס יהודה שטיינבערגס אידישע שריפטן זיינען ביז איצט אין בוך־פאָרעם נאָך נישט דערשינען, וואָס דאָס איז געווען אַן עוולה קעגן דער שיינער געשטאַלט שטיינבערג און אַן אומרעכט קעגן דער אידישער ליטעראַטור, ווערט די התחלה פון דער נייער אידישער שול־ביבליאָטעק געמאַכט מיט יהודה שטיינבערגן.

שטיינבערגס אָרט אין דער העברעאישער ליטעראַטור איז גוט באַקאַנט: מען קען אים דאָ און מען געדענקט אים מיט צאַרטער ליבע און טיפער דאַנקבאַרקייט אַלס פּעדאַגאָג, אַלס שרייבער פון חסידישע געשיכטן און קינדער־מעשהלעך. אַנדערש איז אָבער אויסגעפאַלן זיין גורל אַלס אידישער שרייבער: ווייל ער האָט געשריבן אויפן פאָלקס־לשון בלויז עטלעכע יאָר; ווייל ער האָט זיך צום גרויסן טייל געדרוקט אין אַמעריקאַנער צייט־שריפטן האָט מען אים פאַרגעסן. נישט נאָר די העברעאיסטן, נאָר אַפילו אויך די אידישיסטן האָבן נישט געפונען פאַר נויטיק מקיים צו זיין בנוגע שטיינבערגן די אַלטע אידישע מצוה פון „אויפשטעלן דעם נאָמען פון טויטן“.

---

*) יהודה שטיינבערג, צוזאַמענגעשטעלט, רעדאַגירט און דערקלערט פון ש. שאַפּיראָ, פון דער אידישער קלאַסיקער ביבליאָטעק פאַר שול און פאָלק, פון דער פאָלקשולן־אָרגאַניזאַציע פון אידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד.

דאָך איז געווען אַ צייט ווען דער ליבהאָבער פון אידישער ליטעראַטור האָט זיך מיט שטיינבערגס דערציילונגען געקוויקט. אין די יאָרן 1905־7, ווען אברהם רייזען איז באַוואוסט געווען בלויז מיט אַ פּאָר צענדליק דער־ציילונגען און שלום אַש בלויז מיט עטלעכע, איז דער נאָמען שטיינבערג מיט זיי געשטאַנען אין נאָענטער שכנות. מען האָט אָנגעקוואָלן פון זיין פרישער, לעבעדיקער בילדלעכקייט, פון זיין זאַפטיקער שפּראַך און גאָר באַ־זונדערס פון זיין וואַרעם־פאָלקלעכן טאָן. אויך האָט מען אין אים באַגריסט אייגנטלעך דעם ערשטן מאָלער פון אידישן לעבן אין בעסאַראַביע.

איצט, קנאַפּע צוואַנציק יאָר נאָך זיין טויט, נעמט די פאַרבאַנד־שולן אָרגאַניזאַציע צונויף פון רוסישע און אַמעריקאַנישע צייט־שריפטן, גאַנצע עלף פון שטיינבערגס אידישע דערציילונגען און גיט זיי אַרויס אין אַ שיין, ליכטיק 160־זייטיקן ביכל. איז דאָס שוין דערפאַר אַליין אַ גוטע התחלה.

ס'איז אָבער בכלל אַ פריילעך געשעעניש. די לערער און אינטעליגענטע טוער פון דער אידיש־אַמעריקאַנער שול ווייסן זייער גוט אין וואָס פאַר אַ געדריקטער לאַגע זי, די שול, געפינט זיך, ווען זי ווערט פאַרטיק מיט די לייען־ביכלעך אָדער כרעסטאָמאַטיעס און דאַרף פירן די שילער אַ טריט ווייטער צו דער באַקענונג מיט דער אידישער ליטעראַטור. די אַמעריקאַנער שול האָט פאַר דעם צוועק צענדליקער ספּעציעלע שול־אויסגאַבן פון די קלאַסיקער פון דער ענגליש־אַמעריקאַנישער ליטעראַטור; ביי אונז איז אין אמתן קיין אַנדער ברירה נישטאָ ווי נעמען אויסנישטערן אַ בילד פון דאַנען און אַ דערציילונג פון דאָרטן, בילדער און דערציילונגען געשריבן און גע־דרוקט פאַר דערוואַקסענע מענטשן. (די איינציקע פון דעם מין וואָס די אַמעריקאַנער־אידישע שול האָט ביז איצט געשאַפן, זיינען אַ פּרוג־ביכל, אַ פּרץ־ביכל און דינעזאָנס „יאָסעלע", אַלע דריי רעדאַגירט פון יעקב לעווין.) אַלע דריי זיינען ווייט פון אידעאַלע אויסגאַבן; וואָס איז שייך דעם שטאַרק־ווייַנענדיקן „יאָסעלע", איז עס טאַקע אָרעם, סיי ליטעראַריש און סיי שפּראַכ־לעך.

די הויפּט־זאַך אין אַזאַ אויסגאַבע ווי די איצטיקע איז, נאַטירלעך, דער אויסוואַל. נו, איז ער בדרך כלל זייער אַ גוטער. פון די עלף דערציילונגען וואָס קומען אַריין אין ביכל, וועלכע זיינען אַלע כאַראַקטעריס־טיש פאַר שטיינבערגס וואַרעמער פאָלקלעכקייט, זיינען וואָסערע זיבן זייער גוטע זאַכן (אַ פיר־פינף ממש פּערלען). אַ פינף דערציילונגען, „אפרים מלמד",

„ביים טייך", „אויפן גאַס", „צוויי חברים" און „דער גאָלדענער" זיינען ממש אידעאַלער לייען־מאַטעריאַל פאַר קינדער; נאָך פינף זיינען ביים וועג. נאָר וועגן איין דערציילונג, „דער חופה־ראָק", קען איך בשום אופן נישט פאַרשטיין, ווי אַזוי ש. שאַפּיראָ, וועלכער האָט דאָס בוך רעדאַגירט, האָט עס אַריינגעגעבן; וואָרים כאָטש די זאַך איז נישט שלעכט ליטעראַריש, וויקלט זי זיך לסוף אויס אין אַ פּאָגראָם־געשיכטע מיט פאַרגוואַלטונגען. אמת, די דאָזיקע שרעקלעכע איינצלהייטן ווערן ווייניק באַטאָנט, עס ווערט אַפילו דערמאָנט גאַנץ דעליקאַט; אָבער די קינדער וועלן אויף דעם געוויס אויפמערקזאַם ווערן, קען איך לחלוטין נישט איינזען ווי אַזוי אַ לערער וועט ביי זיך קענען פועלן צו פאַרשטיין געבן די קינדער די באַטרעפנדיקע שורות.

צוויי דערציילונגען האָבן די באַזונדערע מעלה וואָס זיי זיינען פון קינדערשן לעבן — קינדער־דערציילונגען געשריבן פון יהודה שטיינבערג, פון אַ געבענטשטן לערער, וואָס איז געוועזן אַזאַ פיינער, אַזאַ ליבנדיקער קענער פון דער קינדערשער נשמה. די ערשטע, „אויפן גאַס", איז אַ מעשה פון אַן אָרעמען אינגל, וואָס טראָגט געבעקס אויף צום פאַרקויפן און זינגט אויס זיין סחורה מיט אַ צווייענדיקער מתיקות: אי ווייל ער האָט געזאַנג אין זיין נשמה, אי ווייל, זייענדיק נעבעך הונגעריק, איז ער פון די בייגעלעך און פּלעצעלעך שטאַרק אַנטציקט; אָבער טאַקע ווייל דאָס זינגען איז אַזוי מתיקותדיק, פאַרדאַרבט עס זיין אייגענעם ציל; דער עולם ווערט פאַרגאַפט פון געזאַנג און פאַרגעסט אָן דער באַזונגענער סחורה. די צווייטע קינדערשע דערציילונג, „צוויי חברים", האָט די אמתע ווייכקייט און צאַרטקייט וואָס נאָר אַ בעלעטריסט־מאָראַליסט האָט אין דעם געקענט אַריינגעבן. עס איז אַ געשיכטע פון צוויי אינגלעך „שונאים", וואָס ליגנדיק אין שפּיטאָל און זיך אָנזעענדיק דאָרטן אַ סך יסורים און איידלקייט, לערנען זיי זיך אויס טיפער צו באַנעמען דאָס לעבן און ווערן גוטע פריינט. לייענענדיק דאָס, וועלן ביי די קינדער די אויגעלעך אפשר פאַרלויפן מיט טרערן, אָבער די טרערן וועלן נישט זיין קיין געצאַפּטע אַזוי ווי אין דער מעלאָדראַמע אָדער אַפילו אין דער סענטימענטאַלער מעשה. דאָס וועלן זיין אָט יענע גליקזעליקע טרערן וואָס פליסן אַרויס פון צאַרטן פאַרשטיין און איידעלן דערקענען.

עס איז אָבער נישט מעגלעך זיך אָפּשטעלן אויף אַלע דערציילונגען; וועל איך בלויז נאָך מאַכן עטלעכע באַמערקונגען וועגן די דריי וויכטיקסטע.

„אפרים מלמד" איז אַזאַ בילד, וועלכן נאָר אַזאַ וואוילע אידישע נשמה ווי שטיינבערגס האָט פיין געקענט אויפנעמען און אַרויסגעבן.

„גוטער, כשרער מלמד, אַ מצבה וועל איך דיר שטעלן!... האָבן זיך אָנגעהויבן די ווינטערדיקע סדרות, פלעגט ער זיך נאָכשלעפּן מיט זיינע קליינע תלמידימלעך נאָך די אָבות הקדושים קיין מצרים, קיין גרר... און די תלמידים זיינען גוטע קינדערלעך — אפרים מלמד פלעגט זאָגן, ער האָט נאָך קיין שלעכט קינד ניט געהאַט — זיי האָבן ליב דעם רבין פאַר דער שיינער תורה, וואָס ער לערנט מיט זיי... תמיד איז מען אויפן וועג, אין פעלד, אין געצעלטן... קרעניצעס גראָבט מען, אַ לייטער צום הימל."

אָט מיט אַזעלכע וואָרעם־פרישע אויל־פאַרבן מאָלט שטיינבערג דעם מלמד, ביז ער קומט צום קלימאַקס: ווי דער מלמד פרייט זיך שמחת תורה אין שול און די קינדער מיט אים, אַרויסגעבנדיק אים אַ באַוואָרעניש, אַז ווען משיח וועט קומען און ער וועט, פאַר אַלטקייט, נישט קענען גיין קיין ארץ־ישראל, וועלן זיי אים אַהין טראָגן.

„ביים טייך" (נישט אומזיסט איז עס אַמאָליקע יאָרן פיל מאָל געווען איבערגעדרוקט אין די צייטונגען) איז אַזאַ פּרעכטיקע דערציילונג — אין דער בילדלעכקייט, אין דער פּאָעזיע, אין דער שפּראַך — אַז מען קוועלט אָן פון כמעט יעדער שורה. עס איז אַ דערציילונג, וואָס איז, דאַכט זיך, איין־און־איינציק אין אונזער ליטעראַטור. אַזאַ מין ליבעפולע ערפורכט צום טייך, אַזוי פיל פּאָעזיע פונעם וואַסער, אַזוי פיל פאַרשטענדעניש פאַרן פראָסטן מענטשס וואַסער־אַבערגלויבן — און אַלץ אַזוי פאַרביק־רייך! איז עס טאַקע אַ חידוש. איז טאַקע גוט וואָס ש. שאַפּיראָ, אין זיין בדרך כלל "שיין־געשריי־בענעם אַריינפיר, באַטאָנט אַזוי אַז שטיינבערג האָט זיין קינדהייט ביי די ברעגן פון טייך פרוט צוגעבראַכט.

די לעצטע דערציילונג איז אויך די גרעסטע, „דער גאָלדענער". אויך די דערציילונג איז אַ פּראַכט, אָבער איר פרעכטיקייט איז פון אַן אַנדער סאָרט: זי איז רייך אין הומאָר און נאָך רייכער אין האַלב־גוטמוטיקער סאַטירע אויף מענטשלעכער לייכט־גלויביקייט, בכלל אויף מענטשלעכער הכנעה פאַר רייכקייט און חשיבות.

די מעשה איז אַ פאַנטאַסטישע און איר „פאַרקניפונג" באַשטייט אין דעם, וואָס איין בעטלער לאָזט אַרויס אַ קלאַנג מכוחן צווייטן, אַז ער איז אַ מין

פאַרבאָרגענער „ראַטשילד" און דאָס שטעטל נעמט עס אָן פאַר גוט און דער קבצן ווערט טאַקע אַן עושר דערפון, דינט יענער אים אָפּ און, אין זיין צואה, מאַכט ער אים פאַר זיין יורש, אָנגעבנדיק אויף אים צוויי רעכטע סימנים: אַז ער איז אַ קרומער און אַ ליגנער. קען מען זיך שוין פאָרשטעלן וואָס אין שטעטל טוט זיך אָפּ און וואָס פאַר אַ געלעגנהייט שטיינבערגס פרישע סאַטירע האָט דאָ:

„עס האָט זיך באַלד צונויפגעקליבן אַ מחנה פון קרומע, טייל גע־בוירענע, אמת קרומע, טייל געמאַכטע... די געמאַכטע קרומע זיינען אָנגעפאַלן אויף די אמת קרומע און יענע האָבן אויך ניט געשוויגן: „דו, גנב, דו ממזר! — שרייט נעבעך אַ קרומער פונעם האַרצן אַרויס. — וואָס מאַכסטו זיך פאַר קרום? איך האָב דאָך דיך ערשט נעכטן געזען טאַנצן מיט מיידלעך אויף אַ פאַרשפּיל!"

— אַ רוח אין דיין טאַטן! — ענטפערט אים יענער: טאַקע דערפאַר טאַנץ איך דאָך, ווייל איך בין קרום. מיר איז גרינגער צו טאַנצן ווי גלייך צו גיין!

אין יענעם טאָג, אַז מוטערס האָבן אַרויסגעלאָזט די קינדער אויף דער גאַס, האָבן זיי אָנגעזאָגט: „קינדערלעך, הינקט צו אַביסל־... אַז מען וועט אייך פרעגן: „ס'איז טאָג?" זאָלט איר זאָגן „נאַכט"; — „די טאַטע־מאַמע לעבן?" זאָלט איר זאָגן „געשטאָרבן".

ש. שאַפּיראָ האָט די דערציילונגען, וועדליק פאַר קינדער, דערצו נאָך אַמעריקאַנישע, באַזאָרגט מיט אָפּטייטשונגען פון די העברעאישע ווערטער. די סלאַווישע א. אַ. וו. געוויינלעך זיינען די אָפּטייטשונגען נישט שלעכט. עס זיינען אָבער דאָ פאַלן, וואו זיי זיינען נישט געלונגען. אָט, למשל, אויף זייט 8 ווערט „בל תשחית" אָפּגעטייטשט: „דו זאָלסט נישט פאַרדאַרבן, איבערפירן... ווער עס טוט עס, איז עובר אויף דעם געבאָט פון בל תשחית". מאַכט די אָפּטייטשונג די זאַך דאָך נישט קלאָר; הלמאי וואָלט דאָ פיל גלייכער געווען ברענגען דעם באַטרעפנדיקן פסוק אין דעם פאַל וואו ער ווערט אָנגעזאָגט. „לא עלינו" (ז. 9) טייטשט ש. שאַפּיראָ אָפּ: „נישט אויף אונז געזאָגט" (וואָס קלינגט שלעכט) און „ניט דאָ געדאַכט", בשעת איין: „נישט פאַר אונז געדאַכט" וואָלט זייביידן פאַרשפּאָרט. על פי השגחה (ז. 29), ווערט אָפּגעטייטשט: „לויט אַ געטלעכן פּלאַן אָדער באַשטימונג"; איז דאָס אָן דעם

באַגריף פון אַ באַזונדערער געטלעכער באַוואָרעניש נישט גענוג געגוי, נישט גענוג טיף.

איך וויל האָפן, אַז אין אַ צווייטער אויפלאַגע וועט חבר שאַפּירא זיך די מי געבן אָט אַזעלכע און ענלעכע טייטשן צו רעווידירן.

בלייבט נאָך זאָגן אַ וואָרט וועגן די פראַגן צום סוף פון די דערציילונגען, וואָס זייער צוועק איז צו באַוועגן די שילער טיפער אַריינצוטראַכטן זיך אין דאָס געלייענטע און זיך צוגעוואוינען צו באַנעמען ליטעראַרישע שיינקייטן. טרעפן די מייסטע פראַגן אין ציל — אָבער נישט אַלע. צום ביישפּיל, נאָך „אפרים מלמד" האָבן מיר די פראַגע: ווי אַזוי איז אפרים געשטאָרבן? אויף וואָס די קינדער קענען ענטפערן גאָר נישט קלערנדיק (ער איז גע־שטאָרבן אין מיטן טאַנצן אום שמחת תורה ווייל ער איז שיכורערהייט געקומען אין שול), בשעת עס פעלט דאָ די פיל איידעלערע פראַגע: ווי האָבן זיך קינדער באַצויגן צו אפרים׳ען? דאָס זעלבע אויך „ביים טייך" האָבן באַדאַרפט זיין פראַגן, וואָס זאָלן בפירוש שטויסן די שילער צו פאַרטראַכטן זיך וועגן דעם פישערס פאָעטישקייט און זיין אָבערגלויבערישקייט.

זיינען דאָס אָבער בלויז געציילטע און קליינע חסרונות, וואָס מען וועט אין אַ צווייטער אויפלאַגע גרינג קענען פאַרריכטן. דער סך הכל, וואו די גרעסטע אויפגאַבע איז דער גוטער אויסוואַל — שטיינבערג אין זיין פיינסטער פאַרב איז בפירוש אַ גוטער. אַזוי גוט, אַז די דערשיינונג פון ביכל מעג פאַררעכנט ווערן פאַר אַ יומא דפגרא אינעם וועלטל פון דער אידישער שול.

„די אידישע אַרבייטער שטימע", אָקטאָבער, 1926.

# די אידישע פאָלקשול און די אידישע שפּראַך

(אַן ענטפער צו ח׳ חיים גרינבערג)

**1.**

ס׳איז אַ שאָד וואָס חיים גרינבערג׳ס רעפעראַט, וועלכן ער האָט געהאַלטן אויף אונזער קאָנווענשאָן אין מאָנטרעאָל, איז ביז איצט נאָך געבליבן נישט געענטפערט. אין דעם ווייטן און ווייכן טיטל „קולטור־פּראָבלע־מען פון אַמעריקאַנער אידנטום״ האָט דער באַוואוסטער לעקטאָר איינגע־וויקלט, אָט ווי מען וויקלט איין אַ שטיין אין פלאַקס, אַן אַטאַקע אויף אונזערע פאָלקשולן, אַ רבנן־קדיש אויף אונזער לימוד פון העברעאיש און מעבר־יבק׳דיקן ווידוי פאַרן לימוד פון אידיש.

וואָלט אין זיך אַליין די זאַך אַ קנאַפּ אומגליק געווען. איז אָבער די צרה וואָס פּרעטענזיעס האָט דער רעפערענט גאָר נישט קיין קליינע, און שוואַכע קעפּ, כידוע, לאָזן זיך פון פּרעטענזיעס פאַרפירן. אויך וויסן מיר, אַז גאָר אויף אַ סך מענטשן ווירקט נישט אַזוי דער וואָס מען זאָגט, נאָר ווי מען זאָגט עס. און אַ ווי האָט חיים גרינבערג דווקא אַן אַראָפּנעמענדיקן. דערצו נאָך, וואָס דאָס איז דאָס ערגסטע, איז דאָס וואָס אין אונזערע אייגענע קרייזן איז דאָ אַ געוויסער סקעפּטיציזם וועגן אונזער שולן־אַרבעט — אַ סקעפּ־טיציזם וואָס באַשטייט פון אַ קליין ביסעלע העברעאיזם, פאַרבראָקט מיט פוילקייט און אַנטי קרבנות ברענגעריי, צוגעווירצט מיט אַנטוישונג נאָך פייגלשער, נישט־געלונגענער אָנשטרענגונג. און אַזעלכע סקעפּטיקער קוקן דאָך נאָר אַרויס אויף אַן אויטאָריטעט, ער זאָל קומען און אַרויסזאָגן אין דער הויך דאָס וואָס זיי מורמלען אין דער שטיל, וועלן זיי זיך ערשט רעכט צעשרייען: „איר זעט? מיר האָבן דאָך דאָס שוין לאַנג געזאָגט! און קומט צו אויטאָריטעטן, איז מי לנו גדול פון אַ באַוואוסטן און באַליבטן לעקטאָר?״

***

די הויפּט־אויספירן פון ח׳ גרינבערג׳ס רעפעראַט זיינען די פאָלגנדיקע: אידיש אין אַמעריקע שטאַרבט אָפּ, אין דער צוקונפט וועט דאָ אידיש

העכסטנס נאָר לעבן אַלס ליטעראַרישע שפּראַך, אַלס אַ מין לשון קודש נומער צוויי.

אונזערע קינדער, אַפילו די קינדער פון אונזערע אייגענע קרייזן און אַפילו די קינדער פון אונזערע אייגענע שולן, ריידן קיין אידיש נישט.

איז אם כן, למאי נאָך באַנוצן אידיש אַלס די אונטעררריכט־שפּראַך אין אונזערע שולן (ווערדליק דעם נוסח פון דער רעזאָלוציע אויף דער לעצטער פּועלי ציון קאָנווענשאָן)? דאָס, לויט גרינבערגן, איז דאָך נישט נאָר נוצלאָז נאָר אַפילו שעדלעך. די נישט־געררעדטע און, משמעות, אויך נישט־פאַרשטאַ־נענע אונטעררריכט־שפּראַך קומט אויס, שטעלט זיך דאָך אַוועק ווי אַ וואַנט צווישן דעם לימוד און דעם מלומד.

איז דערפאַר ה׳ גרינבערג׳ס עצה, אַז מיר זאָלן — נישט מער און נישט ווייניקער — איינפירן ענגליש אַלס די אונטעררריכט־שפּראַך אין אונזערע שולן.

דעם דאָזיקן פּועל יוצא נומער איינס פאַרשטאַרקט נאָך ה׳ גרינבערג מיט אַ קליין ביסעלע טעמפּעראַמענט. „צי איז טאָקע" — רופט ער אויס — „ענגליש „טריף" אָדער אסור בהנאה?"

על כל פנים, לערנען אידיש מיט די קינדער אין אונזערע שולן דאַרף מען פונדעסטוועגן יאָ. איז נישט די אונטעררריכט־שפּראַך, אָבער זיי דאַרפן דאָך קאָנען דאָס לשון וועלכן ה׳ גרינבערג טיילט גרויסמוטיק צו אַ פּאָר קאָמפּלימענטן, בפרט דער ליטעראַטור, קאַטאָרי, וועלכע אין משך פון די לעצטע דרייסיק יאָר האָט זי גאָר באַוויזן, העט, העט, אַזעלכעס און אַזוינס.

וואָלט בדיעבד, הייסט עס, נאָך נישט געווען אַזוי גאָר, גאָר שלעכט, אַבי קאָנען דאָס לשון, ווי זאָגט יענער? „לו ישמעאל יחיה לפניך".

איז אָבער דאָ גיט זיך ה׳ גרינבערג קונציק אַ דריי און עס ווערט ביי אים געבוירן אַ פּועל יוצא נומער צוויי:

היות ווי אידיש דאַרף מען דאָך, ווערדליק ס׳איז געדרונגען פון פריער, לערנען אין אונזערע שולן בלויז צוליב ריין ליטעראַרישע צוועקן, וואָס מיינט דאָך, אַז אידיש דאַרף ביי אונז באַטראַכט ווערן ווי אַ לשון קודש נומער צוויי.

און היות ווי דאָס לערנען פוןביידע שפּראַכן צוזאַמען, אי אידיש אי העברעאיש, אין אונזערע שולן איז דאָך אַ ברכה לבטלה, ד. ה. אונזער צוויי־שפּראַכיקייט איז אין דער פּראַקטיקע באַנקראָט, וואָרעם אַפילו אין די מיטלשולן איז נישט מעגלעך דורכצופירן אַ גרינטלעכן קורס אי פון

אידיש אי פון העברעאיש, וואָס דערפון איז דאָך קלאָר ווי דער טאָג, אַז נישטביידע אידישע שפּראַכן דאַרפן אונזערע קינדער לערנען אין דער שול, נאָר איינע.

היינט, אַז וויבאַלד איינע, איז דאָך ווידער קלאָר, אַז די איינע דאַרף זיין נישט אידיש נאָר העברעאיש, נישט לשון קודש נומער צוויי, נאָר לשון קודש נומער איינס. וויבאַלד וואָס איז שייך לעבעדיקן יחוס, דער יחוס פון גערעדטע שפּראַכן, איז זייערביידנס יחוס „נאָ קברות", וואָרעם, כאָטש אַפילו אידיש אין אַמעריקע איז לעת עתה נאָך נישט קיין בר מנן, אָבער אַ שכיב מרע איז עס דאָך אַוודאי און אַוודאי, און זייער ביידנס יחוס איז דאָך נאָר אַ ליטעראַרישער, טאָ קען נאָך זיין עפּעס אַ ספק, אַז די בכורה געהערט דאָרט וואו זי איז „היסטאָריש מער אויפן פּלאַץ, וואו זי איז קולטור־פּסיכאָלאָגיש מער באַרעכטיקט?" — צו העברעאיש?

אָט אַזוי האָט זיך אונזער רעפערענט געדרייט, געדרייט דורך פאַרשידענע וועגן, אַמאָל אין דער אידישער זייט און אַמאָל אין דער העברעאישער, ביז ער איז געקומען, צוערשט צום פּונקט, אַז מען דאַרף אידיש אַרויסוואַרפן אַלס אונטעררירכט־שפּראַך פון אונזער שול, צוליב ענגליש, און דערנאָך שוין, אויך דערצו, אַז מען דאַרף אידיש אַרויסוואַרפן אַפילו אַלס לימוד — צוליב העברעאיש.

אַ דאַנק ח' גרינבערגן. האָט ער דאָך פאַר מיר מחיה מתים געווען אַ וויציק אַלט־משכיליש ווערטל, וואָס זיי פלעגן אָנווענדן אויף אַזאַ מין פּלפּוליסטיק: „משנה פניו ותשלחהו". קודם כל פאַרקריפּלט מען דעם בעל דבר דאָס פּנים — איז שוין דאָ אַ גוטער תירוץ אים דערנאָך אינגאַנצן אַרויסצוואַרפן!

אויפן וועג צו אָט די דאָזיקע אויספירן, פילנדיק, אַז ער טרעט אויף געפערלעכן באָדן, פאַרזיכערט חבר גרינבערג, אַז עס איז אין אים חלילה נישטאָ קיין שמץ פון קיין אַסימילאַטאָר, און אַז וואָס שייך אונזער באַרימטן שפּראַך־קאַמף, איז ער, ח' גרינבערג, שוין היינט נישט קיין אידיש־פערסער, קיין פאַנאַטישער העברעאיסט.

וואָלט איך וועלן חבר גרינבערגן גלויבן ביידע זאַכן, אָבער אין דער אייגענער צייט, ווער ווייסט עס נאָך אַזוי גוט ווי ח' גרינבערג, אַז ס'איז דאָ אַזאַ זאַך ווי אונטערבאַוואוסטזיך, און ס'איז זיך גאָרנישט אַזוי גרינג פאַר־צושטעלן, אַז נאָכדעם ווי איינער איז געווען אין עפּעס פאַנאַטיש איינגע־

גלויבט, זאָל פון דעם דאָזיקן עפּעס אין אים גאָרנישט בלייבן, אַפילו נאָכ־דעם ווי ער ניכטערט זיך פון אים אויס, גאָרנישט פאַרבלייבן אַפילו אין זיין אונטערבאַוואוסטזיין? און דאַרף איך פאַר ח' גרינבערגן באַטאָנען די וויכטי־קייט פון אַזאַ מין אונטערבאַוואוסטזיין אין אַ מענטשנס פּסיכיק, זיין השפּעה אויף זיין פילן, דענקען און באַאָבאַכטן?

האָט מען דאָך ביי אונז שוין פאַרצייטן געזאָגט: „אַ גר, אַפילו אויפן צענטן דור, טאָר מען פאַר אים אויף אַ גוי קיין שלעכטס נישט ריידן".

ח' גרינבערגס העברעאיסטישע באַציאונג צו אידיש סטאַרטשעט אַרויס גאַנץ אָפט און גאַנץ אָפן, הגם אפשר נישט אַזוי אָפן פאַר אים אַליין. אָט, למשל, זיצט ער אַ שבת־נאָכט אין אונזערן אַ „קעמפּ" ביי אַ קעמפּ־פייער און אַ לערער זינגט מיט די קינדער „גייט אַ גוי אין שענקל אַריין", שאָקירט אים, חבר גרינבערגן, אַזאַ ליד איז ביי אים „פאָלקסטימלעך־דזשעזמעסיק". אַ נישט־העברעאיסט, נאָר אַזאַ איינער וואָס האָט אַ פּשוט־געזונטע באַציאונג צום פאָלקלאָר, אויף וואָס פאַר אַ לשון ער זאָל נישט זיין, ווייסט ווי צו שאַצן דעם קלאַנג, דעם ריטם, די שפּראַכלעכע קוועליקייט און לויטערקייט, די פרישקייט, די היסטאָריש־קולטורעלע זכרונות אַפילו פון אַזאַ לידל. און באַגעגנט ער דאָרט אַפילו אַ ווערטל אָדער אַן אויסדרוק, וואָס ער אַליין וואָלט נישט געברויכט, האָט ער אָבער פאַר דעם די ברייטע טאָלעראַנץ וואָס קומט פון היסטאָרישער דיסטאַנץ און וועלכע דריקט זיך אויס אין רוסישן ווערטל „איז פּעסני סלאָוו ניע וויקיניעש". דער מענטש אָבער מיט אַ העברעאיסטישן אַטאַוויזם קען זיך צו אַזאַ ברייטקייט נישט אויפהויבן.

אַ צווייטן ביישפּיל:

„אידישיזם" — זאָגט ח' גרינבערג אין זיין בראָשורע — איז דאָס פאָלקס־טימלעכע, „העברעאיזם" דאָס נאַציאָנאַלע.

אויך די דאָזיקע אָקענשטעלונג פון פאָלקסטימלעך צו נאַציאָנאַל פאַר־ראַט דעם העברעאיסט. עס איז אַ גרינגשאַצונג פון דאָס פאָלקסטימלעכע, וועלכע קלעפּט צום העברעאיזם אפשר טאַקע דערפאַר, וואָס דאָס פאָלקס־טימלעכע האָט, זייט די לעצטע צוואַנציק יאָר, זיך אַזוי שטאַרק מאַניפעסטירט דווקא אויף אידיש. ביים נישט־העברעאיסט איז דאָס פאָלקסטימלעכע נישט נאָר נישט קיין קאָנטראַסט צו דאָס נאַציאָנאַלע, נאָר זיין פאַרטיפונג, זיין אויסברייטערונג, זיין קאָנקרעטיזירונג אינעם כלל ישראל.

***

בכלל איז חבר גרינבערג׳ס צוגאַנג צו דער אידישער שפּראַך נישט טיף, נישט צאַרט געגוג. און איך קען מיר ווירקלעך נישט פאָרשטעלן, ער זאָל זיין אַזוי לעבלעך צו שפּראַך בדרך כלל, ווען נישט דאָס וואָס דאָ האַנדלט עס זיך דאָך פאַרט וועגן אַן אַמאָליקער „דינסטמויד״.

דער ענין שפּראַך, זאָגט ח׳ גרינבערג (אויף זייט 27 פון זיין בראָשורע), איז נישט קיין רעליגיעזע און נישט קיין עטישע, נאָר פאַר אַלעמען אַן „עסטעטישע״ פראַגע.

דעם העכסטן אַטעסטאַט וואָס אונזער רעפערענט שטעלט אויס דער שפּראַך איז, אַז זי איז נישט קיין „לבוש״, וואָס היינט טוט מען עס אָן, מאָרגן אויס, אַז אויב שפּראַך איז פאָרעם, איז עס אַזאַ מין פאָרעם, וואָס עס איז אָפּטמאָל זייער שווער אָפּצוטיילן פון דעם וואָס מען רופט אינהאַלט, און אַז אַן איבערזעצונג פון איין שפּראַך אין דער צווייטער גיט קיינמאָל נישט איבער דעם גאַנצן אָריגינאַל.

איז דאָס טאַקע זייער אַ שיינער אַטעסטאַט, נאָר פאַר אַ נישט־העברעאיסט איז עס נאָך נישט אַלץ. פאַר אים איז יעדע לעבעדיקע און היסטאָרישע שפּראַך פון אַ פאָלק אומצעשיידבאַר פונעם פאָלק, ביי אים איז זי פאַר דער נשמה פון פאָלק אומגעפער דאָס אייגענע וואָס די פליורא איז פאַר דעם מענטשנס לונגען, פאַר אים איז זי זייער געדיכט צוזאַמענגעשלאָסן און צוזאַמענגעקוואָלן מיטן פאָלקס חיות.

נאָך קענטיקער רייסט זיך אַרויס די דאָזיקע איינזייטיקע שטעלונג צו אידיש אין אַ פאַראַלעל וואָס ח׳ גרינבערג פירט דורך צווישן אידיש און אַראַמיש. יענע, גלויבט ער, האָט געשפּילט אין אונזער לעבן יעדנפאַלס נישט קיין קלענערע ראָלע ווי אידיש האָט ביי אונז געשפּילט אין די לעצטע יאָרהונדערטער. אַראַמיש איז מערסטנטייל די שפּראַך פון תלמוד (אגב אורחא, היות ווי בדרך כלל רעכנט זיך די משנה אויך צום תלמוד איז דאַכט זיך דער ענין גאָר נישט אַזוי זיכער). אַראַמיש איז די שפּראַך פון „קדיש״ און „כל נדרי״. הכלל, אַראַמיש האָט זיך, משמעות, געשניטן אויף אַ דרך העברעאיש אינגאַנצן אַראָפּצושטויסן פון דער סצענע פון אידישן לעבן און פאַרשטופּן זי אין הינטער־קוליסן ווי אַ מין אידישן לאַטיין. און פונדעסטוועגן, אַז אַראַמיש האָט אויפגע־הערט צו לעבן אַלס אידישע אומגאַנגס־שפּראַך, האָט זי, נאָכדעם ווי זי האָט נאָך

אַ שטיק צייט געטליעט אַלס אַ ריין ליטעראַרישע אָדער בוך־שפּראַך, מיט דער צייט אינגאַנצן אָפּגעטראָטן דאָס פעלד פאַר העברעאיש.

און אַזוי, אויפן גרונט פון אָט דעם פּאַראַלעל, רעכטפאַרטיקט ח׳ גרינ־בערג אָדער ער קאָנסטאַטירט זיין שוין פריער געבראַכטן וואונטש, אַז אידיש זאָל אין דער אַמעריקאַנער אידישער שול געבראַכט ווערן אַלס קרבן אויפן מזבח פון העברעאיש.

איז אָבער דער פּאַראַלעל זייער אַ קרומער, ממש אַ משל צו אַ טאָרבע פלעקער. אַראַמיש, וויפיל און ווי לאַנג עס איז פון אידן נישט גערעדט געוואָרן, איז עס דאָך פאָרט נאָר געווען אין ארץ ישראל און אין אַ פאַר־העלטנמעסיק קליינעם שטח לעבן ארץ ישראל. אין די וויטערדיקע גלותן איז אַראַמיש מיט די אידן אַלס גערעדטע שפּראַך, דאַכט זיך, נישט מיטגע־גאַנגען; בשעת אידיש גייט מיט אַזוי פיל מיליאָנען אידן אַלס זייער לע־בעדיקע שפּראַך זייט הונדערטער יאָרן איבער לענדער, ימים און קאָנטי־נענטן. און ווען אַפילו אידיש זאָל אויפהערן צו זיין די גערעדטע אידישע שפּראַך אין אַמעריקע, בלייבט זי דאָך אַלץ דער גערעדטער אידישער לשון אין אַ סך לענדער, אין מויל פון מיליאָנען אידן!

דערהויפּט דערמאָנט ח׳ גרינבערג, אין זיין 48־זייטיקער בראָשורע, אַפילו מיט קיין וואָרט נישט דעם ריזיקן נאַציאָנאַלן און נאַציאָנאַליזירנדיקן ווערט פון אידיש, דעם פאַקט, אַז דאָס איז זייט פינף הונדערט יאָר (אפשר די שטורעמדיקסטע אין אונזער גאַנצער היסטאָריע) די לעבעדיקע שפּראַך פונעם סאַמע וויכטיקסטן און לעבעדיקסטן אידנטום פון אָט דער גאַנצער תקופה, דעם דייטש־סלאַווישן — און אַז אָט איצט־אָ, אין דער שטורעמ־דיקסטער פּעריאָדע פון אָט דער ברוויזנדיקסטער עפּאָכע, איז אידיש דער לעבעדיקער לשון פון וואָסערע צען פון אונזערע זיבעצן מיליאָן!

אמת, אונזער רעפערענט נעמט מיט זיינע צוהערער אויס אַ תנאי, נישט אַריינצולאָזן זיך אין די דרכים פון איירָאָפּע און אַנדערע מקומות אויסער אַמעריקע. מען קען אָבער דאָך נישט אַוועקשטעלן קיין ראַגאַטקע צווישן טיילן פון איין פאָלק אין ענינים פון גייסט, פּאָליטיק וכדומה. דער המשך בלייבט דאָך סיי־ווי־סיי און ווי אַזוי קען מען אים איגנאָרירן?

נישט אַנדערש אַז פאַר אַן עקס־העברעאיסט, וואָס ווערט אויפן אונטער־גאַנג פון אידיש אין אַמעריקע העכסטנס וויינען מיט גלעזערנע טרערן, איז טאָקע אַ סך באַקוועמער צו פאַרגעסן, אַז חוץ אַמעריקע איז נאָך פאַראַן

אַ ריזיק אידיש־ריידנדיק מזרח־איראָפּעאיש, דרום־אַמעריקאַניש א. אַ. וו. הינטערלאַנד. פאַרגעסט מען דאָס, איז גרינגער זיך אויסצומאָלן דעם אונ־טערגאַנג פון אידיש אין אַמעריקע.

בכלל בין איך מקנא ה׳ גרינבערגן זיין זיכערקייט, זיין פעסטקייט, זיין אַלץ־וויסן, זיין אימשטאַנד זיין אַזוי זיכער אָפּצו׳פּסק׳ענען פּראַגלעכע זאַכן.

אָט, למשל, איז ה׳ גרינבערג זיכער, אַז אַ שול פאַר אידישע קינדער אויף ענגליש אָדער אַן אַנדער שפּראַך, וואו מען לערנט נישט קיין העברעאיש און נישט קיין אידיש, נאָר וואו די קינדער באַקומען באַגריפן און פאַרשטע־לונגען וועגן „אידישע לעבנס־מאָטיוון״ א. אַ. וו. איז, נישט קוקנדיק אויף דער פּרעמדער שפּראַך, אידישער אידער אַ שולע אין וועלכער עס „דאָמי־נירט״ העברעאיש אָדער אידיש אַלס שפּראַך אָבער אָן „אידישע אינהאַלטן״. איך בין מודה, אַז כאָטש איך וויל אין מיין הויכשאַצונג פון „אידישע אינ־האַלטן״ קיינעם נישט אָפּטרעטן דעם וועג, בין איך פונדעסטוועגן אין דעם דאָזיקן ענין דאָך נישט אַזוי גאַנץ זיכער. שוין דערפאַר אַליין וואָס עס איז אוממעגלעך פון אַ שפּראַך, ווער רעדט נאָך פון אַ לעבעדיקער, היסטאָרישער שפּראַך, אינגאַנצן אַראָפּשיידן די „אינהאַלטן״ פון דעם פאָלק פון דער באַטרעפנדיקער שפּראַך.

נאָך אַ ביישפּיל פון חבר גרינבערג׳ס גרויסער זיכערקייט איז זיין אָפּ־פּסק׳ענען, אַז עס קענען נישט זיין קיין צוויי פאָלקס־שפּראַכן ביי אַ נאַציאָנאַלן קיבוץ. און אַ ראיה ברענגט ער אַזש פון גע׳ליק, די אַלטע אירישע שפּראַך. וואָס די ביז־אַהעריקע אָנשטרענגונגען פון די אירישע נאַציאָנאַליסטן, זי צו פאַרוואַנדלען אין אַן אומגאַנג־ און אונטעררעכט־שפּראַך האָבן נאָך דערוויל צו קיין זייער גרויסע פּאָזיטיווע רעזולטאַטן נישט געבראַכט. און ער פאַר־געסט ראשית, אַז געליק איז אַ שפּראַך, וואָס נאָר אחד מעיר ושנים ממשפּחה ריידן נאָך אויף אַ נאַטירלעכן אופן אַפילו אין אירלאַנד און, צווייטנס, אַז אין ארץ ישראל, וואו עס זיינען אויך דאָ אַנדערע שפּראַכן, האָט פּונקט דער פּאַראַלעלער פּרוואוו אויפצולעבן העברעאיש דווקא געבראַכט לכל הדעות חשובע רעזולטאַטן.

גייענדיק אַזוי מיטן זעלביקן זיכערן וועג דערקלערט אונזער רעפערענט ווייטער, אַז עס איז אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז צוויי־ און פיל־שפּראַכי־קייט אין אומגאַנג־לעבן זיינען מער כאַראַקטעריסטיש פאַר נישט־קולטורעלע אָדער האַלב־קולטורעלע פעלקער. און דאָ זיינען דער ראיה לדבר די באַלקאַ־

נישע פעלקער, וועלכע זיינען אַ סך „בעסערע לינגוויסטן" איידער דייטשן, פראַנצויזן און ענגלענדער. עס פרעגט זיך מער נישט, צי איז דאָס טאַקע אַ כאַראַקטעריסטיק פון די דאָזיקע פעלקער, עס הייסט, צי האָט עס צו טאָן מיט זייער קולטור און פּסיכיק, אָדער גאָר מיט זייער לעוואַנטישער געאָ־גראַפיע? זיינען דאָך אויך די אידן פון לעוואַנט „גוטע לינגוויסטן", כאָטש מען קען נישט זאָגן, אַז זיי שטייען דווקא קולטורעל נידעריקער איידער אידן פון מאַנכע גאַליצישע אָדער קאַרפּאַט־רוסישע שטעטלעך.

צו דער זעלבער קאַטעגאָריע איבער־זיכערקייטן ביי ח' גרינבערגן גע־הערט אויך זיין טויט־אורטייל צו אַלע אַנדערע אַריבערגעבראַכטע שפּראַכן קיין אַמעריקע, פון אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן. אַזוי, פּטר'ט ער מיט איין מאַך מיט דער האַנט די דייטשע שפּראַך אַפילו אין מילוואָקי (איך האָב זיך אויך נאָכגעפרעגט אַזוי ווי ח' גרינבערג, און געהערט, אַז אין מילוואָקי פליסט נאָך אַ היפּש ביסל דייטש לעבן אויף דער דייטשער שפּראַך, לכל הפחות פון טעאַטער, פאָרשטעלונגען און קאָנצערטן). מיט אַ לאַנגזאַמערן טעמפּאָ, איז ח' גרינבערג מודה, גייט די אַמעריקאַניזאַציע ביי די איטאַליענער און סלאַוון, דאָך, שטאַרקט ער זיך, איז דער אונטערגאַנג־טעמפּאָ אַ זיכערער אויך ביי זיי. און דאָס זאָגט זיך אונזער רעפערענט אָפּ אַזוי גרינג אין אַנגעזיכט פון די הונדערטער, אויב נישט מער, סלאַווישע פּאַראָקיעל סקולס, פון די פיל ריזיקע ריין־סלאַווישע (וואו אַן ענגליש וואָרט איז אַ זעלטנקייט) קאָלאָניעס אין פּענסילווענ‏יע (פּיטסבורג, ברעדאַק, האָמסטער, דזשאָנסאָן), מיטלוועסט (שיקאַגאָ, דעטראָיט, קליוולאַנד, יאָנגסטאָן), אָפּסטייט ניו־יאָרק (באָפאָלאָ, ניאַגראַ פאָלס, סקענעקטעדי) א. אַנד.

בכלל איז דער ענין נאַציאָנאַליטעטן אין אַמעריקע נאָך ווייט נישט אַזוי אָפּגעשלאָסן און פאַרזיגלט לעולם ועד, ווי ח' גרינבערג מיינט אָדער מאַכט זיך מיינען. ווייסן מיר דאָך, אַז האַרט ביז דער מלחמה האָט מען נאָך, אויף דער פאָדערונג פון די נאַציאָנאַליטעטן, אין שיינע עטלעכע אַמעריקאַנער פאָלקשולן (אין מילוואָקי און שיקאַגאָ) געלערנט מיט די פרעמד־נאַציאָנאַלע קינדער דייטש און פּויליש און מען האָט שוין אין שיקאַגאָ אָט־אָט (ווען אונזערע אחינו בני ישראל וואָלטן נאָר מיט זייער צעטיילטקייט נישט גע־שטערט) אויך געזאָלט אָנהויבן לערנען אידיש. די מלחמה האָט, אמת, די דאָזיקע טענדענץ צוריקגעשטויסן, אָבער פּונקט ווי דאָס לאַנד קומט איצט צו זיך פון דער אַלגעמיינער מלחמה־רעאַקציע, איז דאָך פאַראַן אַ גרונט

אַנצונעמען, אַז אויך אין דעם פּרט וועט ווידער ווערן ווי פריער. און ס׳איז דאָך אַ פאַקט, אַז אין דער אַמעריקאַנער ליטעראַטור און פּרעסע ווערט איצט עפּעטער ווי פריער אונטערגעשטראָכן (האַרעס קאַללען, פּראָפעסאָר פעלדמאַן), אַז אַמעריקע איז נישט פון איין שטיק, אַז עס זיינען פאַראַן אויך אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן אַ חוץ די אַזוי־גערופענע אַמעריקאַנער.

פאַר ה׳ גרינבערגן אָבער עקזיסטירן נישט די אַלע זאַכן. ביי אים, ווי ביי שלום־עליכמ׳ס בערל אייזיקס, אַז מען גיט אין אַמעריקע אַ שטאַרב איז גאַסן גאַנצע, גאַנצע קוואַרטאַלן און שטעט; גיט אַ שטאַרב אידיש, שטאַרבט אויך דייטש, איטאַליעניש, פּויליש, טשעכיש, סלאָוואַקיש א. אַ. וו. חי געלעבט — און געשטאָרבן.

אָט אַזאַ איז די נאַטור פון ה׳ גרינבערג׳ס באַאָבאַכטונג. אַ בעל־הבתישע באַאָבאַכטונג. נישט טיף, נישט דורכדרינגענדיק. און שטויסט ער זיך אָן אויף אַ פיינערער דערשיינונג, גליטש זי זיך אים פאַרביי. אָט גיסט ה׳ גרינבערג אויס אַ גאַנצע (כשר פאַרדינטע) טיראַדע אויף יענע אונזערע „דעקלאַסירטע״ עם־הארצים, וועלכע, ליידנדיק פון אַן „אינפעריאָריטעט־קאָמפּלעקס״, גייען זיי איבער פון אידיש צו ענגליש, פון נאַטירלעכן און איינגעוואָרצלטן צום קינסטלעכן און באַדנלאָזן, ווערנדיק נישט „אַסימילירט נאָר פאַרטעמפּט און פאַרגרעבט״, בלייבנדיק שטום, ווייל זיי קענען אויף קיין שפּראַך אַנשטענדיק נישט ריידן, און טויב צו פאַרשטיין אַ פיינערן ענין. איז דאָס אַלץ נאָכמער ווי ריכטיק, אָבער ליבער ה׳ גרינבערג, פאַרוואָס גייט איר שוין נישט אַביסעלע ווייטער? פאַרוואָס זעט איר נישט, אַז נישט נאָר אונזערע פאַרוועניוס, „אונזערע דעקלאַסירטע עם הארצים״ זיינען אַזוי, נאָר אויך אַ סך, אַ סך נישט־איבערגעבראָכענע, פון דער פרעמד אָנגעקומענע, נאָר טאַקע אַמעריקאַנער־געבוירענע, אָדער גאַנץ פרי צוגעפלאַנצטע, וואָס האָבן געקראָגן אַן אַמעריקאַנער בילדונג, ליידן אויך נישט ווייניק פון אָט דער טויב־שטומער חולאת — און אַז די דערקלערונג דערפון איז טאַקע נאָר דאָס, וואָס האָבנדיק אַוועקגעגאַנגען פון דער אייגענער מוטער־שפּראַך און שפּראַך־סביבה, האָבן זיי זיך דאָך נישט איינגעבירגערט ווי געהעריק אין דער פרעמ־דער שפּראַך און איר סביבה, און זיינען געבליבן קרח מכאן וקרח מכאן. און נישט נאָר דאָס, אַפילוביים אינטעליגענט, אַפילו ביים אידיש־ענגלישן (אָדער בכלל, אידיש־אייראָפּעאישן) שריפטשטעלער שפּירט מען סימנים פון אַזאַ מין פאַרוואָרצלטקייט. ליגט דאָך זייער פיל אין אַ באַמערקונג וואָס סטעפאַניאַק,

אַ קלוגער רוס און אַליין אַ פּעאיקער רוסישער שריפטשטעלער, האָט געמאַכט וועגן אַזעלכע אידיש־רוסישע שרייבער ווי יושקעוויטש, אייזמאַן א. אַנד. „גלאַט?", האָט ער געזאָגט, „יאָ גלאַט שרייבן זיי טאַקע, נאָר שוין צו גלאַט, אַז עס ווערט אַזש איבלדיק". און צי האָבן מיר נישט אַ מין וואַריאַנט דערפון, אַ וואַריאַנט דווקא אַ שיינעם, אַ גראָטעסק־פּאָעטישן, ווייל דורכגעמישט מיט אַ הרהור תשובה, מיט אַ בענקשאַפט צוריק צום שורש, אין זאַנגווילס אידישע ווערטער, ווערטלעך און וויצן אין מיטן פון זיינע ענגלישע שורות?

2.

דער חוט השדרה פון ה' גרינבערג'ס רעפעראַט זיינען, נאַטירלעך, יענע טיילן, וואו ער זאָגט אָפּ דאָס לעבן דער אידישער שפּראַך אין אַמעריקע בכלל און אין און אַרום אונזערע שולן בפרט. מיט די, אַלזאָ, טיילן שטייען מיר, מיט די פאַלן מיר.

אין זיין באַוויז־פירונג אַז אידיש אין אַמעריקע איז פאַר'משפט צום טויט, טוט ה' גרינבערג מיר אָן דעם אַנאָנימען כבוד (ווייל מיין נאָמען דערמאָנט ער נישט, נאָר ער באַצייכנט מיך אַלס „פאַר'עקשנ'טער אָפּטי־מיסט") און פּאָלעמיזירט מיט מיינעם אַן אַרטיקל אין שול־בוך פון ניו־יאָרקער שטאָט־קאָמיטעט פון פאַרבאַנד פאַראַיאָרן, „מאַכנדיק מיך, נאַטירלעך, אויסצודרייען".

איז לאָמיך, קודם כל, דערמאָנען ה' גרינבערגן, אַז אין יענעם אַרטיקל ברענג איך גאָר אַ סך אַרגומענטן קעגן אונזערע „שוואַרץ־זעער", וואָס זאָגן נביאות וועגן דעם אַמעריקאַנישן אונטערגאַנג פון אידיש. פון די אַלע אַרגו־מענטן מאַכט ער זיך כלא ידע, ברענגענדיק נאָר צוויי אַריינפיר־פּונקטן, וועלכע, ער מיינט, ער קען פאַרלאַכן.

אָט, למשל, זאָגט ה' גרינבערג עטלעכע מאָל אין זיין בראָשורע, אַז ער האָט נישט קיין סטאַטיסטיקע וועגן דעם ענין וועגן וועלכן ער רעדט, אַז עס קען וועגן אים קיין סטאַטיסטיקע נישט זיין. נו, איך אין מיין אַרטיקל, ברענג יאָ אַביסל סטאַטיסטיקע (פון אַמעריקאַנעם צענזוס פון 1910 און דאַכט זיך אויך — איך האָב איצט נישט די דאָזיקע שריפט ביי דער האַנט — פון 1920), פון וועלכע עס ווייזט זיך אַרויס, אַז אַרום 90 פּראָצענט אַמע־ריקאַנער אידן האַלטן נאָך אַלץ אידיש פאַר זייער מוטערשפּראַך. איז, מחשבות'ן פון וואַנען־זשע קומט אַזאַ חילוק? טאַקע דערפון וואָס ער אין

זיין בראַשורע, באַנוצט דעם ווייניק־באַשטימטן טערמין פאָלק־שפּראַך, מיט וועלכן דער צענזוס גיט זיך נישט אָפּ. בשעת איך, אין מיין אַרטיקל, געברויך דעם אַ סך באַשטימטערן טערמין מוטערשפּראַך, וועלכער פיגורירט גאַנץ קאָנטיק אין די לעצטע אַמעריקאַנער צענזוסן.

איך ברענג אויך דעם פאַקט פון דעם אומגעפער אַ מיליאָן לעזער פון די אידישע צייטונגען פון די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע, וועלכן ח׳ גרינבערג געפינט פאַר נויטיק צו פאַרשווייגן. איך ווייז אָן אויף די מיליאָנען באַזוכער אין די געוויינטלעך פאַראָנענע איבער צוואַנציק אידישע טעאַטערס אין דיביידע לענדער, וועלכע ח׳ גרינבערג פאַרשווייגט. איך ווייז אָן אויף די פאַקטן, אַז קיינמאָל ווערט די אידישע אימיגראַציע אין די צוויי לענדער און פון די צוויי לענדער צווישן זיך אינגאַנצן נישט אָפּגעשטעלט און אַז היינטיקע צייטן, אַ דאַנק אונזער אַלוועלטלעכער אידישער פּרעסע, אונזערע אַלוועלטלעכע באַוועגונגען און פאַרקערן, איז דאָס אַמעריקאַנער אידנטום אין שטענדיקן ענגן קאָנטאַקט מיטן אַלוועלטלעכן אידנטום — אַלץ פאַקטן, וואָס, פון איין זייט, ווייזן זיי גאַנץ שטאַרק אָן אויף דער לעבעדיקייט פון אידיש אין אַמעריקע און פון דער אַנדער זייט, זיינען זיי אַ קעגן־קראַפט קעגן איר אָפּשוואַכונג, דאָרט וואו זי הויבט זיך אָן באַווייזן.

אָבער אַפּילו די צוויי אַריינפיר־פּונקטן, וועלכע ח׳ גרינבערג ברענגט שוין יאָ פון מיין אַרטיקל, וואָס מאַכט ער פון זיי? גיט ער זיי כאָטש ריכטיק איבער?

איך ברענג, אַלס ראיה, ווי פוסט עס איז די נביאות וועגן דעם אַמע־ריקאַנישן אונטערגאַנג פון אידיש, די אייזנפעסטע באַהויפּטונג וואָס פּרץ ווירעניק האָט געמאַכט אומגעפער אין יאָר 1899, אַז אָט־אָט און די אידי־שע פּרעסע און ליטעראַטור גייען דאָ אונטער. איז דעם פּונקט, וואָס אין העכער 30 יאָר אַרום שרייבט ווירעניק נאָך אַלץ אידיש און רעדאַקטירט אַ אידישע צייטונג, פּטר׳ט ער אָפּ מיט דעם אַנעקדאָטישן „אָט זעט איר דאָך!״ איך ווייז ווייטער אָן, אַז נישט נאָר שרייבט ווירעניק נאָך איצט אידיש, נאָר ער פירט אויך אין זיין צייטונג אַ וועכנטלעכע איבערזיכט איבער נייע ביכער, וואו, העכער דרייסיק יאָר נאָך יענער נבואה, אַז די אידישע ליטעראַטור און פּרעסע קלייבן זיך שוין אין קבר אַריין, קומט אים אויס פּאַקטיש יעדע וואָך צו דערמאָנען אַ פּאָר נייע ערשט פון אַמעריקאַנער דרוק אַרויסגעגעבענע זאַכן אויף אידיש. איך דאָס פאַרשווייגט חבר גרינבערג.

ער גיט, אמת, צו, אַז ווירניק האָט מיט יענער נביאות זיינער נישט אינגאַנצן געטראָפן. אָבער דאָך נאָר אויף אַזוי פיל אויף וויפל ער האָט נישט גענומען אין אָנבאַטראַכט די אידישע איינוואַנדערונג, וועלכע האָט ביז „אין די לעצטע עטלעכע יאָר אַריינגעבראַכט אָהער הונדערטער טויזנטער אידן". נאָר אויך דאָ, ה' גרינבערג, דאַרף מען זיך אַביסל כאַטש איינהאַלטן. אויך אין יאָר 1899 איז די אידישע איינוואַנדערונג געווען גרויס און נאַטיר־לעך נישט קיין איבערראַשונג פאַר די דעמאָלטיקע „שוואַרץ־זעער". דאָס אומדערוואַרטעטע האָט אפשר גאָר געקענט קומען אין די פּאָגראָמען־ און רעוואָלוציע־יאָרן פון 8־1905. און עס איז דאָך לחלוטין נישט אמת, אַז ס'איז געווען אַ „גרויסע אימיגראַציע ביז אין די לעצטע עטלעכע יאָר". קיין גרויסע אימיגראַציע איז שוין נישטאָ פון דעם אויסברוך פון דער מלחמה אָן (יולי 1914).

אַ צווייטן פונקט, וועלכן ה' גרינבערג כאַפּט אַרויס פון דעם אַרטיקל מיינעם, איז דער פאַקט, וואָס איך ברענג וועגן דעם ענגלישן פילאָזאָף און שטאַטסמאַן פרענסיס בייקאָן (1626 — 1561), וועלכער, פאַר שרעק פאַרן אונטערגאַנג פון דער ענגלישער שפּראַך, האָט ער זיך אויף דער עלטער אַוועקגעזעצט און זיינע ווערק איבערגעזעצט אויף לאַטיין. דאַכט זיך, אַ גאַנץ גוטער ביישפּיל אין וועלכע שטות'עריען אַפילו קלוגע מענטשן קענען אַריינפאַלן, ווען זיי לאָזן זיך אַוועק אויפן וועג פון נביאות מכוח דער צוקונפט פון שפּראַכן. ווי אָבער פּטר'ט ה' גרינבערג אָפּ דעם דאָזיקן ביישפּיל? ראשית, שיקט ער דעם גאַנצן ענין אַריבער צו די ענגלענדער, והשנית, טאַסט ער מיר אונטער אַ חידושן זיך, פאַרוואָס די ענגלי'שע שפּראַך איז גאָר נישט אונטערגעגאַנגען. אין אמת'ן געדענק איך איבערהויפּט נישט, אַז איך זאָל זיך האָבן גע'חידוש'ט (ווי געזאָגט, האָב איך די שריפט נישט ביי דער האַנט), און אויב שוין יאָ, וואָלט מיך אַ סך גיכער גע'חידוש'ט אויף דער אמת'דיקייט פון אונזערע אַלטע מאמרים, אַז נביאות פאַרט זיך אַזוי גוט מיט משוגעת.

דער ענין בייקאָן געהערט אָבער דאָך צו אונז נישט ווייניקער איידער צו די ענגלענדער. שוין אין בייקאָנ'ס צייטן איז די ענגלישע קאָלאָניזאַציע אין ווייטע לענדער געווען אַ ממשות'דיקער פאַקט, פון וועלכן עס האָט שוין געמעגט אָנהויבן אַרויסוואַקסן דער ענגלישער שטאָלץ, אַז די זון גייט קיינמאָל נישט אונטער אויף דער ענגלישער טעריטאָריע און שפּראַך. און

אויך אונזערע בייקאָנס האָבן פאַר זיך אונזער אידישע קאָלאָניזאַציע, אונטער סלאַווישע אויסוואַנדערונגען אין פאַרשידענע לענדער, אויסוואַנדערונגען וואָס צעטראָגן די אידישע שפּראַך ווייט און ברייט, פאַרפלאַנצנדיק זי אין אַלע נייע ערדן, אויף אַזאַ אופן באַוואָרענענדיק זי קעגן דער סכנה פון אונטער־גאַנג אין איין לאַנד, אויב אַזאַ איז אַפילו יאָ פאַראַן, מיט נייע צעוואַקסונגען אין אַנדערע לענדער. „שוואַרץ־זעער" אָבער האָבן שוין אַזאַ טבע, אַז דאָרט וואו ס'איז אַ ברכה, זעען זיי גאָר אַ קללה.

פאַרטיק ווערנדיק מיט מיר בנוגע דער קעגנוואָרט, נעמט זיך אויך ח' גרינבערג פאַר דער צוקונפט און דערקלערט, אַז אידיש מוז דאָ אונטער־גיין. און די וויכטיקסטע ראיה לדבר איז ביאַליקס אַ ווערטל בנוגע דעם מזרח־אייראָפּעאישן אידנס באַציאונג צו שפּראַכן, אַז „אידיש האָט דער איד גערעדט, בשעת גוייש האָט ער געבעבעט", און אַ באַמערקונג פון אַ קליין מאָנטרעאָלער אינגעלע, אַז אין מאָנטרעאָל רעדט מען ענגליש און גוייש, מיינענדיק דערמיט די שפּראַך פון די קוויבעקער פראַנצויזן. (עס איז היינטיקע צייטן אַזאַ מאָדע געוואָרן אין אַן ערנסטער אַרגומענטאַציע אָפּצוקומען מיט אַנעקדאָטן אָנשטאָט באַווייזן).

דער געדאַנקען־גאַנג אין אָט דעם תוכיקסטן טייל פון רעפעראַט איז אַזאַ:

אידיש האָט געהאַט אַ קיום אַזוי לאַנג ווי אידן האָבן זיך געמעגט דערלויבן צו „בעבען גוייש", דאָס הייסט, פון איין זייט, כל זמן זיי זיינען געווען אַרומגערינגלט מיט אַ נידעריקערער קולטור, און פון דער צווייטער זייט, כל זמן זיי האָבן זיך געפונען אין אַן עקאָנאָמישער און קולטורעלער געטאָ. אָבער דאָ אין אַמעריקע, אָהאָ, דאָ אין אַמעריקע, ביי אַזאַ הויכער קולטור און ציוויליזאַציע און וואו קיין געטאָ איז נישטאָ, פאַרשטייט זיך, צינדט אַ ליכטל נאָך אידיש!

איז קודם כל דאָס געזאָגטע אַלץ אמת בנוגע דער פאַרגאַנגענהייט?

דער אמת איז, אַז געבוירן געוואָרן איז אידיש אין דייטשלאַנד, אַ לאַנד גאָר נישט אַזוי נידעריק קולטורעל אַפילו אין פופצנטן יאָרהונדערט, געוואַקסן איז אידיש גאַנץ שיין אין איטאַליע, אין זיבעצנטן יאָרהונדערט, וועלכע מען קען אַוודאי קולטורעל נישט אָפּוועקמאַכן מיט דער האַנט, און אַנטוויקלט האָט זיך אונזער מאַמע־לשון אין פוילן, וואָס איז אויך קולטורעל נישט געווען צווישן די שפּל'סטע מדינות. און וואָס איז שייך געטאָ, איז דאָס געשען

אין פּוילן דווקא אין אַ צייט ווען אידן האָבן דאָרט געגאָסן פּרייקייטן און פּריווילעגיעס.

וואָס איז שייך דער הויכקייט פון דער אַמעריקאַנישער קולטור לגבי אונזעריקער, זיינען די פאַקטן אַזוינע:

אָט באַווייזן איצט די אַמעריקאַנער ציטונגען דעם אונטערגאַנג פון דער ניו־יאָרקער „וואָירלד" אַלס פיינע, אפשר די פיינסטע ציטונג. נו, האָבן מיר דאָ זייט צענדליקער יאָרן געהאַט בעסערע, נישט נאָר מער פּראָגרעסיווע, נאָר אויך ליטעראַריש בעסערע ציטונגען פון דער „וואָירלד" און באמת'ן האָבן אונזערע רעדאַקטאָרן באַצויגן פון די זונטיק־אַרטיקעלעך פון דער „וואָירלד" דעם פסולת פאַר זייערע ציטונגען. די בעסערע אידישע בינע פון אַמעריקע באַנוצט זיך זייער זעלטן מיט אַמעריקאַנישע פּיעסן, בשעת די אַמעריקאַנישע בינע האָט ביי אונז געבאָרגט עטלעכע אַפילו פון אירע דערפאָלג־פּיעסן. אַפילו וואָס איז שייך דער ליטעראַטור קומען צו אונז זעלטן אַריבער ענגליש־אַמעריקאַנישע ביכער, בשעת גאָר אַ סך אידישע ווערק זיינען אַריבער אויף ענגליש. אָט איצט, למשל, ווערט אַש'ס „די מוטער" גאַנץ געשמאַק געלייענט אויף ענגליש.

און וואָס איז שייך דער געטאָ, צי איז ח' גרינבערג טאַקע אַזוי קורצזיכטיק אָדער נאַאיוו, וואָס ער פּטר'ט אָפּ מיט אַזאַ ברייטן, גרינגן זשעסט דעם ענין געטאָ אין אַמעריקע? צי דאַרף ער טאַקע באמת'ן האָבן אַ וואַנט, מיט טויערן, מיט פאַרזשאַווערטע ריגלען, אַז עס זאָל ווערן אַ געטאָ? צי זיינען די אידישע קוואַרטאַלן, די באַזונדערע אידישע „גאָלף־לינקס", די אידישע פּראַטוירניטיס אין די קאָלעדזשעס קיין געטאָ נישט? און אין האַנדל? מיט וועמען האַנדלען דאָ אידן צום גרויסן טייל, אַז נישט איינער מיטן צווייטן? און ביי וועמען אַרבעטן אידישע אַרבעטער, אַז נישט ביי אידישע בעלי־הבתים? און, ווידער אַמאָל וואָס איז שייך „נידעריקערער און העכערער קולטור", צי האָט ח' גרינבערג באַמערקט, אַז אין דער סאָוטה האַנדלען אידן, אין די צענדליקער טויזנטער, נישט מיטן „אַמעריקאַנעם" נאָר מיטן נעגער, אין טעקסעס און קאַליפאָרניע, אין פיל, פיל הונדערטער, מיטן מעקסיקאַנער און אין דער מיטל־וועסט און אין דער איסט, אין די הונדערטער טויזנטער — מיט די סלאַוון? דאָס איז אויך אמת, אין אַ היפּשן גראַד, בנוגע דעם אידישן פּראָפעסיאָנאַל. און אויב חבר גרינבערג האָט ווירקלעך אַ פיין אויג, האָט ער דאָך געמוזט באַמערקן, צווישן יונגן דור,

אויב נישט קיין גאַנצע איז כאָטש אַ שטיקל טענדענץ צו גיין אין די שטעגן פון די עלטערן — האַלטן אַ נעגערשע גראָסערקע, פירן געשעפטן מיטן סלאַוו.

און דאָס איז דער סך הכל פון ח׳ גרינבערגס אַלע „פראָגנאָזן״ מכוח דעם אונטערגאַנג פון אידיש אין אַמעריקע. און אָט אויפן גרונט פון אַזעלכע אייזערנע ראיות, ווערט עס אַרויסגעטראָגן דער גזר דין: „אידיש לשון, שרייב דיין צוואה!״

3.

חבר גרינבערג׳ס האָוויצערס זיינען אָנגעשטעלט אַקעגן די שפּראַכן אין און אַרום אונזערע שולן. און די באָמבאַרדירונג גייט דאָ אָן אויף אַזאַ אופן:

קודם כל באַנוצט זיך אונזער רעפערענט דאָ, ווי איך האָב שוין דער־מאָנט, מיט דעם נישט־באַשטימטן טערמין פאָלקס־שפּראַך, וועלכן ער טייטשט אָפּ אויף זיין שטייגער, מיט אַנעקדאָטן און ווערטלעך, אַן אַנעקדאָט פון אַ ווייט־טשאַפּלער פסיכיאַטאָרס אַ פּאַציענט, אַ ווערטל פון שמריהו לעווין, וכדומה. אַ מער וואָלט ער געברויכט דעם קלענערן טערמין מוטער־שפּראַך, וואָלט עס לכל הפּחות פאַרשפּאַרט דעם פּלאָנטער צווישן אידיש ריידן און אידיש פאַרשטיין מצד די קינדער. חבר גרינבערג מאַכט דעם לעצטן פּונקט נישט קלאָר. לאָמיך דאָס פּרוּוון טאָן.

פאַרשטייען די אַמעריקאַנער אידישע קינדער אידיש אָדער נישט? חבר גרינבערג גיט אַריין אין נדן זיינע נסיעות איבערן לאַנד, זיינע באַזוכן אין אונזערע שולן, זיינע ·שמועסן מיט די לערער א. אַ. וו. נו, פאָר איך אַרום איבערן לאַנד שוין פיל יאָרן, פון 1919 אָן באַלד כסדר. אונזערע שולן באַזוך איך נישט ווייניקער ווי ח׳ גרינבערג; איך באַזוך אַפילו אַרבעטער רינג־שולן און אַמאָל אויך אַ האַלב־קאָמוניסטי׳שע שול. און איך דערקלער, מיט דער פולער פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון דעקלאַראַציעס, דאָס, מיט דער אויסנאַם פון קינדער פון אַזעלכע עלטערן, וואָס קערן זיך בכלל מיט אונז נישט אָן, ווי למשל האַלבע יהודים אָדער אַזעלכע וואָס זיינען בפירושע שונאים פון אידיש, האָב איך פאַקטיש נאָך נישט באַגעגנט קיין אידיש קינד, וואָס פאַר־שטייט נישט קיין אידיש. איך האָב אַפילו וועגן דעם געמאַכט לייכטע עקספּערימענטן, פאַר עטלעכע יאָרן, זייענדיק אין דער נאַכט פון ערב תשעה באב אין קענזעס סיטי — אַ שטאָט דווקא נישט פון די אידישסטע — האָב איך אויף אַדמיראַל בולעוואַרד ביי אַ גרופּע אידישע אינגלעך, מיט אַ כיוון

אויף אידיש, אַ פּרעג געטאָן, ווי מען גייט צו דער שול. אַ צען אידישע קולות האָבן מיר פּראָמפּט געענטפערט, זאָגנדיק מיר דעם וועג. איך געדענק שוין נישט, וואָס זייער לשון איז געווען, אָבער פאַרשטאַנען האָבן זיי מיך אויסגעצייכנט.

איז אַלזאָ אַ פאַקט, אַז די ריזיק־ריזיקע מאַיאָריטעט אידישע קינדער פון אַמעריקע פאַרשטייט נאָך אידיש, וואָס דאָס קען אויך הייסן, אַז אידיש איז דעם היגן אידישן קינדס פאָלקס־שפּראַך אַפּילו מיט די אַלע שיינע פּליטערלעך, מיט וועלכע ה׳ גרינבערג באַהענגט דעם דאָזיקן טערמין. און אַט דאָס דאָזיקע פאַרשטיין איז אַן אייזן־פעסטער פונדאַמענט אויף וועלכן מען קען און מען דאַרף בויען אַ פעסטן שפּראַכלעך און דערציערישן בנין.

איצט, וואָס איז שייך ריידן אידיש. ה׳ גרינבערג איז מבטיח, אַז די קינדער ריידן נישט קיין אידיש. אַי, אַזוי פיל און אַזוי פיל, דאָ און דאָרטן ריידן דאָך? איז דער תירוץ, זאָגט ה׳ גרינבערג, אַז דאָס זיינען „וואונדער־קינדער״. אָבער ליבער חבר, ביז וואַנעט איז דער שיעור צו זיין אַ „וואונ־דער־קינד״? „ווען מען וואָלט געוואוסט ווער דער אומבאַקאַנטער איז״, זאָגט יעקב גאָרדין אין זיין דראַמע מיט דעם נאָמען, „וואָלט ער דאָך קיין אומבאַקאַנטער נישט געווען״. ווען מען באַגעגנט אַזעלכע קלאָר און פריי און גערן אידיש־ריידנדיקע קינדער צענדליקער, הונדערטער און טויזנטער, הערן זיי דאָך שוין אויף צו זיין „וואונדער־קינדער״. איך האָב זיי באַ־געגנט נישט נאָר אין ניו־יאָרק, נאָר אויך אין שיקאַגאָ, אין מילוואָקי, אין דעטראָיט, אין קליוולאַנד, אין יאָנגסטאָן, אין אַטלאַנטאַ, אין לאָס אַנדזשע־לעס, אין סאַן פראַנציסקאָ, אין אָמאַהאָ, אין סיו סיטי, אַפּילו אין אַזאַ העק ווי מייקאָן, דזשאָרדזשיאַ א. אַ. וו. א. אַ. וו. נאָכמער, איך האָב באַגעגנט קינדער מיט אַ געוואַלטיקער ליבשאַפט צו אידיש, קינדער פון וועמען די שפּראַך קוועלט אַרויס ווי פון אַ היימישן ברונעם, אויך קינדער פּוריסטן, וואָס קאָרעגירן עלטערע און אַפּילו „אינטעליגענטן״, ווען זיי מישן אַריין ענגלישע ווערטער אין אידיש.

ה׳ גרינבערג האָט אַ מאַניר אין זיין אַרגומענטאַציע פאַמיליאָר אַנצורירן אַנוועזנדיקע מענטשן. דערציילט ער, אַז אין „אונזער קעמפּ״ האָבן זיך צוויי קינדער צו אים, אמת, יאָ געווענדעט אויף אידיש, אָבער זיי זיינען דאָך געווען די „וואונדער־קינדער״ פון אַ געוויסן גוט־באַקאַנטן חבר, וואָס איז געווען אויף דער קאָנווענשאָן. קען איך די דאָזיקע צוויי אינגלעך גאָר נישט

שלעכט, איך האָב מיט זיי אַליין גערעדט און איך קען פאַרזיכערן ח׳ גרינבערגן, אַז זיי זיינען גאָר קיין „וואונדער־קינדער״ נישט, נאָר געוויינטלעכע גוטע אינגלעך און זייער בעסערע באַציאונג צו אידיש קומט פון דער השפעה פון די עלטערן, אַ השפעה וואָס די מייסטע עלטערן קענען האָבן ווען זיי זאָלן נאָר אמת׳דיק וועלן.

אויף אַן ענלעכן אופן אַפּאָסטראָפּיזירט ח׳ גרינבערג די דעלעגאַטן און געסט פון דער מאָנטרעאָלער קאָנווענשאָן אַלס די בעסטע פאָרטרעטער פון פאָלק־מענטשן און נאַציאָנאַלע אידן — און דאָך, פאָדערט ער זיי אַרויס: „ווי גרויס איז די צאָל פון אייערע אייגענע קינדער, פאַר וועלכע אידיש איז אַ פאָלקס־שפּראַך אין אמתן און לעבעדיקן זין פון וואָרט?״ וואָס ס׳איז געווען די תשובה פון די דעלעגאַטן און געסט, האָט אונזער חברה סטענאָ־גראַפיסטקע נישט פאַרשריבן. פונדעסטוועגן וואָלט איך וועלן וויסן מיט וואָס איז ח׳ גרינבערג אַזוי זיכער, אַז די דעלעגאַטן און געסט זיינען טאַקע אונזערע בעסטע פאָרטרעטער פון פאָלקס־מענטשן און נאַציאָנאַלע אידן אין לאַנד. נאָך ווייניקער בין איך זיכער אין דעם אמת פון ח׳ גרינבערג׳ס אַנדערער באַהויפּטונג, אַז עס זיינען נישטאָ אין ניו־יאָרק קיין מער נאַציאָנאַלע און מער פאָלקסטימלעכע הייזער איידער די דאָזיקע פון וואַנען עס קומען די עטלעכע הונדערט קינדער פון „אונזער קעמפּ״ (וואָס אויף דער זיכערקייט, נאַטירלעך, בויט ח׳ גרינבערג זיין בנין, אַז די אידיש־אַמעריקאַנער קינדער ריידן קיין אידיש נישט). דער אמת איז, ליבער חבר, אַז אין „אונזער קעמפּ״ קומען אַ סך אידן וואָס געהערן גאָרנישט צו די נאַציאָנאַליסטישסטע און פאָלקטימלעכסטע, און הוא הדין מיט קינדער. איז דאָך אַ פאַקט, אַז כאָטש די מייסטע קינדער קומען פון ניו־יאָרק, זיינען צווישן זיי דאָ אַ סך, וואָס אַ חוץ דער וואַקאַציע, באַזוכן זיי קיין אידישע שול טאַקע נישט.

נאָר, לאָמיר צוגיין צו חבר גרינבערג׳ס מער דירעקטע באַווייזן. ח׳ גרינבערג באַזוכט אונזערן אַ קינדערגאָרטן אין אַ דרום־שטאָט (לויט די סימנים — אַטלאַנטאַ) און הערט נאָר, די לערערין זינגט מיט די קינדער אַ לידעלע:

אוי־ווי, מיין קעפּעלע,
אוי־ווי, מיין בייכעלע,
אוי־ווי, מיין פיסעלע,
מיין פיסעלע טוט מיר ווי.

און אַז ה׳ גרינבערג האָט, לויט זיין שטייגער, וועלכן מיר האָבן שוין געזען ביי „גייט אַ גוי אין שענקל אַריין״, געפּרעגט די לערערין, הלמאי זי זינגט נישט מיט די קינדער עפּעס אַ מער אינהאַלטסרייך לידל, איז דער לערערינס דערקלערונג געווען, אַז מיט אַ כּיוון זוכט זי אויס אָט אַזעלכע לידעלעך, כּדי אויסצולערנען די קינדער אידיש ריידן. הייסט עס, אַז די קינדער קענען קיין אידיש נישט ריידן. און ווידער אַמאָל איז ה׳ גרינבערג מבטיח, קענענדיק די עלטערן, אַז עס איז צווישן זיי קיין איין „אַסימילאַטאָר״, קיין איין „יהודימשער״ איד נישטאָ.

איז, קען איך אויך די דאָזיקע עלטערן און כאָטש קיין אַסימילאַטאָרן און יהודים זיינען צווישן זיי טאַקע נישטאָ, בין איך פונדעסטוועגן גאָר נישט זיכער, אַז די אַלע טאַטעס און מאַמעס ווייזן אין דער היים אַרויס פאַר די קינדער אָט די באַציאונג צו אידיש וואָס איך אָדער אַפילו ה׳ גרינבערג וואָלטן וועלן. דאָך דאָס אָן אַ זייט.

דער עיקר איז, אַז חבר גרינבערג האָט דאָ געזען אַ פאַקט, וועלכן ער האָט, מחילה, נישט פאַרשטאַנען, נישט אָפּגעשאַצט ווי געהעריק איז. יאָ, ליבער חבר, אָט אַזוי, זינגענדיק וועגן הענטעלעך און פיסעלעך לערנען זיך קינדער זייער מוטער־שפּראַך, אויך ביי נאָרמאַלע פעלקער, פרייע פון גלות. יאָ, יאָ ליבער חבר, און אַ היפּש ביסל פונעם קינדערגאָרטן־רעפּערטואַר, ביי די אומות העולם איז טאַקע פון אָט דעם מין. און ביי אונז אידן אַליין, אין אונזערע אַמאָליקע „קינדערגאָרטנס״, האָט מען נאָך אין פאַר־אַמעריקאַנער און פאַר־אימיגראַציע יאָ געזונגען מיט קינדער אָט אַזעלכע לידלעך. אָט למשל דאָס ליד:

צען גוטע ברידער זיינען מיר געווען,
זיינען מיר געווען.

האָבן מיר געהאַנדלט מיט וויין,
האָבן מיר געהאַנדלט מיט וויין.

איז איינער פון אונז געשטאָרבן
איז געבליבן ניין.

דאָס דאָזיקע לידל, חבר גרינבערג, איז אויך קינדערגאָרטנדיק, וואָרעם ס׳איז גאַנץ קאָנטיק אַז ס׳איז אויסגעוואָקסן אַרום אַ חדר אָדער קינדער־

שטיבל. אויך איז קיין ספק נישט, אַז דאָס לידל שטאַמט פון ערטער און צייטן, ווען אין קיין עקסטראַ קינסטלעכע מיטלען פאַרן „דבור עברי" האָט מען זיך נישט גענויטיקט, און ס'איז אויך גאָר קיין ספק נישט, אַז די הויפּט־כוונה פון דעם לידל איז געווען לערנען די קינדער ציילן און רעכענען אויף אידיש און איינהיימישן זיי געוויסע אידישע ווערטער און גראַמען.

דער אַטלאַנטער „אוי־ווי, מיין קעפּעלע" איז, אַלזאָ, גאָר קיין ראיה נישט אַז קליינטשינקע אַמעריקאַנער אידישע קינדער קענען אידיש ווייניקער איידער אַנדערע קינדער פון זייער עלטער קענען זייערע שפּראַכן.

צו אָט דער זעלביקער קאַטעגאָריע געהערט ח' גרינבערג'ס צווייטער פאַקט וועגן אַ וויניפּעגער לערער וואָס גרייט צו פאַר זיינע קינדער „קאָנ־ווערסאַציאָנס־מאַטעריאַל" לויט דער בערליץ־מעטאָדע פאַר פרעמדע שפּראַכן. די בערליץ־מעטאָדע, חבר גרינבערג, דאָס איז דאָך אייגנטלעך די באַרימטע „שיטה טבעית", וואָס איר אָנפאַנג שטאַמט, אויב איך מאַך קיין טעות נישט, פון פראַנצויז פראַנסואַ גלאַן, וועלכע ער האָט דערפונדן אין די ערשטע ניינציקער, אויך פאַר פראַנצויזישע קינדער צו לערנען מיט זיי פראַנצויזיש. איז אם כן, מה רעש? אָט אַזוי לערנט מען שפּראַכן, נישט נאָר פרעמדע נאָר אויך אייגענע.

אַ דריטע ראיה ברענגט ח' גרינבערג פון געוויסע אַמעריקאַנישע גע־בוירענע אידישע לערערינס, וועלכע, כאָטש זייער אידיש איז געווען קאָרעקט און גאַנץ ליטעראַריש, איז אָבער חבר גרינבערג דערמיט נאָך אַלץ נישט צופרידן, וואָרים זייער אידיש איז געווען שוין פאַרזיכטיק, אויסגעלערנט, קורץ גערעדט, אַ בוך־אידיש. כאָטש דער ענין איז ווייט־ווייט נישט געפּער־לעך, וואָלט איך אויך דאָ וועלן וויסן, צי האָט ח' גרינבערג ריכטיק אָפּגעשאַצט דעם פאַקט: צי איז די באַטרעפנדיקע „בוכיקייט" געקומען טאַקע פונעם מ'שטיינס געזאָגט געקינצלטן אַמעריקאַנער אידיש, אָדער אונזער רעפערענט האָט דאָ גאָר אָנגעטראָפן אויף אַ געוויינטלעכן טיפּ „קורסיסטקע", וואָס האָלט פאַר איר חוב איינצוּוויקלען זיך אין אַ שייד פון בוך־ווערטער.

איז אָט דאָס, און טאַקע אַ האָר נישט מער, חבר גרינבערג'ס אַמוניציע מיט וועלכער ער באַווייזט, אַז אידיש איז פאַר דער היגער יוגנט העכסטנס נאָר אַ „בוך־שפּראַך" און מיטן כוח פון וועלכן ער קומט צום פּועל יוצא, אַז אידיש אַלס אונטערריכטס־שפּראַך דאַרף אַרויסגעוואָרפן ווערן פון אונזער שול, דאַרף פאַרביטן ווערן מיט ענגליש.

זאָגט איך וואָס איר ווילט, אָבער אויפן סמך פון אַזעלכע, אין בעסטן פאַל, שפּינוועבסיקע ראיות צו קומען צו אַזאַ נישט נאָר פּעדאַגאָגיש, נאָר אויך נאַציאָנאַל־ערנסטן שלוס — דערצו דאַרף מען האָבן אַ היפּש ביסל לבבות!

נאָך ערגער, דרייסטער און טאָקע גאַנץ אומבאַגרינדעט איז אונזער רעפערענטס אַרגומענטאַציע און שלוס־פירונג בנוגע זיין צווייטער טעזע, אַז היות אידיש און העברעאיש צוזאַמען קענען זיך די קינדער אין אונזער שול נישט אויסלערנען, מוז מען, על כן, באַנוגענען זיך מיט איין שפּראַך און וויבאַלד אַז איינע, איז דאָך קיין ספק נישט, אַז דאָס מוז זיין די בכורה׳טע העברעאיש.

וועל איך דאָ לאָזן אָן אַ זייט די פראַגע, וועלכע פון די צוויי שפּראַכן דאַרף אין אַזאַ פאַל האָבן די בכורה, צי אידיש וואָס לעבט און ווערט גע־רעדט פון וואָסערע צען מיליאָן אידן, און האָבנדיק, מיטן כוח פון איר לעבעדיקייט, אַלע שאַנסן ביי די קינדער טאָקע צו בלייבן אַ לעבעדיקע, נאַציאָנאַלע אידישע בריק צווישן לענדער און וועלטן, צי העברעאיש וואָס איז אַ בוך־שפּראַך און נאָר העכסטנס אין קליינעם ארץ ישראל איז זי אויך אַ לעבעדיקע שפּראַך? איך וועל דאָס לאָזן אָן אַ זייט, דערפאַר וויל עס איז לחלוטין איבעריק אַריינצולאָזן זיך אין אַזאַ מין שטרייט, דער־פאַר וואָס די גאַנצע מעשה וועגן דער נישט־מעגלעכקייט זיך אויסצולערנען דיביידע שפּראַכן איז נישט געשטויגן און נישט געפלויגן, פּשוט עורבא פרח. פון וואַנען נעמט חבר גרינבערג, אַז דאָס איז נישט מעגלעך? איך בין ענג פאַרבונדן מיט אונזערע שולן פון זייער ערשטן טאָג אָן. איך האָב אַליין געלערנט מיט קינדער, סיי אידיש און סיי העברעאיש, אין פיל שולן און איך זאָג עדות, אַז ביי אַן ערנסטן ווילן לערנט מען די קינדער אויס ביידע שפּראַכן.

די ביז־איצטיקע עקספּערימענטן פון צוויי־שפּראַכיקייט, זאָגט ח׳ גרינ־בערג, איבערצייגן אים נישט, אַז אַזאַ פּראָגראַם גיט די קינדער אַ מער־ווייניקער גרינטלעכע צוגרייטונג צו דער ליטעראַרישער פונקציע פון די שפּראַכן. אַפילו, זאָגט ער, די מאָנטרעאָלער שולן — די בעסטע — גיבן אונז נישט אַזאַ דערמוטיקונג. נו, איז שוין לאַנג צייט געווען, אין דער איצטיקער אַרגומענטאַציע, צו דערמאָנען חבר גרינבערגן, אַז מענטשן זעען דאָס וואָס זיי ווילן זען, אָט ווי אין יענעם אַנעקדאָט וועגן די צוויי פאַר־קערטע געזונטע ... וואָס די צוויי באַזונדערע אידן האָבן געבראַכט פון ווילנע.

אין דער איצטיקער מאַנטרעאַלער פאָלקשול, בין איך נישט געווען. כ׳האָב אָבער געזען די שול־ביכער וואָס זי גיט אַרויס פון צייט צו צייט. געזען סיי די אידישע, סיי די העברעאישע פאַרפאַסונגען פון די קינדער — און אויב זיי איבערצייגן נישט אין דער פולשטענדיקער פּרוכטבאַרקייט פון אונזער צוויי־שפּראַכיקייט, וואָלט איך באמת וועלן וויסן, וואָס פאַרט קען אַ חבר גרינבערג יאָ איבערצייגן. און די מאַנטרעאָלער פאָלקשול איז דאָך ווייט, ווייט נישט די איינציקע. ווענדט זיך, למשל, צו אונזער שול אין סיראַקיוז, ניו־יאָרק, וועט איר דאָרט אויך געפינען גאַנץ גוטע רעזולטאַטן סיי בנוגע אידיש, סיי בנוגע העברעאיש. אַ דריטערביישפּיל איז געווען די ערשטע ניו־יאָרקער פאָלקשול, וואָס האָט אָפּגעלעבט ביזן יאָר 1921 און פון וועלכער איך בין געווען דער פּרינציפּאַל. מיר האָבן פון יענער שול (דווקא אַ פאָלקשול און נישט קיין מיטלשול) אַבסאָלווירט קינדער דריי צי פיר מאָל און זייער גייסטיקער באַגאַזש איז געווען אַ חוץ אַנדערעס, אין אידיש, אַ היפּשער אַריינפיר אין די קלאַסיקער פון אונזער ליטעראַטור און אין העברעאיש. יעקב פיכמאַנ׳ס העכסטע כרעסטאָמאַטיע און אַ היפּש ביסל חומש. אַנדערע לערער קענען דערציילן פון נאָך ביישפּילן; זאָלן זיי ריידן פאַר זיך.

די אונטערשטע שורה — מען קען די קינדער געבן ביידע שפּראַכן, אין אַ צימלעך היפּשער מאָס. דאָרט וואו מען וויל נאָר און מען מיינט עס ערנסט און מען איז נישט קליינלעך אין די הוצאות. דאָס קען געגעבן ווערן אין אַלע שולן, וואו די לערער און די טוער האָבן די געהעריקע באַציאונג צו ביידע שפּראַכן און וואו זיי זיינען באמת גרייט צו מאַכן די נויטיקע אָנשטרענגונגען, ברענגען די נויטיקע און נישט־אוממעגלעכע קרבנות.

און — נישט מען דאַרף ענגליש אַלס אונטעררייכט־שפּראַך (הגם „טריף" און „אסור בהנאה" איז ענגליש, ווי ווייט איך ווייס, אין קיין שול נישט) און דורך דעם אי שווערער מאַכן דעם לימוד פון אידיש, אי אַריינפירן שטרוי קיין מצרים, דאָס הייסט, צוהעלפן דער אַסימילאַציאָנס־אַרבעט פון די בעני־דערליס און די אַנדערע עברית־באנגלית׳ניקעס — און נישט מען דאַרף טרייבן אונזערע שפּראַכן פון אונזער שול, מעג עס זיין אידיש, מעג עס זיין העברעאיש.

4.

איך טאָר נישט ענדיקן דעם אַרטיקל אָן אַ ווענדונג צו די חברים וועגן דעם עצם ענין.

עס איז אפשר ווידער אַמאָל דער אלף־בית, אָבער פאַרפאַלן, אָפּט מוז מען אַפילו אַלטע אמתן חזר'ן און איבער־חזר'ן.

מיר האָבן געגרינדעט אונזערע שולן אין יאָר 1910. מיר האָבן אונזער געדאַנקען־גאַנג וועגן דעם ענין אין דער צייט וויניק געענדערט, העכסטנס נאָר אין קליינע פּרטים און גראַדן. מיר האָבן געגרינדעט אונזערע שולן, קריגנדיק קעגן די תלמוד־תורות, ווייל א) מיר ווילן אונזערע קינדער נישט געבן קיין רעליגיעזע דערציאונג, גאַנץ געוויס נישט אין דער פאָרמע אין וועלכער זי ווערט געגעבן אין די תלמוד־תורות; ב) ווייל מיר האַלטן נישט, אַז רעליגיעזע דערציאונג אין דער היינטיקער צייט איז אַ גענוג פעסטער בונד צווישן צוקונפטיקן דור און פאָלק; ג) ווייל, אַנשטאָט דעם ווילן מיר געבן אונזערע קינדער אַ נאַציאָנאַלע דערציאונג, און ד) ווייל מיר ווילן, אַז די דערציאונג פון אונזערע קינדער זאָל זיין אַ פאָלקלעך־פּראָגרע־סיווע און, אין ברייטע שטריכן, אַ סאָציאַליסטישע.

די קווינטעסענץ פון דעם אַלעמען, דער עיקר פון דער נאַציאָנאַלער זייט, איז דאָס וואָס מיר פאַרוואָרצלען אונזער דערציאונג אין דער אידישער קעגנוואַרט (און צוקונפט) אוןווירקלעכקייט. און אָט דערפאַר, אַ חוץ די הויכע קולטורעלע און ליטעראַרישע טעמים, גיבן מיר אָפּ אַזאַ חשובן פּלאַץ דער אידישער שפּראַך, דער שפּראַך פון פּאַקטיש דער גאַנצער אידישער צעשפּרייטקייט, דער שפּראַך פון די לעבעדיקסטע טיילן פון אידישן פאָלק, דער שפּראַך פון די מאַסן, דער שפּראַך פון מאָדערנעם אידישן לעבן, דער שפּראַך פון אַלע היינטצוטאָגיקע אידישע אינטערעסן, באַוועגונגען, פּראָב־לעמען, קאַמפן, שטרעבונגען און חלומות.

קען וועגן דער ריכטיקייט דערפון, ווער רעדט נאָך ביי נאַציאָנאַליסטן, זיין וועלכער ס'איז ספק? קען מען זיך פאָרשטעלן אַן ענלעכע פּראַגע ביי איינער פון די אומות העולם? ניין, נאָר ביי אונז, אַ פאָלק צעפּרעסן פון אַסימילאַציע־ווערים, קען אַזוינס געמאָלט זיין. מיר מוזן די דאָזיקע ווערים צעטרעטן — אויב מיר ווילן לעבן!

מיר האָבן אויך אַריינגענומען העברעאיש אין אונזער לימוד. מיר האָבן פאַר אים שווער און ביטער געקעמפט. מיר ווייסן זיין ריזיקן ווערט, אויס לויטער נאַציאָנאַלע, קולטורעלע און ליטעראַרישע טעמים. מיר ווייסן אויך זיין נישט־דערזעצבאַרן ווערט שוין צוליב דער פולשטענדיקער מייסטערשאַפט פון אידיש און דעם פרייען צוגאַנג צו די אידישע קלאַסיקער. מיר זיינען,

לײדער, די לעצטע יאָרן, נישט געװוען דערפאָלגרײך דעם העברעאישן לימוד, אין די מײסטע פון אונזערע שולן, אַװעקצושטעלן אויף דער געהעריקער הויך. אָבער אונזער צענטראַלער שול־קאָמיטעט מיט זיך װעגן דעם גאַנץ ערנסט און אונזערע באַמיאונגען גײען אין דער געװינטשטער ריכטונג.

אָט דאָס איז אונזער װעג. קײן אַנדער איז פאַר אונז פאָלקס־מענטשן, פאַר אונז פּועלי ציון, פאַר אונז אידישע פּראָגרעסיסטן, אידישע סאָציאַליסטן נישטאָ און קען נישט זײן.

װאָס מיר דאַרפן איז אַרבעט! װאָס מיר דאַרפן איז אַ באַנײטע שול־טעטיקײט! װאָס מיר דאַרפן איז אַ נעץ פאָלקשולן פון אַטלאַנטיק ביז פּאַסי־פיק! װאָס מיר דאַרפן איז גוטע, ערנסטע, אידיש־העברעאישע שולן, מיט אַ פּראָגרעסיװן גײסט און מיט סאָלידע אידישע ידיעות!

און מיר דאַרפן אַזאַ באַנײטע טעטיקײט איצט, גראָד איצט.

קײנער קען קײן נביא נישט זײן װעגן דער װײטערער צוקונפט. קען זײן, אַז די קינדער פון די איצטיקע קינדער װעלן שוין קײן אידיש נישט רײדן, אפשר שוין אויך נישט פאַרשטײן. ס'איז אָבער קלאָר און זיכער, אַז איצט רײדן די קינדער אידיש, װען זײ געפינען זיך אונטער דער געהע־ריקער השפּעה, און נאָך קלערער איז, אַז זײ פאַרשטײען אידיש.

האָבן מיר נאָך איצט דעם שפּראַך־בריק צװישן די קינדער און דעם פאָלק אַ גאַנצן, אַ שטאַרקן. דאַרף מען אים אָפּהיטן, אַז נישט — באַגײען מיר נאַציאָנאַלן זעלבסטמאָרד.

אַביסל שטײען מיר אויף משקולת. די געפאַר אין דער צוקונפט לױערט. איצט אָבער קען מען נאָך פאַרמײדן, ראַטעװען. זאָל מען!

5.

אַ נעץ שולן פון אַטלאַנטיק ביזן פּאַסיפיק!

דאָס איז געװוען אונזער חלום ביים ערשטן רידל ערד װאָס מיר האָבן אויסגעגראָבן פאַר אונזער בנין. ער איז נישט מקוים געװאָרן.

איז אונזער אַרבעט אַ דורכפאַל? אַ נײן! מאָראַליש, גײסטיק איז זי דער גרעסטער, ביי פרעמדע דער פּאַבלהאַפּסטער דערפאָלג. אונזערע לאָזונגען זײנען איבערגענומען געװאָרן פון דער גאַנצער אידישער װעלט, אָנהויבנדיק פון אַרגענטינע און ענדיקנדיק מיט סאָװעט־רוסלאַנד. אין די אידישסטע צענטערס — פּוילן און ליטע — בליען שולן אין אונזער גײסט. אונזער

גייסט איז אויך טיילווייז אַריינגעדרונגען אין תלמוד־תורות, האָט אַפילו איניקע אַמעריקאַנישע פּאָבליק סקולס באַרירט, האָט אומגעענדערט דאָס גאַנצע פּנים פון דער אידישער אַמעריקאַנער עפנטלעכער אונטערהאַלטונג, פאַרוויילונג און יום־טוב־פייערונג. מיר האָבן אַ גאַנצע ליטעראַטור — קינ־דערשע און פּעדאַגאָגישע — אין לעבן געבראַכט.

מיר זיינען דערפאָלגרייך בנוגע די קינדער, די אַמעריקאַנער אידישע קינדער האָבן ליב אונזערע שולן. דאָס וועט אייך באַשטעטיקן יעטווידער לערער. נישט געגוג דערפאָלגרייך זיינען מיר נאָר געווען ביי אונזערע אייגענע. זיי האָב נישט אויסגעשפּרייט די נעץ שולן וואָס מיר האָבן דערוואַרטעט. זיי האָבן נישט געבראַכט די קרבנות וואָס עס האָט געקומט פון זיי. זיי האָבן זיך נישט דערהויבן צו אונזער רוף.

זיי קענען נישט?

לעכערלעך!

וואָס, למשל, קען רעכטפערטיקן דאָס, וואָס בשעת אין מילוואָקי, וואָס טוליעט זיך צו שיקאַגאָ, איז דאָ אונזערע אַ גרויסע, שיינע שול, איז אין שיקאַגאָ גופא האָבן אונזעריקע אַ קליינע, אָרעמע און געוויינטלעך שלעכט געפירטע שול? וואָס אין דער קליינער עקראַן, אָהייאָ, איז זייט יאָרן דאָ אַ וואוילע, בכבוד אויסגעהאַלטענע שול, בשעת אין קליוולאַנד, איז פון זינט דעם דורכפאַל פאַר עטלעכע יאָרן, איצט קיין שפּור, קיין סימן נישטאָ פון אונזערער אַ שול? וואָס אין סאַוואַנאַ, דזשאָרדזשיאַ, האַלט אַ קליינער, אָרעמער אַרבעטער רינג־ברענטש יאָ אויס אַ שול, און אין סינסינעטי האָט אונזער גאַנצע סאָציאַליסטיש־ציוניסטישע באַוועגונג קיין שול נישט געהאַט? וואָס אַ פּיציניאַנציקער אַרבעטער רינג ברענטש אין דער פּיציניאַנציקער מייקאָן, דזשאָרדזשיאַ, האַלט יאָ אויס אַ שול, און אונזער פיל גרעסערע אמאהא, נעבראַסקאַ, האָבנדיק מיט יאָרן צוריק געהאַט אַ דורכפאַל, טראַכט שוין אַפילו נישט וועגן אַ שול? וואָס אונזער הייפל פאַרמערס אין פּעטאַלומא, קאַליפאָרניע, האַלט יאָ אויס אַ שול און איין מענטש, ח' חיים מאַרגאָלין, האָט אין סאַן פראַנציסקאָ יאָ געגרינדעט אַ שול, בשעת אונזער שטאָלץ, די שטאַרק פּועלי ציוניסטישע מינעאַפּאָליס האָט פאַר אַ שול קוים אַמאָל אַן ערנסטן פּרואוו געמאַכט?

אויף אַלע קשיות איז דאָ נאָר איין תירוץ.

דאָרט וואו מען האָט געוואָלט, דאָרט וואו מען איז ערנסט געווען, דאָרט

וואו מען האָט געבראַכט די נויטיקע קרבנות, דאָרט איז פאַראַן; וואו נישט — דאָרט איז נישטאָ.

איז זאָל מען אויפהערן טשעפּען זיך צו מעטאָדן, פּלאָנטערן זיך אין שפּראַך־שטרייטן, חקר׳ענען זיך מכוח דער דורכפירבאַרקייט אָדער נישט דורכפירבאַרקייט פון פּראָגראַמען. עס איז נישט אמת, עס איז פּוסטע תירוצים.

מיר זיינען געווען דערפאָלגרייך, זייער דערפאָלגרייך — נאָר אין אונזער אייגענעם קרייז נאָכפאָלגער, אין זיי איז דאָ אַן אַנטוישונג. עס זיינען פאַראַן פעלערן אין אונזער שול־וועזן. די פעלערן ליגן אָבער נישט אין די צילן, נישט אין די פּרינציפּן, נישט אין די פּראָגראַמען — פון דער שלאַבריקייט, פון דער נישט־דערוואַקסנקייט פון די אייגענע פּריינט קומען זיי. ווען זיי כאָטש איצט, אין קריטיש אַנטשיידנדיקן מאָמענט — זיך אויפהויבן?

(„די אידישע אַרבעטער שטימע“, מערץ, 1931)

# וואָס פעלט אונזערע שולן? —
# איבערגעגעבענע חברים!

(אַן ענטפער צו חיים שויס)

עס זיינען מן הסתם פאַראַן חברים, וואָס כעסן זיך אויף חבר חיים שויס פאַר זיין אַרויסטריט קעגן אונזערע שולן אין „אידישן קעמפער" פון 20טן מאַי. איך וואָלט זיך אויך גע׳כעס׳ט — ווען איך וואָלט נישט געקענט חבר שויסן און ווען, אין אַ פאָר הויפּט־פונקטן, וואָלט ער נישט געווען גערעכט.

וואָס איז שייך אַ פאָר פונקטן — אַז די פּראָגראַם אונזערע, וועדליק זי ווערט דורכגעפירט אין פיל פון א ו נ ז ע ר ע שולן, איז זייער אויבער־פלעכלעך — בין איך דוקא צופרידן, וואָס חבר שויס האָט אָנגערירט אָט די טיפע וואונד. אפשר וועלן כאָטש די ערנסטערע, די בעסערע צווישן אונז זיך פאַרטראַכטן און איינזען זייער שולד. כ׳גלויב, ס׳איז שוין לאַנג צייט פאַרן אָדער—אָדער! גענוג שוין זיין פוסחים על שתי הסעיפים. אָדער אונזערע שולן זיינען ווערט זייער נאָמען — אָדער מען מאַכט זיי צו און מען צעטרייבט די קינדער — זאָלן זיי וואַקסן אין שטויבער!

***

עס איז דאָך פאַרדראָסיק אויף ח׳ שויסן. מיט וועמען, מיט וועמען, אָבער מיט אונזערע שולן האָט ער באַדאַרפט זיין באַהיטזאַמער. אונזערע שולן זיינען אַזאַ צאַרטע פלאַנץ און ווער ס׳האָט נאָר גאָט אין האַרצן, דער גיט זיי אַ בריק, אַ שטויס. האָט כאָטש ח׳ שויס, אַן אייגענער מענטש, זיי געמעגט שאַנעווען און נישט באַוואַרפן זיי מיט — אומפּינקטלעכקייטן.

אומפּינקטלעכקייט נומער איינס:

„וואָס ס׳פעלט אונזערע שולן", זאָגט ח׳ שויס, „איז קינדער. דאָס פעלט ז י י איצט און דאָס האָט ז י י אויך געפעלט פריער".

וואָלט איך וועלן וויסן, אויף וואָס בויט ח׳ שויס אָט די באַהויפּטונג זיינע. וויפיל קינדער דאַרפן אייגנטלעך זיין אין אַ שול? אַפילו אין ניו־יאָרק, וואו אונזער שול־מצב איז דער ערגסטער, מאַכט אויס אין דורכשניט, וואָסערע עטלעכע און דרייסיק קינדער אויף אַ שול. קען מען, פון דער אַנדער זייט, אַנרעכענען נישט וויניק תלמוד־תורות איבערן לאַנד, וואָס האָבן אויך נישט מער ווי צו דרייסיק קינדער אין דורכשניט. און איבערהויפּט וויפיל קינדער זאָלן זיין אין אונזערער אַ ניו־יאָרקער שול אין אַ געגנטל ערגעץ אין איסט ניו־יאָרק, אָדער אין דזשאַמעיקאַ, וואו אין שכנות נישט ווייט איז אַ תלמוד־תורה, איינער אָדער מער חדרים, אַ שלום עליכם אָדער אַן אַרבעטער רינג שול? קיין פּאַבליק סקול, וואוהין די קינדער ווערן געגנויט פון קהל, איז דאָך אונזערע אַ שול נישט. און מען דאַרף דאָך צוגעבן, אַז ס׳זיינען אויך פאַראַן קינדער, וואָס האָבן, טאַקע אַ דאַנק דעם קריזיס, אויפגעהערט קומען אין דער שול, ווייל די עלטערן קענען פאַר זיי נישט צאָלן, און אומזיסט שטייט די עלטערן נישט אָן זיי צו שיקן (אַ זאַך פון וואָס עס ליידן איצט אויך די תלמוד־תורות).

איז נישט ריכטיק צו זאָגן, אַז עס פעלן אין די שולן קינדער. גיכער פעלן שולן; עס האָבן געדאַרפט זיין מער שולן; עס האָט געמעגט זיין אַ ווייט־אויסגעשפּרייטע נעץ פון שולן. אָבער דאָס קער זיך שוין אָן מיט דער גאַנצער באַוועגונג, וואָס פון איר וועט זיין די רייד אַביסל שפּעטער.

דאָס צווייטע איז שוין מער ווי אומפּינקטלעך. און וואָלט נישט ח׳ שויס געווען דער בעל דבר נאָר עמעצער אַנדערש, וואָלט עס טאַקע פאַרדינט אַנגערופן צו ווערן מיט אַן אַנדער נאָמען. עפּעס וואַרפט זיך ח׳ שויס מאָדנע אַרום מיטן פאַרנאָמען „אונזערע". „אונזערע שולן", צווישן אונז ריידנדיק, ח׳ שויס, בפרט נאָך, אַז די רייד איז אין „אידישן קעמפער", דער אָרגאַן פון דער פּאַרטיי, וואָס האָט די שולן געגרינדעט און פירט זיי עד היום אין אַ באַשטימטער אידיש־נאַציאָנאַלער און אידיש־העברעאישער ריכטונג, קען דאָך, אין פלוג, קיין אַנדער טייטש נישט האָבן ווי טאַקע א ו נ ז ע ר ע שולן, די שולן פון איד. נאַצ. אַרבעטער־פאַרבאַנד און פּועלי ציון, טאָ וואָס־זשע שמייסט איר א ו נ ז און א ו נ ז ע ר ע שולן מיט אַ בייטש וואָס איז אויסגעפלאָכטן אין אַרבעטער רינג און שלום עליכם שולן, ווי איר טוט מיט די צוויי איינציקע קאָנקרעטע ביישפּילן וואָס איר ברענגט, איינס פון אַן אַרבעטער רינג שול, דאָס צווייטע פון אַ שלום עליכם שול? ווייסט דען

נישט חבר שויס דעם חילוק צווישן אונזערע און יענע שולן? ווייסט ער נישט, אַז ביי אונז לערנט מען העברעאיש? ווייסט ער נישט, אַז ביי אונז לערנט מען, לכל הפחות דאַרף מען לערנען, אויך תנ״ך און אגדות? און, חבר שויס, מען דאַרף דאָך, קענענדיק אונזערע שולן, זייענדיק מיט זיי פאַרבונדן, ווי איר זייט עס, זאָל אַפילו זיין אומדירעקט — דאַרף מען דאָך האָבן אַ סך לבבות, אַרויסצוקומען מיט אַ באַהויפּטונג, ווי איר טוט עס, אַז אין אונזערע שולן „זוכט מען און מען באַמיט זיך זיי (די קינדער) ווייניק צו לערנען״.

נאָר זאָל זיין גענוג מיט די אומפּינקטלעכקייטן. לאָמיר געבן אַ פּאָר מוסטערן פון ח׳ שויסעס גוזמאות.

„אונזערע שול־פירער און קולטור־אידעאָלאָגן האָבן געמלעך געשאַפן אַ טעאָריע, אַז די גאַנצע אידישע קולטור אונזערע איז פאַרשימלט און טויט פאַר אונז, הײנטוועלטיקע אידן... די עלטערע אידישע קולטור, די רייכע, גייסטיקע אוצרות וואָס אידן האָבן געשאַפן, ביז ניקאָלאַי׳ס צייטן — דאָס איז פאַרשימלט״, א. אַ. וו.

דאָס איז אַ גרויסע, אַן אומפאַרשטענדלעכע איבערטרייבונג. וואָרעם, ביי וועמען אייגנטלעך, אַ חוץ ביי די קאָמוניסטן, און אפשר, אפשר אויך ביי די וואָס שלעפּן זיך נאָך זיי נאָך, האָט ח׳ שויס געטראָפן אַזאַ טעאָריע? איך רייד שוין נישט פון אונז; אָבער איז עס דען ערלעך אַזוי צו ריידן אַפילו וועגן די שלום־עליכם־שול־מענטשן אָדער די פונעם אַרבעטער רינג? ווען אין יענע קרייזן וואָלט געהערשט אַזאַ בליק, טאָ אויף וואָס־זשע אייגנטלעך דאַרפן זיי די אידישע היסטאָריע, פון וועלכער, ווער ווייסט עס נאָך אַזוי גוט ווי ח׳ שויס, וועלכער האָט אַליין פאַר זייערע שולן היסטאָריע־ביכלעך געשריבן — זיי הויבן דאָך אָן דעם לימוד מיט העכער דריי טויזנט יאָר פאַר צאַר ניקאָלאַי דעם ערשטן? און, אַ חוץ היסטאָריע, לערנט מען דאָך עפּעס אין יענע שולן אויך אידישע פאָלקס־לידער, וועלכע, פיל פון זיי יעדנפאַלס, זיינען אויך עלטער פון צאַר ניקאָלאַי? און מען לערנט דאָך אַ געוויסע צאָל פּרצס חסידישע און פאָלקסטימלעכע געשיכטן, וועלכע שילדערן אַ לעבן, אַ גלויבן און זיטן, וואָס גייען היפּש ווייטער איידער ניקאָלאַי דעם ערשטנס צייטן? און נישט שוין־זשע געפינט זיך אין די כרעסטאָמאַטיעס פון די אידישע שולן, אויך אין די וואָס מען געברויכט אין די שלום־עליכם און אַ. ר. שולן, גאָרנישט פון תנ״ך און פון די תלמודישע אגדות? און

ווייסט דען נישט ח׳ שויס דעם שטאַרקן אינטערעס וואָס איז פאַראַן אין די שולן, ווידער אַמאָל אויך אין די שלום עליכם און אַ. ר. שולן, פאַר יהואָשס תנ״ך־איבערזעצונג?

אגב איז עס גלאַט אַן אינטערעסאַנטער קוריאָז, דאָס וואָס ח׳ שויס האָט זיך גראָד צוגעטשעפּעט צו צאַר ניקאָלאַי דעם ערשטן. וואָרעם נעמען נעמט זיך עס דאָך אינגאַנצן דערפון וואָס מען לערנט אין די אידישע שולן מענדעלע מוכר ספרים׳ס „שלמה רבי חיים׳ס״ — און אויך דערפון וואָס ח׳ שויס האָט, מחילה, נישט אינגאַנצן תופס געווען דעם ענין. בסך הכל, ח׳ שויס, קומט עס דערפון וואָס מען האָט געוואָלט מיט די קינדער לערנען מענדעלען. זיינען אָבער זיינע אַנדערע ווערק אָדער ראָמאַנען אָדער אַלע־גאָריעס לחלוטין נישט צוגעפּאַסט פאַר קינדער פון די יאָרן און דעם וויסן, בשעת „שלמה רבי חיים׳ס״ איז מער־ווייניקער אַ קינדער־זאַך. צופעליק ווערן אין בוך געשילדערט זאַכן אָדער עס ווערן געמאַכט אָנדייטונגען אויף געשעענישן אין ניקאָלאַיס צייטן, איז וואָס־זשע זאָלן די לערער טאָן, אַז דאָס איז פאָרט דאָס צוגאַנגלעכע ביי מענדעלען פאַר קינדער? חוץ לזה, ליבער חבר שויס, ווערט דאָס בוך געלערנט ווייט נישט בלויז צוליב שפּראַך־און־סטיל, נאָר טאַקע באַזונדערס צוליב דער סביבה און זי, די סביבה, ווי תמיד ביי מענדעלען, איז דורכגעוועבט מיט אַזעלכע אידישע נשמה־פּעדים, וועלכע גייען העט־העט ווייטער פון צאַר ניקאָלאַי.

נאָר לאָמיר די גוזמאות אויך לאָזן, כאָטש מען קען זיי ברענגען נאָך שיינע עטלעכע, און לאָמיר בעסער מאַכן פּלאַץ כאָטש פאַר איינעם פון ח׳ שויסעס פּאַראַדאָקסן. וואָרעם אַנדערש ווי אַ פּאַראַדאָקס קען איך דאָך ח׳ שויסעס בוכץ, כביכול, אויף דער אָרעמער קאַסרילעווקע (זע ח׳ מאַיראָוויטשס ענטפער צו שויסן אין „אידישן קעמפער״ פון 27טן מאַי) נישט אָנרופן, סיידן איך זאָל עס גאָר אָנרופן אַ משכילישע מעלה גרה! וועלכע פּאַראַדאָקסאַלע אויערן האָט עס ח׳ שויס, וואָס דער נאָמען קאַסרילעווקע טוט אים אַזוי גרילצן? ליבער חבר, ס׳איז אַ שטעטל ווי אַלע שטעטלעך. אַ אידיש שטעטל. און אַפילו אַז ס׳איז בלאָטיקער איידער סורא אָדער פּומבדיתא זיינען אַמאָל געווען, וואָס דאַרף מען נאָך ערשט אַרויסלייענען פון ערגעץ אַ ספר פּראַלניק, איז וואָס איז עס נעבעך שולדיק? אַפילו מיר׳ן שוין נישט זאָגן אַז יפה עניותא לישראל, אָבער לכל הפּחות איז דאָך אָרעמקייט קיין חרפּה נישט. און ביי זיין גאַנצער אָרעמקייט און אַפילו בלאָטיקייט איז דאָס שטעטל, אין

גאַנץ סלאַוועניטום און אפשר אויך אין אַנדערע אידישע טימער, זייט הונדער־טער יאָרן די היים, די נעסט פון רוב מנין ורוב בנין פון אידישן פאָלק, די היים און די נעסט, וואו מען לערנט תורה און חכמה און מדות, וואו עס ציט זיך די קייט פון טראַדיציע, וואו עס בילדן זיך אויס אידישע כאַראַקטערן, וואו עס קנעט זיך אויס און פאַרמירט זיך דער אידישער לעבנס־שטייגער און וואו עס האָדעווען זיך גאונים און דענקער און לערער און מנהיגים פאַרן גאַנצן כלל. און אַט דאָס, חבר שויס, איז דער טייטש קאַסרילעווקע און עפּעס אַנדערש איז גאָר קיינעם קיינמאָל אויפן זינען נישט אַרויף!

***

אַ שאָד וואָס איך האָב זיך געמוזט אָפּשטעלן אויף אַזעלכע — נו, זאָל זיין אויסזעצונגען, מישטיינס געזאָגט. איך האָב געמוזט, ווייל לײדער זיינען זיי אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַרן אופן און די פּרטים מיט וועלכע מען קריי־טיקירט ביי אונז די אידישע שולן און ווייל עס איז באמת פאַרדראָסיק, אַז אויך ח׳ שויס, אַ מענטש מיט אַזאַ אידישער ערודיציע און וועלכער איז צו די שולן אַזוי נאָענט, זאָל אויך זיין צווישן די ניט־איבערקלייבערישע שטיינער־וואַרפער אויף זיי.

נאָר, לאָמיר צוגיין צום תוך פון ח׳ שויסעס אָנגריף.

דער תוך פון די ביישפּילן, וואָס ח׳ שויס ברענגט און פון טאָן פון זיין גאַנצן אַרטיקל איז

1) אַז מען ענדיקט אַ שול אָן העברעאיש בלייבט מען אַ הונדערט־פּראָ־צענטיקער עם הארץ.

2) אַז אָן תנ״ך, אַ ברעקל משניות און גמרא, פאַרטייטשט אויף אידיש, קען מען אַפילו קיין זאַפטיקן אידיש נישט קענען און אַ פּסוק מיט אַ שטיקל רש״י, מיט אַ דרש און אַ פּשטל, קען מען קיין זאַפטיקן אידישן וויץ אָדער אַנעקדאָט נישט פאַרשטיין.

און 3), אַז אין די אידישע שולן גיט מען נישט די וואָרצלען און דעם שטאַם פון דעם אידישן קולטור־בוים, נאָר אַ קליין, יונג צווייגעלע זיינעם (אידיש, אידישע ליטעראַטור, אידישער פאָלקלאָר, בלע״ז).

דאָס איז דער תוך. איז וויפיל האָפט איז אין אים פאַראַן?

איז טאַקע אמת, אַז ענדיקנדיק אַ שול אָן העברעאיש, איז מען פאַרמשפּט צו פולשטענדיקער עם־הארצות?

איך, יעדנפאַלס, לייקן עס אַנטשידן. אַ העברעער ווי איך בין אין מיין

גאַנצער שול־אַרבעט, קעמפנדיק תמיד, ווי דאָס ווערטל גייט, ביז בלוט פאַר אַ גרינטלעכן העברעאישן לימוד אין אונזערע שולן, האָב איך פונדעסטוועגן קיינמאָל נישט געהאַלטן העברעאיש פאַר אַזאַ וויטאַל־פּאַטאַלן טייל פון אונזער פּראָגראַם, אַז אָן דעם קען מען זיך די אידישע דערציאונג גאָרנישט פאָרשטעלן. דאָס העכסטע פון מיין גלויבן, אין דעם פּרט איז, אַז אָ ן ה ע ב ר ע א י ש ק ע ן מ ע ן ק י י ן א י ד י ש ע ר א י נ ט ע ל י ־ ג ע נ ט נ י ש ט ז י י ן. און היות, ווי אַלע קינדער זיינען ביי אונז גלייך און בשעת זיי לערנען זיך ביי אונז טאָרן מיר בשום אופן נישט איינפירן קיין צעטיילונג, אַז די קינדער זאָלן אויסוואַקסן אידישע אינטעליגענטן און די נישט, דאַרפן דעריבער אַלע קריגן דעם זעלביקן העברעאישן אונטערריכט.

אָבער צווישן אינטעליגענץ און עם־הארצות איז דאָך דאָ אַ ה י פּ ש ע ר מהלך. און, באַטראַכטנדיק דעם עצם ענין: צי מיינט דען ח׳ שויס, אַז נאָר אויף העברעאיש קען מען לערנען אידישע געשיכטע? און קען מען אָנרופן אַן עם־הארץ אַ יונגן מענטשן וועלכער ענדיקט אַ מיטלשול, וואָס איז ערנסט דורכגעגאַנגען די אידישע היסטאָריע? וואָס האָט יאָרן־לאַנג — וואָס אויף דערויף איז דאָך די מיטלשול געשטעלט געוואָרן — געשטודירט די אידישע ליטעראַטור? אמת, די ליטעראַטור איז נישט דירעקט קיין תורה, אַפילו נישט קיין קולטור־געשיכטע, אָבער די בלעטער פון אונזערע קלאַסיקער זיינען דאָך באַשפּרינקלט מיט אַנצוהערענישן פון די דאָזיקע געביטן און קען מען זיך דען פאָרשטעלן אַן ערנסטן ליטעראַטור־שטודיום, וואו די דאָזיקע אַנצוהע־רענישן זאָלן נישט דערקלערט ווערן? איבעריקנס, צי וויל דען חבר שויס טאַקע כלל וכלל מבטל זיין דעם ווערט פון איבערזעצונגען? לעבן דאָך ביי אונז פיל פון אונזערע שענסטע און הייליקסטע ספרים, זייט הונדערטער יאָרן, אויף אידיש און מיליאָנען אידן שפּייזן זיך אויף זיי — און, ס׳וואָלט טאַקע געווען טשיקאַווע צו וויסן, צי באשר זיי האָבן זייער תורה נישט געלערנט אויף לשון קודש, האָט מען אַזעלכע, כאָטש זיי זיינען געווען בקיאים אין תנ״ך, דינים און מוסר־ספרים, צי האָט מען זיי טאַקע ביי אונז געהאַלטן פאַר עם־הארצים? און לסוף, פאַרוואָס גראָד ביי אונז אַזאַ פאַרשטיינערטע, אַזאַ פאַרביינערטע פּעדאַנטישקייט? ווער עמעצער, ביי די דייטשן למשל, זאָגן, אַז ווייל איינער קען נישט קיין לאַטיין, הגם ער קען גאַנץ גוט זיין מאָמזען, קען ווירגילן, ציצעראָן און צעזאַרן, אין די קלאַסישע דייטשע איבערזעצונ־גען, איז ער דאָך אַן עם־הארץ אין הלכות אַלטן רוים? אָדער, ביי די ענג־

לענדער, אַז כאָטש איינער קען גראַט'ן און סיימאָנד'ס וכדומה איבערזעצונגען פון די אַלט־גריכישע טראַגעדיסטן, פון האָמער א. אַ. וו., איז ער נאָך אַלץ אַ שאינו יודע לשאול אין אַלט־גריכישע ענינים?

און איך דערלויב מיר צו זיין כאָטש אַ שטיקל אַפּיקורס אויך בנוגע תוך נומער צוויי, אַז נאָר ווען מען לערנט תנ"ך, משניות (זאָל זיין אַפילו אַ ברעקל, ווי ח' שויס האָט עס אָפּגעמאָסטן) און גמרא, דאַן ערשט קען מען קענען אַ זאַפטיקן אידיש. כ'גלויב, אַז עס זיינען דאָ גאָר אַ סך זאַפטיקע טיילן אין דער אידישער שפּראַך און ליטעראַטור, אין וועלכע קיין לשון־קודש'דיקע ובכלל תורה'דיקע אָנצוהערענישן זיינען נישטאָ. אגב, אַז מען זאָל וועלן זיין אַזוי זהיר'דיק שטרענג, ווי ח' שויס וויל האָבן, דאַרף מען פּסלענען נישט נאָר מיליאָנען אידישע לעזער, נאָר אויך צענדליקער אידישע שרייבער. פיל פון אונזער אינגערן דור שרייבער זיינען גאָר קנאַפּע אָדער אפשר טאַקע גאָר קיין לומדים נישט; תנ"ך האָבן זיי נאָך אפשר געלערנט, אָבער משניות מיט גמרא, ווער זאָל זיך עס אויף זיי ריכטן? פונדעסטוועגן גלויב איך קוים, אַז עמעצער וועט האָבן דעם מוט צו זאָגן, אַז זייער אידישע שפּראַך און סטיל איז — מהאי טעמא, הייסט עס — אָן זאַפט. איבעריקנס, ח' שויס, האָט איר דאָך שוין די זאַך אַליין באַוואָרנט. תנ"ך, משניות און גמרא אַליין זיינען אייך ווייניק, מען מוז זיי ערשט לערנען פּ אַ ר ט י י ט ש ט אוי ף א י ד י ש; היינט, וויבאַלד די אידישע פּאַרטייטשונג איז יאָ אַזוי וויכטיק, פאַרוואָס זאָל טאַקע לכתחילה נישט גענוג זיין די אידישע איבער־זעצונג אָדער פּאַרטייטשונג, אָן דעם אָריגינאַל?

הוא הדין מיטן אידישן וויץ און אַנעקדאָט. ס'זיינען פאַראַן אידישע וויצן און אַנעקדאָטן וואָס דרייען זיך אַרום אַ פּסוק מיט רש"י, מיט אַ פּשטל און אַ דרש. ס'זיינען ביי אונז, ווי ביי די אומות העולם, — אפשר אַביסל מער, — פאַראַן וויצן לומדישע, באַשאַפן פון לומדים פאַר לומדים. דאָס רוב זיינען אָבער פאַרן פאָלק אָדער פאַר מיטעלע מענטשן. איז, מה רעש, אַז דעם דורכשניט־מענטשן וועט אַ געוויסע צאָל וויצן (אָנגענומען אַז זיי זיינען שוין אַלע ריין און זויבער אוןווירקלעך געשמאַק) פעלן? נאָר, עס דאַרף גאָר דערצו, חלילה, נישט קומען; דער אויבערשטער איז אַ רחום וחנון: עס זיינען דאָ זאַמלונגען אויף אידיש מיט דערקלערונגען, מיט אָפּטייטשונגען. פון איין יהואָש און ספּיוואַק'ס ווערטער־בוך קען מען אַרויסשעפּן גאַנצע עמערס מיט אַזעלכע דערקלערונגען.

זעט איר, חבר שויס, וואָס איז שייך תוך נומער דריי, אַז אין די אידישע שולן גיט מען נישט די וואָרצלען און דעם שטאַם פון דעם אידישן קולטור־בוים, און אַז דאָס איז אַן אומגליק, אין זיך אַליין, און אַז מחמת דעם וועלן פיל עלטערן נישט שיקן זייערע קינדער אין די שולן (אַז פיל שיקן זיי טאַקע נישט איבער דעם, דערין, זעט איר, בין איך נישט אַזוי זיכער), אין אָט די אַלע פונקטן בין איך מיט אייך גאַנץ מסכים, און וואָלט איר אייער געשריי אויפגעהויבן אויף דערויף אַליין און וואָלט איר אים נישט פאַרטומלט מיט אַלע יענע נישט־וויכטיקע און נישט־פּינקטלעכע צוטשעפּע־נישן, וואָלט איך אייך געוווען זייער דאַנקבאַר פאַר העלפן מיר קעמפן מיין קאַמף אין אונזער שולן־באַוועגונג.

וואָרעם, דאָס וואָס איר רופט די וואָרצלען און שטאַם פון אידישן קולטור־בוים, האָב איך נישט לאַנג אָנגערופן פשוט סאָלידע אידישע ידיעות און זייט יאָרן איז דאָס מיין לאָזונג אויף אונזערע שולן־קאָנפע־רענצן, וכדומה. און מיינען מיין איך מיט אָט די סאָלידע אידישע ידיעות (אַ חוץ היסטאָריע) טאַקע נישט עפּעס אַנדערש ווי העברעאיש, תנ״ך (נאַטיר־לעך נאָר געקליבענע טיילן), מוסטערן פון דער אגדה (נאַטירלעך אין אָריגינאַל, פּונקט ווי דער תנ״ך) און אידישע עטנאָלאָגיע אָדער קולטור־געשיכטע.

אָבער אויך דאָ, ח׳ שויס, דאַרף מען דאָך זיין גערעכט און נישט וואַרפן שטיינער, זאָל טרעפן וועמען עס וויל זיך, און נישט אויסמישן אַלץ אין איין קאַשע. און אַוודאי טאָר מען אין אַזאַ פאַל נישט אַרומשטעלן זיך העגדום־פּענדום מיט אַזאַ בלינדן טערמין ווי אונזערע שולן. עס איז אין דעם דאָ אַ גאַנץ באַשטימטער חילוק צווישן אונזערע, ד. ה. פאַרבאַנד און פּועלי ציון שולן און שלום עליכם און אַר. רינג שולן. ביי זיי לערנט מען העברעאיש און די אַנדערע אָנגעשלאָסענע לימודים אין דער עלעמענטאַר שול (סיידן אפשר מיט אַ פּאָר אויסנאַמען, אַלס ספּעציעלע הנחה צו די לערער) גאָר נישט און מען דאַרף זיי נישט לערנען. ביי אונז דאַרף מען זיי לערנען אומעטום און אין פיל שולן לערנט מען זיי, און וואָס איז שייך העברעאיש, לערנט מען עס טאַקע אין אַלע אונזערע שולן. (איך ווייס, איר׳ט מיך, אין דעם געוויינטלעכן ליבהאַרציקן טאָן פרעגן: וויפיל? איז מיין ענטפער, גיט מיר אַ קינד וואָס האָט דורכגעמאַכט אונזער גאַנצן פאָלק־שול־קורס, וועל איך אייך ווייזן, אַז עס האָט געלערנט גאָר אַ היפּש ביסל העברעאיש). עס זיינען דאָ אַ היפּש ביסל שולן ביי אונז, וואו דער ענין

סאָלידע אידישע ידיעות שטייט שוין גאָר נישט אַזוי שלעכט, ווי, למשל, אין גאַנץ קאַנאַדע, אין סיראַקיוז, אין מילוואָקי, אין דער ניו־יאָרקער קאָאָפּע־ראַטיווער שול. און דער ענין מיטלשול צעוואַקסט זיך ביי אונז גאָר נישקשה די לעצטע פּאָר יאָר. אַ חוץ אין קאַנאַדע האָבן מיר היינט צוויי זייערע אין ניו־יאָרק אײנע, אין פילאַדעלפיע און אין אַ צאָל אַנדערע שטעט.

אמת, מיר האַלטן דאָס אַלץ פאַר ווייט־ווייט נישט גענוג. און אונזער גאַנצע מי, אויף אַלע אונזערע צוזאַמענפאָרן און אונזער גאַנצע פּראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציע איז טאַקע דער עיקר פון אַלע עיקרים, דעם ניוואָ פון די לימודים, און באַזונדערס טאַקע די העברעאישע, אויפצוהויבן און צו פאַרטיפן. און וויבאַלד דאָס איז דער פאַל, דהיינו, אַז די זאַך שטייט ווייט נישט אַזוי שלעכט ווי מען מאָלט זי, און דאָרט וואו די זאַך איז ווירקלעך פעלערהאַפט, מיען מיר זיך דעם פעלער צו פאַרריכטן — איז וואָס דאַרף אַ פריינט, אַן אמתער פריינט, טאָן? — נישט, אַנשטאָט אַטאַקירן, אונז קומען העלפן?

***

צום שלוס, אַ וואָרט צו די חברים און וועגן דער זאַך בכלל.

אונזער נייע אידישע דערציאונג איז די איין־איינציקע, וועלכע מיר, ציוניסטן־סאָציאַליסטן, קענען האָבן און, ממילא, ווי מען זאָל זיך נישט ווענ־דרייען, איז זי די בעסטע. אירע הויפּט־יסודות זיינען:

1) אונזער דערציאונג איז נ י ט ־ ר ע ל י ג י ע ז, ד. ה. נישט דאָגמאַטיש־גלויביק־יראה׳דיק.

און אַנדערש קען זי נישט זיין. ראשית, ווייל עס איז גאַנץ קלאָר פאַר יעדן מאָדערנעם מענטשן, אַז דאָגמאַ און יראה זיינען היינטיקע צייטן אַ זייער זאַמדיקער פונדאַמענט און אויף זיי באַזירן אַ קינדער־דערציאונג הייסט בויען אויפן זאַמד.

והשנית, קענען מיר נישט, אַליין נישט זייענדיק קיין גלויביקע, זיין צבוע׳קיש מיט אונזערע קינדער.

2) אַנשטאָט אויף רעליגיע באַזירן מיר אונזער דערציאונג אויפן נאַציאָנאַליזם.

דאָס מיינט, ראשית, אַז מיר אונטערשטרייכן אין אונזער דערציאונג גאָר באַזונדערס דעם קעגנוואָרט (און צוקונפט) מאָמענט פון אידישן לעבן.

דאָס מיינט, ווייטער, אַז כאָטש מיר זיינען נישט דאָגמאַטיש־גלויביק, האָט

אונזער דערציאונג פונדעסטוועגן אַ פּאָזיטיווע באַציאונג צו דער אידישער טראַדיציע, וואָס דאָס מוז, ווידער, מיינען, אַז ביים גאַנצן ראַדיקאַליזם פון אונזער דערציאונג, געפינט זיך פונדעסטוועגן אין איר פּלאַץ פאַר דער עטיש־פּאָעטישער זייט פון דער אידישער רעליגיע, פאַר רעליגיעזע שטימונגען.

און ווידער מיינט עס, אַז די קדושה פון אידישן לעבן, קולטור און רעליגיע, די קדושה ווי זי אַנטפּלעקט זיך, למשל, אין דער שיינקייט פון די אידישע ימים־טובים, פון אידישן מאַרטירערטום, פון אידיש־פאָלקסטימלעכער רעליגיעזיטעט, מאָראַל און מאָראַלער ציכטיקייט (ווי זי קלינגט צ. ב. אין פּרצס שריפטן, דער עיקר אין די „פאָלקסטימלעכע געשיכטן"), אַז אָט די דאָזיקע קדושה פאַרנעמט גאָר אַ געהויבן פּלאַץ אין אונזער דערציאונג. שוין אַליין אַלס ערזאַץ פאַר דער רעליגיע גופא, ד. ה. דער דאָגמאַ און דער יראה, מוז די דאָזיקע קדושה ביי אונז אַזאַ פּלאַץ פאַרנעמען.

און לעצטנס מיינט עס, אַז נישט קיין קליין פּלאַץ אין אונזער דערציאונג פאַרנעמט ארץ ישראל, דער עיקר דאָס אַרבעטנדיקע ארץ ישראל, זאָל אַפילו זיין צוליב דער קדושה אַליין, וואָס הילט עס אַרום.

3) עס איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַזוי זעלבסטפאַרשטענדלעך ווי דאָס ליכט פאַר די אויגן און די לופט פאַרן אָטעמען, אַז וויבאַלד נאַציאָנאַליזם און קעגנוואַרט, דאַרף אין דער שול געלערנט ווערן, און די שול אַליין דאַרף געפירט ווערן אויף אידיש, וואָס איז די לעבעדיקע אידישע שפּראַך ביים גרעסטן און געזינטסטן טייל פון אידישן פאָלק און איז, מחמת דעם אַליין, און נאָכמער מחמת איר אוניווערסאַלער צעשפּרייטקייט און קולטורעלן שוואונג, די גרעסטע נאַציאָנאַליזירנדיקע קראַפט אין אונזער גאַנצן קעגנוואַרטיקן לעבן. פאַרשטייט זיך, אַז מיט דער שפּראַך גייט אויך די ליטעראַטור און דער פאָלקלאָר.

(פון העברעאיש דאַרף מען נישט ריידן, פונקט ווי מען דאַרף נישט צולייגן קיין „גאָספּאָדינו יעווריאו" צום מענדעליו מוכר ספרימו. העברעאיש און אַלץ וואָס גייט מיט איר, זיינען ביי אונז נישט קיין קלענערע זעלבסט־פאַרשטענדלעכקייט איידער אידיש און ביי אונז, יעדנפאַלס, איז וועגן דעם קיינמאָל קיין רמז אויף קיין ספק נישט געווען).

4) און עס קען אויך גאָר קיין ספק נישט זיין, אַז פונקט ווי מיר האָבן באַזייטיקט די דאָגמאַ, ווייל מיר זיינען קיין גלויביקע נישט, אַזוי וועלן מיר נישט און קענען נישט, זייענדיק סאָציאַליסטן, פון אונזער קינדער־דערציאונג

באַזייטיקן דעם סאָציאַליזם. דאָס איז אונזער פריידיקער חוב אַלס מאָדערנע אידן און מענטשן, וועלמע זיינען נאָך דערצו אַזוי נאָענט פאַרברידערט מיט דעם אַרבעטנדיקן ארץ ישראל. איז אונזער שול, וועדליק אַ קינדער־אינסטיטוציע, אָנגעהויכט מיט סאָציאַליזם. עס הערשט אין איר אַ סאָציאַ־ליסטישע אַטמאָספערע.

אָט דאָס איז אונזער קינדער־דערציאונג, אונזער שול. אַזאַ איז זי, אַזאַ מוז זי זיין. קיין אַנדערע איז פאַר אונז, וועדליק אונזערע אָנשויאונגען, נישטאָ.

האָבן מיר אָט די תורה אָנגענומען נאָך אין יאָר 1910 און מיר האַלטן זי אין איין איבערחזרן פון יאָר צו יאָר, אויף צוזאַמענפאָר נאָך צוזאַמענפאָר און אויף קאָנפערענץ נאָך קאָנפערענץ און קיינער, לכל הפחות, אין קיין רעזאָלוציע, קריגט אויף איר נישט און איינשטימיק ווערט זי כסדר באַנייט.

פאַרוואָס־זשע באַוועגט זי זיך אַזוי לאַנגזאַם? פאַרוואָס האָבן מיר נאָך אַזוי ווייניק שולן? פאַרוואָס איז אונזער שולן־נעץ נישט אויסגעשפרייט לכל הפחות אַזוי ווייט ווי עס גרייכן אונזערע אָרגאַניזאַציעס? פאַרוואָס איז טאַקע אין אַזוי פיל שולן דער העברעאישער לימוד אַזוי פלאַטשיק? פאַרוואָס קומט עס אָן אַזוי מוראָדיק שווער דעם דאָזיקן לימוד צו פאַרטיפן? פאַרוואָס — וואָס די קשיא איז דער תירוץ אויף אַלע פריערדיקע — הערשט בכלל אין און אַרום אונזערע שולן אַזאַ קבצנישע אָרעמקייט?

ניין, נישט אין די קינדער ליגט די שולד. ס'איז נישט אמת, אַז עס פעלן קינדער. פאַרהעלטניסמעסיק, נעמענדיק אין אַכט די שכנישע אומ־געבונג, האָבן מיר נישט ווייניק קינדער. אויך ווערט די לעצטע יאָרן שוין באַלד אינגאַנצן אויסגעגליכן די פראָפּאָרציע פון אינגלעך און מיידלעך אין אונזערע שולן. און גאַנץ זיכער — כאָטש עס געהערט נישט שטאַרק צום ענין, אָבער ס'איז צו אַ גוטע זאַך, אַז מען זאָל עס דאָ נישט דערמאָנען — פעלט די קינדער נישט קיין ליבע צו אונזער שול.

איז קיין קינדער, ח' שויס, פעלן אונזערע שולן נישט. אָבער עס פעלן זיי עלטערן, חברים, איבערגעגעבענע חברים. עס פעלן זיי אידעאַליסטישע חברים, אידעאַליסטישע טוער, וועלכע זאָלן פאַר זיי אמתע קרבנות ברענגען, אַרבעטן פאַר זיי, לכל הפחות, מיט טיילווייזן מסירת נפש.

פאַרוואָס דאָס איז אַזוי? איז עס ווייל אונזערע חברים זיינען בכלל שוואַכע אידעאַליסטן? ווייל עס האָט זיך, חלילה, ביי אונז אַריינגעכאַפּט אַן עפּידעמיע, רחמנא ליצלן, פון אָננעמען רעזאָלוציעס און נישט מקיים זיין זיי, פון הויבן

די האַנט ביים זינגען די „שבועה״, אָבער נישט אַז עס קומט צו טאָן אַרבעט? אָדער עס האָט זיך, חלילה, לעצטנס ביי אונז אַריינגעכאַפּט אַן ערב רב, וואָס כאָטש זיי ברומען נאָך אונזערע לאָזונגען און אידייען, האָבן זיי זיי אָבער אין האַרצן און אין דער אמונה קיינמאָל נישט פאַרדייעט?

אויף די אַלע שאלות בין איך אויפן מאָמענט נישט גרייט צו ענטפערן. איבעריקנס, קערן זיי זיך אָן, נישט נאָר מיט דער שולן־אַרבעט נאָר מיט אונזער גאַנצער באַוועגונג, אַרום און אַרום. הערשט דאָך אויך דאָרטן די זעלביקע אומבאַוועגלעכקייט, דער זעלביקער מהלך צווישן דעם נ ש מ ע און דעם נ ע ש ה.

„אידישער קעמפער״, יוני 1932

# אידישע עטנאָלאָגיע און לעבנס־שטייגער

## אריינפיר

דער וואָרצל פונעם לימוד פון אידישער עטנאָלאָגיע ליגט שוין אין די גרונט־פּרינציפּן (און ממילא אויך אין דער גרונט־פּראָגראַם) פון אונזערע שולן. אין מיין אַגיטאַציע פאַר אַ נאַציאָנאַלער אידישער שול, אין די יאָרן 1909־10, אין דער צייטונג די „וואָרהייט", — אַן אַגיטאַציע, צו וועלכער אונזערע שולן דאַרפן צוגעשריבן ווערן — האָב איך אין דער פּראָגראַם פון די לימודים פון דער שול אויך אַריינגעשטעלט דעם לימוד: געשיכטע פון דער אידישער רעליגיע. אויפן ערשטן צוזאַמענפאָר פון אונזערע שולן, אין יאָר 1912, צוויי יאָר נאָך דער גרינדונג פון אונזער ערשטער שול, האָב איך און חיים ליבערמאַן דעם ענין באַקרעפטיקט אין רעפעראַטן און דיסקוסיעס און קריסטאַליזירט אין אַ רעזאָלוציע, וועלכע נעמט צו דער אידישער רעליגיע אַ פּאָזיטיוו־אַנטראָפּאָלאָגישע שטעלונג, ווי צו אַ וועלט־בליק און קולט, וואָס האָבן אויסגעפּילט אַן אומגעהייערע פונקציע אין אידישן לעבן.

מיר האָבן וועגן דעם ענין אויך גערעדט און דיסקוטירט אויף אונזערע ווייטערדיקע צוזאַמענפאָרן, אָבער כאָטש מיר האָבן דעם רעליגיעזן מאָמענט אַנגערירט אין אונזערע שולן, בפרט אין דער פייערונג פון די אידישע ימים־טובים, איז עס צו קיין דירעקטן לימוד נאָך אַלץ ניט געקומען, צו וועלכן איך האָב זיך דערטראַכט ערשט אין מיטן פון די צוואַנציקער יאָרן. אויף אונזער זעקסטן צוזאַמענפאָר, אין יאָר 1927, אין פּעטערסאָן, אין ניו דזשורזי, בין איך געקומען מיט אַ פאַרטיקן פּראָיעקט פון אַ לימוד פון אידישער עטנאָלאָגיע, וואָס, כאָטש איך האָב זיין נויטיקייט באַזונדערס מאָטיווירט מיט דעם אַן אים אוממעגלעכער פאַרשטענדעניש פון דער אידישער ליטעראַטור, דערהויפּט פון אירע קלאַסיקער, האָט דער צוזאַמענפאָר, אים אַננעמענדיק, אים באַקרוינט מיטן נאָמען אידישע קולטור־געשיכטע אָדער געשיכטע פון דער אידישער רעליגיע.

אין אַ פּאָר יאָר אַרום איז אין ניו־יאָרק אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ נישט־

אָפיציעלער צוזאַמענפאָר. אין 30־1929, אומגעפער, איז אין ניו־יאָרק, אָפּגעהאַלטן געוואָרן דער זיבעטער צוזאַמענפאָר. אויף ביידע צוזאַמענ־פאָרן האָט רעפערירט חיים גרינבערג, אונטערשטרייכנדיק די נויטיקייט פון רעליגיע, דערהויפּט צו מאַכן אונזערע קינדער איבערלעבן אָט יענעם רעליגיעזן ציטער, וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט אַמאָל און וואָס יעדער רעליגיעזער איד לעבט איבער נאָך היינט. אויף דעם דאָזיקן צוזאַמענפאָר איז ענדגילטיק באַשלאָסן געוואָרן, איינצופירן אידישע עטנאָלאָגיע אַלס לימוד אין אונזערע שולן. אַלס רעזולטאַט פון דעם אַלעמען איז, אין אונזער ערשטן אָפיציעלן פּעדאַגאָגישן זשורנאַל, „די אידישע דערציאונג״, דערשינען מיין אַנטוואורף פון אַ פּראָגראַם פון אידישער עטנאָלאָגיע.

## אידישע דעמאָגראַפיע

אידישע דעמאָגראַפיע, אַרומנעמענדיק די לאַגע פון די אידן אין פאַר־שידענע לענדער, פאַרשידענע אידישע סעקטעס און ענלעכעס, איז אין אונ־זערע רייד און דיסקוסיעס און פּאַקטיש אויך אין אונזערע (און אויך אין שכנישע) פּראָגראַמען אָדער פראַגמענטן פון פּראָגראַמען מיטגעגאַנגען מיט אידישער עטנאָלאָגיע. איך אַליין האָב, אין די ערשטע יאָרן נאָך יענעם צוזאַמענפאָר, געפּראַוווט אַריינפּאַקן ביידע לימודים אין איין פּראָגראַם. וואָס פאַר אַן עצה די חברים־לערער פון קאַנאַדע גיבן זיך מיט דעם לימוד, אָדער לימודים, צי איז עס ביי זיי אַן איין־יאָריקער ענין, אָדער מער, ווייס איך נישט. נאָר איך אַליין האָב אין די לעצטע יאָרן, לערנענדיק דעם געגנשטאַנד אין אונזער ניו־יאָרקער צענטראַלער מיטלשול, דעם ענין איבערגעלאָזט אויף אַ שעת הכושר און פּאַקטיש זיך באַגרענעצט נאָר אויף אידישער עטנאָלאָגיע. און איך לערן זי אומגעפער אָט אַזוי:

שמועס 1

### די אוראַלטע היים און רעליגיע פון די אוראַלטע סעמיטישע פעלקער

מיר אידן זיינען אַ סעמיטיש פאָלק, קרובים פון די אַמאָליקע סעמיטישע פעלקער ווי אַשור, בבל, עמון, מואָב און, לויט די מייסטע געלערנטע, אויך פון די צידונים (די פעניקיער). היינט, זיינען דאָ, אויסער אונז, אויך די

סעמיטישע אַראַבער און דאָס רעשטל, ווערליק מען מיינט, פון די בבליים, אין מעסאָפּאָטאַמיע (היינט איראַק) וואָס ריידן אַראַמייאיש. (אין מצרים איז אויך פאַראַן אַ גרופּע איינוואוינער, וואָס מען רופט קאָפּטן און זייער שפּראַך איז קאָפּטיש, אין וועלכער מען געפינט ענלעכקייטן צו העברעאיש). די קרובהשאַפט צווישן אונז און די אַראַבער איז באַזירט, צווישן אַנדערס, אויך אויף געמיינשאַפטלעכע טראַדיציעס און אויף שפּראַכלעכע ענלעכקייטן, פון וועלכע דער געוויינטלעכער ביישפּיל איז דאָס העברעאישע „גמל" (אַ קעמל) וואָס קלינגט אַזוי ענלעך צום אַנטשפּרעכנדיקן אַראַבישן וואָרט און „פּת" (ברויט) וואָס איז אַזוי ענלעך צום טאָג־טעגלעכן אַראַבישן „פּיטאַ" (אַ ברויט־פּלעצל). אַלס לינגוויסטיש־אַנטראָפּאָלאָגישן פּאַראַלעל וועט דאָ נישט שאַטן צו ברענגען מאַקס מילערס צעטל פון שפּראַכן קרובהשאַפט ביי די אינדאָ־איראַנישע פעלקער: א ג נ י — ביי די אוראַלטע אינדוסן, דער גאָט פון פייער, פון בליץ, פון דער זון; אינגל (ingle) פייער אויף לאַטיין; אָגאָן פייער אויף רוסיש; איגניס (ignis) קאָמין, אויף שאָטלענדיש.

די רעליגיעס פון די אוראַלטע אָדער פּרימיטיווע פעלקער זיינען געווען נאַטור־רעליגיעס, ד. ה. זיי האָבן פאַרגעטערט די כוחות אָדער דערשיינונגען פון דער נאַטור, ווי די זון, די לבנה, די שטערן, דעם ווינט, דעם ים, די קוואַלן א. אַ. וו. און וואָס איז געווען די רעליגיע פון די אוראַלטע אָדער פּרימיטיווע סעמיטן? זייער רעליגיע האָט געשטאַמט (איך באַנוץ זיך דאָ מיט פּראָפעסאָר באַרטאָנס *A Sketch of Semitic Religions*,) פון זייער אור־אַלטער היים — אַראַביע, וואָס באַשטייט צום גרויסן טייל פון מדבריות, און ווען מען גרויסע, דערקוויקנדיקע, לעבן־ברענגנדיקע אָפּוועקסלונג איז דער אָאַזיס, דער אָאַזיס וואָס פאַרמאָגט וואַסער, וואָס גיט אַ טרונק דעם וואַנדערנדיקן נאָמאַד און טרינקט אָן זיינע טשערעדעס שאָף און באַפרוכפּערט זיי און טרינקט אויך אָן און באַפרוכפּערט דעם פּאַלמע־בוים, ער זאָל אַרויסגעבן זיינע טייטלען, וועלכע שפּייזן דעם נאָמאַד אַליין. הייסט עס די נאַטור־קראַפט וואָס דער אוראַלטער נאָמאַדישער סעמיט קען און פאַרערט און הייליקט אַמייסטן איז די פ ר ו כ ט ב אַ ר ק י י ט.

דערפאַר זעען מיר, אַז די פרוכטבאַרקייט איז דער וויכטיקסטער עלעמענט אין דער אור־סעמיטישער רעליגיע. די געטער פון די פּרימיטיווע סעמיטן זיינען געווען די תנ"כישע עשתורת (אַסטאַרטע אין אַרישע שפּראַכן) און איר באַגלייטער דער בעל. זי, ווערנדיק פאַרגעשטעלט אַלס קו אָדער פרוי, ער —

אַלס יונגער בוהאַי. מיר געפינען פון זייביידן אָפענע אָדער עטוואָס פאַר־שטעלטע דערמאָנונגען אין תנ״ך: עס זאָגט אָן קעגן זיי די תורה, די נביאים שטראָפן מיט זיי די אידן אין יעדער זייערער געצנדינערישער דעגענעראַציע, ד. ה. צוריקפאַל און געצנדינעריי; דערהויפּט פירט קעגן זיי אַ פייערדיק־שטורעמדיקן קאַמף אליהו הנביא אין דער צייט פון קעניג אחאב און זיין ווייב איזבל, וואָס, האָבנדיק געווען די טאָכטער פון אַ צידונישן פריסטער, האָט זי דעם בעל־דינסט אַריינגעבראַכט און פאַרשפּרייט אין לאַנד שומרון.

שמועס 2

## די פאַרהעלטניש־מאָסיקע ריינקייט פון דעם אידישן פאָלק

זיינען מיר אידן אַ סעמיטיש פאָלק, יורשים פון די אוראַלטע סעמיטן פון די פאַרגעשיכטלעכע צייטן. און ס'איז נישט קיין קליינער וואונדער, וואָס אַחוץ די אַראַבער, זיינען מיר אידן דאָס איינציק פאַרבליבענע פאָלק פון יענע אַלטע צייטן, ד. ה. אונזער לעבן, אונזער בלוט־שטראָם ציט זיך זייט אַ סך טויזנטער יאָרן. צי זיינען מיר אָבער אַ ריין, גאַנץ פאָלק, אָן אַ פרעמד־בלוטיקן צומיש? דער ענטפער איז, אַז אַזוי ווי ס'זיינען היינט נישטאָ קיין אַבסאָלוטע ריינע פעלקער אויף דער וועלט, אַזוי קען מען אויך נישט זיין זיכער אין דער אַבסאָלוטער ריינקייט פון דעם אידישן פאָלק, אָבער, פון דער אַנדערער זייט, אין פאַרגלייך מיט אַנדערע פעלקער, זיינען מיר גאַנץ ריין. דאָס מערקווירדיקסטע איז, וואָס די ספקות מכוח דער אידישער ריינקייט שטאַמען גראָד פון די ערשטע יאָרהונדערטער פון דער אידישער געשיכטע און — דווקא נישט פון די שפּעטערדיקע צייטן.

אויפן שוועל פון דער אידישער היסטאָריע הויבט זיך אָן קריסטאַליזירן דאָס אידישע פאָלק. איז וואָס זיינען די שיכטן? לויט דער טראַדיציע האָט דאָס אידישע פאָלק זיך אויסגעבילדעט פון די צוועלף שבטים, וואָס זיינען די קינדער פון די אָבות אברהם, יצחק און יעקב. זיינען אָבער פאַראַן געלערנטע וואָס האָבן ספקות מכוח דער אידישקייט פון אייניקע שבטים. זיי גלויבן, די דאָזיקע געלערנטע, אַז אין תנ״ך גופא געפינט מען אָנצוהערענישן, אַז דער שבט אפרים און דער שבט יהודה און אַפילו דער כלי־קודשדיקער שבט לוי זיינען געווען פרעמדע, צוגעגאָסענע שבטים.

נאָך אַט דער סברא קומט אָבער עפּעס וואָס קלינגט מיט מער ממשות,

מיט מער פּאַקטישקייט. נאָך יציאת מצרים, און נאָך די וואַנדערונגען אין דער מדבר, האָבן, הייסט עס, די אידן זיך באַזעצט אין ארץ־ישראל אָדער אין לאַנד כנען, ווי עס האָט דעמאָלט געהייסן, דאָך דעראָבערן זיי דאָס לאַנד זייער לאַנגזאַם און מיט בלוטיקע מלחמות, וואו אַמאָל זיינען זיי די זיגער און אָפּט־מאָל זיינען די פריערדיקע איינוואוינער מנצח. דער דאָזיקער שווער־אָנגעשטרענגטער פּראָצעס, וואָס איז באַוואוסט מיטן נאָמען כיבוש הארץ און וואָס ווערט זייער בילדלעך באַשריבן אין די נביאים ראשונים יהושע, שופטים און שמואל א׳, האָט געדויערט וואָסערע דריי הונדערט יאָר, ביז די צייטן פון דוד און שלמה המלך. איז וואָס איז, בנוגע בלוט־ריינקייט, אין די דאָזיקע דריי הונדערט יאָר פון מלחמות און נצחונות פון דער קליינער צאָל אידן קעגן דער גרויסער צאָל ניט־אידן, פון מלחמות אין וועלכע די פאַרשקלאַפונג פון מענער און די געפאַנגענשאַפט פון פרויען פלעגן זיין אַזעלכע געוויינטלעכע זאַכן? עס קוקט אויס, אַז די תקופה פון כיבוש הארץ איז אויך געווען אַ תקופה פון גרויסער בלוט־פאַרמישונג צווישן די אידן.

צום גליק איז דאָס, ווי שוין געזאָגט, נאָר אָנגעגאַנגען אַ דריי הונדערט יאָר. אין דוד און שלמהס צייטן שטעלט זיך דער פּראָצעס אָפּ. אין נאָך עטלעכע הונדערט יאָר אַרום קומען די גלותן פון שומרון און יהודה דורך אַשור און בבל. און פון די דאָזיקע גלותן האָבן מיר בילדער אין שטיין, עס הייסט גראַווירן אָדער סקולפּטורן, פון די באַטרעפנדיקע אידן (די בילדער געפינט מען אין דר. אַרטור רופּינס „אידישע סאָציאָלאָגיע") און פאַרגלייכנדיק זיי מיט די אידן פון אונזערע צייטן, זעען מיר אין זייערע און אונזערע פּנים־שטריכן געוואַלטיקע ענלעכקייטן. דר. רופּין ברענגט אויך בילדער פון די היינטיקע שומרונים (די אוראַלטע אידישע סעקטע, פון וועלכער אַ פיצעלאַנטיק קייטל האַלט זיך נאָך אויף ביזן היינטיקן טאָג אין דער שטאָט שכם, אין ארץ־ישראל). און אויך זיי, די שומרונים, וואָס וועגן זייער אידישקייט איז דאָ אַ שטאַרקע מיינונגס־פאַרשידנקייט צווישן אונזער היסטאָריע און זייערער, דער שומרונישער, אָבער בנוגע זייער עכטקייט, ד. ה. ריינקייט פון נאָך זייער אָפּשפּאַלטונג, אין די צייטן פון עזרא הסופר, פון 50 ביז 70 יאָר נאָכן גלות בבל, איז נישטאָ קיין צווייפל אַז אויך זיי, די שומרונים, זיינען ווי צוויי טראָפּן וואַסער ענלעך צו אונז, אידן פון אונזערע צייטן. נישט אומזיסט זאָגן די היסטאָריקער, אַפילו די ניט־אידישע, אַז די אידישע פיזיאָגנאָמיע האָט זיך נישט געביטן.

דאָס איז בנוגע די אַנטיקע צייטן. וואָס איז מכוח דעם מיטלאַלטער און דער נייער צייט און נאָך נייערער צייט? איז דער ענטפער, אַז אין מיטלאַלטער און די נייערע צייטן, איז פּונקט ווי עס זיינען געווען מוראדיקע הריגות אויף אידן און קלענערע אויסשמדונגען, זיינען אויך געווען גרים־באַוועגונגען, און דורך די ערשטע איז אידיש בלוט מוראדיק אָפּגעצאַפּט געוואָרן (אָבער נישט אָנגערירט געוואָרן בנוגע עכטקייט) און דורך די לעצטע איז אידיש בלוט באַרייכערט געוואָרן דורך פרעמדע שטראָמען. אָבער אפילו נישט אַ בלעטער־טוענדיק די געשיכטע־ביכער קענען מיר מיט דער גרעסטער זיכערקייט זאָגן, אַז בשעת די הריגות און אויסשמדונגען, וואָס זיינען געווען אי אָפּט אי גרויס, זיינען די גרים־באַוועגונגען געווען אי זעלטן, אי קליין.

איין גרים־באַוועגונג אינעם שטח־לאַנד פון היינטיקן רוסלאַנד, איז געווען זייער אַ טשיקאַווע — ווייל זי האָט געדינט און דינט אַלס פּרובירשטיין פאַר אידן נאַציאָנאַליסטן און אידן אַסימילאַטאָרן. [די געשיכטע מיט יענער באַ־וועגונג האָט אויך געדינט אַלס אויסגאַנג־פּונקט פאַר ר׳ יהודה הלוין אָנצו־שרייבן זיין גרויסן פילאָזאָפישן ספר „דער כוזרי״].

דאָס איז געווען אַן ערך אין אַכטן יאָרהונדערט. אויף דער טעריטאָריע צווישן דעם קאַספּישן ים און דעם שוואַרצן ים, ערגעץ דאָרט וואו עס שפּרייט זיך אויס די פּראָווינץ קרים, האָט געלעבט אַ שטאַרק קריגעריש טאָטעריש פאָלק מיטן נאָמען כאַזאַרן (ביי אידן כוזרים). אַרום דעם אַכטן יאָרהונדערט שווימען זיי אַרויס, נאָך אַ ריי גרויסע נצחונות, אויף דער געשיכטלעכער אויבערפלאַך. איז טאַקע אין יענער צייט — אַזוי גייט די געשיכטע — האָט דער כאַזאַרישער קעניג בולאַן מיט זיינע האַרן גענומען זוכן אַ נייע אמונה פאַר זייער פאָלק און לאַנד, אָנשטאָט זייער אייגענעם געצנדינסט. האָבן זיי איינגעשטעלט אַ וויכוח צווישן די צוויי הערשנדיקע רעליגיעס אין יענער צייט, די מוסולמאַנישע און די קריסטלעכע. אָבער דערגייענדיק פון די פאַר־שטייער פון ביידע רעליגיעס, אַז סיי די, סיי יענע שעפּן זייער תורה און זייער גלויבן פון דער אידישער אמונה, האָט בולאַן באַשלאָסן אָנצונעמען דעם אידישן גלויבן פאַר זיך און זיינע האַרן און זיין גאַנץ לאַנד. און אַזוי האָט ער טאַקע געטאָן.

אָט אין דער דאָזיקער געשיכטע האָבן זיך אַסימילאַטאָרן אָנגעכאַפּט און אַרויס מיט דער באַהויפּטונג, אַז מיר רוסישע אידן, גראָד מיר, זיינען קיין עכטע אידן נישט, נאָר יורשים פון די טאָטערישע כאַזאַרן — גלייך ווי

מיר, רוסישע אידן, וואָלטן גאָר אַנדערש געווען, קערפּערלעך אָדער היסטאָ־ריש־גייסטיק, פון אַנדערע אידן, די גערמאַניש־פראַנצויזישע, למשל. פינף־און־פערציק יאָר האָט אַ ניו־יאָרקער מעדיצינער, דר. מאָריס פישבערג, אַן אַנטי־נאַציאָנאַליסט, וואָס האָט אויך געשריבן וועגן אַנטראָפּאָלאָגיע, אין זיינעם אַ בוך אויף ענגליש, די דאָזיקע געשיכטע פאַנאַנדערגעבלאָזן אין אַ גאַנצער סענסאַציע. אין עטלעכע יאָר אַרום איז דער נאַציאָנאַליסטישער עסטרייכישער געלערנטער, דר. איגנאַץ צאָלשאַן, אַרויס מיט אַ גרויס ווערק „דאָס ראַסן־פּראָבלעם" און געשיכטלעך שטעלט ער פעסט: אַז דאָס מגייר זיין זיך פון די כוזרים איז געווען באַגרענעצט נאָר אויפן קעניגלעכן הויף און דעם אין אים איינגעשלאָסענעם פּריצימטום. (ממילא איז אויך געווען באַגרענעצט זיין אויסמישונג מיט די אידן, אויב ס'איז גאָר געווען אַן אויסמישונג און מיט אידן דערצו, וואָרים ס'איז גאָר נישט אויסגעשלאָסן, אַז בולאַנס אידן זיינען גאָר געווען קאַראַאימער). אַפילו די דאָזיקע זייער קליינע באַוועגונג האָט אויך לאַנג נישט געקענט דויערן, וואָרים אין גיכן זיינען אָנגעשטאַנען שלעכטע צייטן אויף די כוזרים און אין אַ פּאָר, העכסטנס עטלעכע הונדערט יאָר אַרום, ווערן זיי אינגאַנצן צעשלאָגן און פאַרשלונגען פון די רוסן.

דערפאַר ברענגט דער זעלבער דר. צאָלשאַן אַ גלענצנדיקן אָריגינעלן באַווייז פון דער עכטקייט פון אונזערע ניי־צייטיקע אידן. דער דאָזיקער באַווייז זיינען אונזערע כוהנים (און מיר קענען צוגעבן לויים). אונזערע כוהנים (און לויים) וואָס זיינען גאָר אַ ריזיקער פּראָצענט פון אַלע אַנדערע אידן און וועלכע האָבן נאָך ביי אונז הייליק־רעליגיעזע פונקציעס ביז צום היינטיקן טאָג (למשל, פּדיון הבן און „דוכנען" אין די גרויסע ימים־טובים אין שול), זיי בילדן ביים אידישן פאָלק אַן, אויף דער טראַדיציע באַפעס־טיקטע, אינסטיטוציע, אַ טראַדיציע וואָס איז הייליק, רעליגיעז, מיט וועלכער מען טאָר זיך בשום אופן נישט שפּילן — אַ טראַדיציע, אַז זיי, די כוהנים, ציען זייער יחוס פון די אוראַלטע תנ"כישע כוהנים. ס'איז נישטאָ קיין שום גרונט צו מיינען, אַז די הונדערטער טויזנטער כוהנים און לויים זיינען עס נישט עכט. היינט, קענען מיר צוגעבן, אויב זיי זיינען עכט, טאָ פאַרוואָס אויך נישט מיר, די אַנדערע אידן, די ישראלים, ווי מען רופט אונז, וועלכע אונטערשיידן זיך מיט קיין שום זאַך נישט, נישט קערפּערלעך און נישט גייסטיק, פון די כוהנים און לויים?

שמועס 3

## דער מאָנאָטעאיזם און די תורה

אין די אוראַלטע, ד. ה. די פאַר־געשיכטלעכע צייטן, זיינען די אידן, אַזוי ווי אַלע פּרימיטיווע סעמיטן, געווען געצנדינער. עס פעלן נישט וועגן דעם קיין אָפענע דערקלערונגען און האַלב־פאַרשטעלטע אָנצוהערענישן אין תורה, נביאים וכתובים. דער תלמוד פאָלגט אין דעם נאָך. אַפילו די אַ סך אינגערע און ווייניקער פשוטע פסחדיקע הגדה שעמט זיך נישט צו זאָגן: מתחילה עובדי עבודה זרה היו אבותינו — צוערשט זיינען אונזערע אָבות געצנדינער געווען.

ווי אַזוי זיינען אונזערע אָבות אַריבער פון דער געצנדינעריי צום מאָנאָטעאיזם, פון גלויבן אין פיל געטער צום גלויבן אין אַן איין־איינציקן גאָט, פון גלויבן אין דער קראַפט פון שאַפערישקייט פון די באַזונדערע נאַטור־כוחות אָדער דערשיינונגען אינעם גלויבן אין אַן איבערנאַטירלעכער, איבער־וועלטלעכער אַלשאַפערישער קראַפט? דער טראַדיציע איז דאָס אַלץ קלאָר. איר ענטפער איז: אַנטפּלעקונג. גאָט האָט זיך אַנטפּלעקט צו די אָבות, די ערשטע לערער און פירער און צום פאָלק גופא, זעלטן אוממיטלבאַר, מייסטנס דורך די נביאים. די פאַרשונג אָבער זעט אין דעם אַ לאַנגזאַמען פּראָצעס פון פאַרשן און דערגיין, פון צוקוקן זיך און זיך אָנשטויסן. די לאַנגזאַמקייט פון פּראָצעס, דאָס לאַנגזאַמע פּראָגרעסירן זעט זיך אויך אין תנ"ך און אין תלמוד. אַפילו די איין־איינציקייט פון גאָט איז נישט גאָר קיין אַבסאָלוטע ווערדיק די עלטסטע שפּראַכלעכע סימנים. אַ סך ווייניקער אָבער שטייט עס מיט גאָטס אומקערפּערלעכקייט. און ערשט דער רמב"ם, וואָס האָט געלעבט און געווירקט אין 12־טן יאָרהונדערט, מאַכט עס קלאָר, נאָכן אַוועקלייגן אַ סך פילאָזאָפישע כוחות, אַז אין דער גאָטהייט איז נישטאָ קיין סימן פון קערפּערלעכקייט.

דער מאָנאָטעאיזם וואָרט אָפּ דעם אידישן פאָלק ביים שוועל פון דער אידישער געשיכטע. ביים שוועל פון דער געשיכטע טרעט אויף די אַלוועלט־לעכע גאָטהייט, נאָכגעפאָלגט פון איר הערלעכער סוויטע. גאָט איז דער באַשעפער, ער איז אויך דער מנהיג, דער שטרענגער פירער, דער דערבאַ־רעמדיקער אַכטונג־געבער פון דער וועלט. גאָטס פירונג איז יושרדיק, עטיש. ער איז קודם כל דער גאָט פון לעבן און פון דער פרייד פון לעבן. אַזוי איז ער פאַר דער מענטשהייט בכלל און פאַר זיין פאָלק ישראל, אין זיין לאַנד ארץ־ישראל, בפרט.

דאָס אַלץ איז פאַרקערפּערט אין געשטאַלטן, די פיגורן פון דער תורה, איז איינגעוויקלט און וויקלט זיך אַרויס פון אירע געשיכטן. מאָלן מיר דאָ אויס אַזעלכע געשטאַלטן ווי אָדם און חוה, קין און הבל, נח און אברהם און יצחק און יעקב און שרה, רבקה, רחל און לאה און משה און אהרן און מרים און מיר דערציילן פונעם וועלט־באַשאַף און פון דער ערשטער אומגעהאָרכ־זאַמקייט און איר שטראָף, און פון ערשטן מאָרד — ברודער־מאָרד, און פון מבול און פון יוסף מיט זיינע ברידער און פון יהודה און תמר (אַריינשלאָגנדיק אַ לייכטן פלעקל אויף דער מעשה פון בועז און רות און דער מצוה פון יבום אין מסכתא יבמות) און יציאת מצרים און דאָס וואַנדערן אין דער מדבר און די מרגלים און משה ואהרן. אומגעדולדיקייט און אומגעהאָרכזאַמקייט ביי די מי מריבה און די טראַגישע שטראָף דערפאַר. מיט איין וואָרט, מיר דערציילן דאָ די ריין־רעליגיעזע, די עטישע און די אידיש־נאַציאָנאַלע (דאָס מיינט אויך ארץ־ישראלדיקע) געשיכטן.

לסוף וויזן מיר אָן אויף די שבע מצוות בני נח, ווי זיי ווערן באַצייכנט פון די חכמי התלמוד, וואָס וויקלען זיך אַרויס פון די פיגורן און געשיכטן פון וועלט־באַשאַף ביז נאָך אברהמען, די מצוות — געבאָטן פון גערעכטיקייט און משפט, פון נישט דינען צו עבודה זרה, פון ליבן און ערן גאָט דעם באַשעפער, פון נישט טרייבן קיין געשלעכטס־אומצוכט, פון נישט פאַרגיסן קיין בלוט, פון נישט גזלענען, פון נישט אָפּשניידן קיין אבר און עסן פון אַ לעבעדיקער זאַך.

מיר פאַרענדיקן דעם שמועס מיט די עשרת הדברות, די צען געבאָט, וואָס זיינען קענטיק נישט נאָר די עלטסטע אידישע געבאָטן, נאָר אויך דער גרונט־יסוד פון דער גאַנצער אידישער אמונה, מאָראַל און נאַציאָנאַלער ברידערלעכקייט, און פאַרגלייכנדיק זיי מיט די שבע מצוות בני נח, ברענגען מיר אַרויס זייער פולע גרויס, קלאָרקייט און קראַפט.

שמועס 4

## די מצוות פון דער תורה

עס ווערן דאָ אַרומגערעדט, לויט זייערע קאַטעגאָריעס, די מצוות פון דער תורה. צוערשט זיינען דאָ די מצוות פון טומאה און טהרה, וואָס מיר, כאָטש מיר שטויסן זיך אָן, אַז אין דער צייט פון זייער פּראָקלאַמירונג האָבן זיי

געהאַט אַ זין, מיר אָבער פאַרשטייען זיי נישט. צווישן זיי קומט אָבער אַ קליינע צאָל מצוות פון סתם ריינלעכקייט און זייער זין פאַרשטייען מיר אויסגעצייכנט. ענלעך איז אַ לאַנגע רייע מצוות פון כשר וטריפה. מיר קענען נאָך פאַרשטיין דעם זין פון פאַרבאָט פון נבלה וטריפה, פאַרוואָס אָבער געוויסע חיות, עופות און פיש, מיט אַזוינע און אַזוינע סימנים, מעגן מיר יאָ עסן און אַזוינע און אַזוינע — נישט. דאָס איז אונז אַ סך וויניקער פאַרשטענדלעך. אַהערצו געהערן אויך די אָנזאָגן קעגן שעטנז (דאָס מישן אין קליידער און זייער געניי, פון וואָל און פלאַקס) און כלאים — דאָס צונויפנעמען באַזונדערע מינים אין אַרבעט, אין זייען און פלאַנצן און אין ביאָלאָגישן געמיש. פיל פון זיי ווערן טאַקע אין דער תורה גופא באַצייכנט אַלס ח ו ק ו ת, ד. ה. שאַרפע, אָפּגעשטעלטע געבאָטן אָדער פאַרבאָטן. האָבן זיך אין שפּעטערדיקע צייטן אידישע חכמים, צווישן זיי אויך אַזאַ גרויסער דענקער־טעאָלאָג ווי דער רמב״ם, געפּרואווט די אַלע געבאָטן דער־קלערן על פי שכל (ט ע מ י ה מ צ ו ו ת הייסט די דאָזיקע ליטעראַטור). מען קען אָבער נישט זאָגן, אַז זייער פּרואוו איז זיי שטאַרק געראָטן. (עס זיינען אויך פאַראַן אַנטראָפּאָלאָגיש־געשטימטע מענטשן, וואָס גריבלענדיק זיך אין פּרימיטיווער קולטור־געשיכטע, פּרוואָון זיי אַזעלכע געבאָטן אָדער פאַרבאָטן צו דערקלערן מיט אוראַלטע שבטים־הייליקייטן). ס׳איז פאַראַן אַ קלענערע צאָל געזעצן, וואָס מיר קענען באַצייכענען מיט דער פראַזע „צער בעלי חיים״ — אַ רחמנות אויף אַ לעבעדיקער זאַך. אַהערצו געהערט די מצוה פון שלוח הקן — אַוועקשיקן דעם נעסט — דאָס הייסט, ווען איינער געפינט אַ נעסט מיט פייגלען, טאָר ער נישט פאַרנעמען סיי די מוטער, סיי די קינדער, נאָר די מוטער זאָל ער פריילאָזן. אַהערצו געהערט אויך דער אָנזאָג פון „לא תחסם שור בדישו״ — זאָלסט נישט פאַרשליסן דאָס מויל פון אָקס ווען ער דרעשט דיין תבואה (ער זאָל אין מיטן נישט געבן אַ כאַפּ).

פאַראַן אַ קליינע גרופּע אָנזאָגן, וואָס מיט איר חשיבות שטייט זי אפשר אין צענטער. דאָס זיינען די אָנזאָגן מורא צו האָבן פאַר גאָט און ליבן אים, נישט שעלטן אים, נישט שענדן זיין נאָמען, נישט אויסשפּרעכן זיין נאָמען אומזיסט א. אַ. וו. לאַנג איז די רייע נאַציאָנאַלע געזעצן, ווי געדענקען די שקלאַפעריי אין מצרים, נישט שענקען די שונאים פון פאָלק (ווי עמלק), היטן די ימים־טובים, ליב האָבן ארץ־ישראל, און נאָך.

גרויס אין צאָל זיינען אויך די ציווילע געזעצן, ווי קעגן גנבה, און גזלה, און שלאָגן, און זאָגן פאַלש עדות, און פאַרדרייען דאָס געזעץ.

נישט קליין איז אויך די קאַטעגאָריע פון איידל־מענטשלעכע געזעצן וועגן עלטערן און קינדער, מענער און פרויען, וועגן אָפּגעבן כבוד אַלטע לייט, וועגן העלפן אַפילו אַ שונא, קעגן נקמה נעמען, קעגן שנאה היטן.

דאָך די קרוין פון די געזעצן פון דער תורה זיינען די סאָציאַלע, ווייל זיי רירן אָן די ליידן פון די שוואַכע, די עלנדע און די געשטראָפטע; ווייל זיי אָטעמען מיט די העכסטע אידעאַלן פון גערעכטיקייט, יושר און גלייכהייט.

אַהערצו געהערט דער שבת, אַלס רו־טאָג פאַר דער גאַנצער משפחה, פאַר דעם שקלאַף און שקלאַפין, אַפילו פאַרן פרעמדן וואָס באַזעצט זיך אויפן אידישן באָדן — דער שבת וואָס ווערט אַפילו נאַציאָנאַל פאַרהייליקט, ווערנדיק אָנגעהאַנגען אין יציאת מצרים און ווערט נאָך דערצו מיסטיש־געטלעך דער־הויבן אַלס די ערשטע וועלט־רו פון גאָט דעם באַשעפער. גרויס איז אויך פון שטאַנדפונקט פון איידעלן רחמנות און הייליקונג פון מענטשלעכן לעבן, די מצוה פון די ערי מקלט, אַלס שוץ־ און־ רעטונג־אָרט אַפילו פאַרן הורג נפש, וויבאַלד נאָר ער האָט געטויט דעם מענטשן אָן כוונה. נישט ווייניקער איידל־רחמנותדיק זיינען די אָנזאָגן וועגן נוהג זיין זיך מיט איינזען און רחמנות מיט דער אלמנה און דעם יתום, און ריין־סאָציאַל איז דער אָנזאָג נישט צו נעמען פּראָצענט, וואָכער, און נישט לאָזן איבערנעכטיקן דעם אַרבעטער אָן דעם געצאָלט וואָס קומט אים, און נישט פאַרהאַלטן איבערנאַכט דעם אָרעמאַנס משכון, טאָמער בויטיקט ער זיך אין אים.

באַזונדערס הערלעך, מיט אַן אָנדייט אויף גלייכהייט, אויף ווערן אויס־גלייכן די פאַרקרומטע וועלט, מיט אַ הויך פון ליבשאַפט, וואָס ווערט אַזוי ווי אַרויסגעזויגן פון דער ארץ־ישראלדיקער ערד, זיינען די מצוות פון לקט, וואָס דער אָרעמאַן מעג נאָכגיין הינטערן שניטער און אויפקלייבן וואָס ער לאָזט איבער, און שכחה, דאָס וואָס ער פאַרגעסט, און פאה, דער חוב פון שניטער איבערצולאָזן אויפן ברעג פעלד אַ גאַנצן ראַנד תבואה נישט גע־טשעפּעט, אַלץ פאַר דער אלמנה, דעם יתום און דעם אָרעמאַן, זיי, וואָס קיין אייגן פעלד האָבן זיי נישט, און קומען און נעמען זייער חלק.

נאָך העכער און מיט אַ פיל שאַרפערער אָנדייטונג אויף גלייכקייט און אויסגלייכונג, איז דאָס זיבעטע שמיטה־יאָר, וואו דער בעל־הבית פון פעלד און גאָרטן איז זיי מפקיר, באַזייטיקנדיק זיך אַליין אין גאַנצן און איבער־

לאַזנדיק זיי פּאַר די ליידנדיקע און פּאַרטיילטע — און נישט נאָר צוליבן מענטשן, נאָר אַפילו אויך צוליב די חיות פון פעלד.

וואָס זאָל שוין געזאָגט ווערן וועגן דעם ליכטיקסטן דימענט פון דער קרוין, דעם יובל, וואָס הויבט זיך אויף צו אַ מיסטיש־משיחדיקער אַחרית־הימימדיקער הויך, אַלס יום־טוב פון פרייהייט און גלייכקייט, וואָס ווערט פּראָקלאַמירט אויף אַ יאָר אַ גאַנץ, אינעם טראַגיש־הייליקן טאָג יום־כיפור, אַ יום־טוב פון אמתן ביוועלירן, ווען חובות ווערן אָפּגעמעקט און שטרות ווערן צעריסן און שקלאַפן ווערן באַפרייט און פּאַר נויט פּאַרקויפטע נחלאות קערן זיך אום צו די אָרעמע בעלי־בתים — און איבער אַלץ און אַלעמען שאַלט און געוועלטיקט פרייהייט און גלייכקייט.

שמועס 5

## מעשיות און פיגורן פון נביאים ראשונים

דבורה הנביאה. — גדעון: גדעון און דער „מלאך אדוני". — גדעון צעשטערט דעם מזבח פון בעל. — גדעון ביי עין חרוד און דאָס וואַסער־טרינקען פון זיין אַרמיי (מאַכן אַן אָפּווייכונג צום עין חרוד פון היינט און צום אופן ווי אַזוי די קבוצה־קינדער טרינקען פון דאָזיקן טייכל, אין זייערן אַ טאָל, אין אָנדענק פון גדעון און זיינע מענטשן, וואָס לעבן אַלס העלדן אין עמק יזרעאל פון היינט־צו־טאָג). — גדעון און זיינע זיגרייכע מלחמות. — פלגש בגבעה און איר נאַציאָנאַלער פּאַטאָס. — די קאַטאַסטראָפע פון אָוועק־גענומענעם אָרון, אין שמואל א׳. — דער טויט פון עלי הכוהן און זיין שנור. — די טראַגעדיע פון „אי כבוד" (אויס ערע). — שמואל און זיין קעגנער־שאַפט צו אַ מלך (פּאַרלייענען דעם באַטרעפנדיקן קאַפּיטל ח׳ פון שמואל א׳). — שמואל און שאול. — דוד. — שלמה. — ערשטע אוניווערסאַליסטן און צוהערעניש אין שלמהס תפילה ביי דער באַנייאונג פון בית המקדש. — אליהו הנביא און זיין שטורעם־קאַמף קעגן איזבלס צידונישן בעל.

שמועס 6־7

## די נביאים

די צוויי ישעיהוס, ערשטער — מייסטע קאַפּיטלעך ביז מ׳, צווייטער — מייסטע קאַפּיטלעך פון מ׳ ביזן סוף (דער לערער קען אין זיין שמועס אָדער

שמועסן פון נביאים און כתובים זיך באַנוצן מיט דר. שמעון בערנפעלדס „מבוא לכתבי הקדש״) ברענגען באַווייזן וועגן דער צוויאיקייט פון ישעיהו פון די באַזונדערע סטילן און אינהאַלטן, צווישן אַנדערע אויך פון פסוק „יוצר אור ובורא חושך״, וואָס איז גאַנץ אויסן פּלאַץ אין בן־ אמוץ׳ס ספר, בשעת אין אַ ספר, באַשאַפן אין בבל, אונטער דער הערשאַפט פון די פּערסער, מיט זייערע צוויי באַזונדערע געטער־באַשעפער הורמוז און אַהרימון, דער ערשטער פון ליכט, דער צווייטער פון פינצטערניש, איז דער דערמאָנטער פסוק גאַנץ אין פּלאַץ. — שטאַרק באַטאָנען די סאָציאַלע זייט פון בײדע ספרים, איבער־הויפּט פון ערשטן, מיט זיין העכסטן קלימאַקס פון „והיה באחרית הימים״ (אין די פאַרשידנסטע וואַריאַציעס). — אָנווייזן אויף דער סאַטיריש־פילאָ־זאָפישער זייט פון צווייטן ספר. — ירמיהו און זיין נאַציאָנאַלער פּאַטאָס. — זיין מאָנען גערעכטיקייט: „אָבות אָכלו בסר ושני בנים תקהינה״. — הושע און דאָס סאָציאַלע אין אים. — עמוס און מיכה און דאָס סאָציאַלע אין זיי. — [דער לערער וועט, נאַטירלעך, אַליין וויסן אין די דאָזיקע טיילן פון די שמועסן זיך צו באַנוצן מיט חיים שויסעס בוך „נביאים, קאַפּיטלעך נביאים אַחרונים״]. — יחזקאל, זיינע נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע מאָטיוון. — זיין אָבות אָכלו בסר א. אַ. וו. שוין אָן אַ פרעג־צייכן. — דער ספר יונה מיט זיין מאָראַל פונעם כוח פון תשובה און פון אוניווערסאַליסטישן רחמנות אויף אַלע מענטשן — פאַרלייענען אין קלאַס.

שמועסן 8־9

## די כתובים, זייער פילאָזאָפיע און רעליגיעז־נאַציאָנאַלער פּאַטאָס

די לעבנס־חכמה פון ספר משלי. — דער פאַטאַליזם, עפּיקורייאיזם פון ספר קהלת און סאָציאַלע סאַטירישקייט (פּראָפעסאָר גרעצס מיינונג, אַז דער ספר שטאַמט פון דער צייט פון קעניג הורדוס). — דער ספר איוב, זיין כמעט דראַמאַטישע פאָרעם, מיט פּראָלאָג, עפּילאָג און דיאַלאָג. — דר. שמעון בערנ־פעלדס מיינונג וועגן צוויי באַזונדערע הויפּט־העלדן. — איובס געשריי פאַר גערעכטיקייט און זיין גוואַלטיקער פּראָטעסט קעגן דער אומגערעכטיקייט פון דער השגחה. — איובס דריי הויפּט־שאלות: פאַרוואָס איז דער מענטש אַזוי פאַרגענגלעך (ער איז פאַרגענגלעכער אַפילו פונעם בוים); די שאלה,

קעגן דער השגחה, פון צדיק ורע לו רשע וטוב לו; וואו איז די גערעכטיקייט פון באַשטראָפן דעם מענטשן פאַר זינד, וועלכע ער האָט אָן דער השגחה, וואָס האָט די דאָזיקע זינד אין פאָראויס באַשטימט אין זיין באַשאַפונג, נישט געקענט באַגיין? — די אויסגעדראַשנקייט פון די ענט־פערס פון איובס חברים. — גאָטס ענטפער פון שטורעם אַרויס: איוב האָט אַ נישט־ריכטיקן צוגאַנג צו דער וועלט־אָרדענונג, מיינענדיק אַז ער, דער מענטש, איז אַ מין צענטער אין וועלט־באַשאַף, בשעת אין אמתן איז ער גאָר אַן אומבאַדייטנדיקער צופאַל — ברייט באַטראַכט, איז פאַראַן וואונדערלעכע צוועקמעסיקייט און אוניווערזום־אָרדענונג און ממילא דאַרף אויך זיין גערעכ־טיקייט. — דער ספר תהלים, דעם אידנס אַלטאָגלעך־הייליקסטער בוך, דאָס בוך פון זיין לעבן און טויט. — די פאַרשידנאַרטיקסטע און פאַרשידנצייטיקסטע געזאַנגען. — פון בית־המקדשדיקן גאָטעס־דינסט און פון היסטאָריש־נאַציאָ־נאַלע געשעענישן. — געזאַנגען לירישע און עפּישע. — געזאַנגען פון שיבת ציון און פון חשמונאישע קאַטאַסטראָפעס און נצחונות. — פון דער הער־לעכקייט פון באַשעפער און זיין באַשאַף און פון פערזענלעכן לייד, אומקום און בטחון.

שמועסן 10־11־12

## תורה שבעל פה

דער לערער קען זיך באַנוצן מיט די ערשטע טיילן פון אייזיק הירש וויסעס „דור דור ודורשיו" (א. א. רובענטשיקס אידישע איבערזעצונג) און דר. טשערנאָוויצעס (רב צעירס) „תולדות ההלכה"; פאַרביישפּילן פון אגדה קען דער לערער זיך באַנוצן מיט ביאַליק און ראַווניצקיס ספר האגדה מיט די ווערק פון זאב וואָלף יעבץ [„שיחות מיני קדם" א. אַ. וו.] און מיט י. ענטינס „פון פאָלקס מויל".

רב צעירס דעפיניציע פון תורה שבעל פה. — איר אָפּשטאַמונג און אַנטוויקלונג. — די וואָרצלען פון תורה שבעל פה אין און אַרום תורה שבכתב (ביישפּילן: צוריקקערן זיך צו דער מעשה פון יהודה און תמרן, דאַן צו מגילת רות), פון וועלכע עס איז קלאָר אַז די אינסטיטוציע פון יבום האָט געלעבט נאָך אין די צייטן פון די אָבות און די מגילת רות נאָך פריער; די אינסטיטוציע פון „סענקטשוערי", דאָס אַנטלויפן נאָך רעטונג קעגן טויט־געזעץ אין אַ הייליק פלאַץ, ווי מיר זעען פון פסוק „וכי יזיד איש על רעהו

להרגו בערמה, מ ע ם מזבחי תקחנו למות" (משפטים י"ד) און פון די מעשיות וועגן אדוניהו בן חגית און יואָב בן צרויה אין מלכים ב', קאַפּיטלען א' און ב'; פון שקלאַפעריי און אַפילו פון פאַרקויפן אַ טאָכטער פאַר אַ שקלאַ־פין, רעדט זיך אין חומש ווי פון אַן אַלטער, שוין לאַנג עקזיסטירנדיקער אינסטיטוציע. דאָס זעלביקע, וועגן אָפּגטן אַ ווייב, רעדט זיך וועגן דעם גט ווי פון אַן אַלטער, שוין לאַנג עקזיסטירנדיקער אינסטיטוציע.

די הלכה למשה מסיני; דאָס ד ר ש ע נ ע ן די פסוקים און ווערטער פון דער תורה; די א ס מ כ ת א; די תקנות פון די תלמודישע פירער.

די משנה און די גמרא, תלמודישע מעטאָדאָלאָגיע, קל וחומר, גזרה שוה א. אַ., תלמוד בבלי און תלמוד ירושלמי, אילוסטראַציעס פון דער משנה, צום ביישפּיל די ערשטע משנה פון בבא קמא, אָנווייזנדיק איר אָנפאַנג. די פסוקים וועגן שאָדנס אין דער סדרה משפטים, אָדער די ערשטע משנה פון מסכתא חולין. און דאָ זאָל דער לערער זיך באַנוצן מיט ביישפּילן פון די משנה־סדרים וואָס זיינען לעצטנס איבערגעזעצט געוואָרן אויף אידיש.

## ה ל כ ה א ו ן א ג ד ה

קאַטעגאָריעס פון אגדה: תורהדיק־דרשנותדיק, עטישע, פילאָזאָפישע, היסטאָרישע, פאָלקלאָריסטישע און, ווי עס שיינט, ריין־ליטעראַרישע. (דער לערער קען זיך דאָ באַנוצן מיט ביאַליק־ראַווניצקיס הקדמה צום „ספר האגדה" און מיט רבי צבי הירש חיותעס „מבוא האגדות", אינעם עין יעקב, די גרויסע ווילנער אויסגאַבע פון 1912). ס'איז אויך נישט אויסן פּלאַץ אָפּשטעלן זיך אויפן ספר עין יעקב, דער ריזיקער זאַמלונג־אַרבעט פונעם שפּאַניש־פּאַרטריבענעם ר' יעקב בר שלמה בן חביב און אויפן סאַמע העכסטן אָרט, וואָס דער דאָזיקער ספר פאַרנעמט אין אידישן קהילה־לעבן, וואו דאָס „זאָגן עין יעקב", פון אַ יודע ספר פאַר מענטשן פון פאָלק, איז אַ שטענ־דיקער טאָג־טעגלעכער איינפיר, פון שטעטל צו שטעטל, און פון בית־מדרש צו בית־מדרש. — די מגידים און די אגדה.

שמועס 13

## א י ד י ש ע פ י ל אָ ז אָ פ י ע

אַריינפיר. דעפיניציע פון פילאָזאָפיע לויט פּראָפעסאָר בערטראַנד ראַ־סעלס בוך: *A History of Western Philosophy* אויף ערשטן און צווייטן

זייט פון דעם אַריינפיר (אַזוי ווי די קינדער זיינען מייסטנס פון עלטערע „האַי־סקול” יאָרן קען מען פאַר זיי די דעפיניציע לייענען אין אָריגינאַל). — אָפּטייטשן, אָבער אויף אַן עפּעס העכערן גראַד איידער דאָס ווערטער־בוך טייטשט אָפּ. — מעטאַפיזיקע, עטיק און טעאָלאָגיע. — די אידישע פילאָזאָפיע גיסט זיך אָפּט צונויף מיט די לעצטע צוויי. — עפּעס וועגן פּלאַטאָ (און נײַי־פּלאַטאָניקער) און אַריסטאָטעל. — ביידנס גרויסע השפעה אויף די אידישע פילאָזאָפן.

שמועס 14

## רבנו בחיי און זיין „חובות הלבבות” און ר׳ שלמה אבן־גבירול און זיין „מקור חיים”

די באַטרעפנדיקע קאַפּיטלעך אין דר. שמעון בערנפעלדס „דעת אלקים” און אין פּראָפעסאָר יוזיקס (Husik), A History of Mediaeval Jewish Philosophy — רבנו בחיי און זיינע פילאָזאָפישע געדאַנקען. — זיין אידישקייט וואָס איז קאָנצענטרירט אין פילן און אינעוויניקסטן איבערלעבן. — „לעבן מיטן האַרץ”. (עס ווערט נישט אָנגעוויזן אויב די גרינדער פון הייַנטיקן „מוסר” אין ליטווישע שטעטלעך האָבן זיך געשטיצט אויף רבנו בחיי, אָבער די געדאַנקען־פאַרבינדונג צווישן די צוויי איז אַ גאַנץ שטאַרקע). — רבנו בחייס כמעט אַסקעטיציזם. — זיין עטיק. — פאַרלייענען, אין איבערזעצונג, פון רבנו בחייס פרומער עטיק (אויף זייטלעך 150 און 151 און אויף זייטל 153 פון דר. שמעון בערנפעלדס ערשטן באַנד). — רבי שלמה אבן גבירול דער פּאָעט. — דער „כתר מלכות” (אין י. י. שוואַרצס איבערזעצונג) און זיין „העברעאישע פּאָעזיע”. — די זעלטענע געשיכטע פון „מקור חיים”, ווי עס איז פאַרלוירן געגאַנגען אַלס אידיש ווערק און איז אין יאָרהונדערטער אַרום צוריקגעקומען. — דער אוניווערזום, סובסטאַנץ און פאָרעם פליסט אַרויס פון דער גאָטהייט, אָן איבעררייס, אין אייביקער פאָרזעצונג, אַזוי ווי וואַסער פון אַ פאָנטאַן. — גאָט איז דער ספּעקטאַטאָר, דער אַלוועלטלעכער שטאָף איז דער שפּיגל און די אַלוועלטלעכע פאָרעם איז די אָפּשפּיגלונג פונעם ספּעקטאַטאָר אין דעם שפּיגל. — די באַרירונג־פּונקטן צווישן אבן גבירולס גאָט־און־וועלט־בליק און דעם שפּעטערדיקן שפּינאָזאָס בליק.

שמועס 15

## דער רמב״ם

דער אַריסטאָטעלעאַנער. — אַ מענטש פון ראַציאָנאַליזם און לאָגיק. — זיין מעטאָד פון דערקלערן תנ״כישע שילדערונגען, וואָס זיינען נישט פילאָ־זאָפיש, אַלס אַלעגאָריעס. — די כוחות וואָס ער לייגט אַוועק צו באַווייזן, אַז דער באַגריף וועגן גאָט מוז נאָר זיין אַ גייסטיקער, אַז נישט, איז עס נאָך ערגער ווי געצנדינסט. — דעם רמב״מס באַווייזן, אַז ס׳איז פאַראַן אַ גאָט. — האָט גאָט באַשאַפן די וועלט פון עפּעס אָדער פון גאָרנישט? — דעם רמב״מס, אַלס דעם אידישן פירערס, י״ג עיקרים פון אידישן גלויבן.

שמועס 16

## רבי יהודה הלוי

רבי יהודה הלויס קוק אויף דער אַלט־גריכישער פילאָזאָפיע. — „בלי־אונגעגן אַן פּרוכט״. — אַ „מעכאַניזירטע״ גאָטהייט און אַ גאָטהייט וואָס איז אַ פאָטער, אַ מנהיג. — רבי יהודה הלויס פאַרלאָזן זיך אויף דער טראַדיציע. — דאָס פאַרלאָזן זיך אויף די אַמאָליקע עדות. — רבי יהודה הלויס האַרציקע רייד וועגן אידישן פאָלק און ארץ־ישראל. — „דאָס אידישע פאָלק איז דאָס האַרץ פון די פעלקער״. — אַזוי ווי דאָס האַרץ איז מער פילבאַר איידער אַלע אַנדערע אברים, אַזוי ווי דאָס האַרץ איז מער מסוגל קראַנק צו ווערן און דערשפּירט שנעלער פון אַלע די דראָענדיקע סכנה און מיט זיך זי צו באַזייטיקן, אַזוי איז דעם אידישן פאָלקס פאַראַנטוואָרטלעכקייט גרעסער און אַזוי ווערט עס שנעלער באַשטראָפט.

שמועס 17

## די קבלה, סתרי תורה

(ביבליאָגראַפיע: ערשטע צוויי קאַפּיטלען אין „דעת אלקים״ צווייטן באַנד: דער אַריינפיר (מבוא) אין דר. ש. א. האָראָדעצקיס „החסידות והחסידים״)

די קבלה דאָס איז דער אידישער מיסטיציזם. דער מיסטיציזם באַמיט זיך צו דערגרייכן דעם אמת, נישט דורך חושים, אויך נישט דורך לאָגיק, נאָר

דורכן געפיל. דער מיסטיציזם קומט אויף אין פארבינדונג מיטן פארשטאנדס אנשטרענגונג, צו באנעמען דעם וועזן פון גאט, אדער די סאמע לעצטע רעאליטעט פון זאכן און צו געניסן די ברכה פון מתדבק זיין זיך מיט דאס העכסטע.

דער מיסטיציזם איז פילאזאפיש דורכגעשטראלט און דורכגעשפריצט מיט רעליגיע. די מיסטיק איז נישט אומעטום וואונדער און סודות. דער אידישער מיסטיקער, דער מקובל, זעט אין געשטאלטן און מעשיות פון דער תורה אלעגאריעס, נישט קיין ליטעראַרישע נאר רעליגיעז־סודותדיקע.

די קבלה איז א פילאזאפיע, וואס ראנגלט זיך מיט די זעלבע פראבלעמען ווי די אנדערע פילאזאפיעס, ווי למשל, די באציאונג צווישן גאט און דער וועלט, דער וועלט־באשאף, ווי אזוי האט גאט, וואס איז הוילע ר ו ח נ י ו ת, געקענט באשאפן די וועלט פון ג ש מ י ו ת. אבער אויס מורא, אריינצופאלן אין די גויישע „שטרויכלונגען", האט זי זיך באשאפן אייגענע באגריפן.

די קבלה האט באַרירונג־פונקטן סיי מיט דעם נייפלאטאניקער רבי שלמה איבן גבירול און סיי מיט שפינאזאס פאנטעאיזם, ד. ה. איינהייט פון גאט און דער וועלט.

די וואָרצלען פון דער קבלה. — די אַפּאָקאַליפּטישע, סודותדיקע טיילן פון נ"ך, ווי א שטייגער יחזקאלס זעאונגען און די וואונדערלעכע באשרייבדערציילונגען פון ספר דניאל. אויך א סך תלמודישע אגדות. אויך אנדערע גאר אלטע, געהיימניספולע אידישע ספרים.

שמועס 18

## רבי אברהם אבולאפיא (אבולפיה) — זיין לעבן, זיינע וואנדערונגען, זיינע געדאנקען

דער זוהר, די „ביבל פון דער קבלה"; גאט און די וועלט; די צען ספירות.

די קבלה לערנט:

גאט איז אין־סוף, ענדלאז, די אומענדלעכקייט. וואס הייסט באשאף? דאס איז דער סוד פון אצילות. און וואס איז דער טייטש פון אצילות? עס הייסט די עמאנאציע, די אויסשטראלונג, די ארויסוויקלונג פון דער וועלטס קרעפטן פון דער נאטור פונעם ערשטן וועזן, ד. ה. גאט. (מען קען דאך נישט זאגן פראסט־פשוט, אז גאט האט באשאפן די וועלט. ביים אין־סוף איז

דאָך נישט שייך קיין טואונג, פונקט ווי עס איז ביי אים נישט שייך קיין אַטריבוט, קיין אייגנשאַפט, קיין כוונה. וואָרעם דאָס אַלץ באַטייט דאָך ענדע־רונג און גאָט איז שטאַנדהאַפטיק, דאָס אַלץ, אַפילו דאָס געבוירן ווערן פון אַ כוונה, אַן אַבזיכט באַטייט דאָך צוקומען, דאָס הייסט פולקייט — און גאָט, דער אין־סוף, איז אַבסאָלוטע איינקייט).

דורך דעם כוח פון אַצילות, פון דער עמאַנאַציע אָדער אויסשטראַלונג, וואָס ליגט אין דער נאַטור פונעם אין־סוף, איז צוערשט אַרויסגעקומען דער „אור פנימי קדמון" (אַן אינעווייניקסטע אורשפּרינגלעכע ליכט). עס הייסט, אַז פון ערשטן וועזן טיילט זיך צוערשט אָפּ אַ קראַפט, וואָס איז טאַקע די עסענץ, די עצם נאַטור פונעם ערשטן וועזן. דערפאַר רופן מיר זי: „דאָס אינעווייניקסטע אורשפּרינגלעכע ליכט", וואָס מיינט, אַז די דאָזיקע קראַפט איז נישט קיין צוגעגעבענע צום ערשטן וועזן, נישט קיין באַשאַפענע, און זי געפינט זיך אין דרויסן פונעם אין־סוף, נאָר זי איז אינעווייניקסט און אורשפּרינגלעך.

די דאָזיקע אַרויסשטראָמענדיקע קראַפט טיילט זיך איין אויף וויסן און שכל (פאַרשטאַנד). אין רעזולטאַט באַקומט זיך פון ביידן דאָס, וואָס די פילאָזאָפן רופן — דער אַקטיווער שכל. וויסן און שכל פאַרן זיך צונויף, ווערט פון דעם באַשאַפן דער פונקט, דער וואָרצל פון באַשאַף. אָט ווי אין דער געאָמעטריע איז דער פונקט, דאָס פינטל, דער וואָרצל פון דער ליניע, וואָס ליגט שוין אין אים פּאָטענציעל.

פון דעם דאָזיקן פונקט עמאַנירן, טיילן זיך אָפּ בהדרגה, איינס נאָך איינס, איינער העכער פון דער צווייטער, צען (עשר) ספירות (לאָמיר זאָגן שיינען).

די ספירות דאָס איז דער חידוש, דער אויפטו פון דער קבלה לגבי דער פילאָזאָפיע אָדער פילאָזאָפיען. איז לאָמיר טאַקע פּרואוון זיי קלערער פאַר־שטיין. לויט געוויסע מקובלים ווירקט די אַצילות, די געטלעכע אַרויסשטראַ־לונג, דורך צמצום. עס הייסט, דער אין־סוף, וואָס פילט דאָך אויס די וועלט, קאָרטשעט זיך כביכול איין צו מאַכן פּלאַץ פאַר די קרעפטן, וואָס ער וויל פון זיך אַרויסגעבן. נאָר דאָס איז אַ וואולגאַרע אויפפאַסונג.

דאַרף מען פאַרשטיין, אַז די אַצילות ווירקט דורך גאָטס רצון. און דאָס איז דאָך נישט קיין פּשוטער ווילן, וואָרעם ווילן מיינט דאָך ענדערונג, עפּעס צוגעקומענעס, וואָס איז דאָך ביי גאָט נישט שייך.

אין אמתן דאַרפן מיר פאַרשטיין, אַז די דאָזיקע קרעפטן זיינען אינעם אין־סוף אַלע מאָל געווען, אָבער צוערשט נאָר פּאָטענציעל, אָבער שפּעטער ווערן זיי רעאַליזירט, אַקטיוו, זיי גייען אַרויס, ווי דער העברייער זאָגט, מ ן ה כ ו ח א ל ה פ ו ע ל. די פּאָטענציעלע קראַפט ווערט דינאַמיש, דורך צונויפזאַמלונג און עקאָנאָמיזירונג. די איינצלהייטן זאַמלען זיך איין אין איין פּונקט, אין איין צענטער, דאַן קומט אַרויס דער עפעקט, די פעולה. די כוחות ווערן אַקטיוו און שעפעריש.

קערן מיר זיך אום צו די צען ספירות.

זיי זיינען אַ מין גייסטיקע צינורות, עס מיינט, רינעס אָדער טרובן (tubes) דורך וועלכע די השפעה פונעם אין־סוף שטראָמט אַראָפּ אויף דער וועלט און אַזוי באַשאַפן זיי דעם ערשטן באַשאַף, וואָס זיי הערן נישט אויף אויך ווייטער צו באַשאַפן.

די דאָזיקע ספירות זיינען שוין א י י נ ג ע ש ל א ס ן אינעם „אינעוויי־ניקסטן אורשפרינגלעכן ליכט" און אין די צוויי ליכטער, וואָס שטראַלן פון איר אַרויס, דאָס וויסן און דער שכל.

דאָס זעלבע אורשפרינגלעכע ליכט, דאָס איז טאָקע די העכסטע ספירה, וואָס הייסט אויך „רום מעלה", די העכסטע הויך, אָדער „כתר" (קרוין), א ליכט וואָס מען קען זיך גאָרנישט פאָרשטעלן. מען קען טאַקע אפשר זאָגן, אַז זי איז אידענטיש מיט אַ טייל פונעם אין־סוף.

פון דער דאָזיקער ערשטער איז אַרויס די צווייטע, וואָס הייסט „חכמה" און איז די מוטער פון יעדן באַגריף (ביי טייל מקובלים הייסט זי רוח הקודש און דער רוח פון אמונה).

און אַזוי גייען זיי כסדר, אַראָפּ, אַראָפּ, די ספירות, איין נידעריקערע מדרגה, נאָך אַ נידעריקערע און אַזוי ווייטער.

די ספירות ווערן איינס נאָך איינס, וואָס ווייטער פון אור־קוואַל, אַלץ קערפּערלעכער, גרעבער. די סאַמע לעצטע איז די קערפּערלעכסטע, די גרעבסטע. פאַרענטפערט עס טאַקע די קשיא: ווי אַזוי האָט, דורך דעם ערשטן וועזן, וואָס איז דאָך לויטער רוחניות, געקענט ווערן (באַשאַפן ווערן) די זעעוודיקע, פילעוודיקע, קערפּערלעכע וועלט, דער עולם השפל.

און דאָך איז דאָ אַ פולשטענדיקע איינקייט, נישט נאָר אין די ספירות נאָר אין דער גאַנצער עקזיסטענץ. גיט אַן אַלטער מקובל אַזאַ משל: די ספירות זיינען געגליכן צו פיל וואַסערן, וואָס פליסן אַרויס פון אַ קוואַל

און שפּרייטן זיך אויס אין פיל טייכן, איינער פון דאַנען, איינער פון דאָרטן, און דאָך זיינען זיי אַלע איינס, ווייל פון איין קוואַל און אַן איבעררייס און אַלע פאַלן אַריין אין גרויסן ים אַריין און פון אונטער דר׳ערד צום אור־קוואַל פון וואַנען זיי שטאַמען, אָן איבעררייס נאָר אין פולער איינקייט.

אַן אַנדער משל:

די ספירות זיינען אָנגעהאָפטן אָן ערשטן ווען אַזוי ווי דער פלאַם אָן דער קויל (דאָס מיינט פולשטענדיקע איינקייט, פאַנטעאיזם).

זיך אומקערנדיק ווידער צו די ספירות קומען מיר צו דער עטישער זייט פון דער קבלה.

אַחוץ די אַנדערע איינטיילונגען טיילן זיך די ספירות אויך איין אין צוויי וורטיקאַלע טיילן. אַחוץ דעם ליכט וואָס קומט אַרויס פון אויבן, איז דאָ אויך אַ ליכט, וואָס קומט אַרויס פון אונטן. דאָס דאָזיקע אונטערשטע ליכט שטייגט אַרויף אויבן און פאָרט זיך צונויף מיטן אויבערשטן ליכט. וואָרעם „קיין שפע (איינפלוס) גייט נישט אַראָפּ פון אויבן, סיידן פאַר אים קומט אַ התעוררות (רעגונג, דערוואַכונג) פון אונטן״.

עס איז דערפאַר, וואָס עס איז דאָ נאָר איין עקזיסטענץ. אויך דער כבוד פון דער אונטערשטער וועלט איז גרויס (זי איז אויך אַ טייל פון דער געטלעכער אויסשטראַלונג, גאָטס השפעה דרינגט אויך אין איר אַריין. עס קומט דאָ גאָר נאָך צו אַ פאַרקערטקייט פון די מדרגות. די אויבערשטע ווערן וואָס נידעריקער אַלץ גרעבער; אָבער אין דער אונטערשטער וועלט איז וואָס ווייטער אַלץ העכער, אַלץ פולקאָמענער, איידעלער: פון דומם (דער שטיין) צום פלאַנץ — ביז צום מענטשן. און אין מענטשן איז דאָ אַן אויבערשטע נשמה, לויטער רוחניות.

דער מענטש האָט אויך השפעה. די העכסטע מענטשלעכע נשמה קערט זיך אום צוריק צום אין־סוף, פון וועלכן זי איז דאָך אַ טייל.

די קבלה האָט אַ באַזונדערע ליבשאַפט צו אַלע וואָס זיינען באַשאַפן געוואָרן בצלם אלקים.

די קבלה פאַרגעטערט, גיט אַריין גייסט אין דער אידישקייט, אין די מצוות. די דערפילונג פון יעטוועדער מצווה מאַכט אַ רושם אין די אויבערשטע וועלטן. דורך דער דערפילונג פון דער מצווה הויבט זיך אויף די אונטערשטע התעוררות, וואָס רופט אַרויס די געטלעכע שפע פון אויבן.

שמועס 19

## קבלה עיונית (די טעאָרעטישע) און קבלה מעשית (פּראַקטישע, applied)

דער אר״י הקדוש; גלגול און „עיבור״; משיחיזם.

ביז איצט האָבן מיר גערעדט פון דער פילאָזאָפישער, שפּעקולאַטיווער זייט פון דער קבלה. דאָס איז יענע זייט, וואָס פּרוּווט דערקלערן די וועלט, די באַציאונגען צווישן גאָט און דער וועלט, די ווירקונג, דאָס משפּיע זיין פון גאָט אויף דער וועלט, בכלל די דערשיינונגען פון לעבן און וועלט און זייער קעגנזייטיקע ווירקונג איינס אויף דאָס צווייטע. מיר האָבן אויך געזען, אַז די קבלה קוקט אויף אַלץ מיט וואונדער־אויגן, ד. ה. אַז זי זעט אין אַלץ, אַפילו אין די מינדסטע, אויסערלעכע זאַכן, וואונדער, סודות. אויך אַז די קבלה איז אַן אָפּטימיסטישער וועלט־בליק, זעענדיק, בפרט אין דעם מענטשן, אַ ווירקזאַמען, שאַפערישן וועזן אויף אַ וועלט־מאַסשטאַב. איז אפשר טאַקע האָבן אַט די לעצטע צוויי אומשטאַנדן מיטגעהאָלפן, אַז פון דער קבלה עיונית, פון דער טעאָרעטישער פילאָזאָפישער קבלה, האָט זיך, מיט דער צייט, אַרויסגעוויקלט אויך אַ קבלה מעשית, דאָס הייסט אַ פּראַקטישע, אַ פּראַקטיש־פאַרווענדטע קבלה, אַט ווי מען זאָגט אויף ענגליש applied אויף אַזאַ וויסנשאַפט, וואָס ווערט אָנגעווענדט, לאָזט זיך אויסנוצן אין דער פּראַקטיק. אַ צאָלביישפּילן פון דער פּראַקטישער פאַרווענדונג פון דער קבלה ווערן דאָ איצט געבראַכט. אַזוי ווי די ווערטער פון דער תורה זיינען נישט בלויז ווערטער, פּשוטע אויסדרוק־מיטלען, נאָר זיי האָבן אויך אַן אייגענעם סודותדיקן ווערט, און, אַזוי ווי, ווער רעדט נאָך, די נעמען פון דער גאָטהייט און פון די מלאכים האָבן אוודאי זייער אייגענעם טיפערן ווערט און פּאָטענץ, איז נישט מער ווי נאַטירלעך, אַז מען זאָל מיט ווערטער, ווער רעדט נעמען, דורך פאַרשידענע מאַניפּולאַציעס, קאָמבינאַציעס, צונויפּ־רעכענונגען אָדער גאָר באַשווערונגען, קענען אויפטאָן גרויסע און וויכטיקע זאַכן. דער דאָזיקער בנין האָט געעפנט אַן אומבאַגרענעצט פעלד פאַר אַלערליי נוטריקונס, ראשי־תיבותן, הצטרפותן פון אותיות און גימטריאות — דאָס פאַרגלייכן ווערטער מיט ווערטער וועדליק זייער נומערישן ווערט (צום ביישפּיל, דאָס וואָרט אגוז — אַ נוס — רעכענענדיק אי דאָס וואָרט גופא אַלס איינס איז — בגימטריא חטא — זינד — דעריבער איז נישט פּאַסיק אין

דער נאַכט פון ראש־השנה צו עסן ניס). דאָס האָט, נאָכמער, געעפנט אַ וועלט פאַר בעל־שמס און בעל־שמ׳עריי (בעל־שם, אין ישראל זאַנגווילס פראַכטפולער איבערזעצונג master of the nome), וועלכע פאַרנעמען זיך מיט אַלערליי היילונגען און וואונדער־טועריי...

דאָס האָט ענדלעך געפירט דערצו, אַז אַן אַ שיעור מקובלים האָבן זיך געראַנגלט מיט דעם ביי אידן אימהדיקן פּראָבלעם פון קץ־זוכעריי (דערגיין ווען משיח וועט קומען), משיח־אַראָפּברענגעריי און טאַקע אַנטדעקן משיחן און זיך אַליין.

מיין היינטיקן שמועס וועגן קבלה וועל איך ענדיקן מיט פאָרשטעלן פאַר די סטודענטן אפשר דעם גרעסטן ריז פון דער קבלה מעשית, אויך אַ משיח־זעער (אפשר טאַקע אין זיך אַליין). און כאָטש ער האָט משיחן נישט אַראָפּגעבראַכט, האָט ער דערפאַר געזואַלטיק, טאַקע אין אַן אומגע־הויערער מאָס, באַווירקט דעם אידישן ריטואַל, דאָס אידישע דאַוונען, דעם סידור, איינפירנדיק אין אים נייע תפילות און אַריינגעבנדיק אין אַלטע תפילות נייע כוונות, אַזוי אַז ער איז געוועזן אַ גרויסער פאָרגייער פאַר חסידות און חסידים און אַ ריזיקע צאָל שולן און שטיבלעך טראָגן זיין נאָמען — נוסח האר״י — ביז צום היינטיקן טאָג. יאָ, דאָס איז דער אר״י, רבי יצחק לוריא.

ער איז געוועזן אַ פּוילישער איד (פון 16טן יאָרהונדערט), געבוירן אין ירושלים און דערצויגן אין מצרים. ער האָט זיך לאַנג געגרייט פאַר זיין צוקונפטיקער גייסטיקער גדולה, לאַנג אָפּריכטנדיק התבודדות — איינזאַמקייט — ביים טייך נילוס אין שוויגעניש, אַחוץ ווען עס איז לחלוטין נויטיק, און דאָס נאָר אויף לשון קודש. צוואַנציק יאָר האָט ער אַזוי אָפּגעלעבט, און וויזנדיק זיך פאַר זיין ווייב נאָר פרייטיק נאָך זון־אונטערגאַנג. דערנאָך ערשט איז ער אָנגעקומען און זיך פאַרפולקאָמט אין דער קבלה אינעם קבלה־צענטער, די שטאָט צפת. צונויפוועבנדיק זיך אַ סך תלמידים, שפּאַצירט ער מיט זיי אַרום אין וויסטע ערטער און אַרום די קברים פון צדיקים, זיך אַרומשיפנדיק אויפן ים כנרת, איבערהויפּט באַזוכנדיק דעם קבר פון ר׳ שמעון בן יוחאי (אין שטעטל מירון), דעם לעגענדאַרישן מחבר פונעם „זוהר״.

דער אר״י לערנט מיט זיינע תלמידים:

דער סוד איז אויסגעשפּרייט, נישט נאָר איבער דער תורה און די חוקים, נאָר איבער דעם גאַנצן באַשאַף. אומעטום זיינען פאַראַן נשמות. נשמות

וואָס זיינען מגולגל געוואָרן אין מדבר (מענטשן) אָדער חי (אַ לעבעדיקע זאַך), אין צומח (אַ פלאַנץ) און דומם (דער שטיין). די גאַנצע גשמיותדיקע, קערפּער־לעכע וועלט איז ביי אים סודותדיק, איז אַ וועלט פון נשמות.

דעם דאָזיקן געדאַנק זיינעם באַגרינדעט דער אר״י אויף דעם אַלטן קבלה־דיקן גלויבן אין גילגולים, וועלכער האַלט, אַז יעטוועדע נשמה, וועלכע ווערט דאָך אַראָפּגעשיקט פון הימל אין דעם מענטשן, האָט איר מיסיע, איר צוועק אויף דער ערד. דערפילט זי אים, איז גוט; טאָמער, חלילה, נישט, ווערט זי נאָך דעם מענטשנס טויט אַריינגעשיקט אין אַן אַנדער גוף, זי זאָל אין אים דערגרייכן איר פאַרפעלטן ציל. און אַזוי קען די נשמה, אויב זי גייט, חלילה, אויף אַ שלעכטן וועג, זיך קייקלען אַלץ טיפער און נידעריקער, פון אַ מענטשן אין אַ חיה, פון אַ חיה אין אַ פלאַנץ א. אַ. וו. ביז וואַנען ערגעץ־וואו, אויף ערגעץ אַן עטאַפּ, כאַפּט זי זיך און איז זיך מתקן אָדער זי ווערט מתוקן (עס הייסט קאָרעגירט).

דער דאָזיקער געדאַנק נעמט אַן ביים אר״י אַ באַזונדערע פאָרמע, אין זיין קבליסטישער וועלט, וואָס ער רופט „עולם התיקון״ — די וועלט פון קאָרעגירונג.

אַלע נשמות, רוחות און זעלן (דאָס זיינען, לויט דער קבלה, פאַרשידענע סאָרטן, מדרגות פון נשמות) — לערנט דער אר״י — זיינען געווען איינגע־שלאָסן אין אדם הראשונ׳ען, אַז ער איז באַשאַפן געוואָרן. דעמאָלט זיינען אַלע נשמות גוטע געווען און ערשט נאָך אָדמס זינד האָט זיך „דאָס גוטס אויסגעמישט מיט דעם שלעכטס״. אין הייליקע נשמות זיינען פאַראַן פונקען פון טומאה און אין אומריינע נשמות זיינען פאַראַן נצוצות (פונקען) פון קדושה. און אָט דאָס טאַקע האַלט אָפּ דאָס קומען פון משיחן. ערשט ווען אָדמס חטא וועט מתוקן (פאַרריכט) ווערן און דאָס שלעכטס וועט אָפּגעשיידט ווערן פון דאָס גוטע און אַלץ וועט לויטער און קלאָר ווערן, דעמאָלט וועט משיח קומען.

אָבער ווי קומט מען דערצו? אויף צוויי וועגן: דורך ג ל ג ו ל און ע י ב ו ר. גלגול מיינט, אַז דאָס קינד ווערט געבוירן, קלייבט זיך די נשמה אַריין צו אים אין גוף, זיך אויסשטייענדיק דעם גאַנצן צער און אַלע יסורים, וואָס באַפאַלן דעם גוף. איז דאָס אַ שווערער און סכנהדיקער וועג. און אַלץ כדי די נשמה זאָל אויסגעלייטערט ווערן. דערפאַר איז טאַקע דאָ דער צווייטער וועג פון ע י ב ו ר, און דאָס מיינט, אַז שוין גרויסערהייט, באַזעצט

זיך אין מענטשן אַ צווייטע נשמה. אַמאָל טוט זי עס, די צווייטע נשמה, אַזוי ווי יעדער גלגול, צוליב זיך אַליין, צו פאַרריכטן עפּעס וואָס עס האָט פאַרפעלט אין אַ פריערדיקן לעבן; אַמאָל אָבער באַהעפט זי זיך, די צווייטע נשמה, מיטן מענטשן, פון זיין טובה וועגן, אים מדריך צו זיין (פירן), אים רייניקן.

געלייטערט ווערן פון שלעכטס, צוריק הייליק ווערן, דאָס איז דער ציל. און צוליב דעם דאַזיקן ציל זיינען עס די אידן צעשפּרייט אין אַלע עקן וועלט, צווישן אַלע זיבעציק פעלקער, און די שכינה — וואָס איז ברענענדיק פייער — ריכט אָפּ גלות אינאיינעם מיט זיי, כדי אַרויסצוציען פון זיי די קליפּות, די שאָלעכצן, די פאַרשטעלעכצן איבער די ליכטער, די זינד, — כדי אַרויסצוציען די נשמות וואָס קלעפּן זיך צו די אומות. און זי ציט די נשמות אַרויס, באַהעפט זיך מיט זיי און רייניקט זיי. און אַז אַלע נשמות וועלן אַזוי גערייניקט ווערן, וועט משיח קומען.

דער פונדאַמענט פון אר״י׳ס תיקון איז, בכן, דער משיחיזם. ביים אר״י איז דער משיחיזם אַ פאָלקס־זאַך. רופט ער דאָס גאַנצע פאָלק זיך צו באַטייליקן אינעם וועלט־תיקון, צו העלפן אַראָפּברענגען משיחן.

איז עס דאָך אַ פּראַקטישע קבלה. טאָ וואָס זאָל דער מענטש טאָן? — פאַסטן תעניתים, זיך פּייניקן, פאַרקלענערן אין זיך דעם גענוס, די לעבנס־פרייד. אַלץ וואָס ווייניקער — אַפילו ריידן — וואָס מער שווייגן. מקיים זיין די מצוות מיט פולסטער שטרענגקייט און פון דער קלענסטער עבירה לויפן ווי פון פייער. און טוט מען זי יאָ, דאַרף מען פאַר איר אָפּקומען. פאַר כעס 151 תעניתים... פאַר נישט וואַשן זיך, ווערט מען מגולגל אין וואַסער. פאַר קאָרמענען אַ צווייטן טריפס, ווערט מען מגוגל אינעם בלאַט פון אַ בוים און עס קומט דער ווינט און קייקלט אים אַרום — און עס טוט אַזוי וויי!...

## שמועס 20

# די פּוסקים

נאָך דער שליסונג פון תלמוד קומט די גאונישע עפּאָכע פון דער אידישער געשיכטע אין דער אַלטער אידישער ליטעראַטור (פון 609 ביז 1038) און עס הויבט זיך אָן די צייט און די אויסבילדונג פון די פּוסקים. (אויף ענגליש הייסן די ווערק און די מחברים codificators).

דאָס אויפטרעטן פון די פּוסקים איז העכסט נאַטירלעך אין זיך אַליין. נישט נאָר איז די גמרא, וועגר רעדט נאָך מיט דער שפּעטערדיקער ליטעראַטור, אַזוי אָן אַן ערך גרויס און אומגעלומפּערט, אַז פאַר דעם נישט־גרויסן למדן איז אין איר, צוליב פּראַקטישע צוועקן, צוליב וויסן וואָס מען מעג און וואָס מען טאָר נישט, שווער זיך פאַנאַנדערצוקלייבן, נאָר פאַר דעם ניט־ספּעציאַליסט איז טאַקע צייטנווייז שווער צו באַשטימען וועמען פון די שטרייטנדיקע תנאים און אמוראים צו פאָלגן. דער פּוסק, דער code איז טאַקע דאָ, נישט נאָר פאַרן בעל־הבתישן אידן, נאָר פאַרן יונגן רב, פּשוט איינער וואָס ראַטעוועט אים.

צוליב דעם איז נאָך אָבער צוגעקומען אַ היסטאָריש־צייטלעכע סיבה, וואָס האָט דעם פּוסק געמאַכט פאַר מוראדיק וויכטיק. אין יענער צייט האָט זיך אַריינגעריסן אַ מעכטיקער שטראָם פון (גריכישער) פילאָזאָפיע אין דער אידישער וועלט. די תורה הערט אויף צו גילטן אַלס תורה פון לעבן נאָר ווי אַ תורה פון פּראַקטישע געזעצן. דער פּילפּול, דאָס אַרומשטרייטן, דאָס אַרומוויכוחן וועגן דער תורה ווערט באַטראַכט ווי אַן איבעריקער צייט־פאַרטרייב. וואַקסט אַרויס די נויט אין אַ פּראַקטישן געזעצבוך. און דער רמב״ם, דער צווייטער פון די פיר גרעסטע אידישע פּוסקים, וואָס האָט געשריבן זיין פערצן־באַנדיקן „יד (14) החזקה" (דער שטאַרקער אָרעם) אין צוועלפטן יאָרהונדערט, זאָגן אָפן אַרויס דעם געדאַנק פון דער גרויסער וויכטיקייט, זיך צו פאַרטיפן אין פילאָזאָפישן דענקען און דער עקזיסטענץ פון דער גאָטהייט און פון דער קליינער וויכטיקייט, זיך צו פאַרטיפן אין תלמוד.

דער ערשטער גרויסער פּוסק איז געווען ר׳ יצחק אַלפסי (דאָס פאָלק רופט אים דער „אַלפס"). ער האָט געלעבט און געווירקט אַרום דעם יאָר טויזנט. כאָטש ער האָט געווירקט אין בבל (און אַפריקע), האָט ער אָבער אויך געהאַט אַ שייכות מיט שפּאַניע. דער רמב״ם איז געגאַנגען נאָך אים נאָך. און מיר מעגןביידע רעכענען פאַר געהעריקע צו דער שפּאַנישער שול פּוסקים, מכוח וועלכער מיר ווען שפּעטער ריידן.

וועגן דעם רמב״מס ריזיקן ווערק „יד החזקה" ווערט די לומדישע אידישע וועלט נישט מיד צו ריידן, כאָטש אַכט הונדערט יאָר זיינען שוין באַלד אַוועק. נישט ריידנדיק פון דער וואונדערלעך־לייכטער, ברילִיאַנט־געפּאַסטער שפּראַך (זיין פילאָזאָפיש ספר „מורה נבוכים" האָט ער, ווי באַוואוסט, גע־

שריבן אויף אַראַביש), ווייזט ער זיך אין דעם ווערק אַרויס ווי אַ זעלטענער אויסשטעלער, אַ קונציקער איינאָרדענער. אין אַ צאָל היגזיכטן ווייזט ער זיך דאָ אַרויס פאַר אַ גאָר אַנדערן מענטשן ווי אַלס פילאָזאָף. ד אָ ר ט ן ווייכט ער נישט איין מאָל אָפּ פון דער טראַדיציע, ד אָ קען מען אויף אים נישט זאָגן, אַז ער איז צו ליבעראַל, אַז ער לערנט דעם דין גרינגער פאַרן פאָלק. דאָך איז ער דאָ גאַנץ איידל, ער ווייזט זיך אַרויס פאַר אַן איידעלן, גוטן מענטשן. אין זיין פילאָזאָפיע אָבער איז ער האַרט, לכל הפחות היפּש נישט דעמאָקראַטיש. און אָט קומען נאָך אַ פּאָר כמעט איבעראַשונגען. אין דעם מוראדיקן קאַמף, וואָס האָט דעמאָלט משמעות נאָך נישט אויפגעהערט, צווישן די רבנים און די קאַראַאימער, האָט דער רמב״ם ד י ר ע ק ט זיך נישט באַטייליקט, אָבער אין זיין „יד החזקה״ גיט ער אומדירעקט דעם קאַראַאימער־טום איינעם פון די טויטסטע קלעפּ, ר ע ד ו צ י ר נ ד י ק ז י י נ ע ת ל־מ ו ד י ש ע ג ע ז ע צ ל ע כ ע א ו י ס פ י ר ן צ ו ד ע ר ת ו ר ה. דאָס צווייטע איז, וואָס גראָד ער, דער פילאָזאָף, דער ראַציאָנאַליסט, נעמט צונויף אין זיינע בענדער אַלע דינים און מצוות וואָס זיינען שייך צו אַן אויפגעבויטן ארץ־ישראל, גלייך ווי ער וואָלט מיסטיש געשפּירט די נאָענטקייט פון משיחס צייטן. (אַנדערע דינים־שרייבער אינטערעסירן זיך ווייניק אָדער גאָרנישט מיט די ארץ־ישראל־דינים. — איך גיב דאָ איבער די מיינונגען פון דר. טשערנאָוויץ אין זיין בראָשור „לו לא קם כמשה״).

דער דריטער גרויסער פּוסק ר׳ יעקב אַשרי (אַשערי), אויף וועמען אַלע וויטערדיקע פּוסקים שפּאַרן זיך אָן שיער נישט מיט זייער גאַנצן כוח און וועמעס גרויס ווערק, די „ארבעה טורים״ אָדער „דער טור״, איז נאָך אַפילו אין דער גאָר נייער צייט געווען אַ וועקער פון גרויסן דרך־ארץ אין די ישיבות, איז געווען אַ פּויליש־גערמאַנישער איד, כאָטש געווירקט האָט ער אין שפּאַניע.

דאָך דער גרעסטער פּוסקימשער אויטאָריטעט, וואָס דער איד לעבט נאָך אים, זיין שבת, יום־טוב און ראש־חודש, איז דער „שולחן ערוך״, פונעם שפּאַנישן אידן ר׳ יוסף קאַרא. מיט געוויסע רעזערוואַציעס, וואָס איך וועל זיי שפּעטער אָנווייזן, גיט דער איד נישט קיין טראָט שבת, יום־טוב אָן זיין „אורח חיים״ (דער ערשטער באַנד פון „שולחן ערוך״); כאַפּט זיך דער רב, אַז מען פרעגט ביי אים אַ שאלה וועגן כשר און טריף, פאַר קאַראָס „יורה דעה״; און אַז עס קומט מסדר צו זיין אַ גט, קוקט ער גוט אַריין אין קאַראָס

„אבן העזר״; און קומט מען צו אים מיט אַ דין־תורה, האָט ער גוט אין זינען וואָס ר׳ יוסף קאַראָס „חושן משפט״ זאָגט. ר׳ יוסף קאַראָ, ווערליק אַ שפּאַנישער איד, האָט געקענט פילאָזאָפיע און ער איז אויך געווען, קען מען זאָגן, אַ פּאַרקאַכטער מקובל. דאָך פילט זיך אין זיין „שולחן ערוך״ פון דער קבלה בלויז אַ הויך, אָבער פון פילאָזאָפיע אפשר דאָס אויך נישט.

ער איז געווען אַ מערקווירדיקער מענטש. געבוירן אין יאָר 1488, אין שפּאַניע, איז ער אַלס פיר־יאָריק קינד אַרויסגעטריבן געוואָרן מיט זיין פאָטער און מיט אַלע שפּאַנישע אידן אין יאָר 1492 און האָט זיך דערצויגן און געלערנט אין טערקיי. גרויס ווערנדיק און זיך אויסלערנענדיק, איז ער געווען רב אין ניקאָפּאָל (בולגאַריע), אין אַדריאַנאָפּאָל און אין צפת, וואו ער איז אין 1575 געשטאָרבן.

אַלס יונגערמאַן האָט ער זיך גענומען פאַר זיין גרויסער אַרבעט. צוואַנ־ציק יאָר האָט ער געקליבן זיין מאַטעריאַל, נאָך צוועלף יאָר גייען ביי אים אַוועק דאָס מאַטעריאַל צו באַאַרבעטן. צוערשט שרייבט ער אַ גרויס ווערק מיטן נאָמען „בית יוסף״ (מיט אַן אַנצוהערעניש אויף זיין אייגענעם נאָמען). שפּעטער־צו זעט ער איין, אַז דער „בית יוסף״ ענטפערט נישט זיין ציל, וואַקסט ביי אים פון „בית יוסף״ אַרויס דער „שולחן ערוך״ (דאָס געלערנטע פאָלק רופט אים נאָך ביז היינט „דער בית יוסף״). און עס איז דאָ אַ מיינונג, אַז ווען מען לערנט דעם „שולחן ערוך״ אין גאַנצן אָן „בית יוסף״ איז אין ספר נישט אַלץ קלאָר.

אין די ווערק גופא זעט זיך אמת דער מקובל וויניק אָן. דערפאַר זעט ער זיך שטאַרק אָן אין דער זעלטענער מעשה וואָס ער פלעגט דערציילן אין פאַרבינדונג מיט זיינע ספרים. ער פלעגט דערציילן — און דערציילן פלעגט ער עס אָן דער מינדסטער העזיה, אָן דעם קלענסטן פינטל מיטן אויג פון נאַרעריי אָדער איראָניע — אַז אין די נעכט קומט צו אים „דער מגיד״ און לערנט מיט אים און עפנט אים די אויגן. ווער דער „מגיד״ איז געווען, האָט מען, משמעות, נישט געקענט דערגיין, אָבער מען האָט זיך אָנגעשטויסן, אַז ס׳איז געווען עפּעס אַ גרויסער, נישט פון ד ע ר וועלט.

ר׳ יוסף קאַראָ איז אַ פּראַקטישער, אַ שטאָלצער, אַ זיכערער ביי זיך, שרייבער. נישט געקוקט וואָס אָנגעהויבן האָט ער אַלס אַשעריס אַ נאָכפאָלגער, שרייבנדיק, ווי עס הייסט אַ פּירוש אויף זיין „טור״, איז ער דאָך אַרום און אַרום היפּש זעלבסטשטענדיק. ער איז פּראַקטיש. ער קוקט נישט אויפן

רמב״ם, וועלכער גיט זיך אין זיין „יד החזקה״ פיל אָפּ מיט דער פילאָזאָפיע פון דער אידישער רעליגיע. ער איגנאָרירט די דאָזיקע פילאָזאָפיע אין גאַנצן. גאָר אָפּט, ביי אַ שטרייט־פּונקט, שטעלט ער אויף זיך. אָפילו אין „בית יוסף״ טרעפט אַמאָל, אַז ער וואַרפט אָן מיינונגען און דערקלערונגען פון אַנדערע געלערנטע, אָבער ער לאָזט זיך אין זיי צופיל נישט אַריין, קיין פּילפּול, קיין ברייטע און טיפע דיסקוסיעס. אַ פּשיטא שוין אין „שולחן ערוך״, וואָס איז דאָך נאָר אַן אָפּקירצונג און צונויפפרעסונג דערפון.

געהערנדיק צו שפּאַניע, וואָס איז שוין מער נישט געווען, האָט ער זיך אָן איר דאָך פעסט געהאַלטן. געפינענדיק זיך אין נאָענטער שכנות מיט גערמאַניש־פּוילישע אידן און געלערנטע, וואָס אין זייער לעבן און לערנען האָט דער מנהג געגאָלטן אפשר נאָך מער ווי דער דין („א מנהג ברעכט אַ דין״), האָט ער, דער שפּאַניער, די „פרעמדע״ מנהגים לחלוטין איגנאָרירט.

ר׳ יוסף קאַראָס אויטאָריטעט האָט זייער ווייניק קעגנערשאַפט באַגעגנט אָפילו אין אָנהויב, שפּעטער האָט קיינער אין זיין אויטאָריטעט נישט גע־צווייפלט, ביז עס איז אויפגעשטאַנען דער גרויסער קראָקאָווער רב, דער אומפאַרגעסלעכער רמ״א (ר׳ משה איסערליש, 1520—1572).

שמועס 21

## דער רמ״א און יוסף קאַראָ

דער רמ״א טרעט אַרויס קעגן דעם „בית יוסף״, קעמפט קעגן אים, און כאָטש אויבן־אויף איז עס נישט גאָר קענטיק, באַקעמפט ער אים סוף־כל־סוף.

אויך דער רמ״א הויבט אָן מיט אַ פירוש אויף זיין לאַנדסמאַנס, דעם פּויליש־גערמאַנישן אַשעריס „טור״. שוין דאָ שיינט זיין כוונה צו זיין, ווי מען דריקט זיך אין רבנישע קרייזן אויס, אומצוקערן די קרוין (פון דער תורה) אויף איר אַלטן סטאַנדאַרד. די אשכנזים, די גערמאַניש־ (פראַנצויזיש־) פּוילישע געלערנטע האָבן אין יענער צייט, בפרט נאָכן גירוש שפּאַניע, געקעמפט פאַר זייער העגעמאָניע, געקעמפט קעגן די ספרדים. שפּעטער־צו שרייבט ער, אויפן גרונט פון זיין פירוש און אַנדערע אַרבעטן, הגהות, אָנ־מערקונגען אויף קאַראָס „שולחן ערוך״. ער האָט די דרייסטקייט אַריינצו־שרייבן, אַריינצושניידן זיי אין סאַמע מיטן טעקסט פון קאַראָס ספר. מייסטנ־טיילס, אויב טאָקע נישט כסדר, שטימט ער נישט איין מיט קאַראָן און פּסקנט

אַנדערש פון אים. זיינע אָפּנויגונגען פון קאַראָן פאַרמולירט ער קורץ און שאַרף און דרייסט (זיך באַנוגנדיק מיט אַ „ויש סוברים" — און אַנדערע האַלטן — אָדער מיט אַ „בינינו נוהגים" — ביי אונז פירט מען זיך). אין זיין הקדמה צו זיין אויסגאַבע פונעם (קאַראָס און זיין) „שולחן ערוך" זאָגט ער אָפן, אַז ער איז קעגנעריש צו קאַראָן דערפאַר וואָס יענער שטיצט זיך אויפן אַלפס און אויפן רמב"ם און נישט אויף דייטשע און פראַנצויזישע פוסקים.

אַן אַנדער טעם — אַחוץ די שוין דערמאָנטע מנהגים — איז די אַלטע מורמלעניש קעגן ר' יוסף קאַראָן (ווי עס שיינט איז דערפאַר, אין זיין צייט, אויך געווען קעגן אים אַ געלערנטער מיטן נאָמען בן־לוי), אַז ער איז נישט טיף, נישט לומדיש געגנוג, אַז ער לאָזט זיך ווייניק אַריין אין דיסקוסיעס וועגן די דינים און די מיינונגען פון אַנדערע געלערנטע.

דאָך די אמתע סיבה פון דעם קאַמף איז, אַזוי צו זאָגן, אַ קלאַסן־טיפּישע, אַ היסטאָרישער קאַמף הינטער וועלכן עס קענען ליגן אי מאַטעריעלע טעמים, אי פּאָליטיש־קולטורעלע.

מיר האָבן שוין כמעט געזען, אַז עס זיינען געווען צוויי פוסקישע שולן — די שפּאַנישע און די גערמאַניש־פּוילישע (וועלכע האָט זיך אין יענע צייטן אַרויסגעהויבן). צוויי וועלטן, צוויי לעבנס. די שפּאַנישע חכמים זיינען טאַקע געווען פילאָזאָפיש געניגט און וועלטלעך־קולטורעל געפּאָלירט, בשעת די גערמאַנישע זיינען אין די דאָזיקע זאַכן געווען מער־ווייניקער הינטערשטעליק (איז גראָד פערזענלעך דער רמ"א אין זיי נישט געווען אומוויסנדיק). די שפּאַניער זיינען מיט דער אַרומיקער קולטורעלער וועלט געווען אויסגע־מישט, בשעת די גערמאַניש־פּוילישע זיינען געווען איזאָלירט. (נאַטירלעך רעדט זיך דאָ ביז פאַרן גירוש שפּאַניע). דאָך זיינען די שפּאַניער דווקא שטרענג. זיי זיינען, ווי מען זאָגט אויף דער רבנישער שפּראַך, די מ ח מ י ר י ם, די שטרענג פסקנער, בשעת די גערמאַנער זיינען די מ ק י ל י ם, די גרינג פסקנער. איבערהויפּט איז עס דער פאַל ווען עס קומט צו נאָענטערן און אַפילו ווייטערן פאַרקער מיט קריסטן, אַפילו וועגן כשר וטריפה, וועגן יין נסך (וועגן באַנוצן קריסטלעכן ווייַן), וועגן האָבן שותפות מיט אַ גוי. איז דער טעם פון דעם אַלעמען (אַחוץ וואָס די גערמאַנער האָבן אַמאָל געקענט מורא האָבן פאַר פאַרפאָלגונגען מצד די גויים) דאָס וואָס די לאַגע פון די שפּאַניער איז, ביז פאַרן גירוש, געווען אַ גוטע, איז געווען אַ אידיש־קריסט־

לעבע באַרירונג, האָבן די אידן שטאַרק מורא געהאַט פאַר אַסימילאַציע, פאַר אידיש־קריסטלעכער אויסמישונג, דער עיקר, נאַטירלעך, צווישן דער יוגנט. האָבן זיי געזוכט אַוועקצושטעלן אַ מחיצה צווישן די אידן און די קריסטן. אָבער אין דייטשלאַנד איז די אידישע לאַגע געווען אַזוי שלעכט און די אָפּזונדערונג אַזוי גרויס, אַז דאָרטן איז די אידן אַפילו נישט איינגעפאַלן מורא צו האָבן פאַר אַסימילאַציע.

דער צווייטער גרעסטער טעם זיינען די שוין־דערמאָנטע מנהגים, דאָס הייסט, אין ערגעץ נישט פאַרשריבענע, אָבער דאָך, אויף אַלעמענס באַראָט, שטרענג־אָפּגעהיטענע פירונגען. אין דייטשלאַנד, אין מיטלאַלטער, איז שיער נישט וואו אַ קהילה, האָט זי געהאַט אירע מנהגים. נאַטירלעך האָבן די שטאָלצע, אפשר פון אויבן־אַראָפּקוקנדיקע שפּאַניער, די מנהגים איגנאָרירט, אַמאָל זיי אַפילו בייז מבטל געווען, בשעת די גערמאַניש־פוילישע האָבן זיך אָן זיי געקלאַמערט.

איז דער רמ״א געווען פּראָגרעסיוו אָדער רעאַקציאָנער? נישט נאָר די משכילים, נאָר אויך פּראָפעסאָר גרעץ, דעם רמ״אס אַ האַלבער לאַנדסמאַן, האַלט דאָס לעצטע. אָבער דר. טשערנאָוויץ, נאָך וועמען אין זיין דייטשער שריפט, אין בערן, משמעות זיין דאָקטאָראַט, די לעצטע פּאַראַגראַפן זיינען געשריבן, וואַרפט די מיינונג לחלוטין אָפּ.

דער רמ״א איז נישט, לויט דר. טשערנאָוויץ, קיין דיקטאַטאָרישער עומד על דעתו. דאָס וואָס ער שטייט אַזוי פעסט פאַרן מנהג, ווייזט גאָרנישט אויף רעאַקציאָנערישקייט. מען קען דאָך גאָר זאָגן, אַז דער מנהג איז דער סימבאָל פון פּראָגרעסיווקייט און דעמאָקראַטישקייט. דער מנהג איז דאָך אַן אויס־דרוק נישט נאָר פון טויטן ספר, נאָר אַ פאַרקערפּערונג פון לעבעדיקע אידן.

נישט אמת, אַז דער רמ״א איז אַ מחמיר. פאַקטיש, ווען עס קומט צום האַנדל מיט קריסטן, צו קריסטלעכע חגאות, בכלל וואו דער דין קומט אין קאָנפליקט מיטן לעבן, איז ער אַ מקיל. דאָ איז ער נישט קיין פּוסק נאָר אַ פירער פון אידישן לעבן. דאָס וויכטיקסטע, דער רמ״א שטעלט דער ערשטער אויף אַ גרויסן פּרינציפּ פאַר פּוסקים: דעם זעלביקן פאַל, ממש ווי צוויי טראָפּן וואַסער, האָט דער פּוסק אַ רעכט צו אַנטשיידן לויט אייגענעם סוב־יעקטיוון איינדרוק, זיך רעכענענדיק מיט די אומשטענדן, גייענדיק לויט דער אייגענער אָפּשאַצונג, וואו און ביי וועמען דער היזק דורך טריף מאַכן

דעם אָקס, למשל, וועט זיין אַ „הפסד מרובה" — אַ גרויסער שאָדן — און וואו ער וועט זיין אַ „הפסד מועט" — אַ קליינער שאָדן.

ר' יוסף קאַראָס „שולחן ערוך" איז טאַקע געבליבן דאָס גרעסטע געזעץ־בוך ביי אידן ביז היינט. דאָך איז עס אמת נאָר בנוגע די ספרדיש־מוגראַווישע (מאַראָקאַנישע א. אַ. וו.) אידן. וואָס שייך די גערמאַניש־סלאַווישע אידן איז קאַראָס נצחון נאָר לפנים. נישט סתם דעם „שולחן ערוך" האָבן זיי אָנגענומען, נאָר אַ רמ"איזירטן „שולחן ערוך".

## שמועס 22־23

## קריאת התורה און די מסורה

ווי ביי אַלע פעלקער, אַזוי האָט אויך ביי אונז אידן אונזער רעליגיע זיך אויסגעגאָסן, זיך פאַרקערפּערט אין אַ גאָטעסדינסט, אין אַ ריטואַל פון איבונ־גען און צערעמאָניעס, פון געזאַנגען און באַוועגונגען, פון ריידענישן און לייענישן. גאַרנישט ווי ביי אַנדערע פעלקער שפּילט די אידישע תורה גאָר אַ ריזיקע ראָלע אין אידישן רעליגיעזן לעבן, אין אידישן גאָטעסדינסט און אַפילו אין דעם סאַמע פּראַקטישסטן ריטואַל. פון די סאַמע עלטסטע צייטן אָן איז געוווען אָן אָנזאָג ביי אידן צו פאַרטיפן זיך, צו לערנען די תורה און אַ סך הונדערטער יאָרן ווערט אָפּגעהיט אָן אַלטער אָנזאָג ביי אידן פאַרצו־לייענען די תורה אין דער עפנטלעכקייט. קריאת התורה — ווי דער איינפיר ווערט גערופן — איז אַ זעלטענע קאָמבינאַציע פון ריטואַל מיט שטודיע. דאָס פאָרלייענען די תורה דורך דעם בעל־קורא אָדער בעל־קריאה איז אי אַ לערנען די תורה, תורת משה, די פינף חומשים מיטן עולם, מיטן קהל אין שול, אי, ווערנדיק געטאָן אין מיטן שול־ריטואַל און ביי די פייערלעכסטע ריטועלע אומשטענדן און אַרומגערינגלט מיט די פאַסיקסטע ברכות, איז עס נישט בלויז אַ טייל, נאָר טאַקע אַ זייער חשובער טייל פונעם ריטואַל.

עס איז איינגעשטעלט געוואָרן דורכצולייענען די תורה, אַלע פינף חומשים, אין משך פון יאָר, פון שבת צו שבת. אַחוץ אין די גרויסע ימים־טובים, וואָס דעמאָלט ווערט די תורה געלייענט, נישט לויטן סדר, נאָר צוגעפּאַסט צו די ימים־טובים, און אַחוץ שמחת־תורה, וואָס יענעם טאָג ווערט די תורה גע־ענדיקט און ווערט אָנגעהויבן איבער־אַ־נייס פונקט דעם קומענדיקן שבת, וואָס רופט זיך טאַקע דערפאַר שבת בראשית, נאָך דער סדרה — קאַפּיטל —

פון דער תורה, וואָס הויבט זיך אָן מיטן וועלט־באַשאַף, מיט „בראשית ברא אלוהים את השמים ואת הארץ".

די תורה איז איינגעטיילט — דורך די בעלי־מסורה (וואָס וועגן זיי אַביסל שפּעטער) — אין סדרות און עס איז איינגעשטעלט געוואָרן, אַז יעדן שבת זאָל דורכגעלייענט ווערן אַ סדרה. אָבער אַזוי ווי אין דער פּראַקטיקע לאָזט זיך די איינטיילונג נישט אַלע מאָל דורכפירן, בפרט אין אַן עיבור־יאָר, וואָס ווערט פאַרגרעסערט מיט גאַנצע פיר וואָכן, ווערט דאָס לייענען אַמאָל געבויגן און געצויגן, אַמאָל ווערן געלייענט צוויי סדרות אַנשטאָט איינער און אַמאָל ווערט איין סדרה געשפּאָלטן אין צוויי.

קריאת התורה ווערט דורכגעפירט מיט אַזאַ איינגעאָרדנטער פייערלעכ־קייט, מיט אַזוי פיל ערנסטער קאָלירפולקייט, מיט אַן ערנסט־צערעמאָניאַלער טעאַטראַלישקייט, אַז אַחוץ אַ צאָל העכסט פייערלעכע תפילות, ווערט זי (די תורה ווערט געלייענט, אפשר נאָר אַלס אַ מין פּרעליודע, און אפשר טאַקע דערפאַר נאָר די ערשטע פּרשה, קאַפּיטעלע, פון דער סדרה, אויך מאָנטיק און דאָנערשטיק און שבת צו מנחה) שיער נישט דער סאַמע קנאַפּ פונעם שבת־יום־טובדיקן ריטואַל.

די תורה ווערט געלייענט נישט פון עמוד, וואו דער חזן אָדער בעל־תפילה שטייט און דאַוונט, נאָר אויף דער בימה אָדער באַלעמער, אַ קיילעכיק־ברייטע, אַרכיטעקטאָניש־שיין געבויטע און נישט זעלטן אויך שיין־דעקאָ־רירטע פּלאַטפאָרמע, אויף וועלכער מען גייט אַרויף אויף טרעפּ. דער גרויסער, לאַנגער, שיין־באַטישטוכטער לייען־טיש, מיט די ווירדיקסטע מענטשן פון דער קהילה, מיטן גבאי (אין אַמעריקע — פּרעזידענט), מיטן בעל־קורא און מיטן שמש (אַמאָל אויך מיטן רב), געוויינטלעך גרויסע און גרויס־בערדיקע אידן, אַרומגעשטעלט. מיט גרויס פּאַראַד ווערט די תורה, דער פאַרשריבענער פּאַרמעט, צונויפגעוויקלט אויף צוויי „עץ־חיימס" — שיין־אָפּגעפּאַרבטע, פון טייערן האָלץ, שטעקלעך — און אַן אָנגעטאָענע אין אַ מענ־טעלע פון טייערסטן זייד אָדער סאַמעט און באַהאַנגען מיט זילבערנע גלעקלעך, טייטלעך — מיט גרויס פּאַראַד ווערט זי, דורך ספּעציעלע אידן, געבראַכט פון אָרון־קודש, איר שטענדיקער היים, אויף דער בימה. דאָרט ווערט זי, דורך די אַרומשטייענדיקע חשובע לייט, אויסגעטאָן, ווערנדיק געקושט ביי דער באַרירונג מיט איר, אַוועקגעלייגט אויפן טיש און אויפגעוויקלט אויפן ריכטיקן אָרט און זייט פון דער וואָך.

עס ווערן אויפגערופן „עולה לתורה" צו זיין אַכט אידן, געוויינטלעך אָנהויבנדיק, די ערשטע צוויי פּרשיות, מיט אַ כּהן פון דער קהילה און מיט אַ לוי און ווייטער פאַרגעזעצט מיט די שענסטע פון די פּאַרזאַמלטע לייט. יעדער „אויפגערופענער" טרעט צו פייערלעך, אָבער אויך מיט עניוות, צום טיש און צו דער אויסגעשפּרייטער תורה, רירט אָן מיטן ברעג פון זיין טלית, מיט די ציצית, דעם אָרט וואו דער בעל־קורא ווייזט אים אָן, טוט אַ קוש דעם אָנגערירטן ברעג און מאַכט זיין ברכה. דער עולם, וואָס האָט שווייגנדיק, פייערלעך דורכגענומען, נאָכגעפאָלגט די גאַנצע צערעמאָניע, ענטפערט מיט אַ פייערלעכן אָמן אויף דער ברכה און דער בעל־קורא הויבט אָן לייענען (אַמאָל פלעגט דער אויפגערופענער אַליין לייענען זיין פּרשה, אָבער פון זינט עס האָט זיך, לײַדער, געמערט די אומגעלערנטקייט, לייענט פאַר אים דער בעל־קריאה). געענדיקט די פּרשה, טוט דער אויפגערופענער ווידער אַ קוש די תורה דורכן טלית, מאַכט די צווייטע ברכה, און גייט אַראָפּ פון דער בימה דורך דעם צווייטן טרעפּן־גאַנג, מאַכנדיק פּלאַץ פאַרן נעקסטן אויפגערופענעם. און אַזוי בייטן זיך די אַכט אויפגערופענע און די אַכט לייענישן און קהל פאָלגט שווייגנדיק און ערנסט נאָך, געוויינטלעך מיטלייענענדיק אין דער שטיל, די גאַנצע צערעמאָניע.

דאַן ערשט קומט אַ מין פינאַל — מפטיר.

פרי אין מיטלאַלטער איז עס איינגעפירט געוואָרן אין אידישן ריטואַל, אַז נאָך דער סדרה פון וואָך זאָל קומען, ווי אַ מין נאָכשלוס, אַ קאַפּיטל, אַ פּאַסנדיקער מיטן אינהאַלט (אַזוי, למשל, ווערט יום־כּיפּור, וואָס איז אַ טאָג פון פאַרגעבונג און תשובה, די הפטורה געלייענט פון ספר יונה, וואָס איז אַ בוך פון חרטה און תשובה) — אַ פּאַסנדיקער קאַפּיטל פון די נביאים. דער מיין איז קענטיק, ווידער, געוועזן אַ צווייענדיקער, אי פאַרשפּרייטן קענטשאַפט מיט די נביאים, אי צוצוגעבן נאָך יום־טובדיקייט צום ריטואַל. מער נאָך ווי צו דער תורה, ווערט צו מפטיר אויפגערופן נישט אַבי ווער. די הפטורה, האָבנדיק איר באַזונדערן ניגון, ווערט שיין אויסגעלייענט — אויסגעזונגען. אָפט ווערט צו מפטיר אויפגערופן אַ אינגל, נאַטירלעך אַ גוט אינגל, וואָס דער שמש מיטן גבאי ווייסן, אַז „ער קען". שפּילן זיך אָפּ אינטערעסאַנטע שטומע סצענעלעך. שוין „דאָס אויפרופן" זיין נאָמען רופט אַרויס אַ סענסאַציע (דאָ איז נישט דווקא די רייד פון אַ בר־מצוה מפטיר). דאָס אינגל, נישט האָבנדיק נאָך קיין אייגענעם טלית, טוט ער אָן דעם

טאַטנס אָדער אַ פריינטס, ווערט די סצענקע נאָכגעפאָלגט מיט גיריק־פייערלעכע בליקן. דעם אינגלס מאַכן די ברכות און אויסזינגען די הפטורה ווערט נאָכגעפאָלגט מיט מער ווי טעאַטראַלישער שפּאַנונג. קהל, ליב האָבנ־דיק קינדער אַזוי ווי אַלע דערוואַקסענע, בפרט אין אַ טעאַטראַלישער פּאָזע, פרייט זיך מיט זיין קונסט; קהל, באַשטייענדיק פון דערוואַקסענע, שוין עלטערע אידן, פרייט זיך מיטן שטילן באַוואוסטזיין, וואָס אַט וואַקסט אַ יורש פון זייער גאָטפאָרכטיקן לעבן און טאָן.

דער אמתער קינסטלער פון קריאת־התורה, אַ קינסטלער, וואָס ווערט אָבער נישט געווינטלעך באַמערקט מחמת דער שאַבלאָנקייט, אויסגעדראָשנקייט פון זיין פונקציע, איז דער בעל־קריאה. ער לייענט די תורה, דאָס הייסט, ער זינגט זי אויס מיטן טראָפּ (וועגן וועלכן עפּעס שפּעטער) יעדן שבת, יעדן מאָנטיק־דאָנערשטיק און שבת צו מנחה, יעדן יום־טוב און יעדן תענית. ער מוז לייענען די תורה אינטעליגענט, פאַרשטענדיק לויטן אינהאַלט. דאָס אַליין איז שוין אַ גרויסער ענין. דער בעל־קריאה דאַרף זיין היימיש מיט די אותיות פון דער ספר תורה, וועלכע זיינען, אַ דאַנק זייער באַזונדערן אויסשטעל, אַ דאַנק זייער קאַליגראַפישער אָרנאַמענטיק און מחמת דעם וואָס זיי האָבן קיין נקודות נישט, אַנדערש ווי די אותיות פון חומש. אַפילו די ווערטער גופא, געפינענדיק זיך אין דעם אַלערהייליקסט אָפּגעהיטן, עכט־טראַדיציאָנעלן, קיינמאָל און אויף דאָס מינדסטע נישט געענדערטן טעקסט, זיינען אויך נישט אַלע מאָל פונקט־אויפן־האָר די זעלביקע ווי אין חומש. ליגט טאָקע הינטער דעם בעל־קריאהס קונסט, נישט נאָר אַ גאָר היפּשע געלערנטקייט, נאָר אויך אַ שווערע און לאַנגע צוגרייטונג, אַ רעפּעטירונג, וואָס ריין טעכניש איז זי שווערער פון אַקטיאָרס איינלערנען זיין ראָלע. עס איז אַן אַרבעט פון נעכט, איבערהויפּט פון לאַנגע, קאַלטע ווינטער־נעכט, פון איינלערנען אין חומש — צום טייל אויך איינאיבן זיך אין אַ ספּעציעלן, אָן־ניקודיקן און אָן־טראָפּיקן חומש, וואָס מען רופט „תיקון" (אויף ענגליש וואָלט מען עס גערופן „פּאָני") — פון איינלערנען די ווערטער, זייער ריכטיקע אויסשפּראַך, איינזינגען דעם טראָפּ און טראָגן אים אויפן קאָפּ, וואָרעם אין ספר תורה איז ער נישטאָ און טאָר נישט זיין.

אָן אַנדער שטילער, נישט־געזעענער קינסטלער איז דער סופר, וואָס האָט די תורה געשריבן. זיך געפינענדיק אפשר פאָר טויזנטער מייל, אָדער שוין גאָר אויף יענער וועלט, ווערט מעשה ידו און זיין מעשה נשמתו

איצט אַרויסגעלייענט, אַרויסגעזונגען אויף דער בימה, פאַר די אויערן פון גאַנצן קהל.

דער סופר איז אַן אינטערעסאַנטער קינסטלער ביי אידן. און נישט יעדער קען און מעג עס זיין. און דער סופר האָט שטענדיק געהאַט זיין אָרט אין לעבן פון דער אידישער קהילה.

ביי אַלע קינסטלער און העלדן פון קריאת־התורה פאַרגעסט אָבער קהל נישט די הויפּט־העלדין, דעם הייליקייט־צענטער, וואָס ליגט אין מיטן, דעם הייליקן פאַרמעט, די אַלטע ירושה פון גאָט און משהן, וואָס זייערע נעמען ווערן אַרומגעזונגען און אַרומגעזאָגט אַרום דער ספר התורה, דורך דעם גאַנצן פאַראַד פון לייענען זי, פון אַרויסנעמען זי, אַרומטראָגן און צוריק אַריינשטעלן זי אין אָרון קודש. זי איז די הויפּט־העלדין: אירע ווערטער ווערן אַרויסגעלייענט, אירע געפילן און רעיונות ווערן אַרויסגעשעפּטשעט און אַרויסגעשריגן, אירע כוונות און מיינען, אירע שפּיצן, אירע טענער און אונטערטענער ווערן, דורך די טראָפּ, אַרויסגעזונגען.

פאַראַן אַן אויבערפלאַכלעכע מיינונג, אַז דער טראָפּ איז אַ מין נאָטן, ווי צו לייענען די תורה (און די נביאים און די מגילות). כאָטש ס׳איז אמת, אַז עפּעס מוזיקאַלישעס איז אין איניקע טראָפּ פאַראַן, איז אָבער די מיינונג אַלס גאַנצע זייער ווייט פון אמת. מוזיק־נאָטן זיינען צוליב שיינקייט און וואויל־קלינגעוודיקייט, בשעת אין דער רייע צייכנס, וואָס מען רופט טראָפּ, זיינען בלויז פאַראַן עטלעכע, ווי דער „פּזר״ אָדער דער „שלשלת״, וואָס פאַרמאָגן אַ קלאַנג פון עמפאַטישקייט emphasis — וואָס פאַרמאָגן עפּעס מוזיקאַלישעס. די מייסטע טראָפּ זיינען, ווי זיי הייסן טאַקע ביי די בעלי־מסורה, ט ע מ י ם , עס הייסט באַטאָנונגען, באַשמאַקונגען, וואָס דאַרפן געבן טעם, זין, פאַרשטאַנדיקייט צו די ווערטער פון טעקסט. זיי זיינען אַ מין אָפּטייטשונגען, דערקלערונגען, אַ קאָמענטאַר צו די ווערטער און פסוקים און צום גאַנצן נוסח. זיי ווייזן אָן וואו די ווערטער געהערן, און צו וועלכע אַנדערע ווייטער. זיי ווייזן אָן די באַציאונג און דעם המשך צווישן זיי (דאָס וואָרט פון „מהפך״ בינדט זיך מיטן „פשטא״, דאָס וואָרט פון „קדמא״ בינדט זיך מיטן „אזלא״, דאָס וואָרט פון „דרגא״ מיטן „תביר״ א. אַ. וו.). זיי ווייזן אויך אָן דעם קאַדאַנס, דעם געלויף פון די ווערטער, זייער צוזאַמענגיסן זיך אין דער פּלאַסטישער סטיליסטיק.

אין גרונט זיינען די טראָפּ די זעלביקע, אָבער אַדאַנק דעם באַזונדערן ניגון, וואָס דאָס איז שוין טאַקע ריין־מוזיקאַליש, ווערן זיי אַנדערש אַרויס־געלייענט, קוים אין רעטשיטאַטיוון, אָבער שוין מיט אַ האַלב־וויינענדיקן ניגון ראש־השנה און יום־כיפּור („וד׳ פּקד את שרה כאשר אמר״ און „ויהי אחרי מות שני בני אהרן״), מער זינגעוודיק אין דער הפטורה, פריילעך־טאַנצנדיק אין „מגילת אסתר״, גאַנץ זינגעוודיק אין „שיר השירים״ און גאַנץ וויינענדיק אין דער תשעה־באבדיקער „מגילת איכה״.

דער דאַנק פאַר די טראָפּ, פאַר זייער דערפינדונג (כאָטש געלעגן באַ־האַלטן זיינען זיי מן הסתם אין דעם קלימאַט פון מיטל־אַלטערלעכן בבל) זיינען די בעלי־מסורה, אַ קאַלעגיע, צעוואָרפן איבער די יאָרהונדערטער פון דער פאַר־חשמונאַישער צייט ביזן סוף 15טן יאָרהונדערט, וואָס דעמאָלט, ווי עס ווייזט אויס, האָט די פאַרשפּרייטונג פונעם דרוק זיי פאַר אויס נוצלעך געמאַכט — אַ קאַלעגיע פון היטער פון די הייליקע טעקסטן, פון גראַמאַטי־קער פון דער הייליקער שפּראַך און פון קאָמענטאַטאָרן פון די הייליקע שורות. אַזוי ווי דער עולם פון גאָס ווייסט ווייניק אָדער גאָרנישט פון די ערשטע כינעזישע דערפינדער פון גלאָז, אַזוי ווי דער געוויינטלעכער דורכשניטלער האָט נישט קיין אַנונג פון די אַלטע באַבילאָנישע זייגערמאַכער, אַזוי ווייסט נישט דער איד, וואָס יעדן פרייטיק איז ער מעביר די סדרה, פון די פאַר־צייטיקע פלייסיקע געלערנטע, דערפינדער און קינסטלער, וואָס האָבן דער־פונדן די וואונדערלעכע טראָפּ אויף צו לייענען די תורה און אויסזינגען און אויסוויינען די נביאים און די טרויער־ניגונים פון חורבן בית־המקדש. זיי האָבן די בוכשטאַבן אויך אַרומגערינגלט מיט די נקודות. זיי האָבן די טעקסטן גופא גערייניקט, געזויבערט (נאַטירלעך נאָר אין חומש, נישט אין ספר תורה) פון דעם וואָס האָט געקענט זיין אומוואויל קלינגעוודיק אָדער אומדרך־ארצדיק. זיי האָבן געוויסע ווערטער באַפּינטלט, אום אָנצואווייזן אין זיי אַן איראָנישן זין (דער באַרימטער „וישקהו״ מיט פּינטעלעך פון עשו׳ס קוש, למשל). זיי האָבן שליסלעך, לויט זייער איינזען, אומצאָליקע מאָל אויסגעקאָרעגירט די טעקסטן, אָנווייזנדיק אַז כאָטש שטיין שטייט אַזוי און אַזוי, דאַרף מען אָבער לייענען אַזוי און אַזוי (דער באַרימטער קרי וכתיב).

אין אַלע זייערע דערפינדונגען, חידושים, אויפטואונגען און אויס־טייטשונגען האָבן זיי, תלמיד נאָך רבי, דורך די יאָרהונדערטער, פון די

עלטסטע תורה־האַנטשריפטן ביז העט נאָך דער דרוק־דערפינדונג, אַריינ־געשריבן און אַריינגעפּינטלט צווישן די שורות, אַרום די ראַנדן פון די זייטן און אין סוף פון די הייליקע שריפטן.

וואָס פאַר אַ זעלטענער מאָנומענט פאַר דער געטריישאַפט, געלערנטקייט, פלייסיקייט און אפילו געוואַגטקייט פון יענע וואונדערלעכע אידישע טעקסטן — היטער און געלערנטע — די בעלי־מסורה.

שמועסן 24־25־26

## תפילות און ברכות ; דער סידור ; דער מחזור ; יוצרות ; תחינות ; סליחות

קריאת־התורה איז זייער אַ וויכטיקער טייל פון אידישן ריטואַל און זייער אַ שיינער, אָבער דאָס דאַווענען, די תפילות, כאָטש זיי זיינען נישט קיין בפירושער אָנזאָג אין דער תורה, זיינען זיי אָבער מיט דער צייט געוואָרן פון דער העכסטער וויכטיקייט און אַ דאַנק דעם טעאַטערדיקן אויסטויש צווישן דעם שליח־ציבור און קהל און די שיינע ניגונים אין דער חזנות זיינען זיי אויך געוואָרן זייער שיין. אַ סך תפילות זיינען אויך זייער שיין מיט זייער דורכגעפילטער האַרציקייט און זיסקייט פון לשון. אין פיוט, וואָס איז פאַרפאַסט געוואָרן פון פיל פון די גרעסטע העברעאישע פּאָעטן פון מיטלאַלטער, זיינען פאַראַן פיל פּאָעטישע פּערלען.

דער ענין תפילה איז אַן אוראַלטער ביי אידן. אין תנ״ך געפינען זיך עטלעכע גרויסע, שיינע, פּאָעטישע, אינהאַלטסרייכע תפילות. פראַגמענטן פון תפילות און אָנצוהערענישן אויף זיי זיינען פאַראַן גאָר אַ סך.

נישט פיל איז אונז באַקאַנט פון די תפילות אין ערשטן בית המקדש. דערפאַר ווייסן מיר, אַז גאָר אַ סך תפילות פון סידור שטאַמען פון צווייטן בית־המקדש, פון די אַנשי כנסת הגדולה, וואָס צו זיי האָבן געהערט די עלטסטע תנאים.

דאָך די גרעסטע וויכטיקייט אין אידישן לעבן האָט דאָס דאַווענען באַקומען נאָכן חורבן בית־המקדש. לויטן בליק פון די תלמודישע חכמים און אויף זייער באַפעל, האָבן די תפילות פאַרנומען דעם פּלאַץ, אויסגעפילט דעם בלויז, וואָס דער חורבן בית־המקדש האָט איבערגעלאָזט אין אידישן לעבן. די פירער פון דער אומה האָבן סימבאָליש איבערגעבליקט דאָס חרוב־

געוואָרענע אידיש־ריטואַלע לעבן. לויט דעם דאָזיקן בליק און באַפּעל האָט די שול פאַרנומען דעם אָרט פון בית־המקדש. די תפילות האָבן געדינט אַנשטאָט די קרבנות. נישט קענענדיק און נישט טאָרנדיק מער ברענגען די קרבנות, האָט מען אין שוליקן ריטואַל געלערנט די תלמודישע דינים און מאמרים וועגן די קרבנות. פונקט אַזוי האָט מען אויך געלערנט די דינים און אָנזאָגן וועגן די קטורת, וואָס מען פלעגט רויכערן אין בית־המקדש.

אייגנטלעך איז עס נישט רעכט, וואָס מען רעדט ביי אונז אַזוי פיל וועגן די תפילות און מען פאַרשווייגט די ברכות — די קורצע שפּרוכן, וואו מען דאַנקט און לויבט גאָט פאַר אַלץ אויף דער וועלט, פאַר יעדער דערפילטער באַדערפעניש, פאַרן מינדסטן גענוס, פאַר יעטוועדער זעלטענער און דער־הויבנדיקער דערשיינונג סיי אין דער נאַטור, סיי אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט. אַזוי פיל ברכות זיינען ביי אידן פאַראַן, אַז עס קלינגט גאָר־נישט ווי קיין גוזמא יענער צדיקשער וואונטש צו מאַכן הונדערט ברכות אַ טאָג. די ברכות זיינען געזאָגט געוואָרן נישט נאָר אין דאַוונען נאָר אויך אין דער היים, אין ישיבה, אין חדר און גאַס, וואָס ווייזט, אַז דער אידישער ריטואַל איז גאָרנישט באַשרענקט געווען צו אַ הייליקן אָרט, נאָר די גאַנצע אָפענע וועלט האָט געקענט ווערן גאָטס פּלאַץ, אויב מען לויבט דאָרט זיין נאָמען. די ברכות, זייענדיק אַזוי פיל ביי אידן, און אַזוי ווייניק ביי אַנדערע פעלקער, פאַרמאָגן די קראַפט, לכל הפחות אין פאָעטישע אויגן, צו באַשפּריצן מיט חן און צויבער דאָס אַזוי אָפט פינצטערע אידישע לעבן.

אָט זיינען עטלעכע ברכות, וועלכע מען קען באַצייכענען ווי איינגע־פרעסטע פאָעמעלעך.

אויף שמעקנדיקע פרוכט מאַכט מען די ברכה:

ברוך אתה א. אַ. וו. הנותן ריח טוב בפירות — דער וואָס גיט אַריין אַ גוטן ריח אין די פּירות.

אויף אַ דונער און אַ שטורעם מאַכט מען די ברכה:

...שכוחו וגבורתו מלא עולם — וואָס זיין כוח און זיין גבורה פילן אָן די וועלט.

אויף אַ בליץ מאַכט מען די ברכה:

...עושה מעשה בראשית — דער באַשעפער פונעם וועלט־באַשאַף.

אַז מען דערזעט דעם גרויסן ים (אין די תלמודישע שריפטן האָט עס באַטייט דער מיטללענדישער ים):

...דער באַשאַפער פון גרויסן ים.

אויף אַ רעגנבויגן:

„געלויבט ביזטו גאָט אונזער גאָט, דער קעניג פון דער וועלט, וואָס ער געדענקט דעם אָפּמאַך (עס הייסט מיט נחן נאָכן מבול) און זיין אָפּמאַך איז ראַיעל און זיין וואָרט איז שטאַנדהאַפטיק".

און אַז מען דערזעט דעם קעניג, מאַכט מען די ברכה:

„געלויבט ביזטו א. אַ. וו. וואָס ער טיילט אָפּ פון זיין כבוד צו מענטשן".

נישט אַלע תפילות זיינען גראַד געבעטן. אַ תפילה קען אויך זיין אַ שפּרוך, אַ מאַניפעסט. אַ ביישפּיל איז דער שמע ישראל, וואָס מאַניפעסטירט די איינקייט פון גאָט, וואָס שיינט צו זיין דער סאַמע עלטסטער ביי אידן און וואָס מיט אים לעבט דער איד און שטאַרבט.

צווישן די עלטסטע און די וויכטיקסטע תפילות איז די שמונה־עשרה, די אַכצן ברכות, וואָס זיינען דער שפּיץ פון דריי־מאָל־אין־טאָגיקן דאַווענען. (שפּעטער־צו איז צו די אַכצן צוגעקומען אַ ניינצנטע ברכה — „ולמלשינים" — וואָס איז קענטיק געווען אַ פלוך, הגם אַן איינגעהאַלטענער, אויף איינער פון די ביידע אידישע סעקטעס אָדער פּאַרטייען פון סוף צווייטן בית־המקדש, וואָס האָבן געשענדעט דעם אידישן נאָמען). די שמונה־עשרה הייסט ברכות, ווייל זיי זיינען געשריבן אין דער פאָרם פון ברכות, אין אמתן זיינען זיי די מענטשלעכסטע און נאַציאָנאַלסטע און האַרציקסטע תפילות, וועלכע מאַכן אפשר דעם שטיל־שטאַרקסטן איינדרוק, ווייל זיי זיינען געשריבן אין פּשוט־האַרציק־מענטשלעכן סטיל, בשעת די שפּראַך איז דער גלאַט־לייכטער לשון פון דער פריער משנה.

די מייסטע תפילות אין סידור זיינען אויף העברעאיש; אַ קליינע צאָל תפילות, ברכות אָדער הימנעס, זיינען אויף אַראַמעאיש, אויף תרגום־לשון. צו זיי געהערט די שרעקלעך־טראַגישע תפילה, דער קדיש. די טראַגישקייט ליגט אין דעם וואָס, כאָטש ס'איז אין איר קיין וואָרט נישטאָ וועגן טויט אָדער דעם טויטן, שפּירט דאָך אין איר דאָס פאָלק אי דעם שרעק פון טויט, אי דעם צאַרטסטן רחמנות צום טויטן. זי ליגט אויך אין דעם הויכן, אַזוי אַלוועלטלעך־גרויסן טאָן פון דער תפילה, אַ טאָן פון גאָטס אוניווערסאַלער דורכדרינגלעכקייט און הערשאַפט. אין העכסטן מיטן פון גרעסטן טויט־אומגליק, וואָס איז אומגליק אויף די מענטשן (און אַלץ קומט דאָך פון גאָט),

לויבן אים די מענטשן מיט אַ שטרענג־צוזאַמענגעפּרעסטן געמיט און בעטן די אַלוועלטלעכע אויסשפּרייטונג פון זיין הערלעכקייט.

הימנע דורכגעזאַפּט מיט גאָטס הערלעכקייט, התלהבותדיק פּאַרזיסט, איז די קדושה, אַפילו די אינדערוואָכיקע, בפרט די שבת־יום־טובדיקע. נישט אומזיסט ליבט זי דאָס פאָלק מיט עקסטאַטישער ליבשאַפט און די חזנים גיסן אויף איר אויס זייערע זיסטע און פייערלעכסטע ניגונים.

עס איז אַ מיניאַטורנע היסטאָרישע סקיצע:

דער ערשטער סידור איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן אין זיבעטן יאָר־הונדערט פון רבי עמרם גאון (גאון, דאָס איז געווען דער טיטל פון די אידישע פירער־געלערנטע פון יענע צייטן).

דער געדאַנק איז אויפגעכאַפּט געוואָרן ווי אַן אבן־טוב. נישט נאָר האָט רבי עמרם׳ס סידור זיך שנעל פאַרשפּרייט, נאָר עס זיינען אין גיכן געקומען אַנדערע סידורים, וואָס זיינען געוואַקסן אין גרויס. פאַרשידענע צדיקים און פירער־געלערנטע גיבן־צו תפילות. אין סוף פון מיטלאַלטער, אַז די קבלה צעוואַקסט זיך, דרינגען אין סידור אַריין קבליסטיש־באַפּאַרבטע תפילות (יהי רצונס).

דער סידור איז דאָס עלאַסטישסטע ספר ביי אידן. פאַראַן זייער דיקע סידורים, צום ביישפּיל דער באַוואוסטער קרבן־מנחה סידור, וואָס אַנטהאַלט אַן אַ צאָל תפילות, זאָגעכצן, דינים, פּאָעמעס און אַפילו גאַנצע טראַקטאַטלעך. און פאַראַן, ווידער, דינינקע סידורים מיט קוים, קוים דאָס סאַמע נויטיקסטע דאַווענען, ווי למשל, דאָס סידורל, וואָס די „וועלפער־באָרדס״, אונטער דער השגחה פון די קאָנסערוואַטיווע רבנים, גיבן די יונגיטשקע אידישע סאָלדאַטן גייענדיק אויף מלחמה.

[די לערער פון אונזערע מיטלשולן טאָרן מיט שמועסן וועגן דעם סידור און תפילות זיך נישט באַנוגענען, נאָר זיי דאַרפן דעם סידור, לכל הפחות געקליבענע טיילן זיינע, לערנען. דאָס הייסט לייענען און פאַרטייטשן.]

דער פּיוט אָדער דער מחזור, וואָס ווערט געזאָגט אין די שולן ראש־השנה און יום־כיפּור און אין די גרויסע דריי ימים־טובים, איז זיין וואוקס און צונויפשטעל לויטן עלטער פונעם סידור. עס האָבן זיך באַטייליקט אין זיין שאַפונג די גרעסטע אידישע בעלי־מוחות (פאַראַן אַפילו אַ „שטיקל מחזור״ וואָס ווערט צוגעשריבן צום רמב״ם), די איידלסטע צדיקים און די סאַמע פיינסטע פּאָעטן (די בן עזראס — רבי משה און רבי אברהם, איבן

גבירול, רבי יהודה הלוי). פאַראַן אַ סך רעטאָרישע פּיוטים. פאַראַן פּיוטים דורכגעדרונגען מיט אַ הויך־ווירדיקן טאָן און פאַראַן נישט ווייניק מחזור־פּאָעמען (ווי, למשל, „ונתנה תוקף" און די קלאָג־לידער וועגן די עשרה הרוגי מלכות), וואָס גיסן זיך אַריבער מיטן האַרצרייסנדיקן רעליגיעז־נאַציאָנאַלן פּאַטאָס.

[דער איבערקער וואונטש וועגן סידור גילט אויך דאָ.]

צום סידור און פּיוטים זיינען נאָך פאַראַן זאָגעכצן און הימנען וואָס מען זאָגט געוויסע שבתים אין די שולן, ווי, למשל, שבת־הגדול און דעם שבת פאַר פּורים (די מייסטע אַזעלכע זאָגעכצן רופט מען יוצרות, בשעת די פאַר־פּורימדיקע רופט מען אויך קרובץ — אַן אַלט־פראַנצויזיש וואָרט). פאַראַן אויך די סליחות (אין וועלכע עס קלינגט אָפּט אַן אמת־ווייגעדיקער, אַן אמת־צעבראָכענער, אַן אמת־מוטיקער טאָן) וואָס מען זאָגט פאַר ימים־נוראים און אין אַלע תעניתים, אַלטע און נייע. און פאַראַן, ענדלעך, די תשעה־באָבדיקע קינות, צווישן וועלכע עס קלינגען אַזוי יאָמערפול טראַגיש אויך רבי יהודה הלויס געוויינען.

[אויך פון די סליחות מעג מען ברענגען אַ מוסטער אין קלאַס.]

לסוף לאָמיר אויך דערמאָנען די ווייבערשע תחינות, וועלכע דער גע־ווייגטלעכער ביישפּיל איז דער „מענה לשון", וואָס פרויען זאָגן אויף קבר־אָבות, אָבער וועלכע פאַרמאָגן אויך גאָר אַ סך עכט־ווייבערשע געבעטן, וואָס דריקן אויפּן סאַמע אוממיטלבאַרן, שיער נישט פעמיניסטישן, אופן אויס די טראַגעדיע פון דער פרוי, אַזעלכע ווי די תחינה פון ליכט־בענטשן, די תחינה פון ראש־חודש בענטשן, די תחינה פון דער עקרה, פון דער עגונה א. אַ. וו.

די תחינות ציען זיך אין אפשר אַ נישט־איבערגעריסענעם שטראָם שוין אפשר אַרום עטלעכע הונדערט יאָר. די ערשטע מחברטעס פון די תחינות זיינען געווען פרויען (די באַוואוסטסטע פון זיי איז געווען שרה בת טובים). אין די נייע צייטן האָבן זיי געשריבן אויך — אויב טאַקע נישט אויסשליסלעך — מענער. עס האָבן זיך דערמיט אַפילו פאַרנומען מענטשן מיט ליטע־ראַרישע נעמען. אַזאַ איינער, אין רוסלאַנד, איז געווען דער באַוואוסטער העברעאישער שרייבער יהושע ווייזאַק. די סטודענטן וועלן איבערראַשט ווערן הערנדיק, אַז דער שטראָם האָט זיך אויך געצויגן, דורך די היגע ביכער־אַרויסגעבער, אויך אין אַמעריקע. מער נישט, דאָ האָבן זיי אָפּט אָנגענומען דעם כאַראַקטער פון בעטלערשע באַלאַדעס, ווערנדיק פאַרפּאַסט

אויף טעמעס פון טראַגיש־טעגלעכע סענסאַציעס. אין תחינה, למשל, איז פאַרפאַסט געוואָרן אויפן אונטערגאַנג פון דער שיף „טיטאַניק", אין וועלכער דאָס פראָמינענטע אידישע פּאָרפּאָלק, איזידאָר שטראַוס און זיין פרוי, זיינען דערטרונקען געוואָרן. צווישן די אַמעריקאַנער מחברים פון תחינות זיינען געווען אַזעלכע באַוווּסטע שרייבער ווי געצל זעליקאָוויטש און מ. אַגוז.

## שמועס 27

## חברות און אינסטיטוציעס

פילנדיק, אַז די אַרבעט וועגן אידישער עטנאָלאָגיע וואָלט נישט געווען פאַרפולט ווען איך וויז נישט אָן כאָטש אייניקעביישפּילן, ווי אַזוי דער אידישער קוק, דער אידישער גלויבן אָדער קולט האָט זיך קריסטאַליזירט אין מעשים, אין טאָג־טעגלעכע אָנווענדונגען און טואונגען, רעכן איך אויס אין איצטיקן לעצטן קאַפּיטל אייניקע אידישע חברות און אינסטיטוציעס פון אַ סאָציאַלן, פּשוט־מענטשלעכן אָדער נאַציאָנאַלן כאַראַקטער פון פאַר און נישט לאַנג נאָך דעם צווייטן חורבן. איך וועל אויך אָנווייזן, ווי אַזוי די דאָזיקע אינסטיטוציעס און חברות לעבן נאָך ביזן היינטיקן טאָג.

ווער האָט נישט געהערט פון די קאָמונעס אָדער דעם קאָמונאַלן לעבן פון דער אוראַלטער אידישער פּאַרטיי אָדער סעקטע, די אסיים? זיי האָבן געלעבט אַ ברידערלעך, חבריש לעבן, פון אַרבעטן און געניסן צוזאַמען, אָן פּריוואַט אייגנטום. עס איז אויך נישט קענטיק, אַז זיי זאָלן האָבן באַאיינפלוסט געווען אין זייערע אידייען און אַרט לעבן פון ערגעץ פון דרויסן, אַחוץ פון זייער אייגענער גייסטיקער ירושה און פון דערפירן זי צו אירע ווייטסטע גייסטיקע קאָנסעקווענצן.

קלענערע ביישפּילן, איינגעשלאָסן אין יענעם ברייטן ראַם, וואָס פּעטער קראָפּאָטקין באַצייכנט אַלס קעגנזייטיקע הילף, פון באַלד דער זעלבער צייט, ווערן אָנגעדייטעט אין פריע תלמודישע שריפטן. פון אַ באַשרייבונג וועגן דעם ווי אַזוי די בעלי־מלאָכהס פון די פאַרגריכישטע אידן, פלעגן זיצן אויסגעסאָרטירט צוזאַמען, בשעתן ריטואַל, אינעם „בית המקדש" פון אַלכּסנדריה פון מצרים, אַ צייט פאַר חורבן ירושלים, שיינט עס צו זיין קלאָר, אַז די נעמלעכע אידישע בעלי־מלאָכהס זיינען שוין דעמאָלט געווען אָרגאַניזירט אין פאַך־צעכן. פון אַ משנה אין בבא קמא איז קלאָר, אַז אומגעפער אין

די זעלביקע צייטן זיינען ביי אידן געווען אָרגאַניזירטע קאָאָפּעראַטיוון פון שיפער, וואו אויב ביי אַ חבר איז אונטערגעגאַנגען אַ שיפל, זיינען די איבעריקע מיטגלידער מחוייב געווען אים אָפּצוקויפן אַן אַנדער שיפל אַנשטאָט דער געזונקענער; און פון קעמל־טרייבער, וואו אויב ביי איין מיטגליד פון קאָאָפּעראַטיוו איז אַוועקגעפאַלן זיין קעמל, האָבן די איבעריקע אים געמוזט שאַפן אַן אַנדער קעמל.

ווי אַלט איז אונזער באַרמהאַרציק־מענטשלעכע חברה קדישא?

אַ וואַרעם־ליבשאַפטלעכן ענטפער אויף דער שאלה געפינען מיר ביי איינעם פון די דייטשע געלערנטע, די דעליטשעס, אין זיין ביכל וועגן לעבן פון די אידן אין דער צייט פון יעזוסן. די אינפאָרמאַציע ווערט גענומען פון אַ תלמודישער רייזע־באַשרייבונג. אַן אורח איז אַריינגעפאַלן אין אַ שטאָט פונקט דעמאָלט ווען עמעצער איז דאָרט געשטאָרבן. ווערנדיק פאַרוואונדערט וואָס די שכנישע שטאָט־לייט גייען זיך אָן מיט זייער אַרבעט, גלייך גאָרנישט וואָלט געשען, האָט ער געפרעגט, פאַרוואָס זיי טוען גאָרנישט צו באַזאָרגן דעם מת. האָבן זיי געענטפערט, אַז דערפאַר פאַרנעמען זיי זיך נישט מיטן בר־מנן, ווייל ס'איז אין שטאָט פאַראַן אַ חברה אַזאַ, וואָס וועט שוין אַלץ באַזאָרגן.

איבעריק צו זאָגן, אַז די חברה קדישא איז, סיי אין מיטלאַלטער און סיי אין דער נייער צייט, קיינמאָל נישט אַוועק פון דער אידישער גאַס. צוויי פון די סאַמע וויכטיקסטע פאַרשוינען אין גייסטיקן אידישן לעבן, יצחק לייבוש פּרץ און משה לייב ליליענבלום, האָבן אָפּגעלעבט אַ לעבן, אַרבעטנדיק אין די חברה קדישאס פון זייערע שטעט (וואַרשע און אָדעס). די נייע אידישע ליטעראַטור, אויף אונזערע ביידע שפּראַכן, האָט גאָר אַ סך געהאַט צו טאָן מיט דער חברה קדישא.

אין דעם גרויסן אידישן צענטער, ניו־יאָרק, איז די חברה קדישא — די גמילת חסד של אמת — געגרינדעט געוואָרן שיער נישט פריער איידער אַלע אַנדערע אַלגעמיינע חברות.

אַ ביישפּיל פון אַ מער נאַציאָנאַלן כאַראַקטער איז די אינסטיטוציע פון פּדיון שבויים, וואָס, האָבנדיק זיך, ווי עס ווייזט אויס, אָנגעפאַנגען אַרום די צייטן פון לעצטן חורבן, איז זי קיינמאָל נישט איבערגעריסן געוואָרן, נאָר זיך בייטנדיק אין דער פאָרעם, אָבער בלייבנדיק די זעלביקע אין פּרינ־ציפּיעלן תוך, באַפרייען, אויסלייזן ברידער־אידן פון בייזע, פּייניקנדיקע

גויישע הענט, לעבט זי ביי אידן דורכן גאַנצן מיטלאַלטער און דורך דער נייער צייט ביזן היינטיקן טאָג. אַלס אילוסטראַציע. — און ס׳איז זייער געוואונטשן, נישט נאָר אין איצטיקן שמועס, נאָר אויך אין אַלע אַנדערע, די געדאַנקען און באַהויפּטונגען צו אילוסטרירן מיט ווערק פון דער שיינער ליטעראַטור — ראָט איך דאָ פּאַרצולייענען אין קלאַס אַברהם ליעסינס „מהר״ם מרוטענבערג״ וועגן אַ הערלעכער נשמה, וואָס האָט זיך העראָאיש אָפּגעזאָגט צו געניסן פון פדיון שבויים, און די סצענע אין ה. סעקלערס דראַמע „יזכור״, וואו עס ווערט פאַרגעשטעלט ווי אַזוי דער פאַנד פאַר פדיון שבויים ווערט געשאַפן. וואָס איז שייך אונזערע אייגענע טעג, איז עס דאָך אַ פאַקט, אַז אַ סך אידן זיינען אויסגעלייזט געוואָרן פון היטלעריסטישע מאָרד־לאַגערן דורך געבן גרויסע סומען צו די וועכטער. די אויסלייזונג פון אידישע יתומים פון קריסטלעכע מענטשן און אינסטיטוציעס, דורך אידיש־אַמעריקאַנישע געלטער, גייט דאָך אָן אין דער סאַמע איצטיקער מינוט. און סיי איצט, סיי אין רואיקערע צייטן, קען יעדער ערנסט זיך צוקוקנדיקער אידישער רייזנדער באַמערקן, אַפילו אין שטעט און שטעטלעך אין אַמעריקע, וואו נאָר ס׳איז פאַראַן אַן איינגעאָרדנט אידיש קהלה־לעבן, אַז עס זיינען פאַראַן ספּעציעל־באַשטימטע אידן אָדער קאָמיטעטן, וואָס ווי נאָר אַ דורכפאָרנדיקער איד פאַלט איבער עפּעס אַריין אין געריכט אָדער צו דער פּאָליציי, ווערן יענע אידן אָדער קאָמיטעטן דערפון באַלד געוואויר און זיי טוען וואָס מען דאַרף און מען קען נאָר דעם עלנדן אידן צו באַפרייען.

די לעצטע צוויי, ביידע פון אַ נאַציאָנאַל־רעליגיעזן כאַראַקטער, זיינען די ישיבות און חדרים. שוין אין די עלטסטע צייטן האָבן די ישיבות אויסגעהאָדעוועט די הללס און די רבי עקיבאס. זיי האָבן זיך נישט אָפּגעטאָן אין מיטלאַלטער, נישט אין מזרח און נישט אין מערב. זיי זיינען זיך צעוואַקסן מיטן אויפשטייג פון סלאַווישן אידנטום. זיי האָבן זיך צעבויט אין דער סאַמע לעצטער עפּאָכע (וואָלאָזשין, מיר, טעלז א. אַ. וו.). זיי ווערן איצט צוריק אויפגעבויט נאָך דעם בלוטיקן און בלוט־דורשטיקן היטלער־חורבן.

אויך דער חדר האָט שוין געלעבט אין די עלטסטע תנאימשע צייטן. מיר ווייסן אַפילו פון די תנאימשע שפּרוכן „תינוקות של בית רבן״ און „פסוק לי פסוקיך״. דער חדר, ער אַליין אָדער זיך פאַנאַנדערוואַקסנדיק אין דער תלמוד־תורה, האָט נישט אויפגעהערט צו לעבן דורכן לאַנגן מיטל־

אַלטער. און מען דאַרף קיין סטודענט פון אַ אידישער שול נישט דערציילן, אַז דער חדר אָדער די תלמוד־תורה לעבן און ווירקן אויך אין די איצטיקע טעג.

[ריידנדיק וועגן דער ישיבה וועט נישט שאַטן פאָרצולייענען אין קלאַס אברהם רייזענס „מאַי־קאָ־משמע־לן" און טיילן פון ח. נ. ביאַליקס „דער מתמיד".]

„אידישע דערציאונג", אויגוסט 1950

# אידישער לעבנס־שטייגער

## אַרײַנפיר

ווען דער לימוד פון אידישער עטנאָלאָגיע האָט זיך אָנגעהויבן אויספּיקן ביי מיר אין מוח, האָבן מיר, אין ניו־יאָרק, נאָך אייגנטלעך קיין מיטלשול נישט געהאַט. ממילא איז אונזער גאַנצער דענקען און טראַכטן געווען נאָר וועגן דער פאָלקשול. דער לימוד פון אידישער עטנאָלאָגיע האָט, בכן, געזאָלט זיין פאַר אַ העכערן קלאַס פון דער פאָלקשול. ערשט שפּעטער, אַז דער לימוד האָט זיך אָנגעהויבן אַרויסוויקלען און אונזער מיטלשול איז געבוירן געוואָרן, האָב איך די צוויי אָנגעהויבן ענג צו אַסאָציאירן. לסוף, אַז דער לימוד האָט זיך כמעט פולשטענדיק אַרויסגעוויקלט און די מיטלשול איז פאַקטיש ענדגילטיק איינגעשטעלט געוואָרן, איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז דער לימוד דאַרף זיין אין דער מיטלשול. אַז דער לימוד איז ענדגילטיק אַוועקגעשטעלט געוואָרן, איז ער שליסלעך באַשטימט געוואָרן פאַרן לעצטן קלאַס, ד. ה. פאַרן פערטן יאָר מיטלשול. די פאָלקשול איז בכן געבליבן אָן אַזאַ לימוד.

אַנטשטייט אַ דילעמאַ. לערנען אידישע עטנאָלאָגיע אין דער פאָלקשול, קען מען נישט. דער לימוד איז פאַר די פאָלקשול־קינדער צו שווער. זיי זיינען פאַר אים נישט צוגעגרייט, נישט מיט זייערע אידישע ידיעות, נישט מיט זייער אַלגעמיינער אינטעליגענץ. פון דער אַנדער זייט איז דער לימוד אומפאַרמיידלעך — אַפילו כדי צו פאַרשטיין אָן ערנסטערע, כאָטש אַפילו אַ לייכטערע דערציילונג פון דער „אַלטער היים". און פאַרלאָזן זיך, אַז יעדעס קינד פון פאָלקשול וועט אַמאָל דעם לימוד לערנען אין דער מיטלשול, איז באַלד כימעריש. מיר האָבן אין אונזערע ניו־יאָרקער פאָלקשולן קנאַפּע טויזנט קינדער, בשעת, אין דער מיטלשול לערנען זיך אין אַ גוטן יאָר, זעכציק קינדער.

דער איצטיקער אָנוואורף פון אַ לעבנס־שטייגער־לימוד פאַר דער פאָלקשול איז אַ פּרואוו די דילעמאַ צו לייזן. לעבנס־שטייגער איז אַ זאַכלעכער, מיט פאַרב באַצירט, מיט קלאַנג באַזונגען עטנאָלאָגיע־לימוד. ווייניקער טעאָריע, מער זיטן. ווייניקער געשיכטע, מער טאָג־טעגלעכע ראָמאַנטיק. עס

איז אַ בילד פון אידיש־שטעטלשן קאָלעקטיוון לעבן, געזען מיט די אויגן פון אַ קינד, מיט ליטעראַרישן שלייער פאַרצויגן.

אינעם לעבנס־שטייגער לימוד קומט שוין פון איין זייט אַריין פיל דעמאָ־גראַפישעס. פון דער צווייטער זייט מוז ער ליכטיק באַפליטערט ווערן מיט ליטעראַרישע באַשרייבונגען.

דער לימוד פון אידישן לעבנס־שטייגער קאָנצענטרירט זיך צומייסט אין און אַרום דעם אידישן שטעטל. (אמת, דאָס היימישע אידישע שטעטל איז שוין צומייסטן חרוב, אָבער, ערשטנס, ערגעץ לעבט עס נאָך, און, צווייטנס, ווילן מיר טאַקע, און עס איז אונזער חוב אַלס לערער, און צו דעם האָבן מיר אָפט געשטרעבט, דאָס אַלטע, דאָס שטעטלשע אידישע לעבן צו רע־קאָנסטרואירן).

דער אידישער לעבנס־שטייגער קאָנצענטרירט זיך אין שטעטל. דאָרטן לעבן און בורבלען אידישע מנהגים. מנהגים קומען אויף און פאַרגייען שיער נישט פאַר די אויגן. און אין סך־הכל ליגט דער „גאָלדענער שטויב" פון אידישן לעבן אָנגעהויפט אין שיכטן. אין דאָרף איז די פאַראייינצלטע, אַזוי ווי אַריינגעגנבעטע אידישע משפחה פאַראייינזאַמט און אין סכנה פון פאַר־גרעבט, פאַרגויישט ווערן. אין דער גרויסער שטאָט איז דאָס אידישע לעבן אָפּגעריבן, אָפּגעבליאַקעוועט (אין מאָסקווע האָבן אין יאָר 1890 געלעבט זעכציק טויזנט אידן, אָבער זייער לעבן איז געווען פאַרשטיקט, אַזוי ווי אַריינגעגנבעט; דאָס אידישע אָדעס איז גרוי און גראָבלעך; אויך אין וואַרשע איז עס, עפּעס ווייטער פון דער אידישער געדיכטעניש, פאַרשטילט, אומ־היימיש; פראַג איז אַ לעבעדיקער מוזיי; מינסק, ווילנע און מענדעלעס און פרצעס באַרדיטשעוו לעבן מיט אַלטע, האַלב־פאַרצייטיקע כוחות). אָבער אין שטעטל לעבט די אידישקייט און זינגט און קלינגט. דאָס שטעטל איז נאָך אַלץ דער צענטער פון אידישקייט, פון תורה, מצוות און מנהגים.

שמועס 1

## דאָס שטעטל

דאָס אויסזען פון שטעטל. — דער מאַרק אָדער סקווער מיט אַ פּלומפּ אין מיטן, אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן מיט הייזער און קראָמען. פון איין זייט דער מאַגיסטראַט אָדער ראַט־הויז און ערגעץ לעבן דעם דער פּוילישער קאָשצאָל (אָדער דער פּראַוואָסלאַווער קלויסטער). דער קאָשצאָל אָדער

קלויסטער שיינט מיט זיין רויטן אָדער ווייסן דאַך, בלישצעט מיט זיין באַ־גילדטן צלם. דאַך פון שולגאַס קעגנאיבער הויבט זיך אויף הויך אַרויף די הויכע שול מיט איר הויכן, אמת שוין אָפּגעבליאַקעוועטן, דאַך און מיט די הויכע פענצטער אונטער אים. (דאָס אידישע אינגל קוקט אויףביידן און זיין הערצל הויבט זיך און פאַלט, אויסמעסטנדיק אין געדאַנק וועלכע איז העכער, שענער, צי די אידישע שול, אָדער דער גוישער קלויסטער).

פיר אָדער מער הויפּט־גאַסן צעשניידן דעם מאַרק און לאָזן זיך אַראָפּ. איינע לויפט אַראָפּ פון מאַרק־בערגל און, זיך ציענדיק איבער אַ גרעבליע און אַ הילצערנעם בריקל, פאַרענדיקט זי זיך מיט אַ טייך, וואו, פון איין זייט שטייט אַ וואַסער־מיל און, פון דער צווייטער זייט, איז אַן אָזיערע אָדער סטאַוו (ווי עס הייסט אין פויליש), און הינטער זיי ציען זיך שוין אַוועק וועלדלעך אָדער לאָנקעס.

איינע פון די גאַסן, אין דער ברייט, איז די שול־גאַס. דאָ, אַחוץ דער הויכער שול, איז אויך אַ שול אָדער בית־מדרש און אויך אַ חסידים־שטיבל. אַמאָל קען זיך דאָ אויך געפינען די תלמוד־תורה. דאָ קענען וואוינען דער רב מיט אַנדערע כלי־קודש. אַביסל אַרונטער שניידט זיך אין שול־גאַס אַריין דאָס באָד־געסל, מיט אָרעמע אידישע הייזלעך, פאַרענדיקט מיט דער קהלשער באָד. אַז מען גייט אָבער אַראָפּ מיט דער שול־גאַס און מען לייגט אָפּ אַ שטיקל מהלך, קומט מען צו, מיט אַ הילצערנעם צאָם אַרומגעצאַמטן, באַ־ווימערטן, ברייטלעך צעוואָרפענעם בערגל. שטייט דאָס אידישע אינגל אויף אַ טעראַסע צווישן די מצבות און, אַביסל אומהיימלעך, אַביסל דער־שראָקן, וואַרפט ער אויגן אַרום און דערזעט אַביסל ווייטלעך אָבער פונקט קעגנאיבער פונקט אַזאַ בערגל, אויך באַבוימערט, אויך מיט מצבות אָנגע־שטעלט, אָבער מיט אַ קלויסטערל אָנשטאָט אַ קברות־שטיבל. דאָס אינגל דערקענט דעם גוישן צווינטער און זיין נשמה הויבט זיך אָן טוקן; קברים דאָ און קברים דאָרטן און דאָס ווינטל וואָס טראָגט זיך פון בערגל צו בערגל פאָכעט איבערביידע גלייך. דער זעלבער פּחד שוועבט איבער ביידע, אָבער דאָ איז ער פאַרשאַרפט מיט בענקשאַפט.

צום סוף פון אַן אַנדער ברייטער גאַס, איבערגעהאַקט מיט אַ וועלדל אָדער לאָנקע, ליגט צעוואָרפן אַרום אַ טייכעלע אַ פאָרשטאָט אָדער קליינ־שטעטל. אַ קאָפּיע פון שטעטל, אָבער אָן אַ מאַרק, און אַ סך קלענער און אָרעמער.

[פאַרלייענען פאַר די קינדער אברהם רייזענס לידער פונעם שטעטל, אַזעלכע ווי „דאָס טייכל“ אין יואל ענטינס ערשטן באַנד „אידישע פּאָעטן“. לייענען שלום־עליכמס „די שטאָט כתרילעווקע“. לייענען טיילן פון לעאָן קאָברינס „אַ ליטוויש שטעטל“.]

שמועס 2

## דער טאָג הויבט זיך אָן

דאָס ערשטע, ווען דאָס אידישע קינד, וואָס איז שוין „אַ שטיקל מענטש“, כאַפּט זיך אויף פון שלאָף, איז ביי אים „זאָגן ברכה“. דאָס וויכטיקסטע פון דער „ברכה“ איז „מודה אני לפניך מלך חי וקים שהחזרת בי נשמתי בחמלה, רבה אמונתך“ (איך דאַנק דיר, דו לעבעדיקער און דויערהאַפטער קעניג, וואָס דו האָסט מיר אומגעקערט מיין נשמה מיט דערבאַרעמקייט. גרויס איז דיין טריישאַפט). ענדיקן ענדיקט זיך אָבער דעם קינדס „ברכה“ מיט דעם אידישן צוגאָב: „איכ׳ל טאָן, וואָס דער טאַטע הייסט, וואָס די מאַמע הייסט, וואָס אַלע גוטע און פרומע לייט הייסן. אַ ברכה, אַ הצלחה אויף מיין קעפּעלע, אָמן סלה“. ווען דאָס קינד איז גאָר קליין, זאָגט די מאַמע, אַן עלטערע שוועסטער אָדער די דינסט די „ברכה“ פאַר און דאָס קינד זאָגט נאָך (דאָס פאַרזאָגן ווערט אויך געטאָן פון דער קריסטלעכער דינסט, אויב זי איז שוין לאַנג אין הויז און אין פיל טעאַטער־שטיקער איז עס אַ קוואַל פון הומאָר, צו הערן און זען ווי די גויישע דינסט לערנט דאָס אידישע קינד אידישקייט).

נאָך דער „ברכה“ קומט דאָס איינוואַשן זיך, דער עיקר דאָס פּנים, דאָך הייסט עס „אָפּגיסן נעגל־וואַסער“, איבערן „אויבערגלויבן“, אַז דאָס וואַשט מען אַראָפּ די נאַכט־שדימלעך, וואָס קלעפּן זיך צו די נעגל. אַ אינגל טוט דאַן אָן זיין טעגלעכן „קאָסטיום“, פון וועלכן דאָס ערשטע איז דאָס אַרבע כנפות מיט די ציצית, אויף וועלכע מען מאַכט אַ ברכה, קושנדיק זיי. אויב ס׳איז אַ חדר־אינגל, איז פאַר אים נישטאָ קיין פרישטיק ביז נאָכן דאַווענען, וואָס דאָס אינגל היט אָפּ אין שול, וואו אַמאָל טרעפט עס זיך מיטן רבין פון חדר און אַז נישט, איז אונטער דער עפּעס וויטערער השגחה פון טאַטן.

דאַן קומט דאָס דאַווענען [די ברכות, איזהו מקומן, קטורת, ברוך שאמר, ביז אַרום שמונה־עשרה, וואָס דער לערער קען, געקליבענערהייט, דורכ־גיין מיט די קינדער אין קלאַס, דערקלערנדיק ביי „איזהו מקומן" און די „קטורת", אַז די שול פאַרנעמט פון נאָכן חורבן ביים אידן דאָס אָרט פון בית־המקדש און די זאָגענישן וועגן די קרבנות מיט די קטורת זיינען אָנשטאָט דעם באַטרעפנדיקן ריטואַל אין בית־המקדש].

זיך אומקערנדיק פון שול עסט די פאַמיליע, זיך וואַשנדיק, ווידער מיט די ברכות און מיטן „שאו ידיכם קודש", וואַרעמעס, וואָס איז פאַר די דער־וואַקסענע, עפּעס צווישן פרישטיק און אַ פאַרמיטאָגדיקן צובייסן (Lunch). אַ קינד וואָס קען אָבסערווירן זאַכן, קען אַמאָל ביים וואַרעמעס־עסן, פאַר־צייכענען אין זכרון פאַנטאַמימישע סצענקעלעך: צווישן „שאו ידיכם" און „המוציא" טאָר מען נישט מפסיק זיין, עס הייסט ריידן. ווי איז אָבער, אַז דער טאַטע באַמערקט, אַז עס פעלט אויפן טיש זאַלץ אָדער אַ מעסער? דאַן וועט ער אויסרופן אויף „לשון קודש" אַה, נו, „מלח" אָדער „סכין", פון וואָס די מאַמע כאַפּט זיך אויף איר טעות און פאַרריכט אים. (מען באַגעגנט די דאָזיקע פאַנטאָמימעלעך מער ווי איין מאָל ביי שלום־עליכמען).

שמועס 3

## ווייטער דער סידור

שמונה־עשרה (לייענען און אָפּטייטשן). — תחנון. ווייזן די סצענקע פון „פאַלן תחנון". בה"ב (מאָנטיק און דאָנערשטיק) מיטן לאַנגן והוא רחום און מיטן קורצן קריאת התורה. — ענדיקן מיטן „עלינו לשבח", זינגענדיק אים מיטן באַוואוסטן יום־כיפּורדיקן ניגון, וואָס די לעגענדע דערציילט, אַז מיט אים, נעמענדיק זיך פאַר די הענט, פלעגן די מאַרטירער אין שפּאַניע, שפּרינגען אין די פלאַמען פון דער „אויטאָ־דאַ־פע". מען מעג אויך דער־מאָנען דעם שפּיי פון „שהם עובדים לריק" און דערביי דערמאָנען דאָס „משכילישע" אונטערלאַכן דערפון און פאַרלייענען, אַלס אילוסטראַציע, די קריג־סצענעלע, אין י. י. שוואַרצס „קענטאָקי", צווישן די רוסישע אידן און די דייטשע „יאַהודים". לסוף, פון אויבן־אויף, אויך דורכגיין דעם רמב"מס י"ג עיקרים.

שמועסן 4־5

## דער חדר

(בכדי צו האָבן אַ היסטאָריש־וואַרעמע באַציאונג צום חדר איז ווינטשנס־ווערט, אַז דער לערער זאָל זיך באַקענען מיט ליפשיצס, דעם ארץ־ישראלדיקן פּעדאַגאָגס, אָפּהאַנדלונג וועגן חדר, אין איינער פון די „התקופות״, אַן ערך פון די צוואַנציקער יאָרן. ס׳איז אויך פאַראַן אין אַ באַזונדערער אויסגאַבע.)

מען זאָל זיך מיען געבן אַ בילדלעך בילד פון חדר און זיינע הויפּט־פאַרשווינען און סצענעס. — דער חדר גופא, זיין אויסזען. — דער גרויסער טיש. — די קינדער וואָס לערנען און די קינדער וואָס וואַרטן אויף זייער ריי און שפּילן זיך דערביי אונטער. — דער דרדקי־מלמד (מיט זיין טייטל, וואָס לערנט עברי און סידור). — (דער באַהעלפער, אין אַ גרויסן חדר). — די רביצין, אין דער דערבייאיקער שטוב, מיט אירע מלאָכות. — דעם מלמדס קינדער, וואָס דרייען זיך אַרום האַלב אין חדר, האַלב אין שטוב. — דעם רבינס מעשיות, וואָס ער דערציילט אַמאָל, א חמשה־עשר בשבט, און ערב פורים, אַ ל״ג בעומר, אָדער ער לייענט אַרויס, אין אַ אידישער איבער־זעצונג, פון „אמר רבי יוחנן״, ערב תשעה באָב. — די דינים און ברכות, וואָס מען מאַכט און זאָפּט איין, עסנדיק, זיך וואַשנדיק, אָדער נאַשנדיק אין חדר. — (אויף אַן אייער־קיכל „מזונות״, אויף אַן אוגערקע „אדמה״, אויף אַ טרונק „שהכל״, אויף אַן עפּעלע אָדער אַ פלוים „בורא פרי העץ״). — די ברכות וואָס מען מאַכט, כלומרשט וואַשנדיק די האַנט אַן פייכטן פענצטער, אויף פלוצלונגע נאַטור־דערשיינונגען: אויף אַ דונער — „שכוחו וגבורתו מלא עולם״, אויף אַ בליץ „עושה מעשה בראשית״ און אויף אַ רעגנבויגן „זוכר הברית ונאמן בבריתו וקים במאמרו״). — די פירערליי ניגונים, ריכ־טיקער: רעטשיטאַטיוון, ביים עברי־זאָגן, תהילים — דער העכערער רבי, דער בעל־חומש און בעל־תנ״ך. — די גרויסע יום־טובדיקייט וואָס פילט אָן דאָס קינד, איבערהויפּט די ערשטע צייט, ביים לערנען חומש און נביאים וכתובים, (די פאַרכטיקע הייליקייט פון די חומש־מעשיות, די פייערלעכע אָנגעשטרענגטקייט ביים לערנען „משפטים״, דער צויבער און ווייטלעכע שרעק פון נביאים ראשונים, דער פחד און ווי ביים נביאישן מוסר, די האַלב־פאַרשטענדלעכע, האַלב־שרעקעוודיקע ווייטקייט פון ספר איוב, די זיס־האַרציקייט געמישט מיט אימהקייט ביים תהילים לערנען). — צוציאונג און

די פרעמד־וועלטקייט פון אָנהויבן גמרא לערנען. — דאָס שפּילן זיך, צווישן לערנען פון איין כיתה און דער צווייטער, אויף אַ קלאָץ, אַ פּריזבע אָדער אַפילו אַרום בערגל מיסט, אויפן הויף פון חדר. די מעשיות, וואָס מען דער־ציילט זיך איינס דאָס צווייטע, די לידלעך וואָס מען זינגט און די שפּילן וואָס מען שפּילט. אַלס ביישפּילן פון די מעשיות קען דער לערער דערציילן אָדער פאָרלייענען: „דער רמב״ם און דאָס מענטשעלע״, „דער געשמיסענער קיסר״, „חיים דער שניידער״, „אַ מעשה מיט דריי ברידער״, פון יואל ענטינס „פון פאָלקס־מויל״ אָדער פון י. ל. קאָהענס פאָלקס־מעשיות. אַלס ביישפּילן פון די לידלעך קען דער לערער לייענען מיט די קינדער, אָדער זינגען מיט זיי „אָב איז אַ פאָטער, קידר איז אַ טאָטער״, „אלה תולדות נח, פון בראָנפן קריגט מען כוח, כוח איז דער עיקר, פון בראָנפן ווערט מען שיכור״, און „דאָס העזעלע״, „אין מיטן וועג שטייט אַ בוים״.

„שנירעלע, פּערעלע גילדענע פאָן,
משיח בן דוד זיצט אויבן־אָן.
אָמן, אָמן, דאָס איז וואָר,
משיח בן דוד וועט קומען היינטיקעס יאָר״.

און דאָס הומאָריסטישע ליד „די גובה״, אַלע פון מיין ערשטן באַנד „אידישע פּאָעטן״. פון די שפּילן קלייב איך אויס פון מיין זכרון „דאָס גאָלדענע פינ־גערל״. אַלע אינגלעך זעצן זיך אויס אין אַ ראָד. איינער לייגט זיך אַוועק מיטן רוקנדל אַרויף, איינגראָבנדיק די אויגן אין זאַמד, ער זאָל נישט זען. דער אָנפירער הייסט אַן אַנדער אינגעלע אַרויפשטעקן אַ פינגער אויפן ליגנ־דיקנס רוקנדל און ער, דער אָנפירער, זינגט:

„ראָטע, ראָטע, פּולדאַוואַי *),
השם יתברך שטייט דאַביי:
ראָט, ראָט, פון וועמענס הענט
איז דאָס גאָלדענע פינגערל״.

דער ליגנדיקער פּרוּווט טרעפן און שרייט אויס, לאָמיר זאָגן:

„פון איטשקעס״.

טרעפנדיק שלעכט, ענטפערט אים, זינגענדיק, דער אָנפירער:

„מיט איטשקען, מיט איטשקען בין איך אומבאַקאַנט.
דאָס פינגערל איז דאָך גאָר פון...״

*) ראָטע, מיינט טרעף, וואָס פּולדאַוואַי, ווייס איך נישט.

דאָ דערמאָנט דער אָנפירער מיט אַ כיון עפּעס אַ פאַרפּירערישן נאָמען. אַזוי גייט דאָס זינגעוודיקע שפּיל אָן ביז וואַנען ענדלעך דער ליגנדיקער טרעפט דאָך און דער „געטראָפענער" לייגט זיך אויף זיין אָרט.

אַלס דערגאַנצונג צו די אויביקע צוויי שמועסן קען מען פאַרלייענען שלום־עליכמס „פּעסעלע דעם רבינס", אברהם רייזענס „איוב" און „איבער אַ שמעק טאַבאַק" און איינע פון די וואָרעמערע חדר־מעשיות פון ב. גאָרין „אַמאָל איז געווען" אָדער „פאַרגעסענע ניגונים".

## די שול און דער בית־מדרש

צוויי טיפן געבעט־הייזער זיינען פאַראַן אין שטעטל, די שול און דער בית־מדרש. אין שול דאַווענט מען און מען פירט דורך פייערלעכע, אַמאָל מלוכהשע, צערעמאָניעס (ווי דאָס שווערן טרייהייט דעם קיסר) און אין בית־מדרש דאַווענט מען און מען לערנט און מען פירט דורך געוויינטלעכע קהלשע געשעפטן. די שול, וואָס הייסט אויך די הויכע אָדער די קאַלטע שול (ווייל זי איז אָן הרובעס) איז דאָס היסטאָרישע שיינדל פון שטעטל. זי איז זייער אַלט און זעלטן ווער פון שטעטל געדענקט אַקוראַט, סיידן ער קוקט אַריין אין פּנקס (אין כראָניקע־בוך פון דער קהלה) ווען מען האָט זי געבויט. ווייל, זייענדיק אַ קאַלטע, מען דאַווענט אין איר נאָר זומער־צייט, איז דאָס דאַווענען אַליין אין איר שוין אַ יום־טוב. אין בית־המדרש טרעפט אָפט, אַז עס שלאָפט אין אים אַ ישיבה־בחור אָדער אַ בטלן אָדער אַפילו אַ דורכפאָרנדיקער אָרע־מער אורח אָדער טאַקע אַן אָרעמאַן. אין דער קאַלטער שול, וואו עס זיינען אַפילו נישטאָ קיין שלאָף־בענק און מענטשן וואָלטן אַביסל מורא געהאַט צו שלאָפן, איז בייטאָג לוסטיק און ביינאַכט סומנע. דאָס לעצטע נעמט זיך פון איר געבוי, פון דעם ברייטן דאַוון־זאַל מיט די הויך־הויכע ווענט אַזוי ווי אין אַ גאָטישן קלויסטער, מיט די פענצטער העט הויך, שיר נישט אונטערן סאָמע דאַך, מיט די פיל אָנגעשטעלטע סטענדערס, די צוויי הויכע שטאָקעט־געשטעלן, מיט זאַמד אָנגעשאָטן, אויף אָנצושטעקן נשמה־ליכט אום יום־כיפּור, מיט די פיל גרויסע הענג־לייכטער, וואָס הענגען אַראָפּ אויף קייטן פון סופיט, מיט די האַלב־אָפּגעקראָכענע געמעלעכצן אויף די ווענט און אויפן סופיט און מיטן וואונדערלעכן ארון קודש, וואָס איז באַלד אַ האַלבע מזרח־וואַנט די ברייט און בנוגע הויך, הויבט ער זיך אָן פון אונטן איבער דער

ערד און דערגרייכט באַלד ביז צום סופיט. דאָס וואָס עס טוט זיך אויף זיינע דרויסנדיקע טירלעך און ווענט, און כאָטש ס'איז אַלץ מיט אַ פּלאַן און סיס־טעם, קען קוים אַ מויל אויסרעכענען, בפרט אַ מויל אַ פּראָזאַאיש, נישט קיין אַנטציקטס. וואָרעם עס זיינען דאָ אויסגעשניצט מיט אידעלע שניצער־הענט, אי פיגורן (משה מיט אהרנען), אי לייבן, אי לעמפּערטן, אי אָדלערס, אי בושלען, אי אַ שלאַנג, אי אַ כלי־זמר. און טאָמער איז אייך נאָך ווייניק, זיינען אין די טירלעך, נישט אויסגעשניצט, נאָר עס שטעקן פון זיי אַרויס אי אַ לולב, אי אַן אתרוג און אין רעכטן מיטן זיינען בולט אויסגעשניצט די צוויי לוחות מיט די עשרת הדברות און איבער זיי בענטשן אַראָפּ צוויי גרויסע, ווייסע, אַזוי ווי ביים כהן אין דוכנען צענומענע מיט די פינגער, הענט.

און ווי גרויס די שול איז, איז זי איינגעטונקט אין לעגענדעס און פּחדימ־דיקע מעשיות: וועגן דעם בויער פון דער שול, וואָס איז אפשר דערהרגעט געוואָרן זי בויענדיק, וועגן מלאך המות מיט די טויזנט אויגן, וואָס קומט צו דעם טהרה־ברעט מיט די וואַש־שעפלעך, קאַנען, מיט וועלכע מען גיסט אָפּ דעם טויטן און וועלכע שטייען אין די פּאָלישן און פּאָדער־שטיבלעך פון שול, וועגן דער חליצה־באַנק מיטן חליצה־שוך, אַרום וועלכע ביי אַ חליצה עס שפּאַרט זיך אָן דער געשטאָרבענער מאַן און ברודער, און וועגן די מתים, וואָס קומען אַהער אין די נעכט און לאָזן זיך וואוילגיין מיט דאַוונען און אויפרופן איינער דעם צווייטן צו דער תורה. נישט אומזיסט האַלטן דאָך, אין מיטן זומערדיק־מוספ'דיקן דאַוונען און זינגען, די ווייס־גאָלדענע שמעטערלינגען אין איין אַריין־און־אַרויספליען דורך די הויכע פענצטער און שפּערלעך, און די שוואַלבן און די קיסרלעך אין איין אַריין־און־אַרויסצוויטשערן און אין איין אַריין־און־אַרויסזינגען. יאָ, זיי וויסן וואָס פאַר אַן אָרט דאָס איז!...

דער בית־המדרש אַנטקעגן, אויב ער האָט עפּעס מעשיות, זיינען דאָס געוויינטלעכע, וועגן אַ פּרוש וואָס האָט דאָ געקרענקט און געקרענקט נאָך אַ שריפה אין בית־מדרש, וואָס ער האָט אויסגעלאָשן און איז דערביי מורא־דיק צעברענט געוואָרן; וועגן אַ גאון, וואָס פלעגט, אין דער יוגנט, פאַר גרויס התמדה דאָ אָפּלערנען גאַנצע נעכט און כדי ער זאָל נישט אַנשלאָפן ווערן פלעגט ער די גאַנצע צייט האַלטן די נאַקעטע פיס אין אַ קאַדקע קאַלטע וואַסער, וואָס פון איר איז עס דאָך דער קיילעכיקער צייכן, וואָס איז נאָך ביז היינט קענטיק אויפן דיל פון בית־המדרש, נעבן דעם ארון־קודש. אַחוץ די „שטעט" אַרום די ווענט שטייען אין בית־המדרש מיטל־בענק פאַר אָרע־

מערע בעלי־בתים און אַפילו בעלי־מלאכה. אין מערב־זייט שטייען צוויי מאוימדיקע הרובעס, צו וועלכע מען רוקט ווינטער־צייט צו טישן און בענק און מען לערנט נעבן זיי און מען שלאָפט און וואַרעמט זיך. און צווישן די הרובעס און די ווענט זיינען דאָ „הינטערן אויוונס״, וואו אַלטע אידן אין ווינטערדיקע בין־השמשותן זיצן און דערציילן מעשיות. דער ארון־קודש איז פּשוט אַ טייערער, פון אַ גוטן סטאָליער אויסגעפּילינגעוועטער, רויט־ברוין־געפאַרבטער, אַלמער. און די באַלייכטונג איז, פּרייטיק־צו־נאַכט, פון אַ פּאָר הענג־לייכטער און ליכט און אַ נר־תמיד און אַן אָפּטן יאָרצייט־ליכט און, אין אַ שטאַרקער לערן־נאַכט, פון גאַז־לאָמפּן אויף די טישן, אַריינגעשטעקטע אין קנוילן צונויפגעדרייטע האַנטוכער.

די האַנטוכער, וואָס געווינטלעך הענגען זיי אין רינגען אין מערב־זייט ביי דער טיר, פּונקט אַקעגן דעם כיור, דעם קופּערנעם האַנט־פּאַס, וואו די אַריינקומענדיקע מתפּללים, נאָכן קושן די מזוזה, וואַשן די הענט. דער האַנט־פּאַס איז אָנגעלענט אָן דער בימה אָדער דעם באַלעמער, די הויכע, אַרומגעצאַמטע טריבונע, וואו מען לייענט די תורה, וואו עס דרשנט אַמאָל דער רב, אָדער זייער אָפּט אַ דורכפאָרנדיקער אָדער דורכגייענדיקער מגיד, און פון וואַנען דער שול־שמש אָדער בית־דין־ (געריכט)־שמש רופט אויס די רעליגיעזע אָדער געזעלשאַפטלעכע ידיעות, אַז אויף דעם און דעם טאָג האָבן די רבנים, איבער די גזרות אויף אידן, רחמנא ליצלן, אויסגערופן אַ תענית, אָדער אַז דער רב אסרט דאָס פליש פון יענעם און יענעם קצב, וואָס פירט זיך אויף נישט ווי עס דאַרף צו זיין, אָדער אַז ביי דעם און דעם בעל־הבית איז געבוירן געוואָרן אַ אינגל צי אַ מיידל און ער רופט דעם עולם אויפן ברית אָדער „ברית׳ניצע״.

ווייטער־צו צו מזרח איז, פון איין זייט, דער עמוד וואו דער בעל־תפילה אָדער געוויינטלעכער חזן דאַוונט — דער עמוד, וואָס איבער זיין לעצטן מזרח־ווענטעלע הויבט זיך אויף דער בלייענער אָדער קופּערנער טאָוול, אויף מיט לייבן אויסגעגראַווירט, אָדער דער עיקר מיטן פּסוק „שויתי ה׳ לנגדי תמיד״, וואָס איז אַ קלאָרע אָנצוהערעניש פאַרן בעל־תפילה, אַז ער טאָר קיינמאָל נישט פאַרגעסן, אַז ער שטייט פאַר גאָט. און פון דער אַנדער זייט הויבט זיך דאָ אויף דאָס קליינע בימה׳לע, מיט אַ פּאָר טרעפּלעך, וואָס פירן צו די טירלעך פון ארון־קודש. דאָס בימה׳לע דינט פאַרשידענע צוועקן, געטלעכע און מענטשלעכע. אַחוץ אַרויפצוקומען אויף זיי און צוקומען צום

ארון־קודש, שטעלט זיך דאָ אַמאָל אַוועק עפּעס אַ בעגאַטשער מגיד, וואָס וויל דווקא פון דאַנען האַלטן זיין דרשה; דאָ פאַלט אַריין אַן אָרעמע, פאַרצווייפלטע מאַמע, ביי וועמען אַ קינד שטאַרבט אַוועק, און רייסט זיך אַריין מיטן קאָפּ אין ארון־קודש, צו די הייליקע „ריינקייטן" און יאָמערט צו גאָט, ער זאָל ביי איר נישט צונעמען איר קינד; דאָ שטעלט זיך, אַמאָל אין אַ שבת, אַוועק אַן אָרעמע, עלנדע אלמנה, וועמען „שטעטל" האָט מיט עפּעס געקריוודעט, און מיט איר צעגאָסענעם, צעשוואָלענעם גוף איז זי מעכב די קריאה, זי לאָזט נישט אַרויסנעמען די תורה צום לייענען, ביז וואַנען דער רב מיט די גבאים זאָגן איר נישט צו, צו טאָן איר איר רעכט.

פון ביידע זייטן ארון־קודש, אין דער מזרח־וואַנט, זיצן דער רב, דער גבאי, דער ראש־ישיבה, דער אורח, דער מגיד און די שענסטע בעלי־בתים, די גרויסע מיוחסים, די רייכסטע לייט, די גאָר פרומע מענטשן (אַרום די אַנדערע ווענט זיצן די אַנדערע בעלי־בתים, פון קלענערן יחוס). דער רב מיט די בעלי־בתים דאַווענען, אָדער, נאָכן דאַווענען, לערנען זיי, און אַוודאי אויך די באַרופענע לערנער, די ישיבה־בחורים, דער פּרוש, דער עלוי־אישער יונגערמאַן וואָס שניידט זיך, מען ווייסט נאָך נישט, אויף אַ רב, צי אויף אַן אַפּיקורס. אַלע ווײַלע הויבט זיך עמעצער אויף און גייט צו צו איינעם פון די אָנגעפּראָפּטע ספרים־אַלמערס און נעמט אַרויס אַ גמרא צי אַ פּוסק, אַ משניות צי אַ מוסר־ספר, אַן „ערוך" (דער אַלט־תלמודישער ווערטער־בוך) צי אַ רמב"ם אָדער כוזרי.

אַלע גייען, נאָר דער אַלט־אַלטער צדיק־בעל תשובה גייט נישט. ער לערנט זיין משניות אויסנווייניק. וואָרעם אַ לעבן־לאַנג האָט ער אים גע־חזרט, כדי צו קענען לערנען בעל־פּה אויף יענער וועלט, בפרט אין קבר, וואו קיין ספרים זיינען נישטאָ.

פּאַראַלעל מיט דער צפון־וואַנט פון בית־המדרש ציט זיך די ווייבערשע שול, באַהאָפטן מיט דער מאַנסבילשער, מיט אַ פאַרריגלטער טיר אין מיטן וואַנט און מיט קליינטשינקע, פאַרהאָנגענע פענצטערלעך (אָפטמאָל איז די ווייבערשע שול אויפן ערשטן שטאָק, צו וועלכן מען גייט אַרויף אויף היני־טערשטע טרעפּ), וואָס איז פאַרבונדן מיט דער שול מיט אַ שורה צעעפנטע פענצטערלעך („די קראַטע"), דורך וועלכע די ווייבער הערן וואָס מען זאָגט און וואָס מען זינגט אין שול און דורך וועלכע, אויב אין שול גייט פאָר עפּעס גאָר לעבעדיקס, זיי שפּאַרן אויך אַרויס זייערע קעפּ.

אין דער קאַלטער שול זיצן אויך ווייבער, ריכטיקער ווייבלעך אויף אַ גאַלערייע, וואָס פאַרשטעלט זיי ביז דעם העכערן טייל פון די ביוסטן און די קעפּ. דאָס קען זיין איז שוין, אַפילו אין שטעטל, אַ צינז דער נייער צייט.

די ווייבערשע שול איז אַ וועלט פאַר זיך. זאָל דאָ נאָר דערמאָנט ווערן דאָס פאַלגנדיקע. אַזוי ווי די ווייבער קענען גאָר אָפט קיין עברי נישט און בכלל זיינען זיי נישט געניט אין די שול־מנהגים און פירונגען, איז וואויל יענער ווייבערשער קהלה, וואָס האָט זיך איינע אַ וואויל־קענעוודיקע, „אַ זאָגערין", וואָס „זאָגט־פאָר" פאַר די ווייבער און וויזט זיי. טאָמער נישט, פלעגט מען אַמאָל „אַריינלאָזן" צו די ווייבער אַ אידן מיט אַ באָרד, פאַרשטייט זיך אַ פרומען און נישט קיין יונגן, און, באַוואָרענענדיק אים קעגן אַ צו־נאָענטער באַרירונג מיט די ווייבער, שטייט ער אויף זיין באַזונדערן אָרט און זאָגט פאַר די ווייבער און זיי זאָגן נאָך. אָפטמאָל איז עס אַזאַ נאָכזאָגן, אַז די לצנים פון שטעטל, ביים איבערדערציילן, האַלטן זיך פאַר די זייטן.

[פאָרלייענען ח. נ. ביאַליקס „אויפן שוועל פון בית־המדרש" און „עס שלאָפט נישט און עס דרימלט נישט דער היטער פון ישראל" פון יואל ענטינס „פון פאָלקס־מויל", בערל בראָדערס „ליד פונעם שמש" אין ערשטן באַנד „אידישע פּאָעטן", אברהם רייזענס „פאַרלוירן דעם קול", „אַ האָר אין ספר", „די לעצטע", פּרצס „דער שפּילער" (נאָך אייזיק מאיר דיק).]

שמועס 9

## וועגן די בית־המדרש טיפּן

### דער דיין, דער חזן, דער פּרוש, דער מגיד און דער אומוואַנדערנדיקער אָרעמאַן

מיטן רב זיינען שוין די סטודענטן באַקאַנט. זיי קענען אָבער נאָך נישט דעם דיין. דאָס איז אויך אַ רב, מיט אַ סמיכה אויף רבנות, נאָר אַ קלענערער פון אים, דאָס הייסט, ער איז נישט באַוואוסט אַלס אַזאַ גרויסער למדן ווי דער רב, אָדער ער איז פון קלענערן יחוס. אין גאָר אַ קליינער קהלה, וואָס קען קוים אויסהאַלטן דעם רב, איז קיין דיין נישטאָ, אָבער אין אַ היפּשער קהלה, מיט עטלעכע טויזנט איינוואוינער, איז דער דיין כמעט אומפאַרמייד־לעך. ער העלפט דעם רב, פילט אויס פונקציעס, מיט וועלכע יענער קען זיך אַליין נישט ספּראַווען. צו אַ דין־תורה אָדער אַ גט דאַרף מען אָפט האָבן

דריי דיינים אָדער ריכטער, איז דער דיין דער צווייטער (מיטן דריטן גיט מען זיך שוין אַן עצה). זייער אָפט איז דער רב נישט קיין פּראַקטישער מענטש (ער זיצט יומם ולילה און לערנט), מישט זיך דער דיין, מיט דעם רבס צושטימונג, אין שטאָטיש־קהלשע געשעפטן, זאָרגנדיק, לאָמיר זאָגן, פאַר דער תלמוד־תורה, באַזאָרגנדיק בעלי־בתים מיט מצה שמורה. אַרום שטעטל איז דאָ אַ סביבה, דערפער מיט דערפלעך מיט ישובניקעס, וואָס ציילן זיך צום שטעטל. מען דאַרף זיי אויך באַזאָרגן מיט אידישקייט, ווי מסדר קדושין זיין אויף חתונה. פאַרט דער דיין צו. מען רעדט שוין נישט פון פּסקענען שאלות, וואָס אין אַ היפּשן שטעטל קענען זיי אַמאָל טאַקע זיין צופיל פאַרן רב אַליין.

געוויינטלעך איז דער דיין אַ קלוגער, פרומער און געלערנטער איד, וואָס אַמאָל האַלט ער זיך פאַר זיך און אַמאָל מישט ער זיך מיט מענטשן אַזוי נאָענט, אַריינדרינגענדיק אין פאַמיליע־לעבן פון עולם פיל טיפער פונעם רב און אויף אַזאַ אופן ברענגט ער דעם שטעטל אַ שטילן, פיינעם נוצן.

אַ זעלטענער טיפּ איז דער חזן. דאָס איז אָפט אַ פיינער נאָר אַ פאַר־בלאָנדזשעטער קינסטלער. דער חזן ליבט זיין זאַך מיט דער גאַנצער נשמה. נישט אַלע מאָל האָט דער עולם הנאה פון זיין נגינה און וויינענדיקן „גוסט“, ער אַליין אָבער לעבט דאָס אַלץ איבער זייער טיף. דאָס איז אַ מענטש, וואָס איז יאָרן־לאַנג געווען אַ משורר ביי אַ גרויסן חזן, האָט יאָרן־לאַנג געשפּייזט זיין נשמה מיט געשיכטן וועגן וואונדערלעכע חזנישע דערגרייכונגען. אַמאָל האָט ער נאָך געלייענט וועגן חזנות, האָט זיך אויסגעלערנט אַ בלאַט נאָטן און האָט אַ ידיעה אויך אין וועלטלעכער מוזיק. אין שטעטל זיינען אָבער אויף די דאָזיקע זאַכן קיין מבינים נישטאָ און אויסטאָן זיך פון זיין קונסט און אַריינטאָן זיך אין אַנדערע זאַכן קען ער נישט. איז ער אַ מענטש פאַר זיך. לעבט ער זיך נאָר אָפּ אויף אַ געהויבענער חתונה, ווען עס קומט אַ גרויסשטאָטישער מבין און ער קען פאַר אים אַרויסווייזן זיין קונסט, אָדער ווען אַמאָל, זיך פאַרקלייבנדיק האַלב־געהיימערהייט אין אַ האַלב־היינטוועל־טיקער געזעלשאַפט, „צעשפּיליעט ער זיך“ און אונטערהאַלט די לייט אָפן און פריי. סיי־ווי־סיי ברענגט ער אין שטעטל אַריין געזאַנג און קלאַנג, זיסקייט און פרייד און אין ימים־טובים און טרויער־טעג, נאַציאָנאַלע בענק־שאַפט און צעגעמענדיקן טרויער.

דער פרוש איז אַ האַלבע רעטעניש אין שטעטל. דאָס איז אַ מענטש

אַ שווייגער, אַן איינזאַמער, וואָס טראָגט זיך שטיל אַרום מיט אַ טראַגעדיע, אַן ערדיש־מענטשלעכע אָדער אַ טיף־רעליגיעזע. ווערלנדיק פאַרוויגן אַ ווייטיק, אויסקויפן אַ זינד אָדער איבערברעכן זיין נאַטור, האָט ער זיך אויפגעהויבן, זיך אָפגעשיידט פון ווייב און קינד און זיך באַגראָבן אין דער וואַנדערשאַפט, אָדער אין פרעמדע שטעטלעך. זייענדיק אַ פאַרצווייפלטע נאַטור, קען ער טאָקע אַמאָל אָפּטאָן אַ העלדישקייט, זיך וואָרפנדיק אין פייער אַרויסצו־ראַטעווען די ספרי־תורה פון אַ ברענענדיקער שול אָדער די שול אַליין, אָדער זיך אַוועקזעצנדיק ביים בעט פון אַ חולה־מסוכן, גיט ער זיך אַ נדר, אַז ער וועט פון אים נישט אָפטרעטן, ביז ער'ט אים נישט אָפּראַטעווען און אַמאָל גיט זיך אים טאָקע איין, דורך אמתער מסירת־נפש, אין שמירה איבער דעם קראַנקן, אים אַרויסצורייסן פון די נעגל פון טויט. דעמאָלט, מעגט איר זיכער זיין, וועט דער פרוש אין שטעטל לאַנג נישט בלייבן, נאָר ער'ט פאַרשווינדן פלוצים און אַן אַ פאַרוואָס אַזוי ווי ער איז געקומען.

אַ געוואַלטיק אינטערעסאַנטער טיפּ אין שטעטלשן לעבן איז דער מגיד. די פעלקער האָבן פּרעדיקער, סעקטאַנטן, אָבער קיין מגידים האָבן זיי נישט.

דער מגיד איז אי אַ שטראָפער, אי אַ טרייסטער. ער לעבט מיט גאָט, אָבער נאָכמער מיט זיין אומה ישראלית. ער שפּאַצירט אין גן־עדן, בראָדזשעט אַרום אין גיהנום, אָבער מער פון אַלץ דרייט ער זיך צאַרנדיק אַרום רייכע אידישע פּאַלאַצן, און שטיקט זיך היימיש־טרערנדיק אין אָרעמע געסלעך.

דער מגיד איז דער דערהויבער פון דעם פּשוטן אידישן מענטשן. אַמאָל זאָגט ער אים אַ וואָרט תורה, אָפּטמאָל אָבער דערציילט ער אים אַ מעשה פון דער אגדה. ער נעמט אַרום די אָרעמע, די נישט־געלערנטע, זיי און זייערע ווייבער און קינדער, זעצט זיי אַרום אַ מענטשלעך־פּאָעטישן קאַמין און דערוואָרעמט זיי און זייערע נשמות און ווישט זיי אָפּ אַ טרער פון פּנים.

דער מגיד האָט געהאָלפן אויסטראָגן די גרעסטע אידישע באַוועגונגען פון די נייערע צייטן. ער האָט געוועקט משיח־באַוועגונגען, אַ סך מגידים האָבן צוגעגעבן חשק דער השכלה, דעם ציוניזם האָבן זיי צעטראָגן צווישן די מאַסן. עס איז אויך נישט אָפּגעפרעגט, אַז זיי האָבן געהאַט אַ חלק אין דער פאַרשפּרייטונג פון אידישן סאָציאַליזם.

דער מגיד האָט אַ צויבער־שליסל צום אידנס האַרץ. שוין מיט זיין ניגון קויפט ער זיך הערצער, מיט זיין משל און מיט זיין לעבעדיקער באַשרייבונג געווינט ער דעם צוהערערס נאָענטקייט. אָבער אין זיין ניגון און אין זיין

אויסמאָלן וויקלט ער אײַן אַ געדאַנק און אַ געפיל, ברידערלעך־שוועסטערלעכע וואַרעמקייט, אידישע בענקשאַפט, אידישן פאַרטראַכטן און פאַרקלערן זיך, די טרייסט, די דערלייכטערונג פון אידישלעך אַראָפּריידן זיך פון האַרצן און זיך אויסוויינען, אידישע זעלבסט־דערקענונג און האָפענונג.

דער לעצטער פון די שול־טיפּן, דער וואַנדערנדיקער אָרעמאַן, וואָס פאַלט אַריין אין שול ווי אין אַן אַכסניא, איז דעם יונגן לערנערס דערציילנדיקער רייזנדער. קומענדיק פון דער גרויסער שטאָט, פרישט ער אָפּ דעם שטעטלדיקן אינגלס פאַרטרוקנטע נשמה. דערציילנדיק אַלערליי מעשיות, אַפילו גוזמאות, ברייטערט ער דאָך אויס דעם יונגן מענטשנס האָריזאָנט. דערציילנדיק חידושים וועגן גרויסע מענטשן, וועקט ער דעם כמעט קינדס לעכצעניש נאָך גרויסקייט. אַפילו מיט זיין אויסנאַרן עפּעס ביי אַ האַלב־בעל־הבתישן לערנערל, וועקט ער אין אים רחמנות, געוואוינט ער אים צו צדקה און מעשים טובים.

(פאַרלייענען וועגן מגיד פון פּולנאה אין שלום אַשס „קידוש השם״, אברהם רייזענס „דער אָרעמער מגיד״, פּרצס „פאַרציילטע מעשיות״.)

שמועסן 10־11־12־13

## שבת, יום־טוב און ראש־חודש

קורצע נאָטיצן

ראש חודש. — ראש חודש בענטשן — שבת מברכין. — די היימישע פרייד ערב ראש חודש. — דער פאַרשפּרייטער טיש. — די קליינע סעודה. — דער הלל און מוסף, אויף מאָרגן אין שול. — די שענערע סעודה אין הויז. — אַמאָל אויך אַן אורח. — דאָס האַלבע רוען פון אַרבעט. — דאָס האַלבע לער־נען אין חדר.

ערב שבת, דאָנערשטיק און פרייטיק, דאָס איינקויפן און צוגרייטן. — מען וואַלגערט און בראָקט לאָקשן, מען קוילעט אַן עוף, מען ראַמט אויף אין הויז. — דער באָד־גוי רופט אין באָד אַריין. — מען גייט אין באָד (פרייטיק) און אויך דאָנערשטיק) בייטאָג מענער, ביינאַכט פרויען, מען טובלט זיך אין וואַסער.

דער געבוי פון באָד. די היץ אָדער פאַרע־שטוב. דער פּאָל, די טרעפּ צו אים. דער אויוון מיט די אָנגעגליטע שטיינער, דאָס היץ פאַרגעבן.

פרייטיק. דאָס אַריינברענגען דעם שבת אין הויז. — די מוטער מיט די טעכטער.

דער האַלבער טאָג אין חדר. — דאָס מעביר זיין די סדרה פון אינגל אין חדר, פון טאַטן אין הויז. — דאָס זאָגן שיר השירים.

דאָס קאָכן און באַקן ביז צום פאַררוקן דעם טשאָלנט. — דאָס גרייטן און אויסשטעלן דעם טיש. — מען רופט אין שול אַריין. — דער טאַטע מיט די זין גייען אין שול, די מאַמע בענטשט ליכט מיט דער פאַנטאַמימישער מיטבאַטייליקונג פון די טעכטער. — תחינה פון ראש חודש בענטשן.

דער קבלת שבת אין שול. — דער פרייטיק־צו־נאַכטיקער מעריב. — די אורחים אין שול און דעם שמשס און די גבאימס באַזאָרגן זיי. — דער טאַטע קומט אַהיים מיט אַן אורח. — גוט שבת. — שלום עליכם. — אשת חיל. — דער קידוש (אויך פאַר די אינגלעך). — די וועטשערע. — זמירות. — דאָס בענטשן.

שבת אין דער פרי. — דאָס טיי אָדער ציקאָריע אָדער קאַווע טרינקען. — דאָס דאַווענען אין שול שחרית און מוסף. — די פייערלעכע קריאת התורה. — די חשובע פאַרשוינען אויפן באַלעמער. — אַמאָל די ליציטאַציעס פון די עליות און פון מפטיר. — דער טראָפּ און דאָס הפטורה־געזאַנג. — די הכרזות, די באַקאַנטמאַכונגען וועגן שמחות אין שטעטל, אויף וועלכע מען פאַרבעט דעם עולם.

שבת בייטאָג אין הויז. — דער קידוש. — די זמירות. — דער אורח. — דער שמועס ביים טיש פון דברי תורה אָדער פון „נייס אויף דער וועלט".

דעם טאַטנס שבת־נאָכמיטאָג שלאָף, דער מאַמעס לייענען די סדרה (דער „צאינה וראינה") אָדער איר אויפנעמען אַ שכנה פאַר אַ גאַסט. — דאָס אַרויסגנבענען זיך פון אינגלעך צום שפּיל, אין פעלד און וואַלד, ווינטער אויפן גליטש.

פסח (דער סוף הזמן). — דער ערב פסח, די לאַנגע און פריילעכע הכנות. — די מצות, דער ווײַן, דער פסחדיקער באָרשט. — די פיר קשיות. — דער סדר, די הגדה (דעם אינגסטן קינדס אַרויסגנבענען דעם אפיקומן). — חול המועד. — די לעצטע טעג. — דאָס שפּאַצירן פון דער יוגנט, בחורים און מיידלעך, אין וואַלד און אין פעלד. — דאָס גיין זען ווי פליטן גייען איבערן טייך. — דער צונויפגוס פון פסח מיט פרילינג.

שבועות. — דאָס באָדן זיך אין טייך. — די וואַך־נאַכט אין שול ביים תיקון שבועות און דאָס שטיפן פון דער יונגוואַרג. — „דער הימל שפּאַלט זיך". — די ציקאָריע אויף מאָרגן אין דער פרי. — דאָס פריילעכע דאַווענען

אין שול. — די אקדמות. — די שבועותדיקע מילכיקס. — די גרויסע פרייד פון קבלת התורה און פון דער מגילת רות, אין שול און אין הויז.

סוכות. — די סוכה, דער אתרוג, דער לולב, די הדסים, די הושענות. — די פרייד אין שול און אין דער היים. — חול המועד, דאָס אַרבעטן און נישט לערנען. — דעם בעל־מלאכה׳ס גרויסער דעמאָקראַטישער יום־טוב. — די קלפּי אויף אויסקלייבן חברה קדישא, גבאים. — די שמחת בית השואבה׳ס, מיט שיר המעלות, קלעזמער און טענץ אין שול. — הושענא רבה, אַ קליינער יום־כיפור. — די „בעטלער" צונויפקלייבער מיטאָג־צייט. — שמיני עצרת. — דאָס הפקר׳דיק־זאָרגלאָזע הוליעניש שמחת תורה.

(זינגען און פּאָרלייענען: אברהם גאָלדפאַדענס „שבת, יום־טוב און ראש חודש"; געקליבענע טיילן פון מענדעלעס באַשרייבונגען אין „פישקע דער קרומער"; די ערשטע קאַפּיטלעך פון שלום אַשס „שלמה נגיד"; מענ־דעלעס שבת־באַשרייבונגען אין „ווינטש־פינגערל" און אין איינער פון זיינע קליינע שריפטן; היינריך היינעס שבת־פּאָעמע אין ח. נ. ביאַליקס איבער־זעצונג; שלום עליכמס „קיין עין הרע ניט", זיינע שמחת־תורה־באַשרייבונגען פון דעם „פונעם יריד" און בילדלעך פון זיין „מען הוליעט"; אַשס וויטער־דיקע קאַפּיטלעך פון „שלמה נגיד"; אברהם ליעסינס „שמחת בית השואבה".)

שמועסן 14־15־16

## די קלענערע ימים־טובים

די טרויער־טעג און די תעניתים. — חנוכה. — די ליכטלעך. — על הנסים. — די חשמונאים. — חנה מיט אירע זיבן זין. — חמשה עשר בשבט, דער יום־טוב פון וואַרעמען ארץ־ישראלדיקן קלימאַט, וואָס אידן טראָגן מיט זיך אין די ווייטסטע און קעלטסטע לענדער. — די סעודה אין חדר: באָקסער און אַנדערע ארץ־ישראל־פּירות.

פּורים. — די גראַגערס, די מגילה, די המן־טאַשן און די שלח־מנות. — די שיינע מעשה פון דער מגילה, איר נאַציאָנאַלע מאָראַל. — איר צדקה און מענטשלעכקייט. — פּורים־שפּיל און דאָס אידישע טעאַטער.

ל״ג בעומר. — דער איבעררייס אין מיטן ספירה׳דיקן טרויער. — דאָס באָדן זיך. — בר־כוכבא, רבי עקיבא, רבי שמעון בן יוחאי און זיינע צוויי זין און די ל״ג־בעומר׳דיקע הדלקה אין מירון.

די נאַציאָנאַלע אבלות־טעג פון ספירה. — דאָס נישט־באָדן זיך, נישט שערן זיך די האָר (דאָס ציילעניש).

די דריי וואָכן. — שבעה עשר בתמוז און תשעה באב. — די סליחות און די קינות. — מגילת איכה. — די שווערדלעך, די באָדיקעס און דער בית־עלמין. — אַ געגויערע באַשרייבונג פון בית־עלמין: דער גדר, דאָס קברות־שטיבל און דער קברות־מאַן. — די קברים, די אוהל׳ס, די קדושים (מאַרטירער) און דער קבורת חמור באַגראָבענער ביים פּאַרקאַן. — די שווערדלעך אין די קרובי׳שע קברים. — אַ קליינער אויף קבר אָבות פון קרובים.

תענית אסתר. — צום גדליה. — עשרה בטבת. — נייע תעניתים, וואָס רבנים האָבן אויסגערופן און רופן אויס בשעת גזירות אויף אידן. — מען לייענט „ויחל" און מען זאָגט סליחות.

(זינגען און פאָרלייענען: „אָ חנוכה, אָ חנוכה, אַ יום־טוב אַ שיינער"; אברהם רייזענס „חנוכה"; טיילן פון שלום עליכמס „חנוכה־געלט" און „צוויי שלח־מנות׳ן"; „שושנת יעקב" און „קום איך אַריין צו שפּרינגען"; אברהם ליעסינס „רבי עקיבא".)

שמועסן 17־18

## ווייטערע טיפּן פון שטעטל

דער למדן. — דער בעל־יחוס. — דער שוחט. — דער סוחר. — דער קרעמער. — דער מלמד. — די מיידלשע רביצין (וואָס לערנט מיידלעך לייענען און שרייבן). — דער „שרייבער". — דער שניידער. — דער שוסטער. — דער בעקער. — דער ליכט־ציער. — דער שמיד און זיין קוזניע ביים טייך. — דער קאָטלער. — דער סטאָליער. — דער טשעסלער. — דער טאָקער.

(פאָרלייענען: אויסצוגן פון שלום עליכמס „אַ מעשה אָן אַן עק" און „פאַרשטערטער פּסח"; רייזענס „אויס בלאָטע", „דער אַלטער טשעסלער" און דאָס „בעקער־אינגל" און אויסצוגן פון יונה ראָזענפעלדס „איינער אַליין".)

שמועס 19

## דער תהילים אין אידישן לעבן

דעם אידנס טיף־צאַרטע ליבשאַפט צום תהילים — תהילים ביים געבורט און ביים טויט. — תהילים, אַז עס גייט נישט קיין רעגן און אַז עס גייט צופיל רעגן. — דער תהילים פילט אויס אַ פּויזע אין יעדן גאָטעס־דינסט (שבת־נאָכט צווישן מנחה און מעריב און יום־כיפור צווישן נעילה און מעריב).

שמועס 20

## שמחות און טרויער אין שטעטל

אַ חתונה. — די פאַרשפּילן און די רומפּלען (ביים חתן און ביי דער כלה). — די אויפרופעניש. — זיבן טעג שמחה. — די חופּה. — די גילדענע וועטשערע. — די דרשה־געשאַנק. — די קלעזמער, די טענץ. — דער ברית. — די לוויות. — די אינגלשע שמחה פון „באַגראָבן די שמות״. — פּראָצעסיעס און כמעט פאַרשטעלונגען אויף די גאַסן. — שמחת־תורה טענץ און קידוש־לבנה.

שמועס 21

## די תלמוד־תורה

די אַלטע פאָלקשול פאַר יתומים און אַנדערע אָרעמע קינדער. — די תלמוד־תורה׳שע אָפּגעלאָזנקייט. — די משכילישע אַטאַקעס אויף דער תלמוד־תורה און די משכילישע אויסבעסערונגען. — מענדעלע מוכר־ספרים, דער דירעקטאָר פון אָדעסער תלמוד־תורה. — די תלמוד תורה אין די צייטן פון ציוניזם. — די תלמוד־תורה אין אַמעריקע.

שמועס 22

## די ישיבה

די ישיבות אין די אַלטע צייטן. — אין מיטלאַלטער און אין דער נייעסטער צייט. — די וואָלאָזשינער ישיבה, די מירער און די טעלזער. — אַ בילד פון דער מירער ישיבה אַרום די ניינציקער יאָרן: אַ גרויסער חדר מיט אַ סך טישן אַרום די ווענט, יעדער טיש מיט זיין נאָמען, יעדער ישיבה־בחור מיט זיין אָרט ביי אַ טיש. — דער ראש־ישיבה, ר׳ חיים לייב, אַ זקן מופלג, אַז ער פלעגט זיך שטעלן זאָגן דעם שיעור, פלעגט ווערן אַ מוראדיקער געלאַף, מיט אַ שטופּעניש, מיט אַ רוקעניש מיט די טישן. — יעדער פלעגט וועלן שטיין נעבן ראש־ישיבה און אים הערן (ר׳ חיים לייב איז באַרימט געווען צענדליקער יאָרן מיט זיין אויפוויזן, אַז רש״י מיט זיינע ספּעציפישע ווערטער, ווערטלעך און קוועטשן האָט שוין אַלץ באַוואָרנט, אַזוי אַז אַלע קשיות און אַ. וו. פון די שפּעטערדיקע קאָמענטאַטאָרן פון דער גמרא, זיינען איבעריק). — ר׳ חיים לייבן האָט אָפּטמאָל פאַרביטן, מיטן שיעור זאָגן, זיין זון ר׳ אברהם, בשעת זיינער אַן אייניקל איז געווען דער משגיח, אַכטונג געבנדיק, אַז די בחורים זאָלן גוט לערנען. — פון צייט צו צייט פלעגן די דריי אָדער

נאָר צוויי זייערע, זיך אָוועקלאָזן איבער די בחורשע סטאַנציעס, מאַכן אַ „זוכונג", צי געפינען זיך ביי זיי נישט קיין „טריף־פסול'ן".

אין די לעצטע עטלעכע צענדליק יאָר פון 19טן יאָרהונדערט האָבן די מוסר'ניקעס (תלמידים פון גאון און צדיק ר' ישראל סאַלאַנטער) אָנגעהויבן איינצופירן „מוסר" אין דער ישיבה. — אין טעלזער ישיבה, אין סוף 19טן יאָרהונדערט, האָבן די בחורים דערפאַר געמאַכט אַ „האַפּקע" (אַ שטרייק): איין דאָנערשטיק־נאַכט, אין רעכטן ברען פון די „וואָך־שיעורים", האָט אַ בחור געגעבן אַ סיגנאַל און אַלע לאָמפּן זיינען אויסגעלאָשן געוואָרן אויף פינף מינוט. — אויף מאָרגן האָט דער באַרימטער ראש־ישיבה ר' אליהו ברוך דעם בחור פאַר אַלעמען אין די אויגן אַראָפּגעלאָזן אַ פּאַטש. דערביי האָט ער אָבער מודיע געווען, אַז נישט פאַר זיין שטעלן זיך קעגן מוסר האָט ער אים געפּאַטשט, נאָר פאַר ברענגען הונדערטער ישיבה־בחורים צו אַ פינף־מינוטיקן ביטול־תורה.

שמועס 23

## אלול, ראש־השנה, יום־כיפור

אלול, דער חודש פון תשובה. — „אַ פיש ציטערט אין וואַסער". — דער צונויפפאַל פון שרעק פאַרן יום־הדין מיטן סוף־זומער (זע מאָריס ראָזענפעלדס ליד „אלול" אין „איד. פאָעטן", צווייטער טייל. אויך מענדעלעס באַשרייבונג פון דער צייט אין „ווינטש־פינגערל"). — דער שופר. — די סליחות. — די תקיעות. — דאָס דאַווענען און דער פיוט. — ראש־השנה איז נישט ווייניקער אַ נאַציאָנאַלער יום־טוב איידער אַ רעליגיעזער. — נישט ווייניקער אַ טאָג פון זכרון — אַן וועלט־באַשאַף און אין די יוגנט־טעג פון אידישן פאָלק — ווי אַ יום־הדין.

די עשרת ימי תשובה. — דאָס גיין אויף קבר־אָבות. — שבת שובה. — סליחות. — יום־כיפור. — כל־נדרי. — „על דעת המקום ועל דעת הקהל" — אַ לעגענדע־הויך פון דער שפּאַנישער אינקוויזיציע און אויטאָ־דאַ־פע. — נעילה. — יום־כיפור איז, לויטן חומש, אַ טאָג פון פאַרגעבונג (פאַר זינד). — דאָך, די יום־כיפור'דיקע עבודה, וואָס שפּילט איבער די אַמאָליקע הערלעכקייט פון בית־המקדש (איבערהויפּט אום יום־כיפור) און וועלכע פאַרענדיקט זיך מיט דער קאַטאַסטראָפע פון די עשרה הרוגי מלכות. — די דאָזיקע ריין־נאַציאָנאַלע טראַגעדיע אַנטהאַלט אַ סך אַ טיפערן פּאַטאָס איידער די ריין־רעליגיעזע, די שרעק־מאָמענטן.

# ב י אָ ג ר אַ פ י ע

ענטין יואל (שבת חיי־שרה 1875 * — אדר א׳ תשי״ט, פעברואַר 1959) געבוירן אין פּאַהאָסט, מינסקער גובערניע, איהומענער דיסטריקט (נישט צונויפמישן מיט די פּאַהאָסטן אַרום פּינסק און סלוצק). זיין פאָטער איסר־נתן ענטין, פון דער מיוחסדיקער משפחה היילפּערין, איז געווען אַ זון פון אַ רב (אַ מקורב פון ר׳ יאָסעלע סלוצקער, האָט פאַרנומען דאָס כסא־הרבנות אין שטעטלעך אַרום סלוצק, אין פּאַהאָסט און די לעצטע 80 יאָר פון זיין לעבן — אין באָבער, זיך אָפּגעגעבן אויך מיט בעל־שמ׳עריי), אַ איד אַ למדן און אַ פּיקח, אַ גבאי און טוער אין שטעטל, געצויגן חיונה פון אַ שענק פאַר פּויערים מיט אַ קלייט דערביי. אויך פון דער מוטערס צד שטאַמט ענטין פון כלי־קודש, ראשי־ישיבות, רבנים, מגידים. אויפן פינפטן יאָר אָנגעהויבן צו גיין אין חדר, געלערנט תנ״ך און גמרא און שפּעטער דערהויפּט העברעאיש און דיקדוק ביי זיין עלטערן ברודער, אהרן ענטין **, וועלכער האָט געהאַלטן אַ האַלב־נגידישן חדר; שוין קינדוויז אָנגעהויבן צו לייענען ראָמאַנען און באַלד אַריבער צו די העברעאישע קלאַסיקער, אויך אַליין געמאַכט דאָן זיינע ערשטע ליטעראַרישע פּרואוון (אייניקע שירים, אַ התחלה פון אַ ראָמאַן). נאָך בר־מצווה אַ זומער געלערנט אין יעשמען, שפּעטער אין די ישיבות פון בליניץ און דער מיר, אויך אין בית־מדרש אין געבורטס־שטעטל, געווען אונטער דער ווירקונג פון חיבת־ציון און גע־אַרבעט פאַר דער דאָזיקער באַוועגונג. תמוז 1890 אַוועקגעפאָרן קיין מאָסקווע, מיטן צוועק צו פאַרדינען דאָרט געלט פון העברעאישע שטונדן און קענען פאָרן קיין ארץ־ישראל (וואוהין זיינע עלטערן האָבן שפּעטער אויסגעוואַנדערט), אַ געוויסע צייט אויך געווען ביבליאָטעקאַר אין דעם פאַראיין „בני ציון״, זיך פאַרפולקומט אין דער רוסישער שפּראַך, וועלכע ער האָט נאָך געלערנט אין שטעטל, אָבער צוליב דעם גירוש מאָסקווע געמוזט צוריקפאָרן אַהיים און אין יוני 1891 אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע צו זיינע ברידער. די ערשטע

*) 1874 ?

**) אַהרן ענטין האָט אין די יאָרן 3־1902 געשריבן אַ סך סקיצן און דערציילונגען אין „פאָרווערטס״.

צייט געווען אַ העמדל־נייער, אַ פעדלער מיט פּאַפּיראָסן, אידישע צייטונגען און ראָמאַן־העפטן איבער די אידישע שעפּער. אין ניו־יאָרק געקומען אונטער דער ווירקונג פון דער סאָציאַליסטיש־טרייד־יוניאָניסטישער באַוועגונג, באַזוכט די אָוונט־שולן פאַר אימיגראַנטן, וואו ער איז געווען אַ שילער פון פיליפּ קראַנץ, ל. ע. מילער, געגומען שפּעטער לעקציעס ביי פרוי אַננאַ קאַהאַן (אב. קאַהאַנס ווייב), אברהם קאַספּע (ענגלישע ליטעראַטור און מאַטעמאַטיק), יודא יאָפע (לאַטיין). 1896־8 שטודירט אַלס פרייער צוהערער אין קאָלומביאַ־אוניווערזיטעט ענגלישע ליטעראַטור, פּסיכאָלאָגיע און אַנטראָפּאָלאָגיע; גלייכצייטיק האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיט דער רוסישער ליטעראַטור אונטער דער השפּעה פון דעם קרייזל מאָסקווער אידן אין ניו־יאָרק (צו וועלכן עס האָבן צווישן אַנדערע געהערט דער שפּעטערער „דזשאַינט״־טוער באָריס באָגין, ענטינס רוסישער לערער פון מאָסקווע מענדעלעוויטש א. אַנד.), ספּעציעל שטודירט די ענגלישע דראַמע. אַ באַזונדערע השפּעה האָט אויף אים געהאַט דער אידישער טעאַטער און יעקב גאָרדין, וועלכער האָט אויף אים אויך געווירקט מיט זיינע רוסישע לעקציעס אין דער „רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער געזעלשאַפט״, מיט זיינע דערציילונגען און פעליעטאָנען אין די אידישע און רוסישע צייטונגען פון ניו־יאָרק. צו יענער צייט, אַרום 1895־6, אָנגעהויבן זיין ליטעראַרישע טעטיקייט מיט אַ ליד צום ערשטן מאַי אין ענגליש, אין People, און מיט איבערזעצונגען פון פּאָפּולער־וויסנשאַפטלעכע און סאָציאַליסטישע אַרטיקלען אין „זונטאָג־בלאַט״ פון „אָבענד־בלאַט״ אונטער דער רעדאַקציע פון פיליפּ קראַנץ. וויכטיקער איז געווען זיין ליטעראַרישער אויפטריט אין פאַרבינדונג מיט דער געזעלשאַפט פאַר דער אויפהויבונג פון אידישן טעאַטער „די פרייע אידישע פאָלקסבינע״, געגרינדעט אין 1896; צוזאַמען מיט יעקב גאָרדין, דער באַדייטנדיקסטער קראַפט פון דער געזעלשאַפט, וועלכער איז געשטאַנען אין צענטער פון יענעם קאַמף פאַר אַ בעסערן אידישן טעאַטער, איז ענטין אַלס סעקרעטאַר אירער געווען איינער פון אירע וויכטיקסטע און טיכטיקסטע טוער, איז אויפגעטראָטן אַלס לעקטאָר און דעבאַטאַנט אויף אירע פאַרזאַמלונגען, רעדאַקטירט איר אָרגאַן, דאָס זאַמל־העפט „די פרייע אידישע פאָלקס־ביהנע״ (דער צווייטער אויסגעוויילטער רעדאַקטאָר ד. באַגין האָט זיך גלייך צוריקגעצויגן), וואו אַ חוץ אַן איבערגעזעצטן אַרטיקל וועגן טראַגעדיע און קאָמעדיע פון אָליווער גאָלדסמיט און פאַרשידענע שפּרוכן, אַנעקדאָטן וועגן טעאַטער און דראַמע,

אויך פאַרעפנטלעכט זיין ערשטן אָריגינעלן אַרטיקל וועגן טעאַטער. נאָך דער
גרינדונג פון „פאָרווערטס“ אָנגעהויבן צו דרוקן אין דער צייטונג סקיצן,
איבערזעצונגען, ליטעראַרישע אָפּהאַנדלונגען: זינט דאַן זיך באַטייליקט כמעט
אין אַלע ראַדיקאַלע אידישע צייטשריפטן פון אַמעריקע, טעגלעכע, וועכנטלעכע,
מאָנאַטלעכע, אויך אין אַ ריי בירגערלעכע, ווי „אַבענד־בלאַט“, „פאָרווערטס“,
„אַרבייטער“ אונטער דער רעדאַקציע פון דוד פינסקי, „נייע צייט“ מאָנאַט־
שריפט פון דער אידישער אָפּטיילונג פון דער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־
פאַרטיי, „דער נייער גייסט“ אונטער דער רעדאַקציע פון אַלעקסאַנדער האַר־
קאַווי (אַרויסגעגעבן פון ר. קאַנטאָראָוויטש), „די פאָלקס־צייטונג“ — טעג־
לעכער אָרגאַן פון די אָפּגעשפּאָלטענע אידישע סאָציאַליסטן פון דער ס. פּ.,
„קעפּמייקערס זשורנאַל“, „פרייע געזעלשאַפט“ — וואו רעדאַקטאָר פון דער
ליטעראַרישער אָפּטיילונג איז געווען מ. לעאָנטיעוו, „פרייע אַרבעטער שטי־
מע“, „טעגליכער אידישער העראָלד“, מאַסליאַנסקיס „אידישע וועלט“, „צייט־
גייסט“ — וואָכנבלאַט פון „פאָרווערטס“, 9־1905, „צוקונפט“, „אבענד צייטונג“
— אַנאַרכיסטיש טאָגבלאַט, 1906, „די פאָסט“ און „די גלייכהייט“ — די
אָרגאַנען פון די אידישע שניידער־יוניאָנס, „דער פריינד“ — פון אַרבעטער־
רינג, „דער וועקער“ — פון אידישן סאָציאַליסטישן אַרבעטער־פאַרבאַנד,
שיקאַגער „אידישע אַרבייטער וועלט“, פילאַדעלפיער „אידישע וועלט“, מיני־
קעס יום־טוב־בלעטער א. אַנד. זיין גלאַנץ אַלס אידישער פּובליציסט האָט ער
דערהויפּט דערגרייכט דורך זיין יאָרן־לאַנגער מיטאַרבעט אין דער „וואַרהייט“
אונטער דער רעדאַקציע פון לואיס מילער (זיך אויך באַטייליקט אין די אַנדערע
צייטונגען מילערס — „דער פירער“ 1915, „די נייע וואַרהייט“ 1925) און
דערנאָך אין „טאָג“, מיט וועלכן „די וואַרהייט“ האָט זיך אין 1918 צונויפ־
געגאָסן. ענטין האָט זיך דערהויפּט ספּעציאַליזירט אויף ליטעראַטור־ און
טעאַטער־קריטיק, אידיש־נאַציאָנאַלער פּובליציסטיק, האָט פיל געשריבן וועגן
אידישע ימים־טובים פון נאַציאָנאַל־פּאָעטישן שטאַנדפּונקט, וועגן אידיש־
קולטורעלע ענינים, אידישער דערציאונג, אידישן הומאָר, דער אַלט־העברע־
אישער ליטעראַטור, א. אַז. וו., וועגן מאָדערניזם („צווישן מזרח און מערב“ —
אין זאַמל־בוך „ליטעראַטור“ 1), אידישן ראָמאַנטיזם (אין זאַמל־בוך „טרוימען
און ווירקליכקייט“), דער אַלט־הינדוסישער ליטעראַטור (אין „דער פרייער
געזעלשאַפט“), וועגן דער פאָרגעשיכטע פון אידישן טעאַטער (אין „יעקב
גאָרדין סאָוועניר בוך“, 1901). אַלס איינער פון די פירער פון דער פּועלי־

ציון־באַוועגונג אין אַמעריקע; זינט 1916 האָט ער רעדאַקטירט דעם פּאַרטיי־אָרגאַן „דער אידישער קעמפּער", אַ געוויסע צייט צוזאַמען מיט לעאָן כאַזאַ־נאָוויטש און ב. צוקערמאַן, דערנאָך מיט דוד פּינסקין און צולעצט, אומגעפער 1918־20, אַליין; דאַן געווען איינער פון די נאָענטסטע מיטאַרבעטער פון דעם טעגלעכן פּ. צ.־אָרגאַן „די צייט"; מיטרעדאַקטאָר פון דעם צוויי־וועכנטלעכן פּאַרטיי־אָרגאַן „דער אידישער אַרבייטער". ער איז אויך געווען איינער פון די רעדאַקטאָרן פון זאַמל־בוך „יוגענד" 1907, II, — די ערשטע מאַניפעסטאַציע פון דער יונגער אידישער „דעקאַדענטישער" דיכטונג אין אַמעריקע און — צוזאַמען מיט יואל סלאָנים און מ. י. חאַאימאָוויטש — רע־דאַקטירט דאָס זאַמל־בוך „ליטעראַטור" I — פון דער זעלבער ליטעראַרישער ריכטונג. אַלס צייטונג־מענטש כסדר איבערגעזעצט בעלעטריסטישע ווערק פון רוסיש, ענגליש און טיילמאָל אויך פון העברעאיש, צוו. אַנד.: „איטע היינע" פון ס. יושקעוויטש, „דער דועל" פון א. קופּרין און „סאַנין" פון אַרציבאַשעוו (ביידע ראָמאַנען נישט פאַרענדיקט), לעאָניד אַנדרעיעוס „איגא וואוינע", אַ חוץ אַן אומגעהויערער צאָל סקיצן און דערציילונגען פון מאָפּאַסאַן, טשעכאָוו, טאָלסטאָי, לעאָן פראָפּע, אַלפאָנס דאָרע, פּעטער ראָזעגגער, פּאָן אַמפּטעדאַ, זאָלאַ, מאַרסעל פּרעוואָ, יאַקאָבסען, פּעטער נאַנסען, יאָנאַס לי, קנוט האַמסון, ביערנסאָן, רעמי דע גורמאָן, פּיער לאָטי, ריימאָנד, טעטמייער, זשעראָמסקי, קאַלאָמאַן מיקשאַט, מאַמין־סיביריאַק, יאַבלאָנאָווסקי, קליין, זאַנגוויל און אַ גאַנצע מאַסע אַנדערע, ווי אויך אייניקע בראָשורן, פון יודזשין דעבס, פון וואָלטעראַ דעקלער א. אַנד. ער האָט בשותפות מיט ז. לעווין אָנגעשריבן אַ דראַמע „די שולע פון לעבן", אויפגעפירט אין 1907; איבער־געזעצט אָסקאַר ווײַלדס „סאַלאָמע", אויפגעפירט אַרום 1911 (פאַרלאַג מ. מייזעל, ניו־יאָרק, 1912), הענריק איבסענס „די גייסטער", וואָס איז אַריין אין רעפּערטואַר פון אידישן טעאַטער (דער זעלבער פאַרלאַג), מאָריס מעטער־לינקס „פּעלעאַס און מעליזאַנדע" (דער זעלבער פאַרלאַג); בשותפות מיט מ. קאַטץ פריי איבערגעזעצט זשולאַווסקיס „שבתי צבי" (אויפגעפירט זינט 1923 פון מאָריס שוואַרץ אין „אידישן קונסט־טעאַטער"); אויך איבערגעזעצט פּאָר דראַמאַטישע פאַראיינען אַרטור שניצלערס „ליבעליי", „ליטעראַטור", „ליאַלקע־שפּילער" (צוזאַמען מיט ש. ליפּא). האָט אויך געשריבן אין ענגליש און אַ חוץ אייניקע (נישט־פאַרעפנטלעכטע) לידער, אַרויסגעגעבן אַן ענגלישע בראָשור וועגן פועלי־ציון, אַרטיקלען און נאָטיצן אין דער ענגלישער אָפּ־

טיילונג פון „דעם יונגען אידישען קעמפּפער", פון וועלכן ער איז געווען רעדאַקטאָר אָדער מיטרעדאַקטאָר, אַ בראָשור וועגן אידיש און אידישער ליטעראַטור (אַרום 1912), וואָס דער „אידיש־נאַציאָנאַלער אַרבעטער־פאַר־באַנד" האָט צעשיקט צו די ענגלישע ביבליאָטעקן, דערוועקנדיק זיי דורך דעם אַריינצונעמען אידישע ביכער אין זייערע קאָלעקציעס (אין אַ געענדער־טער און פאַרגרעסערטער פאָרם איז די דאָזיקע בראָשור שפּעטער איבער־געדרוקט געוואָרן אין דעם „פּנקס הקהלה דניויאָרק רבתי"; זע ה. סעקלער); אויך פאַרעפנטלעכט עטלעכע איבערזעצונגען אין ענגלישע סאָציאַליסטישע אויסגאַבן.

יואל ענטין האָט זייער גרויסע פאַרדינסטן פאַר דער אידישער קול־טור־באַוועגונג אין אַמעריקע אַלס איינער פון אירע באַדייטנדיקסטע און איבערגעגעבנסטע פירער און טוער. אָנגעהויבן זיין געזעלשאַפטלעכע טעטי־קייט אַלס סאָציאַליסט, האָט ער פון אָנהויב אָן פאַרבונדן די דאָזיקע טעטיקייט מיט אַ הייסן און אַקטיוון אינטערעס פאַר אַלע צווייגן פון דער אידישער קולטור, יאָרן־לאַנג אָנגעפירט דעם קאַמף פאַר אַ בעסערן אידישן טעאַטער, צוערשט דורך דער „פרייער יידישער פאָלקסבינע", דערנאָך דורך דעם „פּראָגרעסיוון דראַמאַטיק קלוב", 12־1902, פון וועלכן ער איז געווען דער אָנפירער און וואו אונטער זיין השגחה האָבן זיך דערצויגן אַ גאַנצע ריי ערשטקלאַסיקע אידישע שוישפּילער; איינער פון די ערשטע קעמפּער פאַר אידיש אין אַמעריקע, איז ער געווען פון די גרינדער און פירער פון די נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע אידישע שולן, וועלכע האָבן געלייגט דעם יסוד פאַר דער אידישער שולן־באַוועגונג אין אַמעריקע; גרינדער, לערער און פירער, נאָמינעל — אויך פּרעזידענט פון דעם אידישן לערער־סעמינאַר פאַר די דאָזיקע שולן, רעדאַקטאָר (צוזאַמען מיט ש. שאַפּיראָ און ב. ביאַלאָסטאָצקי) פון דעם זשורנאַל „קינדערוועלט", 16־1914, דעם ערשטן אידישן קינדער־זשורנאַל אין אַמעריקע, אַרויסגעגעבן פון דער פעדעראַציע פון די אידישע פאָלק־שולן. אין 1936 געוואָרן דער דירעקטאָר פון צענטראַלן קאָמיטעט פון די אידישע פאָלקשולן און רעדאַקטירט דעם זשורנאַל „אידישע דערצי־אונג". איז אויך געווען איינער פון די איניציאַטאָרן און אַ צייט אַקטיווער טוער פון דעם „פּיפּלס רעליף" — דער געזעלשאַפט, וועלכע האָט אָרגאַניזירט די סאָציאַליסטישע און דעמאָקראַטישע עלעמענטן פאַר דער הילף לטובת די געליטענע פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. האָט גענומען אַ גרויסן אָנטייל

דורך וואָרט און שריפט אין דער באַוועגונג פאַר דעם אידישן קאָנגרעס אין אַמעריקע (צוזאַמען מיט ב. באָראָכאָוו, קריטשמאַר־יזרעאלי א. אַנד. רעדאַק־טירט דעם אָרגאַן „דער אידישער קאָנגרעס", 1916), אויסגעוויילט אַלס דעלעגאַט אויף דעם דאָזיקן קאָנגרעס; איינער פון די גייסטיקע פירער פון דעם „אידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד" און זינט 1923 געווען מיט־גליד פון דער גענעראַל־עקזעקוטיווע פון דעם דאָזיקן אָרדען און פון 1936 ביז 1950 וויצע־פּרעזידענט פון א. נ. א. פ., מיטאַרבעטער פון זיין מאָנאַטלעכן אָרגאַן „די אַרבעטער־שטימע". טעטיק אַלס שריפטשטעלער, לעקטאָר, רעדנער, פּאַרטיי־טוער, מיטגליד פון צ. ק. פון די פּועלי ציון. — פון זיינע אומצייליקע אָפּהאַנדלונגען איבער ליטעראַטור, אידישע און אייראָ־פּעאישע שריפטשטעלער און דראַמאַטיקער איז אין בוך־פאָרעם אַרויס: „וואָס איז ליטעראַטור" (פאַרלאַג פון „אידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד", ניו־יאָרק, 1919); „די זיילען פון דער נייער אידישער ליטעראַטור — ניין לעקציעס וועגן מענדעלע מוכר־ספרים, שלום־עליכם און י. ל. פּרץ" (דער זעלבער פאַרלאַג, ניו־יאָרק, 1923); „אידישע פּאָעטן — האַנטבוך פון אידי־שער דיכטונג" (פאַרלאַג פון צענטראַלן שול־קאָמיטעט פון דעם „פאַרבאַנד" און פון דער פּאַרטיי פּועלי־ציון, ניו־יאָרק, 1926 — אַרום 300 זייטן). צוזאַמען מיט לעאָן עלבע (באַסיין) צונויפגעשטעלט אַ לערנבוך און כרעסטאָ־מאַטיע „פון יודישען קוואַל" — פאַרן 2טן און 3טן לערניאָר („יידישער פאַרלאַג פאַר ליטעראַטור און וויסנשאַפט", ניו־יאָרק, 1916, 316 זייטן, מיט 43 בילדער און פאָרטרעטן); „פון פאָלקס מויל" — מעשיות פאַר קינדער, איבערדערציילטע, באַאַרבעטע אָדער פריי־איבערגעזעצטע, עטלעכע פון דוד איגנאַטאָוו און לעאָן עלבע (פאַרלאַג „היברו פּאָבלישינג קאָ.", ניו־יאָרק, אַרום 1918). האָט זיך אויך באַטייליקט מער אָדער ווייניקער ביים אַרויסגעבן לעאָן עלבעס „אידישע שפּראַך" — דאָס ערשטע לערנבוך פון אידיש אין אַמעריקע, לעפקאָוויטשעס „אידישע לידער" — פאַר די נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע שולן (אַרום 1914), מ. באַסינס „אַנטאָלאָגיע", בן־צבי׳ס און בן־גוריונס בוך „ארץ־ישראל", דר. ה. זאָלאָטאַראָווס געזאַמלטע שריפטן, דר. נ. סירקינס שריפטן. — אין זיין לאַנגיאָריקער זשורנאַליסטישער אַרבעט זיך באַנוצט מיט פאַר־שידענע פּסעוודאָנימען, ווי: בן פּתואל, ב. פּ—ל, אַן אַלט־יונגער, איינער פון די עשרה בטלנים, אַ נערוועזער יונגערמאַנטשיק, איגנאַטוס, שלמה אור־באַנסקי, יענטע שעליאַווסקאַיאַ, א. האַלפּערין אָדער היילפּערין, ל. מינסקי, ל. איסעראָוויטש, אַ גאַסט אויף אַ ווייל, אַ רייזנדער א. אַנד.

# ביבליאָגראַפיע

## פון יעפים ישורין

### יואל ענטינס ווערק

פון אידישען קוואל. אַ אידיש לער־בוך און כרעסטאָמאַטיע. צווייטער און דריטער יאָר. פאַר שול און הויז. מיט 43 בילדער און פאָרטרעטן. מאַקס נ. מייזעל, ניו־יאָרק, 1916, 306 זייטן.

פון פאָלקס מויל. אידישע מעשה׳לעך פאַר שולן און הויז. מיט אָפּטייטשונג פון שווערע ווערטער גלייך אויפן אָרט. מיט ביבליאָגראַפישע נאָטיצן נאָך יעדער מעשה. היברו פּאָבלישינג קאָמפּאַני. ניו־יאָרק, 1919, 201 זייטן.

וואָס איז ליטעראַטור. אַרויסגעגעבן פון אי־דישן נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד. ניו־יאָרק, 1919, 63 זייטן.

די זיילען פון דער נייער אידישער ליטעראַטור. אַרויסגעגעבן פון אידיש־נאַציאָנאַלן אַר־בעטער פאַרבאַנד. ניו־יאָרק, 1923, 99 זייטן.

אידישע פּאָעטן. האַנטבוך פון אידישער דיכ־טונג, צוזאַמענגעשטעלט מיט אַריינפיר, אָפּטייטשונגען, באַמערקונגען און ביאָ־גראַפיש־קריטישע נאָטיצן פון י. ענטין. אַרויסגעגעבן פון דער פאַלקשולן אָרגאַ־ניזאַציע פון אידישן נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד און פועלי ציון. ניו־יאָרק, 1927, ערשטער טייל, 303 זייטן ; צווייטער טייל, 318 זייטן.

יצחק לייבוש פּרץ. דער שענסטער טעמפּל־זייל פון דער נייער אידישער ליטעראַטור. אַרויסגעגעבן פונם אידיש־נאַציאָנאַלן אַר־בעטער פאַרבאַנד. ניו־יאָרק, 1952, 64 זייטן.

### איבערזעצונגען

די גייסטער. פאַמיליען־דראַמאַ אין 3 אַקטען פון הענריק איבסען. אַרויסגעגעבן פון א. מ. יעוואַלענקאָ. ניו־יאָרק, 1907, 116 זייטן.

פעלעאַס און מעליזאַנדע. פון מאָריס מעטער־לינק. פאַרלאַג מייזעל עט קאָ. ניו־יאָרק, 1911, 95 זייטן.

די גייסטער. פון הענריק איבסען. ליטעראַ־רישער פאַרלאַג Yiddish Literary Publishing Co., Inc., New York, 1914. 116 זייטן.

### רעדאַגירטע ווערק

ד״ר הלל זאָלאָטאַראָוו. געקליבענע שריפטען. ערשטער באַנד. צווייטער באַנד, דריטער באַנד. ניו־יאָרק, 1924. אַרויסגעגעבן פון Dr. H. Solotaroff Publication Committee, New York, 1924.

מ. קאַטץ. געקליבענע שריפטן, אַרטיקלען, עסייען און פעליעטאָנען. צוזאַמענגע־שטעלט פון י. ענטין און א. פרומקין. אַרויסגעגעבן פון מ. קאַטץ שריפטן־קאָ־מיטעט, ניו־יאָרק־פילאַדעלפיע, 1939.

### אַרטיקלען וועגן יואל ענטין

אַדלער, צילי. צילי אַדלער דערציילט. באַנד 1, ניו־יאָרק, 1959. ז״ז 61, 165, 264. באַנד 2, ז״ז 511, 526.

אויערבאַך, אפרים : יואל ענטין — דער אָפּע־נער און פאַרבאָרגענער. אידישער קעמ־פער, נ. י., פעברואַר 27, 1953, ז״ז 8־9. ז׳ 68, 69, 72, 74, 75.

אויערבאַך, אפרים : קליינע יובילייען. אידי־שער קעמפער, נ. י., דעצעמבער 6, 1957, ז׳ 9.

איגנאַטאָוו, דוד : אַ קאַפּיטל „יונגע". צוקונפט, נ. י., דעצעמבער, 1944, ז״ז 751, 752.

איגנאַטאָוו, דוד : אַ קאַפּיטל „יונגע". אָפּגעריסענע בלעטער, בוענאָס איירעס, 1957, ז׳ 68.

אייזלאַנד, ראובן : דוד איגנאַטאָוו. טאָג־מאָרגען זשורנאַל. נ. י., אַפּריל 25, 1954.

